אונ זאלשט דאש קלייד אן קליידן.
פיל לייכט מעכשטו אונ׳ אלי יודן בשירמט ווערין פר אלי ליידן:

מרדכי
חייא ברייא וויא איין קלייד איז דאש זאל איך עש נעמין פר איין דלית עש איזט
מיר צו שמאק מיין איך צו שמאל צו איין פאר הוזין איזט עש צו קארץ גיא הין
לאז זיא זיך איר אונטיר העמד מיט פליקן אונ׳ לאז זיא גין צום קינג הריין.
אונ׳ לאז בעטין פר דיא גנצי יודן גמיין.
דז זיא ווערדן בשירמט פון אירה ביטרה פיין:

מלכה להתוך
התוך דוא גטרייאר דינר מיין.
גיא צו מיין פעטר מרדכי הריין.
אונ טוא אין דער בייא זאגין.
איך בין ניט גרופין ווארדין אין דרייסיג טאגין:

מרדכי
ווארום ער האט גוויש פיל היפשרה הורין אז זיא איזט:

מלכה
וויא זאל איך דען הניין גין אום בגערט.
פיל לייכט מעכט איך גרעכט ווערין מיט דען שווערט.
דרום לאז ער איינש טאן.
אונ׳ לאז אין דיא שטאט שושון גאן.
אונ זאל פר זמלין קליין אונ גרוש.
אונ׳ זאל נעמין דיא צעהן גיבאט אין דיא שוס.
אונ זאלין פאסטין אונ בעטין.
אלזו וויל איך פר דען קינג טרעטין.
פיל לייכט מעכטן זיא ווערין אב גשיידן פון איר גרושין נעטין.
אמן:

התוך אומר למרדכי את דברי אסתר דברים כהווייתן ואחר כך הולכת המלכה
אצל המלך והמלך מושיט לה השרביט ואומר לה

מלך
אסתר מיין ליבש ווייב.
דוא בישט דאש הערץ אויש מיין לייב:

מרדכי
זיכט אלי הער ער קריגט חשק:

מלך

אסתר מיין ליבש ווייב זאג מיר דיין בגער.

וואו צו דוא בישט קומין אלהער:

מלכה עונה

אידלר קינג דאש איזט מיין בגער.

דז איך בין קומן אלהער.

דער קינג אונ המן זאל קומין אויף דיא מאל צייט.

דיא איך האב אן ברייט: |

משוררים בניגון עמ׳ 18

צו דער מאל צייט: ⟨ח ע״ב⟩

מרדכי

צום פרעסין דז זיא זאלין צו שפרינגן:

ושוהים מעט ואחר כך אומר מלך על הסעודה

אסתר מיין ליבש זאג מיר וואש איז דיין פר לאנגין.

ביז מיין הלב קינגרייך זאלשטו ער לאנגין.

זונדרין דאש האב איך פרשווארין.

צו בויאן דען טעמפיל אונ׳ זיין טארין:

מלכה

אליר אידלר קינג מורגין וויל איך אין זאגין מיין בגער.

נאך וואש איך בין קומין אלהער:

המן הולך ובונה עץ ואומר

צעהן:

מרדכי

ווינד אונ וויא זאל דיר גישעהן:

המן

צוואנציק:

מרדכי

דוא זאלשט דער שטיק:

המן

דרייסיג:

מרדכי

ברעך דאש גניק:

המן
פירציג:

מרדכי
אויף דיר אלי אום גליק:

⟨המן⟩
פופציג אלין הוך איזט דער גלגין ברייט.
פר דען שעלמן מרדכי אונ זיין לייט:

עד כאן

מלך
שרייבר איך וויש ניט וואש דאש מאכט.
דז איך היינט ניט שלאפין קענין איין גנצי נכט:

מרדכי
ער האט גוויש היינט איין גנצי נכט מיט דער מלכה גחומלט.
דרום קען ער ניט שלאפין איבל זאלש אים בקומין:

מלך
שרייבר טוא אין מיין קראנקי בוך זוכין.
פיל לייכט איזט אימנט דער מיך טוט שעלטן אונט פלוכין.
דיא ווייל ער האט מיר וואש נוטץ גטאן.
אונ איך האב אים ניט גיגעבין זיין לון:

וסופר מבקש לימצא ואומר מרדכי
וויא דער נרשר שרייבר זוכט:

סופר
אלטר נר וואו שטיט עש דען וויז מיר:

מרדכי
דיב אין דיא הוזין שטיהט עש. דער נר קאן ניקש לעזין:

סופר
אלטיר נר ווארום בין איך דען איין שרייבר:

מרדכי
נר וויא דאש איזט איין קינג זו בישטו איין שרייבר.
אלז ביז אויף איירה לייבר:

סופר למלך

איך האב איין דער קראנקי ניקש אנדרש קענין גפינן.
אלז פון דען שעלמן מרדכי איזט וואש דרינן.
דז צווייא הערין האבן זיך בגעבין.
צו ברענגין דען קינג אום זיין לעבין.
אונ מרדכי האט דיא זאך קונד גמכט.
דא איזט אינן גישעהן איר רעכט:

מלך

האט מאן אים ניקש דא פיר צו רעקומפענץ געבין:

סופר

איך וייש ניט בייא מיין לעבין:

מרדכי

יוא בויך ריישן האב איך בקומין. איך וויל דאש זעלבי דען קינג אונ דיא קינגן איבר לאשן:

המן דופק אצל הפתח

מלך

שרייבר ווער גוואר.
ווער אזו פריא קלאפט אן מיין טאר:

סופר הולך אצל הפתח

סופר

ווער איז דיזר מאן.
דער זוא פריא קלאפט אן:

המן פותח את הפתח בעזות ואומ׳

המן

המן איזט דיזר מאן.
דער זוא פריא קלאפט אן.
איין נייא צייטונג טוא איך ברענגין.
מען זאל דען שעלמן מרדכי הענגין:

סופר

המן איז דיזר מאן.
ער האט בייא דען קינג וואש צו טאן:

מלך

איזט המן דיזר מאן.

לאזט אין שנעל הריין גאן :

סופר

המן אריין :

בא המן ואומר

איין גליק זעליגן מארגין.
זאל דען קינג ניט זיין פר בארגין.
אונ זאל האבין קיין זארגין :

מלך

המן וואש איזט דיזר מאן ווערט.
דען דער קינג זיין עהר בגערט :

המן מכה על לבו | ואומר עמ׳ 19 ⟨ט ע״א⟩

דיזר מאן איזט ווערט.
צו רייטן אויף דען קינג זיין בעשטש פערד.
אונ׳ פר אים אויף רופין אונט אויש שרייאן.
מיט טרומפיטן אונ׳ שעלמייאן.
דאש איזט דיזר מאן.
דען דער קינג האט דיא עהר געבין צום לון :

מרדכי

דער נר מיינט זיך זעלבשט :

מלך

המן דוא האשט מיין בשייד.
דוא זאלשט אלזו בלד זיין ברייט.
גיא אין מיינם שטאל.
אונטר מיין פערדן אל.
אונ נעם מיין בעשטש פערד.
וויא זיך איין קינג אן טאג זיינר קרינוג גיהערט.
אויך דיא קינגליכן קליידר אונ׳ אויך דען שווערט.
אונ טוא עש דען מרדכין געבין.
ווייל ער האט מיך בהלטין בייא מיינם לעבין :

המן בנחת

עש זיינן פיל יודן מרדכי גננט.
אונטר דען שעלמן בין איך גאר ווינג בקאנט :

960 במקור פעמיים ד ע ן

מלך
דען מרדכי דער דא זיצט אונטיר מיין טאר.
זאלשטו עהרין גאנץ אונ׳ גאר:

המן
דער מרדכי איזט מיין פיינד.
וויא זאל איך אין ערין הייגט:

מלך
המן לאז דיר ניט מער זאגין.
זונשט לאז איך דיר דיין קאפף אב שלאגין:

המן הולך אל מרדכי ומנגן קינה בניגון
אך מרדכי שעלמכייא.
דיין קאפף אויף דרייא.
אויך אויף פיר.
ווינד צו מיר אונד וואל צו דיר.
דז דוא האשט זעלכש דער לעבט אן מיר.
אלז דיין שרייאן אונט וויינן.
האט מער גהאלפין אלז מיין זילבר אונ׳ אידל גשטינן.
דרום שטיעה אויף פון דער ערד.
אונ׳ זעצה דיך אויף דאש קינגש זיין פפערד.
ווייל עש דער קינג האט בגעהרט:

מרדכי
אוויא אוויא וויא זאל דאש דער קינג ביגערין.
מיר אן צו טאן זולכי ערין.
אויך בין איך צוועלף אונ צוואנציג וואכין אין דיא עשין גזעשין.
אונ האב קיין בישן גיפרעשין.
איך קאן ניט אויף שטין.
אויך ניכט אויף מיין פיסן גין.
זאל איך דען אבר האבין דיזה ערין.
זוא מושטו מיך פוצין אונט שערין.
אונ׳ מיין לייב קראצין אונ׳ וואשין.
דז איך ריין ווערדע פון דער אשין:

אמר המן למרדכי בחרי אף
גנב וואו זאלשטו זעלכיש פון מיר ביגערין.

993 אולי צריך לקרוא ד ע ש

איך זאל דיך פוצין אונט שערין.
אזו לנג גיא איך בייא דען קינג אויש אונט איין.
אונ' היצונד זאל איך דיין בלבירר זיין:

מרדכי שוחק ואומר

וויא זיך דער גנב שטעלט.
אלז ווען איך אין ניט קענט.
דאש ער איזט שון איין באד קראציר גיוועזין.
היצונד מאכט ער איין גרוש וועזין.
עש טוט אין פר דריסן.
מען זאל אין דער שיסן:

המן

אלטר נר רייט זאג איך דיר:

מרדכי

דר איין ווייל גנב איך וויל דיר איין פסוק זאגין לסוסתי איך האב מיין לעב טאג פיל שינר פפערט גריטן דאך קיין זעלכש וויא דוא בישט אז דער פסוק גיהט בהט איין שויבל ודר אונ איין דרין בעזין וסחרת און איין אובין גאביל ויש אומרי⟨ם⟩ וסוחרת אונ איין איזל גשטאנק:

המן

אלטר נר רייט איין מאל:

מרדכי

דר איין ווייל איך וויל דיר נאך איין פסוק זאגין:

המן

וואש איזט דאש פסוק:

מרדכי

שיינט וואל דז דוא קיין העברער בישט דאש איזט איין פסוק שחורה בישטו נאך ניט פר שווארצט ווערשטו פר שווארצט ווערין.

אז דער פסוק גיט וויא דיר.
דיין קאפף פר דריא דיר.
היתה איז גווארין למס.
המן ליגט בייא דער גאס.
און זאל שוויצן דען טודן שוואס.
ונאמר אמן.
אלז ביז אויף דיין פנים.
אמן:

המן
אלטיר שעלמע רייט איין מאל :

מרדכי
גנב איזט יוא קיין זאטיל איך ווער מיר איין וואלף רייטן :

המן
אלטיר נר האשטו קיין שפארין.
שטאק דיא נקבה מיט דען שוואנץ הינטן אונ פארין :

מרדכי רוכב על המן והמן מנגן בניגון קינה
אך וויא וויא האבין זיך פערשטן אונ׳ גראבין פר׳ מיר מוזין נייגן אונט בוקין.
היצונד מוז איך דען שעלמן ליידן אויף מיין רוקין.
עמ׳ 20 ⟨ט ע״ב⟩ אך ווער מיין | פראכט אונ׳ פראלין ניט גיוועזין.
העט איך פר שפארט דאש וועזין :

המן מכריז
דיזר מאן איזט [גיערט].
וייל אין דער קינג צו ערין ביגעהרט.
עוד פעם דיזר מאן כו׳ :

סופר
המן דוא זאלשט גין אויף דיא מאל צייט.
וואש דיא קינגן האטברייט.
דוא ווערשט קריגן אלי לייד :

משוררים
צום עשין :

מרדכי
צום פרעשין :

עיין לעיל דף [...]

מלך
אסתר זאג מיר אלהער.
וואש איזט דיין בגער.
מיין הלב קינג רייך.
זאל דיר גשענקט ווערדין גלייך :

1041 השחזור לפי 996

מלכה
אן דאש קינג רייך וויל איך ניט גידענקין.
נור איך ביט דער קינג וואלי מיר מיין לעבין שענקין.
אויך טוא איך מי [...] ניט צו טרויאן.
צו בגערין דער קינג זאל דען טעמפיל בויאן.
נור איך ביטע פיר מיר אונ מיין קינגליכן גשלעכט.
דאש אינן מעכטי ווידר פארין דאש רעכט.
דאש זיא ניט ווערין גשלאכט.
דען איך אונ מיין פאלק זיין ניט אליין פרקויפט וואררין צו קנעכט.
זונדרין צו ער שלאגין מיט דען שווערט.
דרייצעהן טאג אין מארצי זאל קיינר פון מיין ברידרן ניט ווערין גיזעהן נאך גהערט.
וויא זאלט איך דען שטיל שוויגן.
ווען מיין פאלק זאלט קומין א[ין] גרושה ליידן.
איך ווערדע האפין דער קינג ווערט דאש זעלביגי פר מיידן:

מלך
ווער איזט דיזר מאן.
דער דיזש פאנגעט אן.
אונ' בגערט זעלכש צו טאן:

מלכה
אלהיר קיגן ווירטיג איזט המן דיזר מאן.
דער זעלכיש האט גט[אן.]
אונ' צעהן טויזנט צענטנר זילבר האט ער געבין.
אום אל דיא יודן איר לעבין.
אויך האט ער טאן ערלאנגן.
מיין פעטיר מרדכי זאל ווערין גהאנגין.
דאש איזט זיין לון.
ווייל ער האט דען קינג בהלטיןביין זיין לעבין אונ ביי[ן] זיינר קרון:

מלך
שרייבר איך וויל דיר וואש זאגין.
פר גרושן צארין קאן איך מיין עשין ניט פר טראגין.
דרום וויל איך איין ווינג ווארטין.
אונ' גיא מיט מיר שפצירן אין מיין גארטין:

1076 השחזור לפי הכתוב באותה השורה לפני־כן

והולכים יחד מלך וסופר והמן הולך אצל המטה לבקש את אסתר ומרדכי דוחף אותו ואומר
ווארט גנב דוא ווערשט איין אוויר איין הנדלין :

המן
אידלה קינגן איך וויל זיא גיבעטין האבין.
זיא וואלי מיר עש דאש מאל פר טראגין.
איך העט מיך אויך דיזה זאך ניט דער וואגין.
ווען איך העטע גווישט.
דאש דיא קינגן פון יודן שטאם איזט :

סופר
אידלר קינג ער זעה איין ווינג צו ריק.
איין אויגן בליק.
המן טוט זיך מיט דער קינגן רינגן.
פר וואר ער וויל זיא בצווינגן :

המלך קופץ בחרי אף וחרבו שלופה בידו ואומר
המן בייא מיינר קינגן האשטו וועלין שלאפין.
פר וואר מיט דיין לעבין וויל איך דיך שטראפין :

מלך
שרייבר נעם אים בייא זיינה האר.
אונ׳ הענג אים מיט דיא פיס קפור :

המן בורח ואומר
ווייל איך זעהע עש ניט אום מיר.
מוז א[יך] לויפן צו דער טיר :

סופר והתוך תופשין אותו ומנגנין
מיר האבן אין גיפאנגין.
פר וואר ער זאל ווערין גיהאנגין.
בייא דער קינגן האט ער וועלין שלופין.
מיט זיין לעבין מוז מען אים שטראפין :

סופר
המן האשטו דיא ריד פון דען קינג פר נומין.
דוא מוזט אן גאלגין קומין.

1081 א ו ו י ר] התיבה נוספה בשוליים במקום כתיבה משובשת שבתוך השורה
1087 ה״ב נוספה בשוליים

אונ׳ ווען דוא נאך זוא פיל ווילשט געבין.
קאנשטו ניט ווערין ער רעטעט פון דיין לעבין:

המן

אך הער שרייבר דוא ליבר ברודר מיין.
לאז מיר דאך דיא זאך גווערט זיין. |
פר דען אידלן קינג וואלשטו מיך לאזין טרעטין. עמ׳ 21 ‹י ע״א›
אונ פר מיין שווער ביטר לעבין בעטן:

סופר

המן דוא ליבשטר ברודר מיין.
דיא זאך זאל דיר אום גווערט זיין.
פר דען אידלן קינג צו טרעטין.
אונ׳ פר דיין לעבין צו בעטן:

המן כורע לפני המלך ואומר

הוך אונט וואל גערטיר קינג מיין.
זיכט דאך מיינה ביטרה פיין.
מיין צעהן קינדר זאלין בייא איך דינר זיין.
שענקט מיר נור מיין לעבין אליין:

מלך להמן

המן גיא וועק פון מיר.
אבר איך שט[וש די]ך צו דער טיר.
שרייבר נעם אין אבאכט.
וואש איך האב דיר גישאפט.
נעם אים בייא דיא האר.
אונ הענג אים מיט דיא פיס קפור:

המן

אך וויא וויא האב איין בשייד פון קינג גהערט.
איך זיך מיין טוד איזט מיר בשערט.
ווייל איך האב ועלין דען שעלמן מרדכי אום דאש לעבן ברענגין.
היצונד מוז איך הענגן.
דרום אויך ליבר ברודר שרייבר מיין.
לאז מיר דאך דיא זאך אום פר ווערט זיין.
פר דיא אידלה הוך גיבארנה קינגן צו בעטין.
פיל לייכט קענט איך מיין לעבין ער רעטין:

1118 השחזור לפי 1142

סופר

המן ⟨דוא ליבשטר ברודר מיין.⟩
דיא זאך זאל דיר אום גווערט זיין.
פר דיא קינגן צו טרעט⟨ין.⟩
פר דיין לעבין צו בעטין :

המן כורע

אלי אידלה גיבארני קינגן מיין.
זיכט דאך מיין ביטרה פי⟨י⟩ן.
לאזט אייך דונקן איך ווער איין וולד פיגליין.
אונ שענקט מיר דאך מיין לעבין אליין.
מיין געלט אונ׳ גוט וויל איך גערין געבין.
אום מיין לעבין צו איבר שטרעבין :

מלכה

המן גיא וועק פון מיר.
איך שטוס דיך צו דער טיר.

מרדכי

דוא מושט הענגין גנב :

המן

אך וויא וויא האב איך איין בשייד פון דער קינגן גהערט.
מיין טוט איזט מיר בשערט.
דאש איך זאל גריכט ווערדן מיט דען שווערט.
אונ׳ זאל קומין אין דער ערד.
דרום אויך ליבר ברודר מיין.
לאז מיך דאך צו דען שעלמן מרדכי הריין.
איך וויל פר אים טרעטן.
ער זאל פר מיין לעבן בעטין :

סופר

המן ⟨דוא ליבשטר ברודר מיין.⟩
דיא זאך זאל דיר אום גווערט זיין.
פר דען מרדכי צו טרעטין.
אונ פר דיין לעבין צו בעטין :

המן כורע

אך מרדכי זייא דיך דאך דער בארמן איבר מיין וויינן אונ שרייאן.

1131 ההשלמה לפי 1109 ואילך 1152 השחזור לפי 1109 ו־1131

ווייל אין דיא צעהן גבאט שטעהט וועַן דיין פיינט פלט זאלשטו זיך ניט פרייאַן.
דרום טוא פר דען קינג טרעטין.
אונ כו׳ :

מרדכי

הני מילי.
גשוועלין זאל דיין מילה.
בייא איין ישראל.
אבר בייא איין גוי.
תדרוך מען זאל זיא טרעטין.
גנב איך וויל פר דיר בעטין :

והולך למלך

קינג לעבין איין אנדרין גנב הענגט מאַן אן איין שטריק אונ׳ אים לאז הענגן אן איין קעטין דער מיט אז ער ניט הרונטר פעלט אונט טוט זיך שאדין | איין אנדרין הענגט מאַן בייא דען ⟨קאפף⟩ אים בייא דיא פיס : עמ׳ 22 ⟨י ע״ב⟩

ואומר ⟨להמן⟩

**גיא הין איך האב דיר דען גלגין אויש גריכט :**

המן

**אך אונט וויא וואש ווערין פערשטן אונ גראבין זאגין.**
**ווען מען ווירט המן דען קאפף אב שלאגין.**
**אונ וויא ווירט דער שעלמע מרדכי לאכין.**
**ווען מאן ווירט מיין קאפף אב ברעכין.**
**אויה לי :**
**אך אונט וויא וויא האב איך מיך מיט שינן קליידרן טואין בדעקין.**
**אבר היצונד מוז איך מיין הלז אוש שטרעקין.**
**וויא בין איך גאנגין בייא דען קינג אויש אונט איין.**
**היצונד מוז איך איין גלגין צירר זיין.**
**אויה לי :**
**איר הערין טוט מיך זעלבר צום עקסעמפל אן שויאן.**
**איך האב זעלבר אויף מיר דען גלגין טואין בויאן.**
**עש פפלעגט אבר אפט זוא צו זיין.**
**איינר גראבט דיא גרוב אונ פעלט דריין :**

1168 קאפף חסר במקור ; הושלם על־פי אש״ב 961

המן
אך אונט וויא וויא מוז איך פון דיא וועלט שיידן.
און דער צו גרושה שמערצן ליידן.
דרום אי מאן מיך ווירט אן גאלגין הענגין.
וויל איך פאר הער מיין זינד בקענין פר מיין ליבן גאט צו ברענגין:

המן
אך אונט וויא וויא איזט מיר ליידר דער גאנגין.
אן מיין אייגנן גאלגין זאל איך ווערדן גהאנגן.
אך איזט ניט איין יאמר אונ׳ גרושה נוט.
אז איך מוז ליידן דען ביטרן טוט.
אויה לי:

דרום זאל איט ווידר זיין קינד שטראפין.
דז עש אויף קיין אנדרין טוט זאל האפין.
ווייל איך האב אויף מרדכי זיין טוט גיווארט.
בין איך זעלבר אין דיא גרובין פר שארט.
דאש איזט מיר אלש איבר דען שעלמן מרדכי הער קומין.
איך וועלט דז אין דער טייבל העט לענגשטן גנומין.
זוא ווער איך ליידר ניט אן גלגין גיקומין.
דרום זאל קיינר מיט דען יודן אן פאנגין.
דען עש איזט נאך קיינם וואל אויש גיגאנגין.
מען זאל זיך פרלאזין אויף גאט.
דער אליש ערשאפין האט:

דען גאט אין הימל האט עש ניט וועלין האבן.
דז מרדכי זיין פלייש זאלין עשין דיא ראבין.
נון ווייל מרדכי איזט איין פרומר מאן.
מוז איך אן גלגין גאן.
איך האב גימיינט איך העטי עש גוט גמאכט.
ערשט האב איכש ניט גנומין אין אב אכט.
איך האב גימיינט דען יודן מרדכי אום זי⟨י⟩ן לעבן ברענגין.
ערשט מוז איך זעלבר הענגין.
דרום נעם זיך עקסעמפעל אידר מאן.
אז מען זיך ניכט אויף זיין האפרט פר לאזין קאן.
דען העטי איך מיך ניט אויף מיין האפרט פר לאשן.
זוא ווער מיין בלוט ניט ווארדן פר גאשן.
איך האב אימר בייא דען קינג טאן פראנגן.

דרום איזט עש מיר זוא דער גאנגין.
דז איך מוז ווערין גהאנגין. |
עמ׳ 23 ⟨יא ע״א⟩ איך פלעג אימר צו גין שפאצירן.
אבר היצונד מוז איך דען גלגין צירן:
איך בין בייא דען קינג גיוועזין אין זיין ראט.
היצונד האב איך פרדינט דען טוט.
איך פלעג צו גין אויש אונט איין.
היצונד זאל איך גלגין צירר זיין.
אויה לי:
אך אונט וויא מיט הערין אונ׳ פערשטן אונ׳ גראבין האבין איך טון שפייזן.
היצונד ווערין דיא ראבין אונ דיא פיגל אויף מיר הין אונט ⟨הער⟩ ווידר רייזן.
וויא האב איך טון עשין אונ׳ טרינקן.
היצונד מוז איך צו דער ערד זינקן.
אך וויא וויא האב איך מיך גהלטין זוא פיין.
היצונד איז דער גלגין מיין טרוסט אליין:
אך וויא ווער איך מיין ליבן גאט גהורזם גיוועזין.
ווער איך היצונד ווארין גנעזין.
פירשטן אונ גראבין האבין זיך פר מיר טון בייגן אונ׳ בוקין.
היצונד ווערין דיא ראבין עשין דאש פלייש פון מיין רוקין.
אויה לי:
דרום איך הערין טוט גידענקין.
וואש איינר דען יודן טוט גאט ווערטש אים ניט שענקן.
איך האבי דען גלגין פופציג אלין הוך גיבויאט.
מיר זעלבר צו מיינר הויט.
איך האב גמיינט איך העטי וואל גיטאן.
היצונד מוז איך זעלבר דראן.
דרום זאל זיך איין יעדר מענש פאר זעהן.
דז עש אים ניט זאל גישעהן.
אונ׳ אים בעשר ער געהן:

אך וויא איבר דיזה שטונדן.
אז איך בין בייא דער קינגן ווערדין איין גיפונדין.
אך וויא איבר דיא צייט.
אז איך בין צום גלגין ברייט.
עש קומט אבר אלש איבר דיא הורריא איין הער.

1227 הער חסר במקור

דז איך בין גיקומין אום מיין עהר.
דאש האט מיך דער גבראכט.
ווייל איך האבי דיא זאך ניט בעשר בדאכט :

אך שרייבר האשטו פאר הערא ניט הערין מעלדן.
פון שמשון דען שטארקין העלדן.
דאש טוט מאן אויך וואל ווישן.
דז ער האט מיט זיין הענדן איין ליבן צו ריסן.
לעצליך האט ער מיט דיא הורין אן גיפנגין.
פר וואר איבל איזט עש אין דער גאנגין.
דען דיא הור האט אים איבר וואונדן אונ איבר רעט.
אין אירן בעט.
אונ׳ האט אים זיין האר אב גשארין.
דא דורך האט ער זיין שטארק פר לארין.
זיינה פיינדה האבין אין זיין אויגן אויש גשטאכין.
אבר אויף דער לעצט האט ער זיך נאך אן אין גראכין.
זיא האבין אין גבונדין מיט שטארקי שטריק.
ער האט זיא אבר צו ריסן אין איין אויגן בליק. |
ווייל ער האט גאט אן גרופין. עמ׳ 24 ⟨יא ע״ב⟩
אוש זיינ⟨!⟩ ניטן האט ער אין גהאלפן.
איין שטונד פר זיין טוד האט ער אים דיא שטערקי גגעבין.
דז ער האט פיל טויזנט פון דיא פיינדע ⟨גבראכט⟩ אום אירן לעבין :

אויך דער קינג מנשה האט אלש ביז גיטאן ווידר גאט.
האט גימיינט עש ווערט אים גין פארט.
אבר בלד האט גאט דען קינג אשור גזנט.
אונ׳ אים גיאגט אויש זיין לנד.
ער האט אל זיין אב געטיר אן גרופין.
אבר עש האט אים קיינר קענין העלפין.
אבר וויא ער רופט אן דען לעבנדיגן גאט.
וויא בלד ער אין גהאלפין האט :

אויך דער קינג חזקי׳ וויא ער לאג אויף זיין טוט בעט קרנק.
וואר אים זער באנג.
דא זענדעט ער בהענד נאך דען פראפעטין ישעי׳ ער וואלט מאכין זיין טעסטמענט.

1271 במקור ג נ ר א כ ט א י ׳ בסוף השורה
1277 א י ם ] במקור א י ס ם

ער האט גמיינט עש גיט מיט אים אויף איין ענד.
וויא אים דער פראפעט ער מאנט.
קערט ער זיך צו דער וואנט.
אונ׳ רופט דען ליבן גאט.
דער אין בלד גהאלפין האט.
זיין גבעט האט ער גהערט.
אונ׳ זיין יאר פר מערט :

אויך האב איך הערין זאגין.
וויא פרעה האט דיא קינדר ישראל טואין פלאגין.
זיא האבן מוזין טאן שווערי ארבייט.
אבר דער נאך איזטש אים וואָרין לייד.
לעצליך האט ער זיא נאך הרטיר טואן שטראפין.
אונ׳ האט אירה קינדר אין וושיר גיווארפין.
דער נאך האט עש אין זעלבר בטראפין.
גאט האט מאזיש אונד אהרן צו אים גישיקט.
האט ער מוזין זיין אונטיר דריקט.
דער נאך אויף דען מער האט ער גיבעטין.
גאט האט אים גהאלפין אויש זיין נעטין.
גאט האט אים לאזין בלייבן.
דז ער קענטי דיא וואונדר בשרייבן :

אויך זעה איך וואל גאט האט מיר מיינה זינד פאר בהלטין.
ווייל איך האב דיא צעהן גיבאט ניט גהלטין.
ווידר דיא זעלבן האב איך טון וואלטין.
אנכי האב איך ניט פר נומין.
דרום בין איך אום מיין לעבין גיקומין.
אויך לא תשא האב איך ניט טואין הערין.
נאר אימר פלש שווערין.
דרום וויל מיך גאט אויך ניט הערין.
ווייל איך האב דען שבת טון פרשטערן.
כבד את אביך האב איך ניט אין אכט גנומין.
דרום בין איך אום מיין לעבן גיקומין.
אויך לא תרצח גאטש ווארט.
ווייל איך האב דער שלאגין אונ דער מארט.
דעשט הלבין איזט דער גלגין מיין ארט. |
עמ׳ 25 ‹יב ע״א› אויך לא תנאף ווייל איך האב הורייא גטריבן.
דעשט וועגין בין איך ניט לעבין גבליבן.

אויך לא תגנוב ווייל איך האב טון רויבן אונ שטעלין.
דעשט וועגין קען איך דען גאלגין ניט פעלין.
אויך דיא אנדריין גבאט האב איך פראכט.
דעשט וועגין איזט דער גאלגין מיין רעכט:

דרום שרייבר ליבשטר ברודר מיין.
לאז מיך דאך דיא זאך אום פר ווערט זיין.
איך וויל פר דען קינג טרעטין.
אונ פר מיין לעבין בעטין:

סופר

דיא זאך זאל דיר ניט גיווערט זיין.
צו גין צו דען קינג הניין:

והולך המן למלך ולאסתר ולמרדכי לבקש עוד פעם ואומרים הכל כמו למעלה עיין דף י׳

מרדכי

גנב איך וויל דיינר גידענקין.
אז מאן דיך ווירט הענגן.
ווען מען ווירט דיין גניק צו ברעכין.
ווער איך זער לאכין:

המן

מרדכי וויא טושטו מיינר שפאטין אונ לאכין.
מען זאגט יוא ווען דאש נאכברן הויז ברענט זאל מען זיך ניט פרייאן דער זאכין.
איך וויל דיר איין ⟨אייד⟩ שווערין.
דיא יודן ביז צו טון וויל איך נימר מער ביגערין:

מרדכי

איך ווייש אן דעם וואל:

⟨המן⟩

אך אונט וויא האב איך מיר עט וואש פאר גנומין.
איך האב גימיינט דיא יודן צו בקומין.
עש האט אבר מער גהאלפין איר שרייאן אונט וויינן.
אלז מיין גאלד אונ אידל גשטיינן.
האבין איר הערין ניט הערין פון דען קינג נבוכדנצר לעזין.
וויא איין שטארקיר קינג ער איז גיוועזין.

1335 אייד חסר במקור

זוא בלד ער האט זיך זיין הערליכקייט איבר נומין.
איזט ער אום זיין לעבין גיקומין.
צו גאט דען אלמעכטיגן האט ער זיך וואלין גלייכן.
אבר גאט האט אן אין גיטאן איין גרושין צייכן.
זיבן יאר איזט ער הרום גלאפין אלז אייןווילד טיר אונ׳ האט געשין גראז.
איז גלאפין גלייך אלז איין האז.
אויך האט ער ניט הערין זאגין.
וויא דער באלטשעטצר האט דאש גפעס אויש דען טעמפיל טואין הער פאר טראגין.
אונ׳ האט דרויש גטרונקין.
אין איינר נכט איזט ער ווארין פר זונקין.
אלזו איזט עש מיר אויך גיגאנגין.
ווייל איך האב דיא יודן וואלין פאנגין.
אונ׳ היצונד וועל איך גהאנגין:

דרום שרייבר ליבר ברודר מיין.
לאז דאך מיין ווייב אונ קינד צו מיר הריין.
לאז מיך זיא נאך איין מאל זעהן.
איהע מיר מיין רעכט ווערט גישעהן: |

עמ׳ 26 ‹יב ע״ב›
סופר
דיא זאך זאל דיר גיווערט זיין.
צו גין צו דיין ווייב אונ קינדר הניין.
צו קלאגין דיינה פיין:

המן
הערץ ליבשטש ווייב.
וויא מוז איך שיידן פון איין זוא שניא ווייסן לייב.
אך אונט וויא האב איך זעלין גידענקין.
מען ווערט מיר מיין לעבין ניט שענקן.
עש איזט מיר לייד דז דוא זאלשט צו זעהן.
וועןמיר ווערט מיין רעכט גישעהן.
דרום בלייב אין גאטש נאמין צו הויז.
אונ גיא ניט הרויש.
דאש וויל איך דיר נאך בפעלין וואש.
איך וויל האבן מיין פלייש צו בגראבן.
דז עש ניט עשין דיא ראבין.
דרום שרייבר ליבר ברודר מיין.

לאז דיז מיין ווייב אונ׳ קינד בפולין זיין.
אונ׳ מאכי וואש דוא האשט צו מאכין.
דער שעלמע מרדכי זאל מיינר ניט לענגר לאכין.
שרייבר וויל עש ניט אנדרש קאן גזיין.
זינג מיר דאך איין היפש לידליין.
איך וויל נאך איין מאל לושטיג זיין:

משוררים

אך וויא איזט המן גוועזין איין מאן.
ער האט זיין לעב טאג קיין גוטץ גיטאן.
וויא איזט ער גיוועזין זוא שין.
אונ האט אויך גיגעשין חזיר מיט קרין.
וויא איזט ער גיוועזין זוא קלוג.
ער טרינקט גערין נסך אויש דען קרוג.
וויא איזט ער גיוועזין זוא נעט.
ער האט גערין גשלאפין בייא דען הורין אין בעט:

מלך

שרייבר דוא האשט מיין גיבאט פר נומין.
דוא זאלשט דער זאך נאך קומין.
איך טוא דיר נאך איין מאל זאגין.
דוא זאלשט אין זיין קאפף בלד אב שלאגין:

סופר

המן קום מיט מיר.
איך וויל דיך פירן צו דער טיר:

המן

וואו הין צו איין היפשה הור:

סופר

אן גאלגין מוזטו הענגין.
ווייל דוא האשט וואלין דיא יודן אום דאש לעבין ברענגין:

ומכים את ראשו

ואומר מרדכי

כשם שנכנס לברית.
כן יכנס לשם שדים.
אמן:

ובא המן ואומר
איך בין גיוועזין אויף יענה וועלט.
אונ׳ האב גיזעהן היפשה מיידלך אונ פיל געלט:

⟨מרדכי⟩
גנב ווארום האשטו זיא ניט גנומין:

⟨המן⟩
מאן האט מיך ניט לאזין דער צו קומין.
אויך דיא ווייבר.
האבין מיך ניט וועלין לאזין גרייפן אן איר לייבר:

⟨כולם⟩
נון וועלין מיר עש לאזין אויש זיין.
מיר מוזין האבין געלט צו טרינקן ווייז.
ווען מיר נור דאש טואין זוא קומין מיר אין הייליגן לנד אריין.
אמן:

**סליק**

1410 במקור הילילגן

# ב. אחשורוש שפיל

אחשורוש־שפיל ב׳ (אש״ב)
דפוס משנת תס״ח / 1708

טקסט זה קרוב ביותר לזה של אש״א (מס׳ א׳ שלעיל), אך עם זאת אפשר למצוא הבדלים ניכרים בין השניים הן בניסוח הן בסדר הדברים. זאת ועוד, מרובים למדי הקטעים המופיעים באחד וחסרים באחר, ומשום כך מצאתי לנכון להביא את שני הטקסטים בנפרד ולא להסמיכם זה לזה ולציין את ההבדלים ביניהם בהערות לטקסט, דבר שהיה מקשה עלינו את שחזור הטקסט האחר. ברשימה שבסוף המחזה (עמ׳ 253 ואילך) צוינו המקבילות וההבדלים שבין שני הטקסטים.

הטקסט מובא כאן על־פי הכרך השלישי של שודט, עמ׳ 202—225. לדברי שודט נהגו להציג את המחזה בפורים בפראנקפורט על נהר מיין. הפרנסים אסרו את ההצגות, ואף ציוו לשרוף את עותקי הנוסח המודפס משנת 1708, שהיה כבר נדיר בזמן חיבור ספרו של שודט.* בשער של הספר, כפי שהועתק אצל שודט, לא צוין מקום ההדפסה. גם שודט אינו אומר בבירור, אם אכן המדובר בספר שנדפס בפראנקפורט גופה, אבל כך שיער שטיינשניידר,** ומשום אישור לכך אפשר למצוא גם בשער של ׳דאש שפיל פון מרדכי אונ׳ אסתר׳ (להלן, מס׳ ג׳). עד כה לא נתגלה אף עותק אחד של מהדורה זו, והטקסט שהועתק בספרו של שודט הוא השריד היחיד ממנו. כדי לא לפגוע בטעם הטוב, לא צירף שודט לטקסט הזה תעתיק גרמני, כפי שעשה לטקסט של ׳מכירות יוסף׳ (להלן, מס׳ ו׳).

מתעורר הרושם, כי העתקתו של שודט היא מדויקת, אף שייתכן, שפה ושם נפלו שגיאות דפוס. בחלקן צוינו השגיאות בגוף הטקסט בסימן־קריאה בין סוגריים מזווים ובחלקן תוקנו באמצעות סוגריים מזווים; במקרה הצורך נוספה הערה על כך. המלים העבריות המופיעות בטקסט זה כתיבן משובש. רק במקרים בודדים מצאנו לנכון להעיר על כך בסימן־קריאה כנהוג.

הטקסט מובא אצל שודט ברציפות, בלי לשים לב לחריזה. כאן נדפס הטקסט לפי שורות מתחרזות (חוץ מן הקטעים שאינם מתחרזים) ולפי סטרופות בכל מקום שהסטרופות הובלטו בטקסט. בספרו של שודט נשמר הנוהג המקובל בדפוסי יידיש להדפיס את הוראות־הבימוי באותיות מרובעות, ואילו את הטקסט גופו — באותיות רגילות של טקסטים ביידיש. במהדורתנו נדפסו הוראות־הבימוי באותיות קטנות. נשמר בה הפיסוק הרגיל שבהעתקתו של שודט, כלומר, נקודה בסופה של שורה מתחרזת ונקודתיים בסוף דיבור וסטרופה. הסטיות המעטות מנוהג זה

* שודט, כרך שני, ספר שישי, פרק 35, עמ׳ 316.
** קטלוג בודליאנה, מס׳ 3404; פורים, עמ׳ 86.

תוקנו בלי שצוין הדבר בהערות, אבל נשמר הפיסוק כאשר הוא מופיע באמצע שורה מתחרזת. בטקסט כפי שנדפס אצל שודט מופיעות האותיות פ׳ פ׳ לעתים בסוף דיבור ולעתים בתוך דיבור. לפי הנהוג במסורה יש לראות גם בסימנים אלה מעין סימני־פיסוק המפרידים בין הקטעים של הטקסט. בכמה מקומות חסר ציון שמו של המדבר; כאן נוספו שמות אלה בין סוגריים מזווים. בתיבות אחדות מופיע בדפוס סימן רפה שלא במקומו. סימן זה נמחק במהדורתנו בלי שהוער על כך.

השער

# אחשורוש שפיל

איין שין נייא אחשורוש שפיל מיט אל דיא קונשטין איז עש ווארין
דער טראכֿת ⟨!⟩.

עש ווערט וואול זיין לעב טאג ניט אזו גוט ווערדן גימאכֿט.
מיט היפשי שיני קלאג לידרן דען ריים נאך גישטעלט.
דאש פֿר האפֿן מיר ווער עש קויפֿן ווערט אזו ווערט אין ניט פֿר דריסן
זיין געלט.

ווייל הש״י ברוך הוא האט אונז אן פורים געבן לושטיג צו זיין.
אזו האבן מיר דרויף גימאכֿט דאש אחשורוש שפיל היפש אונ׳ פֿיין.
דרום אויך איר בעל בתים אונ׳ בחורים אונ׳ יונגן קומט איר ביהענד
צו ⟨!⟩ לויפֿן.

אונ׳ טוט מיר דאש שיני אחשורוש שפיל אב קויפֿן.
דאש געלת ⟨!⟩ ווערט אייך ניט פֿר דריסן.
ווען איר ווערט דרינן לעזן. ווערט איר אייער געלט ווידר גניסן.
נדפס תפ״ח לפ״ק

⟨אומר שרייבר⟩
גליק צו. גליק צו.
עש זייא היר אודר אנדרש וואו.
הערבייא הערבייא.
איר הערין גראפֿין אונ׳ פֿערשטין דיא ווערדן שויאן וואש נייא.
נייא אונ׳ מער.
איין קיניג ווערט קומן איין הער.
איין קיניג ווערט קומן אריין.
אין דער גאנצי וועלט ווערט זיין גלייכֿן ניט זיין.
קיניג אחשורוש איז ערש גינאנט.
הונדרט אונ׳ זיבן אונ׳ צוואנציג לענדר האט ער אונטר זיינר האנד.
אונ׳ אויך דיא לענדר אונ׳ שטראסן. דיא ער האט טון בישטרייטן אונ׳ ביצווינגן.
עמ׳ 203 דא ער פֿון האט | איין אידרר יוד מוישל צו זאגן אונ׳ צו זינגן.
דרום אויך רוימט אויף רוימט אויף.
אונ׳ שמייסט דיא שטוב צום פֿענסטער ארויש.
דיא טיש אויף דיא בענק.
דיא ביכֿר אויף דיא שענק.
דיא הען אונטר דעם האן.
דאש ווייב אונטר דען מאן.
דיא מייד אונטר דען קנעבֿט.
דער מיט דאש איין אידרן זאל גישעהן זיין רעכֿט.
אונ׳ אויך ברענגט ניט מיט אונזר רעכֿט.
דאש איין אידל הוך גיבארנר קיניג זאל אזו לאנג דרויזן שטאן.
מיר וועלין אין הייסן אריין גאן.
אריין אריין.
אל דיא מיין גינעדיגשטן קיניג זייני דינר זיין :

אומר המן
הער המן בין איכֿש גינאנט.
אין אל דיא הורירייא אונ׳ שעלמירייא בין איך גאר וואל ביקאנט.

ה״ב לפני 1 נוספה על־פי שורה 30

שרייבר ברודר מיר וועלן זינגן טישקנטענר אונ פאש.
דאש עש זאל קלינגן אז וויא אין עיין ⟨!⟩ הולן פֿאס:

אומר שרייבר

טישקנטענר אונ׳ פאס וערן מיר טון זינגן.
דאש אל דיא בעקן אן דער וואנד ווערן שפרינגן אונ׳ קלינגן:

אומר המן

איין גליק זעלגן אבנט אונ׳ איין גליק זעלגי צייט.
דש איר ליבהאבר ווערט זיין אן ביריית.
וועלט איר ווישן מיין ביגער.
וואש אורזך דש איך בין קומן איין הער.
דען איך קאן דען שעלמין בעשטיה יודן ניט דר ליידן.
ווען איך זאלט ווישן גלייך דעם קיניג זיין לאנד צו מיידן.
אונ׳ דר בעשט אונטר דיא יודן איז ווערט.
איין נידר צו הויאן מיט דעם בלוסן שווערט.
אונ׳ ווען מיין אידל הוך גיבארנר קיניג ווערט טרעטן אריין.
אלזו וויל איך קלאגן אויף דיא שעלמישי יודן גימיין.
אבר איצונד וויל איך דיזי זאכֿן אב שטאן.
אונ׳ וויל ווארטן ביז מיין אידל הוך גיבארנר קיניג ווערט קומן אריין צו גאן.
אריין אריין.
אל דיא מיין גינעדיגשטן קיניג זיין דינר וועלן זיין:

בא התך

באנש דיא הערין אלי צו גלייך.
עש זייא ארים אודר רייך.
וואלט איר ווישן מיין ביגער.
וואש אורזאך דאש איך בין קומן איין הער.
התך בין איכֿש גינאנט.
בייא מיינר פֿרויא מוטר בין איך גאר וואול ביקאנט.
דרום וויל איך דיא הערין פֿרעגן.
וואש אורזאך דאש זיא זיינן ברייט מיט אירי בלוזי דעגן.
אונ׳ איך וויל אייך איין ראט פֿינדן.
אונ׳ וויל מיין גינעדיגשטן קיניג אריין זינגן.
אלי צו גלייך אריין.
אלר אידל הוך גיבארנר קיניג מיין.
אין דער גאנצן וועלט ווערט זיין גלייכֿן ניט גיזיין.

46 באנש דיא] הכוונה לברכה הרומית bonus dies ; וראה אש״א 51

אליר אידל הוך גיבארנר קיניג הער פֿאטר טרעט אריין.
מיר האבן הינן מעד אונ׳ וויין.
מעד אונ׳ וויין אונ׳ היגר אונ׳ פֿיש.
עש שטיט גאר וויניג אויף דעם טיש. פ׳ פ׳ פ׳
ער טרעט אריין ער טרעט אריין.
אלר אידל הוך גיבארנר קיניג מיין.
אין דר גאנצי וועלט ווערט זיינש גלייכֿן ניט גיזיין.
ער זאסט אייך ער זאסט אייך.
אלר אידל גיבארנר קיניג רייך.
אין דר גאנצי וועלט איז ניט זיין גלייך: |

עמ׳ 204 אומר המלך
גאט גריס אייך פֿרויאן אונ׳ מאנן.
אונ׳ אל דיא היר זיין בייא זאמן.
גרוש אונ׳ קליין.
אונ׳ אלי גימיין:

אומר המן
אליר הוך אידל גיבארנר קיניג.
לעבן זאלט איר אימר אונ׳ איביג.
זאגט איר מיר אייער ביגער.
וואש אורזאך דאש איר זייט קומן איין הער:

אומר המלך
וואלט איר ווישן מיין ביגער.
וועשט האלבן איך בין קומן אהער.
קיניג אחשורוש בין איכֿש גינאנט.
הונדרט אונ׳ זיבן אונ׳ צוואנציג לענדר האב איך אונטר מיינר האנט.
אונ׳ אויך דיא לענדר אונ׳ שטראסן דיא איך האב טון בישטרייטן אונ׳ ביצווינגן.
דאש ווייש איין אידווידרר מאן דר פֿון צו זאגן אונ׳ צו זינגן.
אונ׳ דא איך קאם אין דאש דריטי יאר צו מיינם קיניגרייך.
דא האב איך אן גיברייט איין מאל צייט אויף ארמי אונ׳ רייך.
יודן מוישל זיינן דרויף גיזעסן.
פֿון אונזרן גיקעכֿטש האבן זיא אבר ניקש געסן.
נייארט זיא האבן גיטרונקן פֿון אונזרן וויין.
דאש האט זיא אבר גיבראכֿט אין אירי שמערצן אונ׳ פיין.
אונ׳ דא איך וואר וואל גימוט אין וויין.
האב איך פֿר שאפֿט צו ברענגן דיא קינגין ושתי ⟨!⟩ נאקיט אריין.
נאקיט מיט אירן לייב.

עז זאל זיא אן שויאן מאן אונ׳ ווייב.
דאש האט זיא ניט וואלן טאן.
שלימה ריד האט זיא מיר טאן אן ביטן.
אלזו האב איך זיא לאזן טיטן.
דרום אויך המן דוא גיטרייאר דינר מיין.
פֿר ריכֿט מיר דיא זאך היפש אונ׳ פֿיין.
דא האשט דוא זיגל פטשיר פֿון מיינר האנד.
וואקר פטשירן אין אלי לאנד.
וואקר אויז שרייאן אונ׳ אויז רופֿן.
דאש מאן מיר זאל איין וואקרה יונגפֿר אויז זוכֿן.
פֿיל שענר אונ׳ בעשר אז ואשתי וואר.
פֿון אידל גישלעכֿט זאל זיא זיין גאנץ אונ׳ גאר.
ווערט זיא מיר זיין עבן.
דיא קרון פֿון מיינם הויפט וויל איך איר טון געבן.
ווערט זיא מיר גיפֿאלן.
גיאכֿפרט זאל זיא זיין אונטר דיא הערין אלין :

אומר המן ⟨ל⟩שרייבר

שרייבר דא האשטו זיגל פֿעטשיר פֿון קיניג זיינר האנד.
אויז צו פעטשירן דורך אלי לאנד.
וואקר אויז שרייבן אונ׳ אויז רופֿן.
דאש מן זאל דען קיניג איין וואקרי יונגפֿרויא אויז זוכֿן.
פֿיל שענר אונ׳ בעשר אז ואשתי וואר.
פֿון אידל גישלעכֿט זאל זיא זיין גאנץ אונ׳ גאר.
ווערט זיא אין זיין עבן.
דיא קרון פֿון זיין הייבט ווערט ער איר טון געבן.
ווערט זיא אים גיפֿאלן.
גיאכֿפרט זאל זיא זיין אונטר דיא הערין אלין :

אומר שרייבר

פריד צו אייך איר הערין. גראבֿין פֿערשטן פארס ⟨!⟩ ומדיי׳.
עש מאג זיין איין קרישט אדר יהודיי׳.
דא האב איך דאש זיגל פעטשיר פֿון קיניג זיינר האנד.
עמ׳ 205 וואקר אויז | פעטשירן אין אלי לאנד.
וואקר אויז שרייבן אונ׳ אויז רופֿן.
דאש מן זאל דען קיניג אייני וואקרי יונגפֿרויא אויז זוכֿין.

108 ה״ב במקור שרייבר

פֿיל שענר אונ׳ בעשר אלז ואשתי וואר.
פֿון אידל גישלעכֿט זאל זיא זיין גאנץ אונ׳ גאר.
ווערט זיא אין זיין עבן.
דיא קרון פֿון זיין הייפט ווערט ער איר טון געבן.
ווערט זיא אים גיפֿאלן.
גיאכֿפרט זאל זיא זיין אונטר דיא העריין אלן :

אומר המן

אליר אידלר הוך גיבארנר קיניג איירי ריד האב איך פֿר נומן.
אונ׳ וויל שון גיהארשמליך נאך קומן.
אונ׳ מיט ערלויבניס מיינש גינעדיגן קיניגש וויל איך גאן.
דער אלמעכטיגי גאט זאל מיר בייא שטאן.
אונ׳ וויל אים איין וואקרי יונגפֿרויא אויז זוכֿן.
דיא אים זאל ניט שעלטן נאך פֿלוכֿן :

אומר מרדכי

גיט מרדכי ארויז אונ׳ ווידר אריין. אונ׳ זאגט
אלר הוך אידל גיבארנר קיניג.
אין איירן דינשטן בין איך גיוועזן גאר פֿלייסיג אונ׳ אונטר טעניג.
דען איך בין גילויפֿן טאג אונ׳ נאכֿט.
אונ׳ האב מיין גינעדיגשטן קיניג איין יונגפֿרויא גימאכֿט זאל איך זאגן גיאכֿט.
מיט דעם ערשטן נאמן הייסט זיא אסתר.
זיא וויל ניט זאגן ווער איז איר ברודר אדר שוועשטר.
מיט דען אנדרין נאמן היישט זיא הדסה. אז איין הדס טוט זיא שמעקן.
פֿאר קיין פֿרעמדן מאן טוט זיא זיך אויף דעקן.
אבר פֿאר מיין גינעדיגשטן קיניג ווערט זיא זיך וואל אויף דעקן.
אבר מיר הער המן פֿיל בעשר שמעקן :

בא מרדכי אונ׳ זאגט

איך וועלט אך גערן איין ביסל דראן לעקן. זאל איך זאגן שמעקן. פריאה פריאה. זעקס אונ׳ ניינציג פריעותֿ. אונ׳ טריאותֿ. אונ׳ שניאותֿ. איבר דען שוסטר. איבר דען שניידר. איבר דען צימר מאן. איבר דען אובן גאבלר. איבר דען קאכֿין שמיד. ער האט מיר דאש לאך פֿון דער מייד צו קליין גימאכֿט. זאל איך זאגן פֿון דער טיר. וויא זאל איך אריין גאן. דען אין דער גמרה שטיט. זאל איך זאגן אין דער הפירה איין טיר. וואש ניט צעהן פעטהיז הוך איז. איז זיא פסל. במילה לאם מיר נעמין. איין מיידלין אדר איין ווייבליין. אונ לאה מיר בודג זיין. איין פֿעטיך צווייא דרייא פֿיר פֿינף זעקס זיבן. במילה. גיט נאך אייך פֿעטיך אב. נון וויא זאל איך אריין גאן.

דרום אויך התך איין דער אונ׳ איין זאך.
שבת צו וואך.
צו לון ווער איך דיר איין פיגר פערט קאך.
אונ׳ העלף מיר אויז דען לאך.
נון וויא זאל איך אריין גין :

אמר התך
אלטר נר דא רום :

אמר מרדכי
דא רום. איז מיר שמאק צו ברייט : |

אמר התך עמ׳ 206
אום ארום :

אמר מרדכי
אובן ארום שטיט איין מענדליין.
אונ׳ האט איין פאנים וויא איין אום גיקערט הענדליין.
אונ׳ האט איין פר שיכֿלה אן.
נון וויא זאל איך אריין גאן :

אמר התך
נאך דען שפראך :

אמר מרדכי
נאך דען שטאך.
דר אונ׳ קוואר אונ׳ דאך :

(נעמט התך מרדכי אונ׳ שלעפט אין אריין :)

אמר מרדכי
חַ חַ חַ פוירת משה איך האב מיין טאג גיהערט זאגן. בעשר וואל גיפֿאלן אז איבל גיגאנגן. מאחר אז גאט האט געבן. דאש איך בין אריין גיפֿאלן. האב איך דר שפארט אריין צו גין. גוט קליין פורים. גוט גרוש פורים לשנה טובה שטינקדיגה ביצים. דען מלך זאלן גישוועלן זייני ביצים. רבותי לעבן. ווייל אזוי פֿיל ליכֿט הינן זיינן. מיר תמי׳ וואונט הינן דער מלך :

⟨אמר מרדכי⟩
טוא איין מצוה כרקה.
אונ׳ קוש מיר דיא תחת בקה.
אונ׳ ווייז מיר וואו וואונט דער מלך :

175 ה״ב במקור שרייבר

אמר שרייבר
אונטר דען אובן :

אמר מרדכי
חחח וויא איין מלך איז דאש. וואונט הינטר דען אובן אונ׳ האט קין פֿאל.
אזו מוז דאש ניט דער מלך זיין. התך דער אונ׳ קוואר אונ׳ זאך.
אונ׳ טוא איין מצוה סרקה.
אונ׳ קוש מיר מיין תחת בקה.
אונ׳ וייז מיר וואו וואונט דער מלך :

(וייזט התך אויף המן :)

אמר מרדכי
דוא בישט איין מלך וויא איין פוילישר מדיצטריך אן פלודירן מדיצטריך קנאבלך שמע מיניה גיבראטנש ווען דער דא דער מלך איז. במילה. מוז דאך גידרונגן זיין דאש דער דא זיצט איז איין קנעכֿט. אונ דער מלך שטיט. נוא היינט איז איין קושה ווארום זיצט דער קנעכֿט. אונ׳ דער מלך שטיט. אזו מוז דאש ניט ד׳ער מלך זיין :

אמר התך
אלטר נר איך גלויב פֿר דייני אויגן שוישטו ניקש. שוישטו ניט דאז דאש דער קיניג איז. ער האט דאך איין קרון אויף : |

עמ׳ 207 אמר מרדכי
דוא בישט דער מלך איך העט דיך איאר אן גיזעהן פֿאר איין וואמפין וואשר.
פֿאר איין שטריק טרעגר.
פֿאר איין מוישב פֿעגר.
פֿאר איין הונט שלאגר.
פֿאר איין קאצין יעגר.
מאחר דאש דוא יוא דער מלך בישט.
האלט מיר דען שטעקן.
איין מארש זאלשט מיך לעקן.
אונ׳ ציא מיר אויז דיא שוך.
אונ׳ לעק מיך.
אך מוז גידרונגן זיין. דאש דוא יוא דער בישט ווארום איין אנדר האט דיא קרון אויף. אונ׳ דאש בענקל אונטר דיא פֿיס. אונ׳ דוא האשט דאש בענקל אובן. אונ׳ דיא קרון אונטן. אדוני מלך איך בין איין שלומפר. ווילשטו מיר ניט גלויבן.

185 שמע מיניה] במקור ש״מ

שמעק מיר צו שדכֿין. אדוני מלך איך בין אין איין וואלד גיזעסן. אונ׳ האב אייער גיפליצט האב איך גיהערט אויז שרייאן אונ׳ אויז רופֿן.
מן זאל דיר איין שינה וואקרי יונגפֿרויא אויז זוכֿן.
אזו בין איך גילאפֿן טאג אונ׳ נאכֿט.
אונ׳ האב דיר איין שינה גימאכֿט.
זאל איך זאגן גיאכֿט.
שניץ איין מול איין וועלגר האלץ.
איין מיילה.
וויא איין זיילה.
איין נעזיל.
וויא איין טויט העזל.
איין שטערין.
וויא איין תחת פֿון איין בערין.
איין פאר שינה ארין.
אז וויא דיא מארן.
איין פאר ציצין.
אז וויא דיא שפיצין.
איין נעפלי.
אז וויא איין נאדל קעפלי.
ויש אומרים אז וויא איין גרושן לאב ברוט.
ויש אומרים אז וויא איין פֿר דארטי קוועטשקה :

דר נאך אדוני מלך איין עולם הפוך איז בייא איר. איין אנדרי מייד האט רוטי באקן אונ׳ שווארצי אויגן. אונ׳ זיא האט רוטי אויגן אונ׳ שווארצי באקן. וואש איין אנדרי האט אונטן האט זיא אובן. אונ׳ וואש איין אנדרי האט אובן האט זיא אונטן. המן זייא היך מיקה אונ׳ קוש זיא אונטן. אדוני מלך ווערשטו מיר שדכנוּת געבן. וויל איך דיר איין דרשה שענק שענקן. ווארום פֿרעגשט דוא ניט וואש :

⟨אמר המלך⟩

וואש דען אלטר נר :

אמר מרדכי

איך ווער דיר שענקן.
אז דוא ווערשט יאר צו יאר קרענקן.
דר היים האב איך דרייא אלטי גראחיזלך.
אונ׳ דרייא אלטי פֿר לענגי חאלגיזלך.

222, 223 ויש אומרים] במקור וי״א
231 ה״ב אמר מרדכי] במקור א״מ

אונטר דען אלטן אייזן ארום קוגלין. ווער איך דיר שענקן. צו לון זאלשט דוא
מיך בעטן אויף דער מילה. פֿר דער חתנה. אדוני מלך איך וויל דיר איין סאד
איין רוימן. דיא מלכה האט זיך גיטוקט אונ׳ האט זיך בטאן.
דוא ווערשט ניט קענן גרייפֿן דראן :

אומר המלך
המן אונ׳ מרדכי גיהטש אין מייני לענדר אריין.
גיהטש אין מייני לענדר שפאצירן.
אונ׳ ברענגט מיר דיא יונגפֿרויא אריין צו פֿירן :

אמר מרדכי
רייטן אדר פֿארן :

אמר מלך
פֿארין :

אמר מרדכי
גראד רייטן אויף דער פאשט אסתר פישרין גיא אריין.
דוא ווערשט מלכֿה בעט פישרן זיין :

(זינגט מן דיא מלכה אריין : ⟨)⟩
איין ריין איין ריין.
אלר אידל הוך גיבארנה קיניגין מיין.
אין דר גאנצי וועלט ווערט איר גלייכֿן ניט גיזיין.
אליר אידל הוך גיבארנה קיניגין טרעט זיא ריין.
מיר האבן היר מעד אונ׳ ווייז.
מעד אונ׳ ווייז הינר אונ׳ פֿיש.
שטיט אלש אויף דען גינעדיגשטן קיניג זיין טיש : פ׳

(בלייבט שטין דיא מלכה בייא דער טיר) |

עמ׳ 208 אומר ⟨!⟩ המלכה למלך
אליר אידל הוך גיבארנר קיניג איך בין דאך דיא עהר ניט ווערט.
דאש מיך דער גינעדיגי קיניג פֿאר אייני קיניגין ביגערט.
דען דער אידל הוך גיבארנר קיניג איז דאך פֿון אידל גישלעכֿט.
איין ארמי וואז צו נעמן איז דאך אויך ניט רעכֿט.
דרום בלייבט דער אידל הוך גיבארנר קיניג בייא זיינר ערין.
אונ׳ זאל מיך פֿאר איין קיניגין ניט ביגערן :

אומר מלך למלכה
איז דאש דיא יונגי פֿרויא פֿון מאס אונ׳ צארט.
פֿר וואר דיא יונגפֿר איז מיר עבן.

די קרון פֿון מיינם הייב⟨ט⟩ וויל איך איר טון געבן.
דרום זאל זיא זיך ניט לאנג אום זעהן.
אונ׳ זאל זיך צו מיר הער גינעהן :

(בזינגן זיא דיא מלכה אריין)

זיא טרעט אריין זיא טרעט אריין.
אליר אידלה הוך גיבארנה קיניגין מיין : פ׳
אין דער גאנצי וועלט ווערט איר גלייכֿן ניט גיזיין.
איר זאסט אייך איר זאסט אייך.
אליר אידל הוך גיבארני קיניגין רייך.
אין דער גאנצי וועלט פֿינד מן ניט איר גלייך : פ׳

אומר המלך לשרייבר

שרייבר נעם דיא קרון פֿון מיינם הייפט.
אונ׳ זעץ זיא אויף אסתר מיין ליבש ווייב.
אונ׳ טוטש לובן צו גאט.
דער הימל אונ׳ ערד ערשאפֿן האט :

דא זינגן אלי בדינטן

מיר וועלן זיא ביקרינן.
דער אלמעכֿטיגי גאט זאל זיא בשינן.
בשינן זאל זיא דער אלמעכֿטיגי גאט.
דער הימל אונ׳ ערד בישאפֿן האט : פ׳

אומר המלך להמן

המן דאש שענק איך דיר.
דאש זיך איין אידר מאן זאל נייגן אונ׳ בוקן צו דיר.
אונ׳ ווער זיך ניט ווערט נייגן אונ׳ בוקן.
זאל מן איין שלאגן זיינן שעלמישן רוקן.
גלייך ער וואלט דען קיניג זייני ריד פֿר צוקן :

⟨אומר המלך למרדכי⟩

מרדכי מרדכי דאש שענק איך דיר.
דו זאלשט זיצן אונטר מיין טאר אונ׳ טיר.
אונ׳ זאלשט פסקין איסר בהיתור.
אין דיא גמרא פֿון זעקס אונ׳ ניינציג⟨!⟩ בלעטר :

261 במקור הייב

אומר מרדכי
איין גרוש גישטאנק. אונ׳ איין קיצר. אונ׳ איין קארצן רוח.
אונ׳ איין גישטאכֿרטן לייב אונ׳ לעבן. אונ׳ איין צוריסנן מוח.
דער גנבֿ. זעקס אונ׳ ניינציג אונטר טירלך האב איך פֿאר היין.
שענקט ער מיר נאך איינש דער צו. ווערשט אמאל ווען רויז גיין.
מושט דוא איין גרושן מיכֿש דר פֿון געבן.
אז דוא זאלשט ניט לאנג לעבן: |

אומר המן לשרייבר עמ׳ 209
שרייבר דא האשט דוא דאש זיגל פעטשיר פֿון קיניג זיינר האנד.
וואקר אויז פעטשירן אין אלי לאנד.
וואקר אויז שרייאן אונ׳ אויז רופֿן טאן.
דאש זיך קיגן מיר הער המן זאל בוקן אידר מאן.
דער זיך ווערט ניט טאן קיגן מיר נייגן אונ׳ בוקן.
דען זאל מן איין שלאגן זיין שעלמישן רוקן.
אונ׳ ווער גלייך דאש ער זאלט דעם גינעדיגשטן קיניג זייני ריד פֿר צוקן:

אומר שרייבר
פֿריד צו אייך איר הערין גראבֿין אונ׳ פֿערשטן פארס ומדיי׳.
עש זייא איין קריסט אדר יהודי׳.
דא האב איך דאש זיגל פעטשיר פֿון קיניג זיינר האנד.
אויז צו פעטשירן אין אלי לאנד.
וואקר אויז שרייאן אונ׳ אויז רופֿן טאן.
דאש זיך קיגן הער המן זאל בוקן אידר מאן.
ווער זיך ניט ווערט קיגן הער המן נייגן אונ׳ בוקן.
זאל מן איין שלאגן זיינן שעלמישן רוקן.
אונ׳ ווער גלייך דאש מן טעט דעם גינעדיגשטן קיניג זייני ריד פֿר צוקן:

אומר המן
בוקט אייך איר הערין:

(אזו בוקטן זיא זיך אלי מיט אננדר:)

אומר המן לשרייבר
וואו וואנט דער יוד מרדכי:

(אומר שרייבר להמן)
דער יוד מרדכי וואנט אונטר דעם טאר:

אלז גיט המן אונטר דעם טאר. אונ׳ שרייט
מרדכי בוק דיך:

טוט מרדכי איין שנארך

אומר המן נאך איין מאל

אלטר נר בוק דיך :

אומר מרדכי להמן

דער גנבֿ וועקט מיך אויז דעם שלאף אויף. עש האט מיך איין הוימל גיהוימלט.

וואש ווילשטו גנבֿ :

אומר המן למרדכי

בוקן זאלשט דוא דיך דוא אלטר נר :

אומר מרדכי להמן

בוקן זאל איך מיך. יוא בוקן. ניט בוקן.

אין מארש זאלשטו מיר קוקן : |

עמ׳ 210 אומר המן למרדכי

פֿארט בוק דיך דוא אלטר נר :

אומר מרדכי להמן

בוקן זאל איך מיך. עש האט מיך היינט איין הוימל גיחומלט :

אומר המן

וואש דען אלטר נר :

אומר מרדכי

עש האט מיך גיחומלט. איך בין איין היים קומן. איז מיר איין קוא פֿון פֿעלד אהיים קומן. אונ׳ האט ביטראסטה שטענצליך גיהט. אונ׳ מיט דעם לינקן פֿוס אשמנה ⟨!⟩ גיקלאפט. אונ׳ מיט דעם רעכֿטן פֿוס אל חטא. אונ׳ מיט דעם שוואנץ האט זי לולב גשאקלט. אונ׳ מיט דען תחת האט זי שופֿר גיבלאזן. אונ׳ דר נאך האט מיך גיחומלט פֿון איין רייס וויא איך ווער גיוונדרט פֿון קאפיחף אויף איגיחוף. אונ׳ פֿון אגיחוף אויף מילחוף. דארטן האב איך מיך זאט אן געשין. דער נאך בין איך גיוואנדרט אויף ציטרש דארף. דארטן האב איך אן גיטראפֿן צווייא בערגלך. איינש אונ׳ איינש. אזו האב איך מיך מיט זי מפֿאניג⟨!⟩ גיוועזן. אונ׳ הב זיא בלד אב גיביסן. זאל איך זאגן אב גריסן. דר נאך בין איך ווייטר גיוואנדרט. בין איך קומן אויף נאפיל דארף. האב איך יאר צייט גיהאט. אונ׳ האב מיט דעם רבֿ. אונ׳ מיט דעם חזן. אונ׳ מיט דעם שמש בדוחק קענן מ⟨נ⟩ין צו זאמן קלויבן. אונ׳ דר נאך איז קומן דר רבֿ אן ערבֿ שבתֿ. איז רום גאנגן מיט איין זאק. אונ׳ מיט איין פֿנטאפֿיל. אונ׳ האט איין איטליכֿם געבן לכבוד שבת. אונ׳ דער נאך בין איך גיקומן אויף מושה. בין איך אין איין זומפף אריין

332 במקור מ י ן

גיפֿאלן. האבן מיך בדוחק צווייא וועכֿטר קענן רויז ציעהן. ממילה האט מיך
אזו איין חוימל גיחומלט.
גנבֿ וויא זאל איך מיך צו דיר טון נייגן אונ׳ בוקן.
דוא האשט דאך איין צילם אויף דיינם רוקן.
אך איז דאש ניט רעכֿט.
דאש זיך דער הער זאל בוקן קיגן דעם קנעכֿט.
גנבֿ גידענקשטו ניט אין דיינר נוט.
וויא דו האשט מיר דיין לעבן פֿר קויפֿט אום איין שטיקל ברוט.
אונ׳ האשט מיר איין שער ⟨!⟩ מכירה טון געבן.
אונ׳ האשט מיר פֿר קויפֿט דיין איבֿיג לעבן.
איך וועלט דיר אין גערן וויזן.
ער שטעקט מיר אין אלטן טענדיל מארק אז וויא איין אייזן.
ווילשטו מוחל זיין.
אונ׳ קריך אריין.
אונ׳ טוא דיך אביסל במיאן.
אונ׳ טוא אין מיט דייני שניי׳ ווייסה הענדליך ארויז ציהן.
אונ׳ שפיל דער מיט אז וויא איין קאץ מיט דער מויז.
אבר דיין צייט גנבֿ ווערט באלד זיין אויז :

אומר המן למרדכי
מרדכי דוא יודשר הונט.
שליס צו דיין בליץ גארשטיג מונד.
אונ׳ דא שווער איך דיר איין אייד.
פֿר וואר עש זאל דיר ווערדן לייד.
אונ׳ אויך ווען איך וואלט ווישן דעם גינעדיגשטן קיניג צעהן צוואנציג
דרייסיג טויזנט צענטנר זילבר אונ׳ גאלד צו געבן.
אונ׳ אב צו קויפֿן דיין לעבן.
אונ׳ ניט דיין לעבן אליין.
נייארט אום דיא גאנצי יודיש גימיין :

אומר המן
אונ׳ דא גיא איך : |

עמ׳ 211 אומר מרדכי
גנב גיא אין גאטש נאמן.
אז דוא זאלט פֿר קרומן אונ׳ פֿר לאמן.
אונ׳ מן זאל מיר זאגן מן האט דיך דר שלאגן.
האב איך דער היים איין פֿאר שיקסלך.

אזו וויל איך דיר לאזן קדיש נאך זאגן.
מלך גלויב אים ניקש.
ער זאגט אלש דיא יהודים צו להאכיש.
אויף אים זאל קומן דאש גידכיש :

אומר המן מסירה למלך
אליר אידל הוך גיבארנר קיניג אונ' הער.
אייאר קיניגרייך זאל אייך גיווערן איביק אונ' אימר אונ' מער.
אונ' הערט מיר צו מייני ריד אונ' מייני זאג.
וואש איר ווערט ניט האבן גיהערט אייאר לעבן טאג.
איין קלייני זאך וויל איך אייך טון זאגן.
איבר איי⟨ן⟩ דיביש פֿאלק וויל איך אייך טון קלאגן :

אומר המלך להמן
ווער זיין זיא :

אומר המן למלך
יודן מוישל בישניטנה בריסנה העברייאר האט איר אין איירי לענדר פֿר שפרייט.
אין אלי שעלמירייא. הורירייא. דיברייא זיין זיא גאר וואל ברייט.
צו פֿאר אויז דען שעלמישן יודן מרדכי. דער דא זיצט אונטר דעם טאר.
אן דעם זיין דיא שעלמשטיק גאנץ אונ' גאר.
דען איך הער המן בין גילאפֿן דיא גאנצי וועלט אויז אונ' איין.
אזו האט זיך קיגן מיר גיבוקט גרוש אונ' קליין.
אלש דען בין איך קומן אונטר אייאר טאר.
דא זיצט דער שעלמישר יוד מרדכי מיט לאנגי האר.
אלש דען האב איך גישריאן מרדכי בוק דיך.
אזו גיבט ער מיר צו אנטפֿר היי גנב אין מחר ⟨!⟩ קוק מיך.
אלזו האב איך אין ניט וואלן טון שלאגן.
אונ' קום צו דעם אליר הוך אידל גיבארנן קיניג קלאגן.
דרום הער מיר דער אידל הוך גיבארנר קיניג צו מייני ריד אונ' מייני זאג.
ער ווערט עש וואל ניט האבן גיהערט זיין לעבן טאג.
דיא פֿינקין אויף דיא יודן וויל איך איין געבן גאנץ אונ' גאר.
דאז זיא אים ניקש נוץ זיין איין גאנצש יאר.
ערשטליך וועז זיא דער אידל הוך גיבארנר קיניג טוט איין ארבייט אן ביטן.
שווערן זיא זיא מוזן איר' שבת היטן.

376 במקור איי
379 בראש השורה פעמיים אין; אולי צ"ל אונ' אין

ניט אליין זיא פֿייארן.
מיט קיין קריסטן וואלן זיא ניט הייארטן.
טוט זיך דער שעלמישר יוד מיט זייני צעהן גיבאט פֿר קניפֿן אונ׳ פֿר בינדן.
אונ׳ טון שויאן וואז זיא פֿון אונזרן גישלעכֿט איינש קענן פֿינדן.
דער צו טוט ער אין איין אייד שווערן.
אלז ווען ער מעכֿט זיין געלט ניט ביגערן.
דער צו שווערט ער בייא דען שעלמכֿיי׳.
ערשטליך איז עש לויטר ביטריגריי׳.
אונ׳ אויך ווען דיא שעלמישן יודן טון צו מארגנש פֿריא אויף שטאן.
דיא דערפֿן ניט פֿיר אילן ווייט צו גאן.
אונ׳ טון זיך וואשן אונ׳ צוואגן.
אונ׳ טון אויף איברייאש פֿאטר אונזר זאגן.
אונ׳ טון זיך אויף העמד אונ׳ אויף קאפף רימן בינדן.
אונ׳ זאגן דז דער גינעדיגר קיניג מיט הער המן זאלן פֿר בלינדן.
אונ׳ אויך ווען אירי ווייבר ליגן אין זעקס וואכֿן.
אזו דערפֿן אירי מענר ניט עשין וואש זיא קאכֿן.
גאנצי צוועלף וואכֿין דרף ער זיא ניט אן רירן.
עמ׳ 212 איך וויל פֿר שוויגן דז ער דרף | בייא איר ⟨ניט⟩ ליגן.
נאך דיא צוועלף וואכֿן לויפֿט זיא ביהענד אינש קאלטי וואשר אריין.
אונ׳ בישייסט אונ׳ בשמייסט אלי וואשר מאכֿט זיא און ריין.
איין בעשטיה הור שטוסט דיא אנדר אונטר דעם וואשר.
אונ׳ שרייאן היידרנייא שאלמיכֿיי׳ זיא איז כשר.
כשר אל התפֿילה.
מיין מאן האט איין גרושי מילה.
אונ׳ אויך ווען זיא אין היים גין איין קריסטן בקומן.
אזו טון זיא אויף אין ברומן.
אונ׳ טון עם איין וועג פֿיגן.
אונ׳ טון אין בטריגן.
אונ׳ שפרעכֿן היידרניי׳ שעלמכֿיי׳.
הנזלה יערגלה איך וויל דיר איין קרייצר פֿר ערין.
דוא זאלשט אבר מיין כפרה ווערן.
אונ׳ אויך ווען דיא שעלמישן יודן טון צעכֿן אונ׳ טרינקן.
אונ׳ קומט איין קריסט אונ׳ טוט דעם בעכֿר ווין אן רירן.
גאר באלד טון זיא דעם ווין ניט ביגערן.
אונ׳ שפרעכֿן היידרנייא שלמכֿייא פֿון דען בעכֿר וויין דערפֿן מיר ניקש גניסן.

413 נ י ט חסר במקור

אונ׳ טון אין אויף דיא ערד אויז גיסן.
אונ׳ אויך טון זיא זיך איין נייאן מאנהייט מאכֿין.
אונ׳ טון שפרינגן אונ׳ הופּפֿן אונ׳ לאכֿין.
אונ׳ שטעלן זיך אן דיא עק.
אונ׳ שפרינגן אז וויא דיא בעק.
דען ערשטן מאנהייט הייסן זיא אפּריל.
דא האבן זיא אירן פֿייאר טאג היישט אושטרין.
לויפּן זיא צו אלי ברין.
אונ׳ טון וואשר שעפּן.
אונ׳ טון זיא מיט ווייסה טיכֿר צו דעקן.
דא רויז מאכֿן זי אוישטר קוכֿין.
אונ׳ טון מיין גינעדיגשטן קיניג פֿר שעלטן אונ׳ פֿר פֿלוכֿן.
אונ׳ דען אנדרן מאנהייט הייסן זיא אויף איברייאש איר.
דא ווייזט דער הער דעם קנעכֿט דיא טיר.
אונ׳ שפּילן מיט זיא וויא דיא קאץ מיט דער מויז.
אונ׳ שפרעכֿן שערט אייך פֿארט אייר צייט איז אויז.
דען דריטן מאנהייט הייסן זיא מאייאז.
טון זיא זיך איין פֿייאר טאג אןברייטן.
דר מיט פֿר ברענגן זיא אירי צייטן.
דען זעלביגן פֿייאר טאג הייסן זיא שבועותֿ.
אונ׳ מאכֿן זיך מילכגה שמועותֿ.
אונ׳ אויך זיין זיא דיא זעלביגי פֿייאר טאג גינידרט וואַרדן פֿאר דען בערג סינה.
מיט איינר גרושי פרטייא.
זיא האבן אויך אנטפֿנגן פֿון גאט.
דיא טביל מאזיש אונ׳ דיא צעהן גיבאט.
דען פֿירטן מאנהייט הייסן זיא יוליס.
דא האבן זיא איין טרויאריגן טאג.
דא האבן אירי עלטרן גיהאט איין גרושי פלאג.
אונ׳ טון דרויף פֿאסטן.
אונ׳ זאגן אונזרי עלטרן האבן אויז גילערט דיא קאסטן.
דען פֿינפֿטן מאנהייט הייסן זיא אגוסטית.
דא האבן זיא דיא צו שטערינג ירושלם.
אונ׳ זעצן זיך איין אידר מאן פֿון יודן גישלעכֿט אויף דיא ערד.
אונ׳ איין אידווידרש קינד נעמט זיך אין דער האנד איין ביקס אדר איין שווערט.
אונ׳ גלייך אלש זיא וואלטן אין די שטרייט אניין גאן.
קיין קריסט קאן פֿר זיא בישטאן.

דען זעקסטן מאנהייט הייסן זיא זעפטמבר.
דא טון דיא שעלמישן יודן אויף דען הארן בלאזן.
גלייך אלז זיא וואלטן הערשן אונ׳ האזן יאגן.
אונ׳ זאגן דאש איז אונזר נייא יאר.
מיר וועלן דען קיניג אויז רייזן זייני האר.
אבר אין מיין ווילן זיין דיא יודן אים ניקש נוץ גאנץ אונ׳ גאר.
דען זיבנטן מאנהייט הייסן זיא אקטאבר.
דא האבן זיא אירן לאנגן טאג.
אונ׳ זאגן אויף מיין גינעדיגשטן קיניג זאל קומן איין גרושי פלאג.
אונ׳ טונן זיך אירן שטארב קיטל אן.
אונ׳ טונן אין שולן גאן.
אונ׳ זאגן דער אלמעכֿטיגי גאט טוט זיא אירי זינד פֿר געבן.
אונ׳ ווינשן זיך דז זיא מיין גינעדיגשטן קיניג זאלן ניט פֿינדן בייא זיינם לעבן.
אונ׳ דר נאך טון זיא לויבר היטן מאכֿן.
אונ׳ טון אלי דעכֿר איין ברעכֿן.
אונ׳ טון דא דרינן זיצן.
דז זיא פֿר קעלט אונ׳ רעגן ניט קענן שוויצן.
מיט למוניתֿ אונ׳ מיט אתרוגי טון זיא אין אירן שולן רום שטרייכֿן.
אונ׳ נימנט דערף אויז דער שולן וויכֿן.
צו גאט טון זיא טאנצן אונ׳ זינגן.
אונ׳ אין דער שולן טון זיא הופן אונ׳ שפרינגן.
אונ׳ דער נאך האבן זיא ווידר איין מאנהייט דעצעמבר.
דא טון זיא גאר פֿיל ליכֿט אן דער וואנט אן צינדן.
אונ׳ זאגן דער קיניג מיט הער המן זאלן פֿר בלינדן.
אונ׳ דר נאך האבן זיא איין מאנהייט הייסט יאנוארי.
דא האבן זיא איין גרוש פֿסט טאג.
אונ׳ זאגן אויף דען קיניג מיט הער המן זאל קומן איין גרושי פלאג.
אונ׳ אויך האבן זיא איין מאנהייט הייסט פֿעברוארי.
עמ׳ 213 דא האבן זיא | איין פֿייאר טאג הייסט שבט.
דא האבן דיא שעלמישן שטודענטן דען פֿופֿצעהנטן טאג איין גרושי פֿרייד.
אונ׳ זאגן אויף דען קיניג אונ׳ הער המן זאל קומן איין גרוש לייד.
אונ׳ דאש טרייבן זיא אן דאש גאנצי יאר.
אונ׳ זיין גינעדיגשטן קיניג ניקש נוץ אום איין האר.
אונ׳ אויך האבן זיא איין מאנהייט מרצי.
אויף איברייאש אדר.
דא איז איר רבינר מאזיש גישטארבן.
דא וועלן מיר זעהן דז מיר דיא שעלמישן יודן וועלן פֿר טרייבן אונ׳ פֿר דערבן.

דרום אויך ווען איך וועלט ווישן צעהן צוואנציג דרייסיג טויזנט צענטנר זילבר אונ׳ גאלד צו געבן.
אונ׳ אב צו קויפֿן דען שעלמישן יודן מרדכי זיין לעבן.
זיין לעבן ניט אליין.
זונדר דיא גאנצי שעלמישי יודן גמיין:

אומר מלך להמן

המן איך האב פֿר נומן דייני ריד אונ׳ דייני זאג.
פֿר וואר איך האבש ניט גיהערט מיין לעבנש טאג.
דיא צעהן צוואנציג דרייסיג טויזנט צענטנר זילבר וואש דוא ווילשט טון געבן מיר.
דיא שענק איך דיר.
אונ׳ מאך מיט דיא יודן אויז וואש דוא האשט פֿיר.
דא האשט דוא דאש זיגל פעטשיר פֿון מיינר האנד.
וואקר אויז שרייאן אין אלי לאנד.
וואקר אויז פעטשירן אונ׳ אויז שרייאן.
מיט פויקן אונ׳ שאלמייאן.
אונ׳ מיט טרומפיטן.
דז וואו מן איין יודן גפֿינד זאל מן אים טיטן.
צו ברענן צו בראטן אויף דער הייסן ערד.
אונ׳ איין אידרן אנידר צו שלאגן מיט דעם בלוסן שווערט.
דרייאצעהן טאג אין מרצי זאל עש זיי⟨ן⟩ בירייט.
וואו מן איין יודן גפֿינד זאל ער ווערן גטיט:

אומר המן לשרייבר

שרייבר דא האשט דוא דאש זיגל פעטשיר פֿון קיניג הער פֿאטר זיינר האנד.
וואקר אויז פעטשירן דורך אלי לאנד.
וואקר אויז רופֿן אונ׳ אויז שרייאן טאן.
דז פֿון יודן גשלעכֿט זאל ניט איבר בלייבן קיין וויב קינד נאך מאן.
דרייאצעהן טאג אין דיזן מאנהייט מערצי זאל עש ווערן בירייט.
וואו מן איין יודן גפֿינד זאל ער ווערן גיטיט:

אומר שרייבר

פֿריד צו אייך. איר הערין גראבֿין פֿירשטן פֿון פרוס ⟨!⟩ ומדיי׳.
עש מאג זיין איין קריסט אדר מוישל יהודיי׳.
דא לאשט דר קיניג אויז רופֿן אונ׳ אויז שרייאן.
מיט טרומפיטן. אונ׳ שאלמייאן.

521 במקור זיי

מיט שעלמייאן אונ׳ מיט טרומפיטן.
וואו מן איין יודן גפֿינד זאל מן אין טיטן.
צו ברענן אונ׳ צו בראטן אויף הייסר ערד.
אונ׳ זיא אום צו ברענגן מיט דען בלוסן שווערט.
דרייצעהן טאג אין מערצי זאל עש ווערן ברייט.
וואו מן איין יודן גפֿינד זאל ער ווערן גיטיט.
זיבן טאג אין מרצי זאל עש ווערן גישריבן.
וואו מן איין יודן גיפֿינד זאל מן אין ניט לאזן לעבן :

אומר המן למרדכי
מרדכי וויא שמעקט עש דיר :

אומר מרדכי
אז וויא אונ׳ ווינד אונ׳ אך צו דיר.
אוי וויא וויא איין צרה איז דא גישעהן.
אבות מיט ענק.
קישקוס בריצט ענק.
וואמפן שווענקטש ענק.
אונ׳ נעמטש המן צווישן ענק.
עמ׳ 214 אבות | אין דער מרות מכפילה טוט איר שלופֿן.
אין אזו איין גזירה טוטש ענק צו מיר ניט אן רופֿן.
יהושיע האט אונז גיפֿירט אין דאש לאנד.
אונ׳ איצונד לאזט ער אונז אין המן רשע זיינר האנד.
דרום אבֿרהם שינדר.
משה בלינדר.
שרה דיא וואמפן וואשרין. שטיהטש אויף בימהרה.
אונ׳ זייטש מבטל דיא גרושי גזירה :

אומר ⟨!⟩ המלכה להתוך
התוך דוא גיטרייאשטר דינר מיין.
גיא צו מיין פֿעטר מרדכי אין טאר אריין.
אונ׳ פֿראג אים ווארום דז ער טוט וויינן אונ׳ שרייאן אונ׳ ברומן.
וואש איך האב גיהערט אונ׳ פֿר נומן :

אמר התוך למרדכי
מרדכי דיא קיניגין לאזט אייך פֿראגן.
וואש דען בטייט אייער שרייאן אונ׳ וויינן אונ׳ קלאגן :

אומר מרדכי להתוך
אוי וויא אוי וויא וויא זאל איך ניט וויינן אונ׳ שרייאן אונ׳ ברומן.

ווען איין אזו איין צרה אויף כל ישראל איז קומן.
המן דער ביזי ווערכֿט.
האט זיך בייא דען קיניג אויז גירעכֿט.
דריישיג טויזנט צענטנר זילבר אונ׳ גאלד האט ער דען קיניג טון געבן.
אונ׳ האט אב גיקויפֿט מיי⟨ן⟩ לעבן.
ניט מיין לעבן אליין.
נייארט דיא גאנצי יודן גמיין:

אומר התוך למלכה

אליר גינעדיגשטי קיניגין דער יוד מרדכי לאזט אייך זאגן.
ווארום דז ער זאל ניט וויינן אונ׳ קלאגן.
ווארום ער זאל ניט שרייאן אונ׳ ברומן.
ווען אזו איין צרה אויף כל ישראל איז קומן.
המן דער ביזי ווערכֿט.
האט זיך בייא דען קיניג אויז גירעכֿט.
דרייסיג טויזנט צענטנר זילבר אונ׳ גאלד האט ער טון געבן.
אונ׳ האט אב קויפֿט דען יודן מרדכי זיין לעבן.
ניט זיין לעבן אליין.
נייארט דיא גאנצי יודן גמיין:

אומר המלכה להתוך

התוך דוא גיטרייאשטר דינר מיין.
גיא צו מיין פֿעטר מרדכי אין טאר אניין.
אונ׳ ברענג אים דאש קלייד.
אן צו קליידן אן זיינם לייב.
אונ׳ זאל אך איינש טאן.
אונ׳ זאל אין דער שטאט שושן גאן.
אונ׳ זאל איין זאמלן גרוש אונ׳ קליין.
אונ׳ זאל זיך נעמן דיא צעהן גיבאט אין דער שוס אניין.
אונ׳ זאל זיך זעצן אויף דער ערד.
פֿיל לייכֿט ווערט ער בישערמט פֿון המן זיין בלוזן שווערט:

אומר התוך למרדכי

מרדכי דא שיקט דיר דיא קיניגין דאש קלייד.
אן צו קליידן אן דיינם לייב.
אונ׳ זאלשט אך איינש טאן.
אונ׳ זאלשט אין דער שטאט שושן גאן.

567 במקור מיי

עמ׳ 215 און׳ זאלשט איין זאמלן גרוש | און׳ קליין.
און׳ זאלשט נעמן דיא צעהן גיבאט אין דער שוס אניין.
און׳ זאלשט זיך זעצן אויף דער ערד.
פֿיל לייכֿט ווערשטו בישערמט פֿון המן זיין בלוסן שווערט :

אומר מרדכי

איי׳ וואש זאל מיר דאש קלייד אן צו קליידן.
עש איז דאך קיין מאכניסים פֿר דיא מיידן.
דרום וויל איך ניט לאנג דרויזן שטאן.
און׳ וויל ליבר אויף קבר אבותֿ אניין גאן :

קומט מרדכי אניין

ברוך אתה.
ווען איין שין מיידל ווער דא.
וועלט איך זיא ביטן.
דז זיא מיך זאל לאזן ליגן אין דער מיטן.
און׳ ווען זיא ניט וויל.
אזו וויל איך שווייגן שטיל.
אשר קידשנה.
ווען עש גלייך ווער איין יונגי אלמנה.
וויל איך מאכֿן דריבר שהעכה יאנה.
אל המילה.
כשנכנותֿ לייב ריס.
גיא לשם זאכֿטיגה שידים.
איך וויל אייך איין ביסל סליחותֿ קלאפרין.
אל ערך עפיים אתה.
אז המן זאל ווערן פֿראטה.
פֿראטה זאל ער ווערין.
אויף עשין זאלין אים דיא ווערים.
דיא ווערים זאלן אים אויף עשין.
דז גאט זאל אן אים פֿר געשין.
פֿר געשן זאל אן אים גאט.
פֿריא און׳ שפאט.
שפאט און׳ פֿריא.
אז המן זאל צו ברעכֿן זייני קניא.
דיא קניא זאל ער צו ברעכֿן.
דאש הערץ זאל אים צו קרעכֿן.
צו קרעכֿן זאל אים דאש הערץ.

דז ער זאל ליידן גרושי שמערץ.
גרושי שמערץ זאל ער ליידן.
אויף דעם פֿלעקן זאל ער בלייבן.
בלייבן זאל ער אויף דעם פֿלעקן.
אז המן זאל מיך אין מארש לעקן:
הייא מעקלה יושב.
אז המן זיין קאפף זאל קומן אין מושב.
ויקרא.
אז המן זאל אויף פֿארן איין מיקרא.
איין מיקרא אובן איין מיקרא אונטן איין מיקרא אין דער מיטן.
אז המן זאל באלד דר שטיקן.
איל מאקל יושב.
המנש זיין קאפף אין מושב.
סלחנא.
קאשפר ווארה ויסאקא.
יעדזא חארמה דרוהא צלעפא.
אטשעטי׳ פראשיווא טול מאקלה יושב.
המן זיין קאפף זאל קומן אין מושב.
ויקרא.
אויף פֿארן זאל המן איין מיקרא.
איין מיקרא פֿון אובן איין מיקרא פֿון אונטן איין מיקרא אין דער מיטן.
אז המן זאל באלד דר שטיקן.
א פֿידל מלך איז דאש ניט איין לושט.
ווען מן איין שין מיידל גרייפֿט אן דער ברוסט.
וי״א דז איז אלש נאך ניקש.
ווען מן מיך ניט בייא איר אים בעט דר ווישט.
וי״א דש איז אך נאך ניקש.
ווען איך זיא גרייף ווען זיא האש גפישט.
טול מאקלה יושב.
המן זיין קאפף אין מושב.
המן גנבֿ מיר ווען איין ביסל זמירותֿ זינגן.
אז דוא זאלשט צו שפרינגן.
כל מקדש שביעי קיין דיעה לא.
כל שומר שבתֿ כדת מחללו:
ל״פ ל״פ ל״פ שכרו הרבה מאוד אל פי פאלו:
ל״פ ל״פ ל״פ איש על מכנהו.
איש אל דיגלא.

קודש היא לכם.
אן שבת איז זיא איין מלכה.
על טאך באטיכם.
אן שביתה צו נאכֿט פֿר אכֿט ער דיא מלכה.
בניכם אויף דיא בנותיכם.
דער עבד אויף דער שיפכה.
יום זה מכובד מכל שטעף הונט.
מאטלי נאשרין האט מיר דעם אויבן געפֿינט.
נעם איך זיא אן בייא דיא צעפה.
אונ׳ ווערף זיא אריין אינש בעטה.
אונ׳ האב זיא צו גדעקט.
אונ׳ עש האט מיר וואול גישמעקט.
יונה פֿון פישלוויץ. האט איין זק מיט פלוימן.
המן שטעק מיר דיא צונג אין מארש אריין אונ׳ לעק מיר דען דוימן.
מיר וואלן איין ביסל קינים זינגן. קינם אאירא.
המן קלויב דיר זיא איין רא.
בצאתי במצרים.
אז המן זאל קריגן דאש חוילה מים.
אונ׳ זאל זיך בזיבלן אין דיא פאטשקיי׳.
אונ׳ זאלש אויף אכֿלין מיט זייני שניים.
בין איך אויף לייפסיג איין מאל גפֿארן.
איז מיר איין צארכי מילה אב גיפֿארן.
בין איך ווידר היים | קומן. עמ׳ 216
איז מיר מייני קוא אנטקיגן קומן.
אונ׳ האט מיר שלום לעקמך געבן.
מיט דען הינדרשטן פֿוס אונ׳ מיט דען פֿעדרשטן פֿוס האט זיא אשמנה גיקלאפט.
אונ׳ מיט דען שוואנץ האט זיא לולב גשיטלט.
אונ׳ מיט דען תחת האט זיא שופר גיבלאזן.
אונ׳ האט אך הושענא גימאכֿט.
אונ׳ דר נאך האט מן מיר סודות פורים מיט מילכֿגה פֿלייש קראפין גימאכֿט.
אונ׳ איין פֿליישגה פוטר מילך זופ.
אונ׳ האבֿ דרויף גיברייט דען טאלין פֿון אורשפֿיץ.
אונ׳ גראסל פֿון פושלוויץ:

(איצונד גיט דיא מלכה צו דען מלך)

אומר המלך למלכה
**אסתר** מיין ליבש ווייב.

דוא בישט דאך דאש הערץ אויש מיינם לייב.
זאג דוא מיר איין הער.
וואש איז דיין ביגער.
גאר פֿלייסיג אונ׳ גאר גערין.
וויל איך דייני ריד צו הערן.
נייארט צו בויאן דען טעמפיל מיט דרייא טארן.
דאש האב איך פֿאר לאנגי יארן פֿר שווארן:

אומר ⟨!⟩ המלכה למלך

אליר גינעדיגשטר קיניג זייא ווישן דיזי ביט וואש איך פֿר לאנג אן דיר.
דאז המן זאל קומן אויף דער מאל צייט צו מיר:

אומר מלך למלכה

אסתר דיזי ביט וויל איך דיר גיווערן.
דאז דוא זאלשט המן צו דער מאל צייט ביגערן:

שרייט המן אונ׳ דער שרייבר

הייא מאל צייט פֿון דער מאל צייט אויף דער האכֿצייט. אונ׳ פֿון דער האכֿצייט צו דעם גינעדיגשטן קיניג. אויף איין קינדל ברוט:

אומר מלך לשרייבר

שרייבר זיך דוא מיר אין דיא קראניקה איין.
ווארום דז איך היינט ניט קאן שלאפֿן איין:

⟨אומר שרייבר⟩

אלר גנעדיגשטר קיניג אין דער קראניקה שטיט גישריבן.
וויא זיך צווייא הערין האבן ביראטן.
אונ׳ האבן מיין גנעדיגשטן קיניג וואלן טיטן.
אלש דען דער יוד מרדכי דער זיצט אונטר איירן טאר.
דער האט פֿר שטנדן דיא שפראך פֿון דיא הערין גאנץ אונ׳ גאר.
אלז דען וייל דער יוד מרדכי דיא שפראך האט פֿר שטאנדן.
אלש דען זיין דיא צווייא הערן ווארן גיהאנגן:

(איצונד גיט המן רויז אונ׳ קלאפט אן:)

אומר מלך לשרייבר

שרייבר ווער גיוואר ווער איז דער מאן.
דער אזו פֿריא קלאפט אן: |

710 ה״ב עד 711: הקטע הזה בא בדפוס ברציפות עם הקטע שלפני־כן וייתכן שמשהו משובש כאן והדברים צריכים להיאמר על־ידי מרדכי

אומר שרייבר
ווער איז דער מאן.
דער אזו פֿריא קלאפּט אן : |

עמ׳ 217 אומר המן
איך הער המן בין דער מאן.
דער אזו פֿריא קלאפּט אן : |
איין בייא צייטונג טוא איך ברענגן.
דען יודן מרדכי צו הענגן.
איין גאלגן האב איך גיבויאט.
אויף דען יודן מרדכי זייני הויט :

אמר מלך לשרייבר
וזען המן איז דער מאן.
זאל ער ניט לאנג דרויז⟨ן⟩ שטאן.
אונ׳ זאל גישווינד אריין גאן :

אמר שרייבר
וזען המן איז דער מאן.
אזו זאל ער ניט לאנג דרויזן שטאן.
אונ׳ זאל גישווינד אריין גאן :

אומר מלך להמן
המן וואש איז דער מאן ווערט.
דער האט דען קיניג דער האלטן בייא זיינם לעבן אונ׳ בייא זיינר עהר :

אומר המן
דער מאן איז ווערט.
דער דא דען קיניג זיין לעבן האט ביוועהרט.
צו זעצן אויף דעם קיניג זיין בעשטיש פערט.
אונ׳ אן צו קליידן זיין קלייד אונ׳ זיין קרון.
דאש זאל ער האבן פֿאר זיינם לון :

אומר מלך להמן
המן נעם דאש קלייד אונ׳ דיא קרון.
אונ׳ גיבש דעם יודן מרדכי פֿר זיינם לון.
אונ׳ וייל ער האט טון פֿון דיר ביגערן.
אזו זאלשטו אים טון פוצן אונ׳ שערן : פ׳ פ׳ פ׳

732 במקור דרויז

אומר המן

**א**ליר גינעדיגשטר קיניג עש זיין פֿיל יודן מרדכי אין איירן לאנד פֿר שפרייט.
איך ווייש ניט וועלכֿן איך זאל ערין היינט :

אומר מלך להמן

דען יודן מרדכי דר דא זיצט אונטר מיינם טאר.
דען זאלשטו ערין גאנץ אונ׳ גאר :

אומר המן

**א**ליר גינעדיגשטר קיניג דער יוד מרדכי איז דאך מיין פֿיינד.
וויא זאל איך אים ערין היינט : |

עמ׳ 218 אומר מלך להמן

המן לאז דיר ניט לאנג זאגן.
אדר איך לאז דיר דען קאפף ארונטר שלאגן :

אומר המן למרדכי

**א**ך מרדו לא חייא.
היידרנייא שעלמכֿייא.
וואל צו מיר.
אונ׳ ווינד אונ׳ ווייא אונ׳ אך צו דיר.
דאש דוא האשט דר לעבט אזו איין רעכֿן שאפֿט אן מיר.
אל דייני שעפסני סליחותֿ. אונ׳ קעלברי יוצרותֿ האבן דיך גיהאלפֿן מין.
אז מין פרינץ המן מיט מייני דרייסיג טויזנט צענטנר זילבר אונ׳ גאלד
אונ׳ אידל גישטיין : פ׳ פ׳ פ׳

דרום שטיא דוא אויף פֿון דער באנק.
אונ׳ דאש דוא זאלשט ליגן פֿון איינם יאר צום אנדרן קראנק.
אונ׳ שטיא דוא אויף פֿון דעם טיש.
אונ׳ דאש דוא זאלשט ניט ווערן פֿריש.
אונ׳ שטיא דוא אויף פֿון דער ערד.
אונ׳ זעץ דיך אויף דעם קיניג זיין בעסטיש פערט.
אונ׳ איך וויל דיך טון ערין.
וויא מיין קיניג טוט אן מיר ביגערן : פ׳ פ׳ פ׳

אומר מרדכי

**א**וי ווייא וויא זאל איך אויף שטין.
איך קאן דאך אויף מייני העלפֿנט פֿיסלך ניט שטין.
דרום טוא איך פֿון דיר ביגערן.
דאש דוא מיך זאלשט פוצן אונ׳ שערן : פ׳ פ׳ פ׳

אומר המן

אלטר נר וויא זאל איך דיר פוצן :

אומר מרדכי

אויף קרעקיש.
אויף אונגריש.
אויף לעקטייביש עקין.
אז המן זאל מיך אין מארש לעקן :

אומר המן

אלטר נר זיך אויף :

אמר מרדכי

גנב דער איין ביסל.
איך וויל דיר איין פסיק זאגן.
וואש איז דאש איין פסיק איין טיינה.
אז דוא זאלשט צו שפרינגן אונ׳ צו קיינן :

(אזו פוצט המן מרדכי)

אמר המן

אליר גינעדיגשטר קיניג.
אין אייר דינשט בין איך גיוועזן גאר פֿלייסיג אונ׳ גאר דיניג.
אונ׳ האב איין טון ערין.
וויא מיין קיניג האט טון ביגערן :

אומר המלך

שרייבר עש טוט מיך וואש פֿר פֿירן.
גיא מיט מיר אין גארטן שפאצירן :

(דער וייל גיט המן אונ׳ ליגט זיך צו דער מלכה)

⟨אומר שרייבר⟩

אליר גינעדיגשטר קיניג טרעט צו ריק.
עש איז איין און גליק :

⟨אומר מלך⟩

וואש דען : |

עמ׳ 219 ⟨אומר שרייבר⟩

המן האט וועלן בייא דער קיניגין שלאפֿן :

791 ה״ב, 794 ה״ב ההשלמות על־פי משמעות הטקסט ; במקור באים הדברים ברציפות

⟨אומר מלך⟩
אום זיין לעבן וועלן מיר אים אב שטראפֿן : פ׳ פ׳ פ׳

⟨אומר המן⟩
אונ׳ ווען עש גיט אום מיר.
אלז דען וויל איך לויפֿן צו דער טיר :

אמר שרייבר
הלט גנבֿ :

אמר שרייבר למלך
מיר וועלן אייך זאגן.
מיר וועלן אייך זאגן.
איין בעקן ברוט.
מיר האבן גיפֿאנגן איין מאן. דער איז שולדיג דען טוט.
בייא דער קיניגין פֿרויא מוטר האט ער וועלן שלאפֿן.
אום זיין לעבן וועלן מיר אים טון שטראפֿן : פ׳ פ׳ פ׳

אמר המן
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא. וויא האב איך מיך אויף מיינם גנעדיגשטן קיניג זיין מאל צייט טון פראנגן אונ׳ פרעקן.
איך האב פֿר מיינט דאש דיא מאל צייט ווערט מיר וואל שמעקן.
איצונד טוא איך מיך ביקרעקן.
אונ׳ מוז מיין שניא וויש העלזיליין אן דען גאלגן שטרעקן.
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא ווען דיזש פראנגן אונ׳ פרעקן ווער ניט גיוועזן.
אלז דען ווער איך הער המן פֿון דען טוט ווארן גינעזן : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אך זאל זיך פֿון מיר הער המן איין עקסעמפל נעמן איין איטווידר מאן.
דאש קיין גוי זאל מיט קיין יוד מוישל פֿאנגן אן.
אונ׳ ווען איך הער המן העט מיט דען יודן מוישל אן גיפֿאנגן.
ווער איך הער המן אן דער גאלגן ווארן גיהאנגן : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך זאל זיך דער מענש זיינש געלט אונ׳ גוט ניט איבר נעמן.
מיר קענן ניט ווישן ווען מיר פֿון דער זינדיגה וועלט מוזן אב קומן.
אלז וויא איך הער המן האב פֿיל געלט גיזאמליט איין.
אונ׳ איצונד האב לײדר גאט דר בארים גימוזט איין פוצר אונ׳ שערר זיין : פ׳ פ׳
דרום אך איר הערין גראבֿין אונ׳ פֿערשטן שויט אויף וויא איין זך קאן גיזיין.
אלז איינר גראבט איין גרוב אויף זיין פֿיינט אונ׳ פֿאלט לעצליך זעלבר דריין.
אלז וויא איך הער המן האב אויף דעם יודן מרדכי איין גאלגן בויאן טאן.
אונ׳ איצונד מוז איך הער המן לײדר גאט דר בארים זעלבר דראן : פ׳ פ׳ פ׳

דרום אויך איר הערן פֿירשטן אונ׳ גראבֿין ווען דאש עש שון אב צו שיידן
גיט פֿון דר זינדיגה וועלט.
אלז דען וויל איך ביקענן וואש פֿר שעלמישטיק איך האב אן גישטעלט.
אונ׳ צו ביקענן זייני זינד איז קיין נרהייט.
אז וויא דער קיניג יחזקיהו האט גיפראפֿיצייט.
דער קיניג יחזקי׳ וואר איין קיניג גינאנט.
ער לאג אויף זיינם שנייא ווייסן בעט צו טוט קראנק.
אלז ער אבר דען אלמעכֿטיגן גאט האט טאן אן רופֿן.
אלזו באלד האט ער אים טון העלפֿן : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך איר הערין גראבֿן אונ׳ פֿערשטן האבט איר ניט גהערט פֿון
דען קיניג פרעה שרייבן אונ׳ לעזן.
וויא ער האט מיט דיא ארמי יודן גיהאט איין ביזש וועזן.
דיא ארמי יודן האט ער אן גיטאן גרושי שמערצן אונ׳ פיין.
אונ׳ דיא קלייני קינדר האט ער גיווארפֿן אין דאש מער אניין : פ׳ פ׳ פ׳
אבר אלז דער אלמעכֿטיגי גאט האט זיא איר גיבעט טון דער הערן.
וויא גאר באלד ער דען קיניג פרעה זיין לעבן האט טון פֿר שטערין.
מאזיש אונ׳ אהרן וורן צום קיניג פרעה גיקומן ביהנד.
זיא שפראכֿן דוא זאלשט דיא יודן לאזן גין אויז דיינם לאנד.
דער קיניג פרעה שפראך וואש איז דאש פֿר איין גאט טוט מיר אין אהער נענן.
איך האב אין מיין טאג נאך ניט טון קענן : פ׳ פ׳ פ׳
איך האב אין מייני ביכֿר גיזוכֿט איבראל.
איך האב אים אבר ניט גיפֿונדן צו מאל : פ׳ פ׳ פ׳
אבר אלז עש אין מיטר נאכֿט איז קומן.
האט מן דען קיניג פרעה פֿון זיין שטול אוועק גינומן.
ער היבט צו שרייאן אן.
דיא יודן זאלין אויז זיינם לאנד רויז גאן : פ׳ פ׳ פ׳
אבר אלזו באלד דיא יודן זיין אויז | זיינם לאנד גאנגן. עמ׳ 220
אלזו באלד הוב ער אן ווידר נאך זיא צו פֿר לאנגן : פ׳ פ׳ פ׳
ער טאט זיך נאך דיא יודן לענקן.
אבר דער אלמעכֿטיגי גאט טאט זיא דר טרענקן : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך איר הערין פֿירשטן אונ׳ גראבֿן האבט איר ניט גיהערט פֿון
דען פראפֿיט יונה זאגן.
וויא אויף אים דער אלמעכֿטיגי גאט האט גישיקט גרושי פלאגן.
אויף דען מער האט ער זיך ביגעבן.
אונ׳ האט פֿר מיינט צו ביהאלטן זיין לעבן : פ׳ פ׳ פ׳
ער האט ניט וואלן פֿאלגן גאט.
דרום ער אין אויך ניט גיהאלפֿן האט : פ׳ פ׳ פ׳

אבר אזו באלד דש ער איז אין דאש מער אריין גיקומן.
וויא גאר באלד הט אין איין פֿיש גאנץ אונ׳ גאר איין גישלונגן : פ׳
גרושי שמערצן אונ׳ ביטרי פיין האט ער מוזן ליידן.
ווייל דאש ער זיך פֿון גאטש גיבאט האט טון אב שיידן.
אבר אלזו באלד ער האט אן גירופֿן דען אלמעכֿטיגן גאט.
וויא גאר באלד ער אין גיהאלפֿן האט : פ׳ פ׳ פ׳
אויף דער ט⟨ר⟩יקנס טאט ער אים אויז שפייאן.
אבר איבל האט עש אים טון גירייאן.
דרום איר הערין גראבֿן אונ׳ פֿערשטן האבט איר ניט גיהערט פֿון דעם שימשן הגיבור שרייבן אונ׳ לעזן.
וויא ער איין שתֿארקר ⟨!⟩ העלד איז גיוועזן.
דאש טוט דאך איין אידרר מאן ווישן.
דאש ער האט איין ליב צו ריסן : פ׳ פ׳ פ׳
אבר אלזו באלד אלז ער זיך אן דער שלאפר מענדישר הור האט גיהאנגן.
וויא גאר איבל איז עש אים אויז גאנגן : פ׳ פ׳ פ׳
אירי פֿריינד האבן אין אויף גיפֿאנגן.
אונ׳ אויף איינם פֿעשטן בוים האבן זיא אים גיהאנגן : פ׳ פ׳ פ׳
אבר אלזו באלד אז ער האט אן גירופֿן דעם אלמעכֿטיגן גאט.
וויא גאר באלד ער אים גיהאלפֿן האט : פ׳ פ׳ פ׳
דער קיניג מנשה האט אלי אב געטר טון דינן.
אלי האט ער אן גירופֿן אונ׳ קיינר האט אים קענין העלפֿן.
אבר אזו באלד אז ער האט אן גירופֿן דען אלמעכֿטיגן גאט.
וויא גאר באלד ער אים גיהאלפֿן האט : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך שרייבר דו הערץ אליר ליבשטר ברודר מיין.
אונ׳ דיזי זאך אונ׳ דיזי ביט ווערשטו מיר ניט לאזן פֿאר ווערית זיין.
פֿר דעם קיניג הער פֿאטר ווערשט מיך טרעטן.
אונ׳ פֿר מיין שווער לעבן וויל א⟨י⟩ך טון ביטן : פ׳ פ׳ פ׳

אומר שרייבר להמן
אך המן דוא הערץ אליר ליבשטר המן הער ברודר מיין.
דיזי זאך אונ׳ דיזי ביט וויל איך דיר לאזן אום פֿר ווערט זיין.
פֿר דען קיניג וויל איך דיך לאזן טרעטן.
אונ׳ פֿר דיין לאזן שווער ביטר לעבן וויל איך דיך לאזן בעטן : פ׳ פ׳ פ׳

863 במקור ט י נ ק ס
869 במקור ג י ה א א נ ג ן
882 במקור א ו ך
886 דיך] במקור ד י י ן

אמר המן למ⟨ל⟩ך
אליר אידל הוך גיבארנר גינעדיגשטר קיניג מיין.
שויט דאך אויף מייני שמערצן אונ׳ פיין.
אונ׳ לאזט אייך דענקן איך בין איין וואלד פֿיגליין.
אונ׳ פֿליך אין איירן שלעסליין אויז אונ׳ איין : פ׳ פ׳ פ׳

אמר מלך להמן
המן גיא וועק פֿון מיר.
אודר איך גיב דיר איין שטוס דז דוא פֿאלזט ביז צו דער טיר.
שרייבר נעם דיר אין דיינר אכֿט.
וואש איך דיר האב פֿר שאפֿט.
אונ׳ נעם אין בייא זייני שעלמישי האר.
אונ׳ הענק אין מיט דיא פֿיס כפאר : |

עמ׳ 221 אמר המן
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא האב איך איין קארצן בשייד גהערט.
עש ווער קיין וואונדר דש איך אויז ציהט מיין בלאנק בלוסש שווערט.
אונ׳ שטעלט דען קנאפף צו דר ערד.
דז זיך דיא שפיץ אין מיינם לייב ארום קערט : פ׳ פ׳ פ׳

הונדרט אונ׳ ניינציג פונקטן האב איך אויף דיא יודן איין געבן.
אונ׳ האב פֿר מיינט זיא צו ברענגן אום איר לעבן.
אלזו האט זיך ליידר דיא זאך גיוועגד.
אונ׳ איך הער המן בין ווארן פֿר בלענד : פ׳ פ׳ פ׳
אך מוטר אך מוטר וויא שוואר האשט דוא מיך גיטראגן.
אונ׳ איצונד זאל איך אלזו באלד ווערן פֿר לארן : פ׳ פ׳ פ׳
אך ווינד אונ׳ וויא וויא שוואר האט מיך מיין מוטר אונטר אירם הערצן גיטראגן.
אונ׳ איצונד זאל איך ליידר גאט דר בארים אזו גרינג ווערן פֿר לארן : פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא האט מיך דער מאנהייט מערצי טון פֿר דערבן.
איך האב פֿר מיינט דז מאזיס איז זיבן טאג אין מאנהייט גישטארבן.
אלש דען האב איך אבר דיא זאך ערשט דר פֿארן.
דז ער איז אין מאנהייט מערצי ווארן גיבארן : פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא דאש האט מיך אויך מיין הורירייא אונ׳ פרנגרייא
דר צו גיטריבן.
איך האב פֿר מיינט בייא דער קיניגין צו שלאפֿן אונ׳ עש ווערט בלייבן פֿר שוויגן.
אלזו איז דיא זאך גאט דר בארים לאר גיווארן.

887 ה״ב למ⟨ל⟩ך] במקור למך
908 במקור פֿר לארנן

פֿר פלוכֿט זייא דיא שטונד דז איך פרינץ המן בין ווארין גיבארין: פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך ווען איך שון זאל אב שיידן פֿון דיזר וועלט.
אלזו וויל איך טון ביקענן וואש פֿר שעלמן שטיק איך האבן אן גישטעלט.
צו דען אלמעכֿטיגן גאט וויל איך מיך טון קערן.
פֿיל לייכֿט ווערט ער מייני גיבעט טון ערהערין: פ׳ פ׳ פ׳
אלמעכֿטיגר גאט טוא מיר דאך מייני זינד פֿר צייהן אונ׳ פֿר געבן.
אונ׳ שענק מיר נאך דאש מאל מיין לעבן.
איך וויל דיר שווערן איין אייד.
אלז איך וויל דיא יודן מער אן טון קיין לייד: פ׳ פ׳ פ׳
אלמעכֿטיגר גאט העלף מיר דאך נאך איין מאל פֿון דעם קיניג אחשורוש
זיינר האנד.
אונ׳ בישערם מיך דאך אלז וויא דוא האשט בישערמט דען קיניג יחזקי׳
פֿון דען הייש ברנד.
אונ׳ האשט אים הוך דר הובן.
אונ׳ האשט אים גיהאלפֿן אויז דעם קאלך אובן: פ׳ פ׳ פ׳
אלמעכֿטיגר גאט טוא מיר מייני זינד פֿר צייהן אונ׳ פֿר געבן שאן.
אונ׳ בהיט מיך פֿר דען יודן מרדכי דען פֿרומן מאן.
אונ׳ לאז מיר דאך קיין לייד גישעהן.
דז דער יוד מרדכי זאל אן מיר קיין ראכֿנש זעהן: פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא איז מיר אלז איבל פֿון דען שעלמישן יודן מרדכי
איין הער גיקומן.
אך וואלט גאט דז אים דער קנייבל פֿאר צוועלף אונ׳ צוואנציג יאר העט
איין וועק גינומן.
העט אים דער קנייבל פֿאר צוועלף אונ׳ צוואנציג יאר איין וועק גינומנן.
אלזו ווער איך ליידר דורך אים ניט אום מיין לעבן קומן: פ׳ פ׳ פ׳
דרום אך התך הערשטו אליר ליבשטר התך מיין.
דיזי זאך אונ׳ דיזי ביט זאלשט דוא מיר ניט לאזן פֿר ווערט זיין.
פֿאר דען יודן מרדכי זאלשט דוא מיך לאזן טרעטן.
פֿיל לייכֿט ווערט ער דעם קיניג פֿאר מיך בעטן: פ׳ פ׳ פ׳

אומר התך להמן
המן הערץ אלר ליבשטר המן מיין.
דיזי זאך אונ׳ דיזי ביט וויל איך דיר לאזן גיווערט זיין.
פֿר דען יודן מרדכי וויל איך דיך לאזן טרעטן.
פֿיל לייכֿט איז אים דער צארן פֿר גאנגן אונ׳ ער ווערט פֿר דיך בעטן: פ׳ פ׳ פ׳

עמ׳ 222 אומר המן למרדכי
מרדו לא חיי׳.

היידרנייא.
דיין קאפף אין דרייא.
וואל צו מיר.
ווינד אונ׳ וויא אונ׳ אך צו דיר.
דז דוא האשט דר לעבט אזו איין ראכֿניש אן מיר.
אונ׳ דש דייני קעלברני יוצרותֿ אונ שעפסיני סליחותֿ. האבן דיך גיהאלפֿן מין.
אלז ווערדר איך הער המן מיט מיין זילבר אונ׳ גאלט אונ׳ אידל גישטיין: פ׳ פ׳ פ׳
קרום שטיא דוא אויף פֿון דיזר באנק.
דז דוא זאלשט ווערן צום טוט קראנק.
פֿר דען גינעדיגשטן קיניג הער פֿאטר זאלשטו טרעטן.
אונ׳ פֿאר מיין שווער ביטר לעבן זאל⟨ש⟩טו טון בעטן: פ׳ פ׳ פ׳

אומר מרדכי להמן
קום גנבֿ איך וויל פֿר דיך בעטן.
איך וויל דיך לאזן גניסן.
מן זאל דיך דר שיסן.
אדוני מלך הענג דעם גנבֿ דאך.
איין אנדרן גנבֿ הענגשט דוא מיט דעם קאפף כפאר.
הענג אים מיט דיא פֿיס כפאר.
דז אים דיא נשמה צום הינטרשטן לייב ארויז גיט:

אומר המן למרדכי
אך מרדכי אך מרדכי וויא האשטו דיך טון פֿר מיר אר מייאן.
עש שטיט דאך אין אייירי צעהן גיבאט גישריבן. ווען איין פֿיינד פֿאלט
פֿר דייני פֿיס זאלשטו דיך ניט טון פֿרייאן.
איך האב פֿר מיינט דז דוא ווערשט פֿר דען קיניג טרעטן.
אונ׳ ווערשט פֿאר מיין שווער ביטר לעבן טון בעטן: פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך ווייל איך בייא דעם שעלמן יודן מרדכי ניקש קאן אויז ריכֿטן.
דא נעם איך מיין בליץ בלוסיש שווערט אונ׳ וויל אים טון דר שטעכֿין.
אלז ווערט מיך ניט טון רעכֿן.
ווען דער שעלמן יוד מרדכי ווערט מיינר טון שפאטן אונ׳ לאכֿין: פ׳ פ׳ פ׳

אומר המן למלך
אליר אידל הוך גיבארנר קיניג אין אלי דיא עהרין.
אונ׳ שויט איצונד אויף מייני הייס ביטרי טרערין.
אונ׳ פֿר גיב מיר נאך דאז מאל מייני זינד.

956 במקור זאלטטו

ווען אירש ניט וואלט טון פֿון מיינט וועגן אזו טוטש דאך וועגן מיין ווייב אונ׳ קינד : פ׳ פ׳ פ׳
אך ווינד אונ׳ וויא וויא ווערט מיין ווייב אונ׳ קינד דר היים וויינן אונ׳ שרייאן.
אך דוא ליבר גאט טוא מיר דאש מאל נאך מייני זינד פֿר צייאן : פ׳ פ׳ פ׳

אומר המלך להמן

המן גיא וועק פֿון מיר.
אדר איך גיב דיר איין שטוס ביז צו דער טיר.
שרייבר לאז דיר ניט נאך איין מאל זאגן.
אדר איך לאז דיר מיט המן דען קאפף רונטר שלאגן :

אומר שרייבר להמן

אך המן אך המן וויא האשט דוא איין קארצן בישייד פֿון קיניג הערין זאגן.
עמ׳ 223 דז מן דיר | זאל דען קאפף רונטר שלאגן.
דא קאן איך וואל מערקן דאז דיא זאך קאן ניט אנדרש גיזיין.
אונ׳ דאש דוא לײדר גאט דר בריִם ווערשט מוזן איין גאלגן צירר זיין : פ׳ פ׳ פ׳

אומר המן

אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא האב איך מיך אימר טון פראנגן אונ׳ צירן.
אונ׳ איצונד זאל איך דען גאלגן צירן.
מיט גראבֿן אונ׳ פֿערשטן בין איך אימר גאנגן בייא טאבֿל אויז אונ׳ איין.
אונ׳ איצונד זאל איך לײדר איין גאלגן צירר זיין : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך איר הערין פֿירשטן אונ׳ גראבֿן וויא האב איך דיא זאכֿן ניט פֿר שטאנדן.
דז איך זאלט פֿון דער זינדיגי וועלט אב שיידן מיט שאנדן.
פרינץ הער המן בין איכֿש גיוועזן גינאנט.
אונ׳ איצונד זאל איך פֿון דער זינדיגי וועלט אב שיידן מיט שפאט אונ׳ שאנד : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך זאל זיך דער מענש ניט איבר נעמן זיין האפֿרט אונ׳ געלט אונ׳ גוט.
אונ׳ זאל בידענקן דז ער איז ניט מין אלש פֿלייש אונ׳ בלוט.
העט איך מיך ניט מיין געלט אונ׳ גוט איבר נומן.
אלזו ווער איך פרינץ המן איצונד ניט אזו שענדליך אום מיין לעבן קומן : פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא בין איך גיוועזן פרינץ המן אזו רייך.
איך האב אין מיין גידאנקן גיהאט עש ווער מיר קיינר גלייך.
אבר איצונד מוז איך פֿון מיין האפֿרט אב פֿאלן גאנץ אונ׳ גאר.
עש ווער יוא איין שאד דז אזו איין מענש זאל ווערן פֿר לאר : פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא זאלן מיר דיזי זאכֿין ניט פֿר דריסן.

דז איך אלזו און שולדיגר ווייז זאל ביזן.
וועגן איין שעלמן יודן מוז איך מיין זיל ערבן.
אונ׳ מוז פֿון דר זינדיג וועלט אב שטערבן: פ׳
דרום אך שרייבר הערץ אלר ליבשטר ברודר מיין.
דיזי ביט זאלשט דוא מיר ניט לאזן פֿר ווערט זיין.
פֿאר דען אידל הוך גיבארנן קיניג זאלשטו מיך נאך איין מאל לאזן טרעטן.
פֿיל לייכֿט איז אים דער צארן פֿר גאנגן. אונ׳ ווער מיין שווער ביטר לעבן
קענן דר בעטן: פ׳ פ׳ פ׳

אומר שרייבר להמן

המן הערץ אלר ליבשטר גיטרייאשטר ברודר מיין.
דיזי ביט וויל איך דיר ניט לאזן פֿר ווערט זיין.
פֿאר דען קיניג וויל איך דיך לאזן טרעטן.
אונ׳ פֿר דיין ביטר לעבן זאלשט טון בעטן: פ׳ פ׳ פ׳

אומר המן למלך

אליר אידל הוך גיבארנר קיניג הער פֿאטר מיין.
אל מייני צעהן זין דיא זאלן בייא אייך דינר זיין.
אל מיין צעהן זין.
אונ׳ אויך דר צו מיין ווייב אונ׳ קינד: פ׳ פ׳ פ׳
אונ׳ אל מיין לעבנש טאג פֿר לאנג איך קיין ראט הער צו זיין.
אונ׳ ווען איך קאנט נאר בייא מיין גינעדיגשטן קיניג איין שטאל קנעכֿט זיין:

אומר מלך להמן

המן גיא איין וועק פֿון דאנן.
אונ׳ דוא מוזט ווערן גיהאנגן:

אומר המן לשרייבר

אך אונ׳ ווינט אונ׳ וויא וויא זאל מיך די זך ניט גירייאן.
דז דר קיניג וויל מיר מייני זינד ניט פֿר צייאן.
דען דר לעבנדיגי גאט טוט דאך דעם מענשן זייני זינד פֿר צייאן אונ׳ פֿר געבן.
אונ׳ דער קיניג אחשורוש לאזט מיך ברענגן אום מיין לעבן: פ׳ פ׳ פ׳
עמ׳ 224 דרום אויך איר הערן גראבֿן אונ׳ פֿירשטן דא נעם | איך הימל אונ׳ ערד צו צייגן.
דז איך פֿון איין שעלמן יודן וועגן מוז פֿון דער זינדיגי וועלט אב שיידן.
אונ׳ שוי׳ דז דיא זאך ניט אנדרש קאן גזיין.
אונ׳ מוז שון איין הער געבן דאש לעבן מיין: פ׳ פ׳ פ׳
אונ׳ וויל אויך ביקענן צו גאט.
וואש איך ניט האב וואלן האלטן אירי צעהן גיבאט.
דש ערשטי איז אנכי יי׳ אלהיך. דען איברשטן גאט האב איך ניט וואלן ערין.
אונ׳ צו אנדרי גלויבן האב איך מיך טון קערין.

אונ' דאז אנדרי האב איך טון שווערן פֿאלש.
דש צו ברעכֿט מיר מיין שניי' ווייזן האלז: פ' פ' פ'
דאש דריטי איז שמר וזכר אירן שבת̄ האב איך ניט גיוואלט האלטן.
איצונד ווערט מן מיר ליידר מיין קאפף טון שפאלטן: פ' פ' פ'
דאש פֿירטי איז כבד את אביך ואת̄ אימך מיין פֿאטר אונ' מוטר האב איך ניט וואלן ערין.
דעריגט וועגן טוט מן מיר אזו יונג מיין לעבן פֿר שטערין: פ' פ' פ'
דש זיבנדה לא תיגנף ווייל איך האב טון שטעלן.
איצונד האב איך מיך גיבראכֿט אום מיין לעבן.
דש אכֿט איז ווייל איך האב ניט גיוואלט האלטן לא תינף.
דרום האט מיין טאכֿטר אויף מיר איין רונטר גיווארפֿן איין טאפף מיט טינף.
דאש ניינטי איז לא תעשה פֿאלשי צייגן האב איך טון זאגן.
איצונד ווערט מן מיר מיין גניק אן דעם גאלגן שלאגן. פ' פ' פ'
דאש צעהנטי איז לא תחמד בייא מיין פֿרוי מוטר האב איך גיוואלט שלאפֿן.
איצונד ווערט מן מיך מיט מיין לעבן אב שטראפֿן: פ' פ' פ'
אך אונ' ווינט אונ' וויא העט איך דיא צעהן גיבאט גיהאלטן.
העט מן מיר מיין קאפף ניט טון שפאלטן: פ' פ' פ'
דרום אויך שרייבר טוא מיר דאך איין גיפֿאלן.
אונ' גיא מיר דאך נאך מיין ווייב אונ' קינדרליך אלן.
אלש איך מיט זיא נאך איין מאל רידן טוא.
אונ' דר נאך וויל איך גין אין מייני רוא: פ' פ' פ'

אומר שרייבר להמן
המן הערץ אליר ליבשטר ברודר מיין.
דיזי ביט וויל איך דיר לאזן גיווערט זיין.
אריין טרעטן וויל איך לאזן דיין ליבש ווי⟨י⟩ב.
דז דוא זאלשט דיך מיט איר טריסטן אז מאן אונ' ווייב:

אומר המן
אך ווייבה ליבש ווייבה מיין.
אל מיין ביט איז גיוועזן דז דוא זאלשט צו מיר קומן אריין.
אונ' זאלשט שויאן מייני שמערצן אונ' פיין.
איז ניט איין שאד אלש דיין מאן פרינץ המן זאל גיהאנגן זיין:
דרום אויך ווייבה ליבש ווייבה מיין.
דיא קינדרליך זאלן דיר ביפֿאלן זיין.
וואש דוא אן דייני שניא ווייזי בריסט האשט גיזויגט.
אונ' האלט זיא אז איין שווארץ אפיל אויז דיינם אויג.
אך ווייבה ליבש ווייבה נאך איינש וויל איך דיר ביפֿעלן טאן.

דז דוא זאלשט גידענקן אן פרינץ המן דיין פֿרומן מאן.
איין ראט הער איז ער גיוועזן.
אבר פֿון דען טוט האט ער ליידר ניט גיקאנט ווערן גינעזין.
אך ווייבה ליבש ווייבה נאך איינש טוא איך דיר ביפֿעלן.
ווען דער טייבֿל קומט אונ׳ ווערט הולן מייני זילן.
אונ׳ פֿון דען גאלגן זאלשט דוא מיך לאזן נעמן ווידר אראב.
אונ׳ ווערשט מיך לאזן ליגן אויף מיין פֿאטרש גראב.
אך דוא ליבש ווייבה וויא ווערשט דוא שרייאן אונ׳ וויינן.
ווען דיא זון ווערט ניט מין פֿר דיינר טיר שיינן.
וויא ווערשט דוא שרייאן אונ׳ וויינן אונ׳ קלאגן.
ווען דוא מיך הער המן ווערשט ניט מין האבן : פ׳ פ׳ פ׳
אך דוא ליבש ווייבה דוא האשט איבר קיינם מין צו שרייאן אונ׳ צו ברומן.
אלז איבר דען יודן מרדכי דעם פֿרומן.
אונ׳ ווען אין דער טייבל העט פֿר צוועלף אונ׳ צוואנציג יאר איין וועק גינומן.
אלז ווער איך פרינץ המן איצונד ניט | אום מיין לעבן קומן : פ׳ פ׳ פ׳ עמ׳ 225
אך ווייבה ליבש ווייבה.
דוא בישט דאך דאש הערץ אויז מיינם לייבי.
איבר דיר צו שפרינגט מיר מיין יונגש הערץ.
דער מיט איין גוטי נאכֿט דוא טויזנט שאץ : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אויך שרייבר ליבשטר שרייבר מיין.
דא נעם דוא מיין שנוף טיכֿליין.
אונ׳ פֿר בינד מיר מייני שווארץ ברויני אייגליין.
דער מיט דאש איך ניט זאל שויאן וואש מן ווערט מיר אן טון פֿר שמערצן אונ׳ פיין :

(דא פֿר בינט שרייבר המן דיא אויגן)

אמר המן

אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא וויא האט מן מיר מייני שווארץ ברויני אייגליין צו גיבונדן.
וויא פֿר פֿלוכֿט זאל זיין דיא שטונדה.
פֿר פֿלוכֿט איז גיוועזן דיא שטונד דאש איך בין ווארן גיבארן.
פֿר פֿלוכֿט זאל זיין דיא שטונד דאש איך זאל ווערן פֿר לארן : פ׳ פ׳ פ׳
דרום אך שרייבר מאך מיט מיר וואש דוא האשט מיט מיר צו מאכֿן.
אונ׳ טוא מיר מיין שניא ווייסן האלז איבר דען גאלגן ברעכֿן.
אונ׳ דא האב דיר צו גוטר לעצט מיין דעגן.
אונ׳ זאלשט מיר נאך זאגן איין גוטן זעגן :

(איצונד הענגט שרייבר דען המן אונ׳ זאגט אים נאך איין גוטן זעגן :)〉

אך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא איז המן גיוועזן איין מאן.
אל זיין לעב טאג האט ער קיין גוטש גיטאן.
אך אונ׳ וויא איז ער גיוועזן אזו שין.
ער האט גערן געסן חזר פיסלך מיט גרין : פ׳ פ׳ פ׳
אך אונ׳ וויא איז ער גיוועזן אזו קלוג.
יין נסך האט ער גערן גיטרונקן אויז איין קרוג.
אך אונ׳ וויא איז ער גיוועזן אזו פּעת.
אונ׳ איז גערן גילעגן מיט איין שין מאדל אין בעט : פ׳ פ׳
אך אונ׳ וויא וויא האט ער געסן מיט שיני מעסר.
בייא גראבֿן אונ׳ פֿירשטן האט ער אויף גיבראכֿן אלי שלעסר.
אך אונ׳ וויא וויא האט ער גיהאט שיני געל קרויז האר.
איז דאך איין שאד דאש אזו איין מאן זאל ווערן פֿר לאר :

אמר המלך לשרייבר
שרייבר גיב אים איין גלאז אין זייני ארין.
פֿיל לייכֿט ווערט ער ווידר ווערן גיבארן :

אמר המן
איך בין גיוועזן אויף יענר וועלט.
אונ׳ האב גישויאט פֿיל געלט :

אמר שרייבר
איי׳ דוא שעלים ווארום האשטש ניט גינומן :

אמר המן
איך האב גיפֿארכֿטן איך ווער אום מיין לעבן קומן :

〈כולם〉
דא שטעלן מיר אויף דאש בייטליין.
איין פאר דוציט טוקאטן צו שיסן דריין.
איין פאר דוציט טוקאטן ווער צו פֿיל.
איין פאר דוציט טאלר איז דער ציל : פ׳ פ׳ פ׳
סוף :

1115 ה״ב אמר המן] במקור א״ה

הרשימה המובאת כאן נערכה לפי מספרי השורות של הטקסטים, ולידם ציון שמו של המדבר. לא הובאו המקבילות בהוראות־הבימוי וגם לא ההפניות באש״א לקטעים מלפני־כן שיש לחזור עליהם (לפני שורות 212, 1049 ו־1329).

בצד ימין מובאים מספרי השורות של אש״א, לפי הסדר המקורי, ומשמאלם — מספרי השורות המקבילות ולאו דווקא זהות של הטקסט השני. הואיל ויש הבדלים בין שני הטקסטים מבחינת סדר הדברים, יש לעתים צורך לבקש את השורות המקבילות באש״ב שלא לפי סדר השורות. כאשר קטע מסוים אינו מופיע באחד משני הטקסטים, צוין הדבר בתיבה ׳חסר׳ בטור שממולו. נעשה כאן נסיון לחשוף את כל המקבילות בגודל של דיבור, לפחות, ולעתים אף מקבילה של שורה בודדת בדיבור אחר. אולם התעוררו קשיים מיוחדים בשלושה גושים גדולים של מונולוגים, שבהם המקבילות מפוזרות בשורות בודדות ובחלקי שורות על־פני מאות שורות ובהבדלי סדר ניכרים. ואלה הגושים: ה׳מסירה׳ של המן — אש״א, שורות 321—541, ואש״ב, שורות 378—507; הפארודיות של מרדכי — אש״א, שורות 563—837, ואש״ב, שורות 542—697; הבקשות והקינות של המן — אש״א, שורות 1170—1326, ואש״ב, שורות 805—1009. כאשר בגושים אלה אין הקבלות ישירות בין הקטעים ועם זאת יש הקבלה ברוח הדברים ובשימושי־הלשון והקטעים אינם חסרים בטקסט האחר, צוין הדבר בקו מרוסק.

וויינריב * מביא רשימה של מקבילות לפי חלוקה לאקטים ולסצינות (חלוקה שאינה קיימת בטקסטים אלה) ולפי התוכן. רשימתו עשויה גם עתה לסייע בידנו לקבל תמונה כללית של ההבדלים בין שני הטקסטים, הן מבחינת המבנה הן מבחינת התוכן.

| אש״א | אש״ב |
|---|---|
| 1—27 סופר | 1—25 שרייבר |
| 28—31 המן | חסר |
| 32—35 המן | 26—29 המן |
| 36—37 סופר | 30—31 שרייבר |
| 38—50 המן | 32—45 המן |
| 51—62 התוך | |
| 63—65 משוררים | 46—68 התך |
| 66—73 סופר | |
| 74—78 כולם | |
| 79—84 המלך | 69—72 המלך |
| חסר | 73—76 המן |
| 85—108 המלך | 77—107 המלך |
| 109—118 המן | 108—117 המן |

* עמ׳ 419—422.

| | |
|---|---|
| 119—130 סופר | 118—129 שרייבר |
| 131—138 המן | 130—135 המן |
| 139—140 המן | חסר |
| 141—144 המלך | חסר |
| 145—154 המן | 136—145 מרדכי |
| 155—161 מרדכי | 146—159 מרדכי |
| 162—179 דו־שיח בין מרדכי להתוך | 160—189 דו־שיח בין מרדכי להתך |
| 180—182 מרדכי | חסר |
| חסר | 190—203 מרדכי |
| 183—205 מרדכי | 204—229 מרדכי |
| חסר | 230 מלך |
| חסר | 231—236 מרדכי |
| 206—207 מלך | 239—241 מלך |
| 208—211 מרדכי | 236—238 מרדכי |
| חסר | 242—245 דו־שיח בין מרדכי למלך |
| 212—213 המן | חסר |
| 214—217 המלך | חסר |
| 218—223 המלכה | 253—258 המלכה |
| חסר | 259 המלך |
| 224—225 המלך | 260—261 המלך |
| חסר | 262—263 המלך |
| חסר | 264—266 בזינגן |
| 226—228 משוררים | 267—269 בזינגן |
| חסר | 270—273 המלך |
| 229 כולם | 274 אלי בדינטי |
| 230 מרדכי | חסר |
| 231 כולם | 275 אלי בדינטי |
| חסר | 276—277 אלי בדינטי |
| 232 מרדכי | חסר |
| 233—234 משוררים | חסר |
| 235—237 מרדכי | חסר |
| 238—245 מנגנים | חסר |
| 246—251 מלך | 283—286 המלך |
| 252—256 מרדכי | 287—292 מרדכי |
| 257—264 מלך | 278—281 המלך |
| חסר | 282 המלך |
| 265—270 המן | 293—298 המן |
| חסר | 299 המן |
| 271—280 סופר | 300—307 שרייבר |
| חסר | 308 שרייבר |

| | |
|---|---|
| 281 המן | חסר |
| 282 המן | 309 המן |
| חסר | 310 המן |
| חסר | 311 שרייבר |
| חסר | 312 המן |
| 283 המן | 313 המן |
| 284 מרדכי | 314 מרדכי |
| חסר | 314—315 מרדכי |
| 285 המן | 316 המן |
| 286 מרדכי | חסר |
| חסר | 317—318 מרדכי |
| 287 המן | 319 המן |
| 288—289 מרדכי | חסר |
| חסר | 320 מרדכי |
| 290—291 מרדכי | חסר |
| חסר | 321 המן |
| חסר | 322—337 מרדכי |
| 292—302 מרדכי | 338—351 מרדכי |
| חסר | 352—353 מרדכי |
| חסר | 354—355 המן |
| 303—307 המן | 356—359 המן |
| 308—309 מרדכי | חסר |
| 310—311 המן | 360—361 המן |
| חסר | 362 המן |
| חסר | 363—370 מרדכי |

**ה׳מסירה׳ של המן**

| | |
|---|---|
| 312—317 המן | 371—376 המן |
| 318—319 המן | 378—379 המן |
| 320 מלך | 377 מלך |

| | |
|---|---|
| 321—360 המן | 380—409 המן |
| 361 מרדכי | חסר |
| 362—383 המן, המשך | |
| 384—392 המן, המשך | 427—431 המן, המשך |
| 393—394 המן, המשך | חסר |
| 395 מרדכי | חסר |
| 396 המן | חסר |
| 397 מרדכי | חסר |
| 398—409 המן, המשך | חסר |

| | |
|---|---|
| 410—434 המן, המשך | 410—419 המן, המשך |
| | 420—425 המן, המשך |
| | 432—435 המן, המשך |
| 435—446 המן, המשך | |
| 447—459 המן, המשך | 437—442 המן, המשך |
| 460—463 המן, המשך | 443—446 המן, המשך |
| 464—471 המן, המשך | 447—455 המן, המשך |
| 472—475 המן, המשך | 456—460 המן, המשך |
| 476—482 המן, המשך | 461—466 המן, המשך |
| 483—486 המן, המשך | 467—472 המן, המשך |
| 487—511 המן, המשך | 473—487 המן, המשך |
| 512—513 המן, המשך | חסר |
| 514—519 המן, המשך | 488—490 המן, המשך |
| 520—523 המן, המשך | 491—493 המן, המשך |
| 524—527 המן, המשך | 494—499 המן, המשך |
| 528—535 המן, המשך | חסר |
| 536—537 המן, המשך | 500—503 המן, המשך |
| 538—541 המן, סיום ה׳מסירה׳ | 504—507 המן, סיום ה׳מסירה׳ |

---

| | |
|---|---|
| 542—553 המלך | 508—522 המלך |
| חסר | 523—528 המן |
| 554—561 סופר | 529—538 שרייבר |
| חסר | 539—540 שרייבר |
| 562 המן | 541 המן |

**הסיפורים והפארודיות של מרדכי**

| | |
|---|---|
| 563—582 מרדכי | חסר |
| 583—586 מרדכי, המשך | 550—555 מרדכי |
| חסר | 542—549 מרדכי |
| 587—588 מרדכי, המשך | |
| 589—605 מרדכי, המשך | 602—632 מרדכי |
| 606—640 מרדכי, המשך | 633—657 מרדכי |
| 641—723 מרדכי, המשך | חסר |
| 724—731 מרדכי, המשך | |
| 732—749 מרדכי, המשך | |
| 750—756 מרדכי, המשך | |
| 757—760 מרדכי, המשך | |
| 761—767 מרדכי, המשך | 679—684 מרדכי |
| 768—795 מרדכי, המשך | 658—676 מרדכי |

| | |
|---|---|
| 796—799 מרדכי, המשך | 677—678 מרדכי |
| 800—802 מרדכי, המשך | חסר |
| 803—818 דו־שיח בין מרדכי להתך | חסר |
| 819—837 מרדכי, המשך | |
| | 685—697 מרדכי |

---

| | |
|---|---|
| 838—843 מלכה | 556—559 המלכה |
| 844—848 התוך | 560—561 התוך |
| 849—855 מרדכי | 562—565 מרדכי |
| חסר | 566—569 מרדכי, המשך |
| 856—863 התוך | 570—579 התוך |
| 864—867 מלכה | 580—589 המלכה |
| 868—871 התוך | 590—591 התך |
| 872—876 מרדכי | חסר |
| חסר | 598—601 מרדכי |
| 877—880 מלכה | חסר |
| 881 מרדכי | חסר |
| 882—883 מלכה | חסר |
| 884—891 מלכה | 590—597 התוך בשם המלכה |
| 892—893 מלך | 698—699 המלך |
| 894 מרדכי | חסר |
| 895—896 מלך | 700—701 המלך |
| חסר | 702—703 המלך |
| 897—900 מלכה | 706—707 המלכה |
| 901 משוררים | חסר |
| 902 מרדכי | חסר |
| 903—904 מלך | חסר |
| 905—906 מלך | 704—705 |
| 907—908 מלכה | חסר |
| 909—918 דו־שיח בין המן למרדכי | חסר |
| חסר | 708—709 מלך |
| חסר | 710—711 המן ושרייבר |
| 919—920 מלך | 713 מלך |
| 921—922 מרדכי | חסר |
| 923 מלך | 712 מלך |
| 924—926 מלך | חסר |
| 927—932 דו־שיח בין מרדכי לסופר | חסר |
| 933—938 סופר | 715—720 שרייבר |

| | |
|---|---|
| 939 מלך | חסר |
| 940 סופר | חסר |
| 941—942 מרדכי | חסר |
| 943—944 מלך | 721—722 מלך |
| 945—946 סופר | 723—724 שרייבר |
| 947—950 המן | 725—728 המן |
| חסר | 729—730 המן |
| 951—952 סופר | חסר |
| 953—954 מלך | 731—733 מלך |
| 955 סופר | 734—736 שרייבר |
| 956—958 המן | חסר |
| 959—960 מלך | 737—738 מלך |
| 961—966 המן | 739—743 המן |
| 967 מרדכי | חסר |
| 968—976 מלך | 744—747 מלך |
| 977—978 המן | 748—749 המן |
| 979—980 מלך | 750—751 מלך |
| 981—982 המן | 752—753 המן |
| 983—984 מלך | 754—755 מלך |
| 985—994 המן | 756—770 המן |
| 995—1004 מרדכי | 771—774 מרדכי |
| 1005—1008 המן | 775 המן |
| 1009—1014 מרדכי | חסר |
| חסר | 776—779 מרדכי |
| 1015 המן | 780 המן |
| 1016 מרדכי | 781—782 מרדכי |
| 1017—1019 מרדכי | חסר |
| חסר | 783—784 מרדכי |
| 1020—1043 דו־שיח בין מרדכי להמן | חסר |
| חסר | 785—788 המן |
| 1044—1046 סופר | חסר |
| 1047—1048 משוררים ומרדכי | חסר |
| 1049—1052 מלך | חסר |
| 1053—1065 מלכה | חסר |
| 1066—1068 מלך | חסר |
| 1069—1076 מלכה | חסר |
| 1077—1080 מלך | 789—790 מלך |
| 1081 מרדכי | חסר |
| 1082—1086 המן | חסר |
| 1087—1088 סופר | 791—792 שרייבר |

| | |
|---|---|
| חסר | 793 מלך |
| 1089—1090 סופר | |
| 1091—1092 מלך | 794 שרייבר<br>795 מלך<br>803—804 שרייבר |
| 1093—1094 מלך | חסר |
| 1095—1096 המן | 796—797 המן |
| חסר | 798 שרייבר |
| 1097—1100 סופר והתוך | חסר |
| חסר | 799—802 שרייבר |
| 1101—1104 סופר | חסר |

**הבקשות והקינות של המן**

| | |
|---|---|
| | 805—825 המן |
| 1105—1108 המן | 879—882 המן |
| 1109—1112 סופר | 883—886 סופר |
| 1113—1114 המן | 887—888 המן |
| 1115—1116 המן, המשך | 1015 המן |
| 1117—1122 מלך | 891—896 מלך |
| 1123—1126 המן | חסר |
| 1127—1130 המן, המשך | חסר |
| 1131—1134 סופר | חסר |
| 1135—1136 המן | חסר |
| 1137—1138 המן, המשך | 889—890 המן |
| 1139—1140 המן, המשך | חסר |
| 1141—1142 מלכה | חסר |
| 1143 מרדכי | חסר |
| 1144—1147 המן | חסר |
| 1148—1151 המן, המשך | 937—940 המן |
| 1152—1155 סופר | 941—944 התך |
| 1156—1159 המן | 955—956 המן |
| 1160—1164 מרדכי | חסר |
| 1165 מרדכי, המשך | 957 מרדכי |
| חסר | 958—959 מרדכי |
| 1166—1168 מרדכי | 960—962 מרדכי, המשך |
| 1169 מרדכי | חסר |
| 1170—1253 המן | |
| 1254—1271 המן, המשך | 865—874 המן, המשך |
| 1272—1279 המן, המשך | 875—878 המן, המשך |
| 1280—1289 המן, המשך | 826—830 המן, המשך |

| | |
|---|---|
| 1290—1302 המן, המשך | 831—845 המן, המשך |
| 1303—1322 המן, המשך | 1030—1049 המן |
| חסר | 851—864 המן |
| | 897—936 המן |
| חסר | 945—954 המן |
| | 963—971 המן למרדכי |
| | 972—977 המן למלך |
| חסר | 978—981 המלך |
| | 982—1005 המן |
| 1323—1326 המן | 1006—1009 המן |
| 1327—1328 סופר | 1010—1013 שרייבר |
| 1329—1332 מרדכי | חסר |
| 1333—1336 המן | |
| 1337 מרדכי | חסר |
| 1338—1356 המן | |
| | 1020—1021 מלך |
| | 1022—1029 המן |
| 1357—1360 המן | 1050—1053 המן |
| 1361—1363 סופר | 1054—1057 שרייבר |
| 1364—1378 המן לזרש | 1058—1089 המן לזרש |
| 1379—1381 המן לשרייבר | 1090—1097 המן לשרייבר |
| 1382—1389 משוררים | 1098—1109 שרייבר |
| 1390—1393 מלך | חסר |
| 1394—1395 סופר | חסר |
| 1396 המן | חסר |
| 1397—1398 סופר | חסר |
| 1399—1401 מרדכי | חסר |
| חסר | 1110—1111 מלך |
| 1402—1403 המן | 1112—1113 המן |
| 1404 ⟨מרדכי⟩ | 1114 שרייבר |
| 1405 המן | 1115 המן |
| 1406—1407 המן, המשך | חסר |
| 1408—1410 ⟨כולם⟩ | 1116—1119 כולם |

# ג. דאש שפיל פון מרדכי אונ׳ אסתר

אחשורוש־שפיל ג׳ (אש״ג)

דפוס משנת 1718

טקסט זה, שנדפס באמסטרדאם, לא היה ידוע עד כה. ניתן לשער, כי למחזה זה התכוון שאצקי באמרו בשנת 1940, שלפי שעה הוא ידוע רק מבחינה ביבליוגראפית.* שם המחזה ומקום הופעתו זהים לאלה של הטקסט שלפנינו, ורק שנת ההופעה של המחזה שונה. עותק של המחזה היה בספרייתו של ד״ר ישראל מהלמן בירושלים, ועתה נמסר לבית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי בירושלים.**

שמואל בן יודא שמש, האיש שהעתיק את המחזה והביא אותו לדפוס, כדבריו בשער, היה, כפי הנראה, מעין מו״ל של ספרונים ביידיש, שהוציאם בראשית המאה הי״ח באמסטרדאם. נוסף על המחזה שלפנינו הופיעו בהוצאתו גם הספרים שצוינו בקטלוג הבודליאנה במספרים 6458,3 ו־6540,3. מאלפת ביותר העובדה, כי בדברי השער אפשר להבחין בנימה ביקורתית נגד מחזה שנדפס קודם־לכן בפ״פ (= פראנקפורט דמיין), ואין ספק, כי הכוונה לאש״ב. במחזה שלפנינו ניכר המאמץ לסלק ככל האפשר את ניבול־הפה ולהחזיר לדמותו של מרדכי את אופייה הרציני, ולכך בוודאי מכוונים דברי השער על ההבדלים שבין שני המחזות (וראה הדיון המפורט לעיל, עמ׳ 45 ואילך).

המחזה נדפס בצורה מתוקנת למדי. בראשי העמודים מופיע: דז (או דש) שפיל פון אסתר. השורות המתחרזות נדפסו באופן רצוף, כרגיל בדפוסים ביידיש. במהדורתנו נערכו השורות לפי החרוזים. המחזה שלפנינו

* י׳ שאַצקי, ׳געשיכטע פֿון ייִדישן טעאַטער׳, אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, ב: ייִדן, פּאַריס 1940, טור 398. ואלה דבריו: ׳אַ פּיעסע, וואָס איז דערוויַיל באַקאַנט נאָר ביבליאָגראַפֿיש, איז ״דאָס שפּיל פֿון מרדכי און אסתר״ וואָס איז אַרויס אין אַמסטערדאַם 1714.׳ שאצקי אינו מזכיר כאן את המקור שעליו הוא מסתמך, אך הוא חוזר על דבריו במאמרו ׳טעאַטער־פֿאַרווײַלונגען בײַ די אשכנזים אין האָלאַנד׳, ייִוואָ־בלעטער, כא (1943), עמ׳ 307; בהערה 14 שם הוא מסתמך על קטלוג Pinczower-Porges, שהיה, כפי הנראה, האסמכתה היחידה לקיומו של מחזה זה. הכוונה לקטלוג של מוכר הספרים אוטו האראַסוביץ; ראה: O. Harassowitz, *Bibliotheca Judaica-Hebraica-Rabbinica Pinczower-Porges*, Leipzig 1931–1932, שבו מופיע במס׳ 6657 Das Spiel von Mordeḳai und Esther, Amsterdam 1714

** תודתי הלבבית נתונה לד״ר י׳ מהלמן על הרשות לפרסם את המחזה. וראה: ׳אוסף מהלמן — תערוכה של 214 ספרים נדירים מתוך האוסף שמסר ד״ר ישראל מהלמן לבית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי׳, ירושלים תשל״ב, מס׳ 173.

הוא היחיד שמופיעות בו כמה צורות של סטיכומיטיה והמיסטיכומיטיה, שאף הן לא הובלטו במקור. במהדורתנו הובלט הדבר בצורת ההדפסה, וחלקי השורה מוספרו כשורה אחת (ראה, למשל, שורות 573 ואילך, 587 ו־592). נשמר כאן הפיסוק שבמקור: נקודה בסופם של חרוזים ונקודתיים בסופו של כל דיבור. בכמה מקומות תוקנו סטיות מעטות מכלל זה בלי שהדבר צוין.

ב'מסירה' של המן ניתנו כאן בשלימותם ראשי־התיבות ג"ק = גנעדיקשטן קינג, בלי שצוין הדבר בהערות (שורות 735, 739 ו־751). כל התיקונים של שגיאות־הדפוס צוינו, כרגיל, באמצעות סוגריים מזווים, ובמקרה הצורך אף נוספה הערה. בכמה מקומות נוספו הוראות־בימוי חסרות בסוגריים מזווים, כאשר התבקש הדבר על־פי תוכנו של הטקסט.

דאש

שפיל פֿון

# מרדכי אונ׳ אסתר

האב איך אין דער דרוק ג׳בראכט · דר וויל איך האב
גראכט · עז זיין טאג האט קיינר גטאן : אזו האב איך
עס גינואין אן · אום זו לאזין דרוקן דז עס אין אידר
זאל קענין פֿר שטין · דז אחשורוש שפיל פֿון אן פֿאנג
ביז צום ענד זער שין · דא ווערט אן זעהן דינא
אונטר שייד: דילופ״פ זיין גידרוקט גוואהן
ווידר דיא נייאי דיר היר זיין אן בריית ·
אנדר לייבן ווערט איך אייר הערן
ארפֿרייאן · ווען איר אין רט
שפיל ערנשט ווערט לייאן ·
אין איבר שריבן אונ׳ גדרוקט גוואורין דורך שמואל
בן יודא שאטש ז״ל · דז אלטי אונ׳ נייא שפיל
דרום קופֿט זיא ביידא נייט דען עס
זיין פֿר הנגן ניט פֿיל :״



נדפס באמשטרדם

בשנת ברוכה אסתר בעדי לפ״ק:

השער של אחשורוש-שפיל ג׳

אמסטרדאם 1718

(בית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי, אוסף מהלמן)

השער

# דאש שפיל פון מרדכי אונ׳ אסתר

האב איך אין דער דרוק גיבראכֿט. דר ווייל איך האב גדאכֿט. עז זיין טאג האט קיינר גטאן. אזו האב איך עש גינומין אן. אום צו לאזין דרוקין דז עש איין אידר זאל קענין פֿר שטין. דז אחשורוש שפיל פֿון אן פֿאנג ביז צום ענד זער שין. דא ווערט מן זעהן דיא אונטר שייד. די צו פ״פ זיין גידרוקט גווארן אודר דיא נייאי דיר היר זיין אן ברייט. זונדר צווייבֿל ווערט זיך אייר הערץ ארפֿרייאן. ווען איר אין דש שפיל ערנשט ווערט לייאן.
איז איבר שריבן אונ׳ גדרוקט גווארין דורך שמואל בן יודא שמש ז״ל. דז אלטי אונ׳ נייא שפיל. דרום קופֿט זיא בייא צייט דען עש זיין פֿר הנדן ניט פֿיל:
נדפס באמשטרדם בשנת ברוכֿה אסתר בעדי לפ״ק: |

א ע״ב

# דז שפּיל פּון אסתר

מרדכי ארויז

אחשורוש דער גרושיר קינג אונ׳ זיין גרוש פֿר שטאנט.
דז רגירט איבר הונדרט אונ׳ זיבן אונ׳ צוואנ⟨צ⟩יג לנד.
זיין אום גימייני פּראכֿט אונ׳ זיין גרושי הערשכפּייא.
וואו דז דיא גאנצי וועלט פֿון פּראלט ביוויזט זיך אין איין גרוש הופֿרדייא.
וואו ריבר דז איין אידר שטיט אין איין גרוש פֿר וואונדר.
דיא פֿרייטשפֿט פֿר שפּרייט זיך אז דער דונדר.
זוא איין פֿרייטשפֿט איז זיין טאג ניט וואָרדן פֿיר גיבראכֿט.
זינט דיא צייט אז דער הימל האט בישאפֿין דז מענשין גישלאכֿט.
דאז קינגליך מאל וועדט אין שושין אויף גטראגן.
אין דער צייט פֿון זיבן טאגין.
פֿון דען בעשטין ווין טוט מן איין שענקין.
אן קיין טרוריקייט טוט מן גידענקין.
פֿון זילבר אונ׳ גאלט שטיט אויף דען טיש.
מן מוז אלי טאג ברענגין פֿון פֿיגל אונ׳ פֿיש.
היר פֿרטאנט זיך זיין מייאשטיט מיט שפּיל לייט.
אויף זיינר מאלצייט.
דר וויל דז ער זיך טוט ביווייזן.
זוא וועלן מיר אים לובין אונט פּרייזן :

מרדכי אריין

אחשורוש המן ממוכן שרייבר התך ביגתן ותרש דיא זיצן אן טיש

המן

לנג לעבט דער גרושר פֿארשט אחשורוש אויף דער ערט :

ממוכן

זיין קרון דיא שטארקט זיך אונ׳ אלי טאג נאך מערט :

שרייבר

זיין קרון איז פֿרצירט מיט זילבר אונ׳ גאלט אונ׳ עדיל גישטיין :

התך

לאנג לעבט דער קינג צו הילף גרוש אונ׳ קליין :

ביגתן
אין דעם קינג זיין דינשט בין איך גאר פֿלייסיג:

תרש
אונט וואש מיר דער קינג טוט גיביטן בין איך גר דינשטיק:

מלך
מייני גראבֿן פֿערשטן אונט הערין אונ׳ גימייני לייט.
וועלכֿי דיא היר זיצן בייא מיר אן מיינר מאל צייט.
וויל איך נון הער פֿון מאזיק אונ׳ שפילייט.
וועלכֿש מאכֿט מיר אין מיינם הערץ איין גרושין פֿרייט.
נון איז ניט מיין ביגער נאך אידל גישטיין.
אודר נאך גוט דז דא ניט הערט מיין.
נייערט איר הערין פֿון מיינם לנט אונט רייכֿן.
מיין אכֿפירקייט וויל איך אייך היינט לאזין בלייכֿן.
דען איך האב מיר אין מיינם זין גינומן.
אלז דש דיא קינגין ושתי זאל נאקדיג צו אונז אריין קומין.
אונ׳ אויף אירן הויבט זאל זיא האבין דיא קרון.
אונ׳ דז דעריף זיא מיר ניט וויגרן אונ׳ מוז עז גערין טון.
אונ׳ דער דא קאן דיא שפראך פֿון מיינם לנד.
דער גיא אונ׳ קוס ושתי דיא האנט.
דרום ממוכֿין טוא צו דר קינגין זאגין.
ב ע״א דז זיא מיין גיבאט ניט | זאל אב שלאגין.
דען זיא מוז צו אונז אריין נאקיט גינעין.
אונ׳ דז מוז גאר באלט גישעהן:

ממוכן
איך וויל דעם קינג זיין ווילן טאן.
אונ׳ וויל צו דער קינגין ושתי גאן.
אונ׳ וויל איר דז טון זגין.
ווש זיין מייאשטיט גליבט פֿון איר צו הבין:

אניין

המן
אה פֿארט פֿון זוא פֿיל קרונין.
וואור מיט קאן מיר עז דער קינג ווידר בלונין:

מלך
דא ווערט איר ושתי בלינקין זעהן.

ווען זיא ווערט צו אונז גינעהן.
מיט איר נאקדיגן לייב.
וועלכֿש איר ניט האבט גזעהן אל אייער לעבין צייט.
פֿון שאנהייט אונ׳ גישטאלט.
וועלכֿש מיר גאר וואל גיפֿאלט :

שרייבר

מיר טונין דעם קינג דנק זאגין.
פֿר אזו איין ער דיא מיר טונין האבין :

ממוכן ארוז

ממוכן

גרושיר קינג איך בין גוועזין בייא דר קינגין ושתי אויף איר מאלצייט.
איך זאך זיא זיצן בייא די פֿרואן צימר אין גרושי פֿרייט.
אונ׳ זיא וואר אויף דז קאשטליך גיצירט אונ׳ אן גיטאן.
אונ׳ אויף אירן הויבט דא האט זיא דיא גאלדן קראן.
אלזו האב איך דען לאשט פֿון דעם קיניג אן דיא קינגין טון זאגין.
אה שמאך וועליך זיא דעם קיניג ווייגרט אונ׳ טוט אב שלאגין.
זיא שפרעכֿט דעם קיניג וויל זיא גערין זיין ווילן טאן.
אבר זיא וויל זיך ניט ווייזן פֿאר קיין פֿרעמדן מאן :

מלך

אויף זוא איין העלדרין טאג.
קומט אזו איין שווערי שלאג.
דאז מיין פֿרייט.
זאל פֿרענדרין אין אזו איין טרוריקייט.
אזו איין גרושי שמאך דז מיר טוט גישעהן.
מיין הערין טוט צו מיר גינעהן.
אונ׳ טוט מיר איין ארטייל אויז זאגין.
אוב מן דז זאל פֿון ושתי פֿר טראגין :

ממוכן

מיר פֿאלגין דז קינגש לאשט אום בייא אננדר צו גאן.
אום דיזי זאך צו פֿר ריכֿטן וואש מן ושתי זאל טאן :

תרש

איך פֿר זוך נאך איין מאל בייא דער קינגין צו גין.
אום צו פֿר נעמין אוב זיא דיא זאך האט אך וואל רעכֿט טון פֿר שטין.
אום דז די פֿראליכֿקייט.

ניט זאל פֿרענדרין אין טרוריקייט.
אום דיא קניגין ניט צו פֿר דרוקין :

מלך
אך תרש מן זאל נאך איין מאל נאך איר שיקן.
אוב זיא דז קינגש מוט מעכֿט דר קוויקין.
דרום שרייבר טוא נאך איין מאל בייא דר קינגין גין.
אונ׳ גיב איר דיא זאך דאך רעכֿט צו פֿר שטין :

שרייבר
איך וויל דעם קיניג זיין ווילן טאן.
אונ׳ וויל נאך איין מאל צו דר קינגין גאן.
אונ׳ וויל איר עז טון זאגין.
ווש זיין מייאשטיט גליבט פֿון איר צו הבין :

שרייבר אריין |

ב ע״ב
תרש
אך ווי טוא איך הבין גרושן שמערצן.
אונטר מיינם הערצן :

שרייבר ארויז

שרייבר
נאך אלז אין איר הארט נעקדיג קייט.
אזו גיבט ושתי איר ערשט בישייט :

מלך
אזו טוט ושתי נאך ווייגרן מיין ביט :

המן
דעם קינג זיין שאנד דיא טרעפֿט אונז מיט :

מלך
אך וואש העלפֿט נון שושין מיט איר גרושי וואלין.
דיא שטאט איז אינין ווינג איר מוארין איין גיפֿאלין :

ממוכן
איך זיך דעם קינג אין גרושי צארין.
עז ווער בעסיר אלז ושתי ניט ווער גיבארן.
דרום וויל איך דעם קינג איין גוטין ראט געבין.
דא שווער איך בייא מיינם לעבין.

ווייל ושתי דז קינגש גיבאט האט טאן פֿר זאגין.
אזו גהערט מאן איר אויש דעם רייך צו פֿר יאגין.
אונ׳ מן גיהערט אין אלי לאנד אויש צו רופֿין גאן.
וואש ושתי אן דעם קינג האט גיטאן.
דז זיך דאראן זולן שפיגלין אלי פֿרואן.
אונ׳ זולין ערליך הלטין אירי מאנין.
וועלכֿי פֿרוא דן גיבאט ווערט פֿר שמעין.
דען זול איר ווערין גיטון גלייך ושתי זול גשעהן :

ביגתן
איז דז אין אייערן ווילן.
אום דש קינגש מוט צו קילין.
וואש טוט איר פֿר איין אורטייל אויש זאגין.
דז מן די קינגין ושתי זאל פֿר יאגין.
עש איז וואר די שמאך איז גרוש אביר זעכֿט די זאך איין מאל אין.
עש איז קיין שלעכֿטי פֿרוא עש איז איין קינגין.
עש איז וואר זי הוט ניט רעכֿט גיטאן מן גהערט זיא גלייך וואול צו פֿאר שונין.
אה גרושיר פֿארשט פֿון אזו פֿיל קרונין :

ממוכן
דען איז פֿיל גרעסיר די פֿאריכֿט דען קענין אלי פֿרואין זעהן.
וואש ושתי דעם קינג האט גיטאן אונ׳ נאך אירן לאן איז גישעהן :

מלך
די ליבשפֿט קומט אין מיין בוזים קלאגין :

המן
קאן דען דר קינג אזו איין גרושי שמאך וואל פֿר טרגן :

מלך
עז איז וואר די שמאך איז ניט קליין :

המן
דרום פֿר יאגט זיא אויש דעם רייך אונ׳ דז קאן ניט אנדרש גיזיין :

ביגתן
איר הערין אונט ווייזן ראט טוט דז נאך איין מאל פֿיר טראגין :

שרייבר
דען קענט דז רייך קיין בישטאנט ניט האבין :
אניין מלך המן ממוכן שרייבר התך

ביגתן אונ׳ תרש אליינט הישין

תרש
אך ושתי וויא זיך איך אן אייך די גרושי אלענדין.
וואו וועלט איר אייך נוך דען אשטין אודר וועשטין וועגדין.
אך ביזין ראט אונ׳ זין.
וועלכֿש דז דא ווערט גיטאן אן די קינגין :

ביגתן
האלט מוט מיין פֿריינט :

תרש
יוא די גאנצי ראט די זיין איר פֿיינט :
איך פֿעריכֿט מיך פֿר ושתי איר שטאט :

ביגתן
דער קינג ווערט זיך נאך וואל בידענקין :

תרש
ער טוט דען זין פֿון דעם ראט : |

ג ע״א ביגתן
דיא ליבשאפֿט דיא ווערט דעם קינג נאך וואל איבר צווינגין :

תרש
דר ראט טוט נאך איר אונגליק דריגגן.
זי טונין אלי גאר דז אונרעכֿט אן די קינגין.
אונ׳ אלז ווש ממוכֿין דעם קינג טוט זגין.
דז פֿאליגט ער שטראקש אונ׳ טוט עש ניט אב שלאגין.
אונ׳ המן איז מער גיאכֿט אז איינר אין גנצין לנד.
דר קינג אכֿט אים מער אז זיין רעכֿטר הנט.
איך זיך דא קומט זיין מייאשטייט.
קום ביגתן גין מיר אויף איין זייט :

מלך ארוש אונ׳ המן אונ׳ ממוכן התך שרייבר

מלך
מיין הערין אונט ווייזן ראט פֿון מיינם לאנט.
דז ארטייל דז גיב איך אייך אין אייער האנט :

ממוכן
אזו גיבט אונש דר קינג דז רעכֿט אין אונזר האנדין.
נון וועלין מיר גין רעכֿנין אייער גרוש שאנדן :

מלך

וועק ושתי אויש מיינם זין.
בייא מיר זאלט איר ניט מער זיין איין קינגין.
דרום ממוכֿן לאז ווייטר אויז רופֿין גאן.
אלז וואש ושתי אן דעם קינג האט גיטאן.
דז זיך דראן זאלין שפיגלין אלי פֿרואן.
אונ׳ זאלין ערליך האלטין איר מאנין.
וועלכֿי פֿרוא דז גביט ווערט פֿר שמעין.
דען זאל איר ווערין גיטאן גלייך ושתי זאל גישעהן :

ממוכן

זיך זעלבר צו ביצווינגין איז איין שטארקר העלט :

המן

מן זוכֿט דז ביזי קרוט אויז דען פֿעלט :

דז טונעל צו

דא קומט ווידר ארוש ושתי אונ׳ ביגתן אונ׳ תרש המן ממוכן שרייבר התך

ושתי

פֿאר שטוסין אויש מיינם רייך.
אך וויא טוט מן מיר דאז אורטייל אזו אום גלייך :

המן

קיין אונ׳ גלייך טוט אייך היר ניט גישעהן.
ווען מיר די זאך וואלטן רעכֿט אין זעהן.
גדענקט וויא איר דעם קינג זיין ריד העט פֿר אכֿט.
אונ׳ האביט אים אן גיטאן גרושי שמאכֿט.
איר האבט עש ניט גיטאן אן דעם קינג אליין.
נייערט איר האביט עש גיטאן אן דז גנצי גימיין :

ושתי

איז דז זיין טאג מער ווארין גיזעהין.
דאז איין פֿרוא זאל נאקיט פֿאר פֿרעמדי הערין גינעהן.
האט דען איין קינגין ניט מער רעכֿט.
אלז איין אנדרי פֿרוא דיא דא איז שלעכֿט :

שרייבר

דז אורטייל ליגט אופֿין באר דז פֿייאר האבט איר זעלביר אן גיצונדן.
דרום מישט איר ווערין פֿר יאגט פון וועגין אייער גרושי זונדין :

ושתי
יוא וואל אורטייל קיגין רעכֿט אויז ביזן הערצין גקומין.
אבר דז רעכֿט דז האבט איר אליין וועק גנומין.
אבר די בייט איז אל לנג גישטאקין אין אייער הערצין.
דרום טוט איר מיר אן זעלכֿין שמערצין.
אבר דאך איך דא בין | איבר וואונין. ג ע״ב
אך עלענט וואר צו בין איך גקומן.
עז טוט מיר ניקז העלפֿן מיין זילבר אודר רוטיר גאלט.
מן טוט מיך יאגין אין ווילדן וואלט.
אך ביגתֿן אונ׳ תרש ביקלאגיט מיין אונגיפֿאל.
איך פֿעריכֿט מיך דז עש אייך אך נאך טרעפֿין זאל.
אך וויא בין איך גזעסין אין קוטשין אונ׳ ביהנגין וואגין.
נון טוט מן מיך אויז דעם רייך ארושר יאגין.
אך שאנט אונ׳ שמאך וואש מיר טוט גישעהן.
וויא קאן איך דז לענגיר צו זעהן.
היר איז דז קינגש קרון.
גוויש ווערט ער בקומן זיין לון.
אונ׳ טוט עש אחשורוש זאגין.
עש זאל ווערין ביצאלט אין קורצין טגין.
אך וויא ווער איך פֿר שטוסין אויז מיינם לאנד.
אונ׳ מוז גין דא איך בין אום ביקאנט.
אך המן מעכֿט בגתֿן אונ׳ תרש מיין גלייטש מנין זיין.
אזו וואלט איך מיך ניט רייכֿר ווינשן אין מיין בטריבטי פיין:

המן
ושתי דז זאל אייך ווערן צו גשטאן.
דז ביגתֿן אונ׳ תרש מעגין מיט אייך גאן:

ושתי
אך קינג איז דאז דיא טרוא דיא איר מיר האבט גישווארין.
אך ווער איך דאך פֿון אזו איין הוכֿיר שטאם ניט גיבארין:

שרייבר
איז דאז ניט איין גרושי זונט.
דאז איין קינגין קרון זאל ליגן אויף דיא גרונט.
דרום וויל איך זיא ברענגין אין דיא שאץ קאמיר אנייך.
אונ׳ וויל זיא ביווארן פֿאר איין אנדרין קינגין פֿיין:

אלי אריין

מרדכי אונ׳ אסתר ארוש

אסתר

די שלאווירנייא מיין פֿעטיר דז גיבט אונש פֿיל צו קלאגין.
וועלכֿיש מיר עברעירש אלי טאג מוזין מער שפאט פֿאר טראגין.
פֿון דיא פרסיאנר וועלכֿש נאך אן וואקשט אלי טאג.
אונ׳ אונזר פֿאליק ישראל ניט דאר קיגין אויף מאג.
אביר דאך אונזר זינט די מאכֿין די שווערי פלאגין.
וועלכֿש מיר מוזין מיט גידולט פֿאר טראגין.
איך טוא האבין גרושי פיין אין מיינם הערצין.
וייל דיא פרסיאנרש אן מיין פֿאלק טון גרושי שמערצין:

מרדכי

מיין פֿריינדן אסתר וויא טושט דוא אזו יעמירלך קלאגין.
איך זיך דיא טרערין די שטין דיר אין דיין אגין:

אסתר

מיין פֿעטיר מרדכֿי צו קלאגין בין איך גיבארין.
דען מיין פֿאטיר האב איך פֿאר לארין.
מיין מוטיר האב איך ניט טאן קענין.
קיין שוועסטר אודר ברודר האב איך ניט קענין נענין:

מרדכי

מיין פֿריינדן אסתר זייא וואול גימוט.
איך פֿאר האף אונזר זאך זאל נאך ווערין גוט.
דען איך האב מיין האפֿנונג אונ׳ פֿר טרואן.
אום דעם פֿר פֿאלין טעמפיל ווידר צו זעהן בואין:

אסתר

מיין פֿעטיר ווען איר זעלט ווערין פֿון מיר איין וועק גינומין.
ד ע״א וואור | זעלט איך ארים וייז קינט הין קומן.
דען איך טוא דאך קיין אנדרן פֿריינט ניט האבין.
וואור איך זעלט גין אום איין ראט צו פֿראגין:

מרדכי

מיין פֿריינדין איך גיא נון לובין.
אן דעם דער דא איז אובין:

אסתר

מיין פֿעטיר איר טוט מיך טרישטן אין דיזן ביטריבטן לעבין.

און׳ טוט מיר גוטי האפֿניג געבין.
און׳ אלז וואש איר מיר טוט גיביטן.
דז וויל איך פֿון הערצין גערין היטן:

אניין מרדכי און׳ אסתר
מלך המן ממוכן שרייבר התך ביגתן תרש אלי ארוש

מלך
אך וואש האב איך גיטאן וויא קאן איך לענגיר זונדר ושתי לעבין:

שרייבר
דער קינג דער האט אונש דז רעכט אין אונזר הענט גיגעבין:

מלך
עש איז ווער איך טוא גרושי ברואן דרוף האבין.
דען ושתי דיא קומט טאג און׳ נאכֿט אין מיין בוזים קלאגין:

ממוכן
זוא דר קינג דז אורטייל צו רוק רופֿין טוט.
פֿר וואר דיא זאך זאלט ניט זיין גוט.
דען זעלטין אנדרן פֿרואן זאגין.
דער קינג האט ושתי טאן פֿר יאגין.
און׳ האט זי ווידר אין גינאדן אן גינומין.
ווש זאלין מיר דען פֿראגין נוך אונזרן מאנין.
דען העט דז רייך קיין בישטאנט.
אך ווער עש פֿאר דעם קינג איין גרושי שאנט:

מלך
מיין האלב רייך דאז האב איך פֿר לארין.
מיין קינגין מיין ליבשטי אויז ארקארין.
ווער ווערט מיך נון ביקלאגין.
אלז דז איך ושתי האב טון אויש מיינם רייך פֿר יאגין.
דיא צעפטיר און׳ די קראן און׳ דיזיז פֿון אלין.
דז רייך איז איבין ווינג איר מויארן איין גפֿאלן.
העט איך דאך מיין צארין איין ווינג אויף איין זייט גישטעלט.
און׳ אויף גיהאלטין דז רעכֿט דז דער ראט האט נידר גיפֿעלט.
אביר דיא מיסטאט איז אן מיר איך האב זיא דאז רעכֿט גיגעבין.
וויא קאן איך נון לענגיר זונדר ושתי לעבין:

שרייבר
זעלט דען דער קינג זיין ריד ווידר איין ציהן.

פֿר וואר זיין מייאשטיט עש קאן ניט גישעהן :

בגתן

איי תרש מיר בגינן אונזר לושט צו זעהן :

תרש

עש ווערט אים נאך גין גלייך ושתי איז גישעהן :

מלך

גרושי שמערצין טון איך האבין אין מיר.
קום המן אונ׳ איך בין פֿאר זיכֿרט אן דיר.
אום איין ווינג טרושט מיט דיר צו האבין.
אונ׳ מי⟨ר⟩ ושתי איין ווינג אויז מיין זין צו שלאגין :

המן

קאן דען דער קינג מיט מיר אייציגי טרושט האבין.
פֿר וואר איך וויל עש אים ניט וויגרן אונ׳ אך ניט אב שלאגין.
ד ע״ב האט דען דר קיניג אן מיר | איינ⟨י⟩גי גיפֿאלין.
איך בין זיין מינשטיר דינר אונטיר די אנדרן הערין אלין :

מלך

אך המן איך וויל דיר נאך געבין גרושי מאכֿט :

המן

אה גרושר פֿארשט דער פֿאר גאנץ פרסיא וואכֿט :

מלך המן ביגתן תרש אניין

שרייבר

דיא בטריבטנש דיא גיט דעם קינג אן זיינם הערצין.
וואש העלפֿט אים נון דיא קראן פֿון מדי אונ׳ פערסין :

התך

איך פֿערכֿט מיך עש ווערט אונזר אונגליק זיין :

ממוכן

איי איי זונדר גישלאגין פֿילט איר אלי פיין.
ווישט איר אך וואל דאש גיפֿט קיגין גיפֿט איז גיבארן.
ווען איר נומט נאך מיינם ראט וועלט הארין.
דען איין גוטין ראט האב איך גיפֿונדין :

256 במקור מ י ט
259 התיקון לפי שומר־קונטרס

שרייבר

טוט אונש דען ראט פֿר קונדן :

ממוכן

דוריך ארבייט אונ׳ קונשאפֿט ווערט איין יונגר באם.
אין ווינק צייט גיפֿלאנצט בייא איין וואשר שטראם.
אונ׳ וועז זיך דיא ווארציל טוט פֿר שפרייטן מיט אירי טאקין.
דען קאן מן זיא העלפֿין מיט ביילין אודר מיט האקין.
דען טוט זיא וואקסין אלי טאג נאך גרעסיר.
דרום ווייש איך אויף דיזר צייט ניקש בעסיר.
דאש מן דעם קיניג זאל ווידר זעצין אויף זיין טראן.
אונ׳ אויף זיין הובט מוז מן ווידר טאן דיא קראן :

שרייבר

וויא ליגט איר עש ווידר אויף ושתי אן :

ממוכן

אה ניין דאש איז אלזו ניט גימיינט דען ראט דען איך אייך וויל פֿאר שלאגין.
אונ׳ ווי⟨י⟩ש איינר איין בעסירן ראט דער טוט עש מיר זאגין.
זעכֿט דיא ושתי איז גיוועזין איין שאני פֿרוא.
אום איר שאנהייט האט דר קינג איר גיגעבין די טרוא.
אונ׳ די שאנהייט טוט דעם קינג אין זיין הערצין ברענין.
אונ׳ זיין אוגין טוט עש אים פֿר בלענין :

שרייבר

עש איז וואר דיא שאנקייט.
פֿון ושתי טוט דעם קינג אן גרושי לייד :

התוך

עש איז וואר דיא קינגין ושתי טעט דעם קינג וואל גיפֿאלין.
ער טעט איר שאנהייט מער ליבן אז אונז אלין :

ממוכן

דען ראט דען איך אייך וויל פֿר שטעלין.
איך ווייש עש ווערט אייך וואל גיפֿעלין.
זעכֿט די ליבשאפֿט איז בלינד.
זי איז אזו וואל בייא איין אלטן אז בייא איין קינד.
דרום זאל מן אין אלי לנד צו ווישן טאן.

281 במקור וויזש

דז דער קינג וויל ווידר איין יונגי פֿרוא האן :

שרייבר
ווער זאל דעם קינג דיא זאכֿין שטעלין צו פֿארין.
אודר ווער וויל אים זיין הארץ ביקארין :

ממוכן
מן זאל אלזו וייט אז פרסיא האט צו גיביטן.
דז זיך אלי הערין אונ׳ גימייני | לייט זאלן היטן. ה ע״א
אונ׳ מן זול איבר אל בריבֿן אן שלגין.
דז דר קיניג וויל ווידר איין שיני יונג פֿרוא האבן.
אונ׳ דר איין שיני טאכֿטיר טוט האבין.
דר זאל זיא ברענגין אין דר שטאט שושין אין דר האנט פֿון הגין.
דען זאל מן דיא שענשטי דרוש לעזין.
דיא זעלביגי דיא ווערט דעם קיניג ווידר גינעזין :

שרייבר
נון קאן איך וואל מערקין דש איר פֿר שטענדיג זייט.
פֿון דיזין ראט דען איר האבט גיפֿונדן הייט :

התך
וועלכֿי יונג פֿרוא דיא דעם קיניג ווערט וואל גיפֿאלין.
גליקליך ווערט זיא זיין אונטר דיא אנדרי יונג פֿרואן אלין :

שרייבר
נון וועלין מיר דיזי זאך דעם קיניג פֿאר קונדן.
פֿון דעם ראט דיא מיר האבין גיפֿונדן :

שרייבר רופט אויז אונ׳ די אנדרן אניין
איר פֿערשטין אונט הערין אונט גרבֿין אונ׳ גימייני לייט.
עש איז מיר ווארין ביפֿאלין אויף דיזר צייט.
אלזו וייט אז דער קיניג אחשורוש האט צו גיביטן.
אלזו זאל זיך איין אידר מענש היטן.
אונ׳ וועלכֿר דער איין שיני טאכֿטיר טוט האבין.
דר זאל זיא ברענגין אין דיא שטאט שושין אין דיא האנט פֿון הגי.
דען ווערט מן דיא שענשטי אויז לעזין.
דיא זעלביגי ווערט דעם קיניג ווידר גינעזין.
דא שווער איך בייא מיינם לעבין.
דיא קרון פֿון ושתי ווערט מן איר אויף געבין :

שרייבר אריין

מרדכי אונ׳ אסתר ארוז

אסתר
אוך הויך אלמעכֿטיגר דער זיין פֿאלק האט טאן דר ליזן.
אויז אגיפטין לנד פֿון איין פֿאלק איין ביזן.
אונ׳ דוא האשט דיא אגיפטרינש מיט פֿיל פלאגין.
איר גנצי לנד גישלאגין.
און דיין פֿאלג ⟨!⟩ ישראל האשטו בישערמט אונ׳ ביהאלטין.
אונ׳ דז רוטי מער האשטו פֿר זיא גישפלטן.
אונ׳ זיא זיין טרוקין פֿוס דר דאריך גיגנגין.
אונ׳ דיא וואשרן זיינן אויף ביידין זייטן אז איין מויער גישטאנדן.
אונ׳ דיא אגיפטנרש דיא טעטין נאך יאגין.
אביר זיא זייבין אלי גאר אין דען מער דר שלאגין.
אונ׳ אן דיין פֿאלק ישראל האשטו גרושי וואונדר טאן ביווייזן.
פֿירציג יאר האשטו זיא מיט דען מאנין טאן שפייזן.
אונ׳ דר נאך האשטו זיא גיפֿירט איבר דען ירדן.
צו גידעכֿטניז האט דיין פֿאלק ישראל גישטעלט צוועלף שטיין.
אה הימל אזו טוא איך דיך פֿלייסיג בעטין.
ווילשטו דיין פֿאלק ישראל אויז דעם שלאווירנייא ביהיטן.
אונ׳ זאלשט אונז אויז דען שלאווירנייא נעמין.
אונ׳ זאלשט אונז ווידר נאך ירושלים ברענגין.
אה הימל אויף דיר האב איך מיין פֿר טרואן.
אום דיין היילגין שטאט ווידר זעהן צו בואין: |

ה ע״ב מרדכי
מיין פֿריינדן אסתר איין וואונדר וויל איך דיר זאגין.
וואש דר איז גשעהן אין קארצי טאגין:

אסתר
אך מיין פֿעטיר וואש איז דען גשעהן:

מרדכי
האב נומט גוטי מוט איך זאל דיר עש פֿער צילן.
פֿאר עטליכֿה טאגין האט דער קיניג אין שישין גימאכֿט איין מאל צייט.
אין זיבן טאג האט מן ניקש אנדירש גיזעהן אלש גרושי פֿרייד.
אונ׳ דא דער קיניג זער לושטיג וואר.
דא ליז ער רופֿין זיין דינר.
זיא זאלטין אים ושתי נאקדיג הולין טאן.
אונ׳ אויף איר הובט זאל זיא האבין דיא גאלדיני קרון.

אונ׳ דא דער דינר בייא ושתי קאם אונ׳ טעט דש קיניגש גיבאט זאגין.
דא וואר עש ושתי וייגרן אונ׳ וואר עש אב שלאגין.
דא ליז דער קיניג זעצין זיין וייזן מאנין.
אונ׳ ליז ושתי אויז אלי זיין קינגרייך באנין.
נאך דר צייט טעט דער קינג גרושי רואן דרוף האבין.
ווייל ער ושתי האט טאן פֿר יאגין.
אזו האט ממוכֿן איין גוטין ראט גיפֿונדן.
דז מן זאל אונז שיקין אין אלי לאנדין.
אונ׳ מן זאל איבר אל צו ווישן טאן.
דש דער קיניג וויל ווידר איין אנדרי יונג פֿרוא האן.
אום דש קיניגש מוט צו קילן.
אונ׳ אום זיין מוט ווידר צו שטילן.
אביר התּוך דש קיניגש קאמיר לינג דר טוט דיך וואל קענין.
איך וואש ער ווערט דיך בייא דעם קיניג אך נענין :

אסתר
מיין פֿעטיר זאלט מן אך מיין נאמן פֿיר טראגין :

מרדכי
ווער וואש ווז נאך דער הימל וויל מיט דיר פֿיר הבין.
דש קאן נאך וואל גישעהן דאריך דיין טרוריקייט.
דען דער הימל האט עש גיזעהן אונ׳ דיר געבין גרוש פֿרייט.
דער הימל האט דיך מיט שאנקייט טון ביגאבין.
ווען דער קיניג ווערט דיך זעהן דען ווערט ער וואל גיפֿאל אן דיר האבין.
אונ׳ ווען דוא בייא דעם קיניג קומשט זייא וואל בידאכֿט.
דש דוא ניט טושט נענין דיין אב קומשט אונ׳ גישלאכֿט.
קיין פֿאטר אודר מוטר מוזטו ניט נענין.
אך מעכֿט דאך דער הימל איין גוטין אוז קומשט זענדין.
אך מעכֿט דאך דער הימל אונזר מיסטאט איין מאל פֿיר טראגין :

אסתר
מיין פֿעטיר איך האב אייך אזו ליב אז שווארץ אפיל אין מיין אגין.
פֿר וואר איך טוא דיא פֿרעמדי זאכֿין הארין.
איך בין דאך איין ארמי דינשט מייט גיבארין.
דען איר העט מיך פֿון קינדש הייט אויף גיצאגין.
דרום איז מיין הערץ צו אייך ביוואגן.
אונ׳ אלז וואש איר מיר טוט גביטן.
דז וויל איך פֿון הארצין גערין היטן.

דען איך האף נאך דיזר צייט.
מיט אייך צו האבין גרושי פֿרייד:

אניין

ושתי און׳ ביגתן און׳ תרש ארוש |

ו ע״א ושתי

ווער איז אונטר אייך דער אן דעם קינג וויל רעכֿינוג נעמין.
גדענגט ביגתן און׳ תרש וויא דז איך אייך האב טון אויף ברענגין.
אן מיין ארום איר צווייא יונגין העלדן טוט מיינר גידענקין.
און׳ טוט מיין שמאך אן דען קינג ביט שענקין.
און׳ דיא זאך מושט איר מיט און פֿרצאגטין הערצין טון.
און׳ ווען איר עש האבט פֿר ריכֿט דען וויל איך אייך געבין איין גוטין לאן.
אך שאנט און׳ שמאך וואש איך טוא פֿילן.
מעכֿט איך מיך דאך זעלביר אן דען קיניג קילין.
אל שון איך בין נומט איין ווייב.
זוא וואלט איך דען קיניג נעמין דז הערץ אוז זיין לייב.
און׳ וואלט עש אויף שטיקר שניידן.
און׳ וואלט עש פֿאר דיא הונד ווארפֿין מיט פֿריידן.
אבר וואש זאל איך טאן.
איך דארף דיא זאך ניט גין אן.
דרום תרש טוא פֿון מיר דיזין שווערט נעמין.
און׳ טוט עש צו קיין מענש ניט ביקענין.
און׳ ווען איר דיזי זאך ווערט פֿר ריכֿט האבין.
אזו שיקט מיר דען בריבֿ אלזו וויל איך אייך רייך ביגאבין:

ביגתן

קינגין ושתי דא שווער איך אייך מיין אייד.
דז איך אייך וויל בייא שטין מיט מיין גאנצין טרוא הייט:

תרש

איך וויל מיין גנצין זין און׳ ראט דרויף שטעלין.
וויא איך דען קיניג וויל דער נידר פֿעלין.
און׳ וויל דעם קיניג נעמן זיין לעבין.
און׳ וויל אייך זיין הערץ אין אייער הענדין געבין:

ושתי

אדי ביגתן און׳ תרש ווען איך אונטר דיזין פֿר נעם פֿון דען מארט.

410 אדי = adieu

אזו וויל איך אייך אונטר שטין גילובט מיר עש אויף מייןווארט :

אניין

מלך המן ממוכן שרייבר מרדכי ארויז

מלך

פֿר וואר אל דיזי יונג פֿרואן דיא איר מיר שטעלט צו פֿארין.
דיא קענין מיין זין נאך ניט ביקארן.
איך קאן מיך נאך ניט דר צו ביגעבין.
ווייל מיין ערשטי ליב נאך טוט לעבין.
אונ׳ וואש איר מיר האבט בילובט.
דיא צייט איז אל פֿר בייא גשובט :

המן

הרקיא איז גאר שין.
אז אייני אים לנד מעגיט זיין :

מלך

פֿר וואר איך טוא אייך זאגין.
דז מיר דער נאמין ניט טוט ביהאגין :

ממוכן

קלארי איז פֿרייא שין.
אין גנץ פרסיא גפֿינט מן אירז גלייכֿן ניט מין :

שרייבר

סעליא איז איין וואונדר שאן.
זיא איז וואל ווערט דיא קרון :

מלך

קיין שאן הייט אודר גישטאלט גלייך ושתי דיזי נאכֿט.
מיר אין מיין טרום אין מיין שלאף קאמיר איז ווארין פֿיר גיבראכֿט :

ממוכן

דער קיניג טוט נאך אליש גידענקין אן ושתי :

התך ארויז |

ו ע״ב התך

דש איך זאל דעם קיניג. זיין פֿיסן קיסן אונ׳ פֿר אים נידר קניא :

418 הרקיא] שם אשה בהולנדית
422 קלארי] שם אשה בהולנדית
424 סעליא] שם אשה בהולנדית

מלך

התֿך וואש פֿר איין נייעש טוט זיין.
אלז דז איר אזו גישווינט קומט צו מיר אריין :

התך

איין אידר האט דעם קיניג איין שיני יונג פֿרוא פֿיר גיבראכֿט.
א[זו] האב איך מיך אך אין מיין זין גידאכֿט.
דז נימנט דעם קינג קאן ביקארין.
אזו האב איך גיפֿונדין איין שאני יופֿעל דיא פֿר דעם קינג איז גיבארין.
דיא יונג פֿרוא דיא איך האב גיפֿונדן אויף דיזר צייט.
דיא איז אלזו שאן דז איין אידר איר שונהייט ביניידט.
ווען דער קיניג מיך אזו ווערדיג וויל קענין.
אזו וויל איך זיא אים טון ברענגין :

מלך

וואו איז דיא שיני יונג פֿרואן.
⟨א⟩יך פֿר לנגט זיא אן צו שואן :

⟨אסתר אונ׳ מרדכי ארויז⟩

התך

ער שטיט פֿר וואונדרט אן צו שואן.
דיא שיני יונג פֿרואן :

מלך

איז דש דיא יונג פֿרוא דיא איך טוא זעהן.
קום התֿך טוא זיא צו מיר גינעהן.
פֿר וואר איך טוא אייך זאגין.
דז איך זיא האב ניט שעניר גיזעהן מיין לעבין טאגין :

מרדכי

דז טוט נאך וואל גין אך הער מיין.
איך האף דש עש נאך איין הילף זאל פֿר מיין פֿאלק ישראל זיין.
דז דער הימל זאל איין גוטי אוז קומשט געבין.
דז דש פֿאלק ישראל מאג אין פֿריידן לעבין :

אסתר

מאג איך ארום דינשט מייט דעם קיניג זיין פֿיסן קוסין :

441 במקור מ י ך
442 ה״ב חסרה במקור

מלך

מיך טוט ברענין איין פֿייער און מיגלך אום צו לעשין :

אסתר

אלז איך דעם קינג טוא וואול גיפֿאלין.
אונטר דיא אנדרי יונג פֿרואן אלין.
איך דעריף ניט אויף היבן מיין אוגין.
ווארום וויל מיך דער קיניג צו איין קינגין האבין :

מלך

איר זייט דיא מיר טוט גיפֿאלין.
אונטר דיא אנדרי יונג פֿרואן אלין.
דרום טוט פֿון אייער קניאן אויף שטין.
אונ׳ טוט צו מיין רעכֿטיר זייט גין.
אונ׳ איך טוא אייך שווערין.
איין קרון פֿון גרושי ווערדייא וויל איך אייך פֿר ערין.
דרום איר הערין ווייל איר מיר דיזי יונג פֿרוא האבט צו גיזונדן.
זוא זאל זיא אלז קיניגין אן מיר זיין פֿר בונדן.
אונ׳ דא שווער איך בייא מיינם לעבין.
מן זול איר די קרון פֿון ושתי געבין.
דרום התך טוא די קינגין בייא דר האנט נעמין.
אונ׳ טוא זיא אין מיין פאלש אריין ברענגין :

התך מיט אסתר אניין

המן

איך ווינש דעם קיניג גליג ⟨!⟩ מיט זיין קינגין.
איך האף זיא וועט זיין נא[ך] זיינם זין : |

ז ע״א מלך

איר הערין דש איז דש שיני יופֿעל דיא איך האב גיפֿונדן.
דרם גיביט איך אייך פֿון שדונדן.
אלז איר זיא איבר פרסיא זעלט קרונין טאן.
גלייך וויא איך עש פֿון אייך וויל האן :

אלי אניין

**פר טאניג פון דיא ביקרינג אלי ארוז**

ביגתן אונ׳ תרש ארוז אונ מרדכי הינטן אן

ביגתן

עש ווער בעשיר נאך מיינם ראט דז מן אים אין זיין קאמיר.

זעלט איין שטארמן מיט איין בייל אודר מיט איין האמיר:

תרש

זיין לייב וואכֿט האט דיא קאמיר ביזעצט וויא דערפֿין מיר דז אן גין.

אודר ווען עש דיא וואכֿט זעלט ווערין גיוואר וויא זעלטין מיר דען בישטין:

ביגתן

תרש מיר מוזין אונטר נעמין דיא זאך:

מרדכי

דז ליגט אויף מארדרייא אן זיא זענין פֿר ענדרט פֿון איר שפראך:

ביגתן

תרש גיבשדו דיין מוט פֿאר לארין:

תרש

איך וועלט ליבר דז איך ניט ווער גיבארין.

דען איך האב נאך גוטי מוט.

אום מיין שווערט צו פֿארבין אין דש קינגש בלוט:

בגתן

אזו מוזין מיר ניט לנג האלטין ראט:

תרש

אזו וויל איך דעם קינג אן טאן דען ביטרין טאט:

בגתן

ווען איר דיא זאך נעמט וואל אין אכֿט.

אונ׳ דעם קינג האבט צום טוט גיבראכֿט.

אזו נעמט פֿון מיר דיזן בריבֿ אונ׳ טוט אים ושתי זענדין:

מרדכי

אך וועלט דאך דז אונגליק פֿון דעם קינגש האלז וועגדן:

תרש

איי בגתן האב קיין זארק ⟨!⟩ איך ווער דיא זאך וואל אונטר שטין:

ביגתן

איך זיך דעם טרונצין יוד אלי צייט אין דען הויף ארום גין.

אונ׳ ער טוט אלז אוז שפירן.

איך מוז איין מאל זעהן אוב איך עש אים ניט קאן פֿר ווערן.

אום ניט אים דען הויף הין אונט ווידר צו גין:

תרש

זעלט ער אך וואל אונזר שפרך פֿר שטין :

בגתן

אה ניין ער קאן ניט אונזר שפראך.
דרום תרש דז דוא וואל פֿר ריכֿשט דיא זאך.
אונ׳ דוא מושט וואל פֿר דיזין בריבֿ זארגין :

תרש

האב נומיט קיין זארגין.
איך האב אים אין מיין בוזים פֿר בורגין.
איך קאן ניט גלובין.
דז עש דער יוד זאל גיהערט האבין :

בגתן

איי מיין פֿריינט הערט איין מאל.
איך זיך אייך מעניך מאל.
גין אין גארטין שפאצירן.
אלזו איך בימערק זוא הבט איר וואש צו טישפטירן :

מרדכי

איך קום אימאל איין הער אביר איך טוא היר ניט לאנג בלייבן.
אונ׳ ווען איך וואש נייאש ווער גיוואר אזו טוא איך עש אויף שרייבן.
אבר דאך | אי איך דיא רעכֿטי ווארהייט קאן גיוואר ווערין. ז ע״ב
דען מוז איך עש אויז פֿיל לייטן מיילר הערין :

ביגתן

האבט איר אך גיהערט וויא מיר פֿון דעם קיניג שפראכֿין :

מרדכי

איך האב ניט דרוף גיהאט מיין גידאכֿטן.
דען איך טוא אין דיזין גארטין אויף אונט אב גין.
איך קאן דאך ניט אליר לייא שפראך פֿר שטין.
דען איך בין איין מאן דער דא טוט האבין גרושי שמערצין.
וואל אונטר מיין הערצין :

תרש

אונזר צייט איז פֿר בייא מיר נעמין פֿון אייך ארלוף.
דען מיר מוזין גין אין דש קינגש הויף.
אונ׳ אום אונזרי דינשט בייא דר הנט צו נעמין :

〈בגתן תרש אניין〉

מרדכי

דער הימל האט מיך אין דיזר צייט איין הער טאן ברענגין.
נון איז מיין הערץ ביקומרט דז זאג איך פֿר וואר.
ווען איך מאר גלעגין הייט קאן קריגין אום דיא זאך צו טון אופֿן באר.
פֿון דיא צווייא פֿראַטירש וואש זיא זיך וועלין אונטר שטין.
איך זיך דיא קינגין דיא קומט אויז אירן גארטין צו גין:

אסתר ארויז

אסתר

צווישן דיזן גרינטי אונ׳ וואשיר שטראמין.
האב איך איין ווינג מיין לושט גינומין.
נון וויל איך ווידר נאך מיין פאלש גין.
דארטין זיך איך מיין פֿעטיר מרדכֿי שטין:

מרדכי

צו אלים גליג 〈!〉 טוט דיא קינגין בייא מיר קומין.
אך אסתר וואש פֿר איין גרושי זאך האב איך פֿר נומין:

אסתר

מיין פֿעטיר וואש פֿר איין פֿרייד טוא איך האבין.
ווען איך פֿון אייך טוא הערין אודר זאגין:

מרדכי

מיין ליבה אסתר איך האב דיר וואש גרוש צו אנטפלעקין.
וועלכֿש דעם קינג אונ׳ דיר קאן גרושין הילף פֿר שטרעקין.
איך בין גלייך פֿר שטומט דיא שפראך פֿאלט מיר צו שווער.
דען דער קינג דער שטיט אין איין גרוש גיפֿער:

אסתר

מיין פֿעטיר זאגט מיר דז גהיים אונ׳ לאזט מיך הערין:

מרדכי

אך אסתר עז זיינין ביטריבטן מערין.
דען איך האב עש גיהערט מיט מיין ארין אלז.
זיא שטין דער קינג וואל נאך דען האלז:

אסתר

ווער דעריף זיך זעלכֿיש אונטר נעמין:

522 ה״ב חסרה במקור

מרדכי

ביגתן אונ׳ תרש דז קיניגש קאמירלינגן :

אסתר

אך וואש פֿר ביטריבטנש הער איך היינט :

מרדכי

אסתר טוא ניט פֿיל קלאגין עש איז נאך צייט.

ח ע״א מן קאן נאך וואל זיין | פֿר דאש אונגליק :

אסתר

מיין פֿעטיר ווען איר נומד פֿאר זיכֿרט זייט אן דז שטיק.

אונ׳ ווע[ן] איר דיא זאך ווערט מאכֿין וואר.

אונ׳ איך עז דען קיניג טוא אופֿין באר.

דען ווערט דער קיניג אייך רייך ביגאבין :

מרדכי

אך אסתר תרש דר טוט איין בריבֿ אין זיין בוזים האבין.

דען זאל מן לייענין דז גישפֿט.

דען זול מן פֿר נעמין פֿון דען פֿר גיפֿיט.

פֿון די צווייא פֿראטירש ווש זי זיך וועלין אונטר שטין :

אסתר

ווייך מיין פֿעטיר דא קומט דער קינג אן צו גין :

מרדכי אניין

מלך המן ממוכן שרייבר התך בגתן תרש אלי ארוש

⟨אסתר⟩

מיין פערשט :

מלך

מיין קינגין מיין הערץ פֿר לנגין וואר.

ער איך אייך זאך קומין דאר :

אסתר

מיין קינג אזו באלט אז איך אייך פֿאר נאם אזו פֿאר פֿילט איך מיין לעבין.

גלייך די ערט פֿר קוויקט ווען די זון איר שטראלין טוט דרוף געבין.

556—558 ה״ב במקור יש בלבול בסדר הדברים ובהוראות הבימוי : ה״ב מרדכי אניין מופיעה לפני ה״ב אסתר ואילו ה״ב מלך המן ממוכן וכו׳ מופיעה אחרי המלים מיין פערשט

גלייך בומין אונ׳ קרייטר אונ׳ בלומין אונ׳ אנדרי שאני פֿרוכֿטן מאר אך אך:

מלך

וויא איז מיין ליב ווארום אלזו פֿר צאגט:

אסתר

צווייא גרושי מאכֿטיגר דיא שטינין מיט אירי קלואן.
נוך אייער קראן אונ׳ האלז וועלכֿש מיין הערץ טוט בינואן:

מלך

ווער דערף זיך זעלכֿש אונטר שטין:

אסתר

וויל דער קינג מיט מיר איין ווינג אויף איין זייט גין:

המן

איך זיך זיא דא שטין מיט פֿר וואונדר.
דא מוז זיין עטוואש ביזונדר:

מלך

אונ׳ שטינין נוך דען לעבין מיין:

המן

דאר מוז ווש גרוש גיהיימלך זיין:

מלך

איין בריבֿ אסתר זאגט מיר דען מאן:

אסתר

בייא תרש אונ׳ דש פֿראט איז בייא בגתן:

מלך

קום הער תרש:

תרש

גרושיר קינג:

מלך

איך טוא אייך איין הער רופֿין:

תרש

וואש גיליבט זיין מייעשטיט:

מלך

טוט אייער בוזים אופֿין:

תרש
אך הער קינג וואר צו :

מלך
זיין צונג די רעט בינוט מן טוט אים דען בוזים אופֿין :

תרש
אך איך בין איין מאן דז טוטש :

מלך
וואש ביטייט דיזר בריבֿ שרייבר לעז.
אונ׳ זיך ווש דרינן גישריבן איז :

שרייבר
דיזין דרינגט דען קינג נאך זיין לעבין :

בגתן
איין טוטשי קעלט בישטרעמט מיין הארץ
אויף דיזן טאג :

מלך
מן לעזט דען בריב אום דז איך דען אין האלט ווישן מאג :

שרייבר לייענט דען בריב |

ח ע״ב שרייבר
אונזר פֿר נעמין איז ביז נאך איצונט אום דען קינג אום צו ברענגין.
מיר וועלין אייערין אונ׳ אונזרן רעכֿינונג נעמין.
אונ׳ צו אזמין מורגין זייט אלי טאג אונ׳ שטונד וואל בידאכֿט.
דאז איר אייך אונטר שטיט מיט אייערן גאנצין מאכֿט.
דרום מושט איר גידענקין אן אייער אייד אונט ווארט.
דען אום אייערנט וועגין וועלין מיר דעם קינג אן טאן דיא מארט.
היר שטיט ניקש גוץ ⟨!⟩ וואל תרש וואש טוט דער בריבֿ ביטייטן :

תרש
אך ניקש :

שרייבר
מיר האבין זיא גיפֿונדן בייא צייטן :

מלך
און טרואן מושט איר אזו אייער גישלכֿט בישעמין.
זעלכֿי שעלמין האב איך צו גטרוט מיין לעבין.

נון איר פֿאראטרש איין גיפֿט העט איר מיר אין ווערין געבין.
זגט מיר איין הער הוט נוך אימנט דז פֿראט מיט אייך גשוורן :

אסתר
זיא שטין פֿר שטומט :

תרש
אך בגתֿן ווערין מיר ניט גיבארין :

מלך
מייני דינרש איך טוא אייך פֿר שאפֿין.
דז מאן זיא מיט איין שטריק זאל שטראפֿן.
אונ׳ טוט אינין אירי שווערדר איין וועק נעמן.
אונ׳ טוט זיא אין די גפֿענקש אריין ברענגין :

המן מיט ביגתן אונ׳ תרש אניין

מלך
מיין קינגין ווער האט אייך זעלכֿש טאן אופֿין באר :

אסתר
איין אלטיר עברעיר דז זאג איך אייך פֿר וואר :

מלך
דער מן איז מיר פֿיל ווערט איז מיר זיין נאמין ניט ביקאנט :

אסתר
מרדכֿי אונטר דיא יודן איז ער גינאנט :

מלך
אזו לנג אלז איך איבר פֿרסיא ⟨!⟩ ווער רגירן.
אזו קאן איך דען מאן קיין לון גינוגין פֿר ערן.
דען ער האט מיר מיין לעבין ביווארט.
אזו בלייב איך עש אים שולדג אונ׳ גישפארט.
דרום דינט זעלכֿש אין די קראניק אין גישריבן.
וויא דז איך דוריך דען יוד מרדכֿי בייא מיין לעבין בין גיבליבן :

אסתר
דיא ליבטי פֿון דען פֿארשט זאל איך זיין גונשט ווער דירן.
גלייך אוב דער קינג אן מיר זאלט דיא גאבין פֿרערין :

מלך
שרייבר :

שרייבר

גרושיר קינג :

מלך

ווען איר זעלכֿיש אין דיא קראניק שטעלט.
אזו דינט פֿר אלין דיזין מאנהייט גימעלט.
וויא דר יוד מרדכֿי דעם קינג האט ביהלטין זיין לעבין.
פֿון צווייא פֿאראטירש די דעם קינג וואלטין איין גיפֿט איין געבין.
אלזו טון איך אים פֿר דיזיר צייט די בילאניג שולד בלייבן :

שרייבר

אלז וואש דר קינג גיליבט דז וויל איך אין איינר אייל שרייבן :

אניין שרייבר

מלך

מיין קינגין וויא שטיט מן מיר נאך מיינם לעבין :

אסתר

דער קינג גיהערט דיא פֿראטירש אין דז רעכֿט צו געבין : |

ט ע״א מלך

זיא זאלין איר שטראף גאר בלט אנטפֿאנגין.
זאלין אלי בידן ווערין אויף גיהנגין :

המן ארוז

המן

מן האט אליז שון בשטעלט.
דז רעכֿט הוט אינין אל דען טוט אן גמעלט :

מלך

המן טוט זארגין אן מיין קראן.
דען איר זייט איין פילאר אן מיינם טראן.
דרום וויל איך גיביטן אן אל מייני הערין.
דש אייך איין אידר מענש זאל ערין.
איין אידר איין זאל זיך פֿר אייך בוקין.
אונ׳ דער דז ווידר שטיט דער טוט דש קיניגש גיבאט פֿר צוקין :

המן

איך טוא דעם קיניג דאנק זאגין.
פֿר דיא ער דיא איך טוא האבין :

מלך

לאזין מיר היר ניט לאנג בלייבן שטין.

קום לאזין מיר מיט מיין קיניגין אין אונזר לושט הוף ארײנר גין :

אלי ארײן

בגתן אונ׳ תרש ווערין אויף גיהאנגין

שרייבר אונ׳ מרדכי ארוז

שרייבר

דא גיט דער קינג דען גרינין גארטין אין.

וויא פראלט דער טאפירר העלט מיט זיין שאני קיניגין.

האבט איר דאז פֿראט דען קינג טון אופֿין בארין :

מרדכי

פֿון דען זעלביגן דז זי שפראכֿין דז האב איך בישיידליך קענין הארין.

אבר דר איז מיר און ביקענט דר זיא צו זעלכֿין זאכֿין האט גיראטין אן :

שרייבר

זיא האבין שאן אנטפֿנגין איר לאן :

מרדכי

פֿראטירש דיא הבין אלי צייט שעלימשטיק פֿר בורגין.

אביר איין גיטרואן דינר דער מוז אלי צייט פֿר דען קרון אונ׳ צעבטיר זארגין :

שרייבר

היר קומט הער המן אן וועלט איר אים פֿון דז קיניגש גבאט צייגין :

מרדכי

עש איז קיגין מיין גבאט פֿר אים צו בוקין אודר צו נייגין.

דען פֿר דעם טוא איך מיך בוקין דער אליז האט בישאפֿין.

פֿון מענשין אונ׳ פֿון פֿיך אויף דעם טוא איך האפֿין.

מיין הער זוא איך וואש ביז פֿון דען קיניג ווער פֿר נעמין.

דען וויל איך עש אייך אך געבין צו קענין :

שרייבר

אך איר טוט אייך זעלביר פֿיל ביז אן אונט אכֿט ניט מיין ווארט.

635 במקור א ב ר ד ר ז י א צ ו ז ע ל כֿ י ן ז א כֿ י ן ה א ט ג י ר א ט י ן א ן ד ר א י ז מ י ר א ו ן ב י ק ע נ ט : תיקון הסדר נעשה על־פי החרוז

דר דא וויל לעבין מיט פֿרידין דער האלט דז קיניגש גיבאט.
אונ׳ דער דא וויל לעבין מיט פֿריידן.
דער מוז זיך האלטין נאך דז לאנטש בשיידן :

המן
מיט וועם האבט איר דא גישפּראכֿין :

שרייבר
איין אלטיר מאן איין יוד :

המן
אה איך קאן אים וואל ער האלט ניט וואש דער קיניג טוט גביטן.
ער האט דז קיניגש גיבאט מעניך מאל איבר טרעטין : |

ט ע״ב שרייבר
ער פֿאלגט זיין אלטין זין.
עש זייא קיגין רעכֿט אודר רידן גיט אים ניקש אין :

המן
זאל דען איינר דער דא אויף גינאדין לעבין טוט.
זאל דר זעלביגר דען דאז קינגש גיבאט פֿאר שמעהין מיט ווילגן מוט.
זאל דען איין יוד ניט אכֿטין מיין אכֿפּירקייט :

שרייבר
פֿר וואר הער המן איר מושט דא פֿאר זיין בייא צייט :

המן
איר קינגש קאמירלי⟨נ⟩ג טוט דעם קינג ביוואכֿין.
אונ׳ וואש ער אייך טוט גיביטן אונ׳ פֿר שאפֿין מוזט איר אכֿטן :

שרייבר אריין

המן
מרדכֿי בוק דיך.
מרדכֿי בוק דיך :
מרדכֿי ווארום ווילשטו דיך ניט פֿר מיר בוקין.
איך טוא דיר באלט איין שלאגין דיין שעלמשין רוקין.
דוא טושט דאך דז קינגש גיבאט פֿר צוקין :

מרדכי
איי דוא ביטריבט בישווארצטר ווארום זאל איך מיך פֿאר דיר בוקין.
האשטו דאך איין צילום ⟨!⟩ אויף דיינם רוקין.

דאז דוא מיך מושט אין וואש אנ⟨ד⟩רשט ארייגר קוקין.
אונ׳ אך איז ניט רעכֿט.
דאז זיך זאל בוקין דער הער פֿר דעם קנעכֿט.
דז דוא דאך מעכֿשט ווערין גישעכֿט.
גידענקשטו רשע דען ניט אין דיינר נוט.
דז דוא דיך בייא מיר האשט פֿאר קופֿט אום איין שטיק ברוט.
אונ׳ דוא האשט מיר איין בריבֿל דרוף גיגעבין.
אונ׳ דוא האשט מיר איין גישריבן דיין לעבין.
דען בריבֿ וועלט איך דיר געריין ווייזן.
אביר איך האלט אין אזו פֿאשט אז וויא איין אייזן.
אביר ווען דוא אים מיט גיוואלט ווילשט האן.
דען מושטו אים ארויז ציהן מיט דיין צאן:

המן
מרדכֿי שעלמירייא דא שווער איך דיר איין אייד.
דז דיר דיא שעלמי ריד זאל ווערין לייד.
אל זעלט איך דעם קינג צעהן טוזינט צענטנר זילבר טאן געבין.
אום אב צו קאפֿין די יודן איר לעבין.
ניט אום דיר אליין וויל איך גאן.
נייערט קיין יוד זאל קענין פֿר מיר בישטאן:

מרדכי אריין

⟨המן⟩
וויא רעכֿין איך נון מיין עלטרין איר שאנט.
אום צו פֿר טילגין דיזן יוד דאריך וועם פֿר דיזן אן עמלק איז גיטאן.
נון וויל איך מיך ניט לנג בידענקין.
אונ׳ וויל מיין עלטרין איר רעכֿנוג ניט אן זיא שענקין.
דען די גיישטן פֿון מיינם גישלעכֿט די טובין אום מיר ארום שוועבין.
ווארום זאל איך דען ניט זעהן אום זיא אין מיין הנט צו ⟨געבין⟩.
נאך דען מאל דז מיר דער קינג ביט דיא האנט.
אונ׳ ווארום זאל איך דען ניט רעכֿינין מיין עלטרין אונ׳ מיין שאנט. |
י ע״א איך זיך היר קומט זיין מייאשטיט:

מלך
המן האט מן מיט דיא צווייא פֿראטירש איר
רעכֿט פֿארט גיגאנגין:

666 במקור אנרשט
684 ה״ב חסרה במקור
689 במקור קריגין התיקון לפי החרוז

המן

זיא זיינין אויף דאש קינגש בֿיפֿעל ווארין אויף גיהנגין.
אביר דאר איז נאך אייןווארציל דאז דאר פֿון קאן קומין איין אונגיפֿאל.
וועןָ אביר דער קינג דיא ווארציל אויז רייסן זאל :

מלך

וואש פֿר איין פֿר שלאק וועלט איר מיר געבין אום דש צו פֿר ווערין :

המן זאגט דיא מסירי ‹!›

המן

אין פרסיא דא לעבט איין פֿאלק דז אן אייער ערין.
קיין ער טונין זיא אן אייער קראן אודר טוליפאנט.
זיא זיינן פֿאר שפרייט דאריך אייערן גנצין לנד.
זיא טונין אופרין איין שטיר אודר איין לאם אויז דר ווידן.
פֿון אייערן גלובין אונ׳ פֿון אונז דא טונין זיא זיך גאנץ אב שיידן.
דרום וויל איך דעם קינג טאן זאגין.
דען הנדיל וואש זיא פֿיר האבין.
ערשטלך אלי זיבן טאג טונין זיא שבתּ מאכֿין.
אונט אונזר פֿייער טאג טונין זיא פֿר שוואכֿין.
טוט איינר פֿון אונז עטוואש איין נוץ אנטביטן.
אזו שפרעכֿן זיא מיר מוזין אונזר שבתּ היטן.
אונ׳ צו דען אכֿטין טאג דא טונין זי איר קינדר דיא שווענצליך אב שניידן.
דז דש קינט מוז שמארצין אונ׳ פיין דארןליידן.
אונ׳ זיא זאגין דז איז צו ווארצייכֿן.
דז דש קינד ניט קאן אן גאט פֿר לייכֿן.
אלי פֿיר וואכֿין טונין זיא איין נייאי מאנהייט מאכֿין.
קיגין דער מאנהייט טונין זיא שפרינגין אונט לאכֿין.
זיא שטעלין זיך אין אלי דיא עקין.
אונ׳ זיא שפרינגין אויף אז דיא גייזן אונט בעקין.
אונ׳ זאגין בייא דער מאניט נייאי
ערשטליך איז עז מיט אינין אייטל בטריגרייא.
אונ׳ אלי פֿיר וואכֿן טונין דיא ווייבר זיך מיט גרדינין ביהנגין.
דז דיא מאנין ניט זעלין זעהן וואש דיא ווייבר דאר הינטר פֿר ברענגין.
דר נאך לופֿין זיא אין דיא טוק אריין.
אונ׳ מאכֿין אלי וואשיר אום ריין.
אייני שטוסט דיא אנדיר אונטר דאז וואשר.

716 כך! ייתכן שחסר משהו

אונ׳ שפּריכֿט דוא בישט כשר.
אונ׳ אך וועלין זיא איר טעכֿטיר ניט אן אונז צו וייבר געבין.
אונ׳ ווען דיא זעלטין ווישן צו העגגין דראן איר לעבין.
דרום וויל איך דעם גינאַדיקשטן קינג טאן זאגין.
דעם האנדל וואש זיא מיט אונז דז גנצי יאר פֿיר האבין.
פֿר וואר זיא זיינין דען גינאַדיקשטר קינג ניט נוץ אום איין פֿאדום.
פֿר ערשט אין דער מאן הייט פֿון אפּריל דא האבין זיא איין פֿייער טאג דען היישן זיא אשטרין אונ׳ זיא לופֿין צו דיא ברונין.
דרוז טונין זיא וואשיר שעפּין.
מיט ווייסי טיכֿר טונין זי עז צו דעקין.
דר מיט באקין זיא קוכֿין.
י ע״ב אונ דען גנעדיגן קינג טוני[ן] | זיא שיר פֿר פֿלוכֿין.
דיא גאנצי אכֿט טאג פֿרעסין זיא קיין ברוט.
אונ׳ זיא ווינשין דעם גנעדיקשטן קינג גיוויש דען טוט.
אונט אוך אין דר מאנהייט פֿון מאיו⟨ס⟩ טונין זיא דיא מיידן אונ׳ קנעכֿטין צו דער טיר גינעהן.
אום דז זיא זיך פֿלוגש אום איין אנדרן הערין מוזין אום זעהן.
אונט אך אין דער מאנהייט פֿון יוניוס דא האבין זי איין פֿייער טאג דען היישין זי פּינגשטין.
זיא טונין דעם גנעדיקשטן קינג פֿר שעלטין אונ׳ פֿר ווינשן.
זיא זאגין אין דיזן מאנהייט ווארן זיא אויף דעם בערג סיני.
מיט איין גרוז פּרטייא.
אונ׳ זיא העטין אנטפֿגנין פֿון גאט.
אירי טאבֿלי מאזיס מיט איר צעהן גיבאט.
אונט אויך אין דער מאנהייט פֿון יוליוס טונין זיא פֿאשטין.
דז קינט אין מוטר לייב מוז ליידן גרושין פּיין אונ׳ שמארצין.
אונט אוך אין דר מאנהייט פֿון אגוסטיז דא הבין זיא איין טרורגין טאג.
אונט זי ליידן מיט אנגדר גרוישי פּיין אונ׳ פּלאג.
זיא זעצין זיך אויף דער ערט.
איין אידר יודן קינד האט אין זיין האנט איין ביגש ⟨!⟩ אודר איין שווערט.
גלייך אוב זי וואלטין ציהן נאך דעם קריג.
פֿר וואר זי זיינן דען גנעדיקשטן קינג ניט נוץ אום איין פֿליג.
אונט אוך אין דר מאנהייט פֿון צעבטמביר דא טונין זיא אויף דען הארין בלאזין.
גלייך אוב זי וואלטין יאגין הירשן אונט האזין.
אונט אוך אין דער מאנהייט פֿון אגטאביר דא האבין זיא איר נייעש יאר.

753 במקור הירשן אונט האזין יאגין תתיקון לפי החרוז

פֿאר וואר זיא זיינן דען גנעדיקשטן קינג ניט נוץ אום איין האר.
אין דיזין מאנהייט דא האבין זיא איין לנגין טאג.
אונ׳ זיא גינין אויף איר עלטרין גראב.
אונ׳ זיא זאגין די זאכֿין וועלין מיר לאזין בלייבן.
אונזר הער גאט דר ווערט אונז צו איין גוט יאר אן שרייבן.
טונין זיא אבר איינם פֿון אונזר גישלכֿט אן פֿיגין.
אזו זוכֿין זיא דש מיינשט אים צו ביטריגין:
אין דיזין מאנהייט טונין זיא לובֿיר ⟨!⟩ היטן מאכֿין.
אונ׳ זיא טונין איין ברעכֿין אלי די דאכֿין.
איינר בוט איין הויז.
דר אנדיר לופֿט צו דר שטוב ארוש.
מיט בומיר דעקין זיא עש צו.
גנצי אכֿט טאג האבין זיא קיין רוא.
דרונטר טונין זיא אכֿט טאג זיצין.
פֿר רעגין אונ׳ פֿר ווינט קאנין זי ניט שוויצין.
אונט אוך אין דר מאנהייט פֿון דעצענביר ⟨!⟩ טונין זיא ליכֿט צו דר טיר גינעהן.
אונט זיא זאגין אין דיזן מאנהייט זיין גרושי וואונדר אונ׳ צייכֿן גישעהן.
דיא קלייני קינדר טונין דריבר שפרינגין.
אונ׳ די אלטי נארין טונין דריבר בלערין אונ׳ זינגין.
אונט אויך אין דר מאנהייט פֿון יאנובריוס טונין זי פֿאשטין.
אונ׳ זיא זאגין מאן האט אויז גילערט איר עלטרין דיא קאשטין.
אונט אוך אין דר מאנהייט פֿון פֿעביר וואריוס ⟨!⟩ דא האבין זיא איין גרושי פֿרייט.
אונ׳ זיא זאגין דז אויף דעם גנעדיקשטן קינג זאל קומן איין גרושי שווערי לייט.
אונ׳ זיא טונין | אין אירי שילר אויש אירי ביכֿר זינגין. יא ע״א
דען גנצין טאג טונין זיא ניקש אלז טאנצין אונ׳ שפרינגין.
די זיין מיט אננדר ניט ווערט.
דז זי זאלן ביטרעטין דיזר ערט.
דען איר ווערקין זיינין לוטיר שעלמרייא.
איינר איז דען אנדרין גאר אום גיטרייא.
איין שעלים זעצט דען אנדרין אום איין פאר טוזינט גילדן אן.
דאר נאך קרעט קיין הען אודר קיין האן.
אונ׳ ווען מיר ניט ווערין בייא צייטן דאר צו טאן.
אויף אונזר לעבין ווערין זיא אונז גאן.

762 לפני שורה זו באה במקור ה״ב מיותרת המן וייתכן שיש לראות בטעות זו זכר לדברי המלך שהושמטו
773 במקור בלערין אונ׳ אונ׳

אזו האב איך עש גלייך וואל טאן פֿינדן.
זוא פֿר מיין איך אך דז איך זיא ווער קענין מיט אננדיר בצווינגן.
נייערט אין דר מאנהייט פֿון מערצי איז איר רביני ⟨!⟩ מאזיס גישטארבין.
אזו פֿר מיין איך אך דז איך זיא ווער קענין מיט אננדר פֿר דרבין.
אין דיזן מאנהייט טונין זיא אויף מיינם טוט האפֿין.
איך פֿר האף זי מיט אננדר צו שטראפֿין.
אונ׳ ווייל זי דען פרסינשן גאט דינשט ניט וועלין אן בעטין.
אלזו גיהערט מן זי מיט אונזר פֿיס אויף איר העלז צו טרעטין.
אונ׳ מן גיהערט זיא אלי צו מאל צו פֿר טילגין.
גלייך דר ווינט מאכֿט דעם שטאב פֿון דר ערט איין וועק פֿליגין.
דען זיא זיינין דז אונוועטיר פֿון אייער שטאט.
זיא ברואין אונהייל אונ׳ אך פֿאראט.
אונ׳ ווייל זיא דעם קינג יארליך טונין ביגאבן.
אום דז מן זיא ניט זאל מאכֿין צו שלאבֿין.
אום דז דש קינגש שאץ זאל האבין קיין אב ברוך ניט.
אזו וויל איך געבין אויז מיינם גוט ווען ער אויף זיא דען טוט גיביט.
צעהן טוזינט צענטינר זילבר וויל אים טאן שענקין.
אין דיא פלאץ פֿון אירן צינץ:

מלך

המן ווען איך נאר טוא גידענקין.
וויא איר מיין קרון טוט בהיטן.
אונ׳ וויא אז איר עש בגערט אזו לאשט עש גיביטן.
דא העט אייך דען רינג אונ׳ זיגל פֿון מיינר האנט.
אונ׳ לאשט עש אן שלאגין אונ׳ אוז שרייאן אין אלי לנד.
אונ׳ דיא שאצין דיא איר מיר געבט דז שענק איך אייך ווידר אום:

המן

נון שטיט אין מיין האנט דאש גאנצי יודן דום.
ווער וויל נון מיין גיבאט קיגין שפרעכֿין.
עש איז נון צייט אום מיין עלטרין איר בלוט צו רעכֿנין.
נוא זאל מן פלאקאטין אין שושין אן שלאגין טאן.
נוא ווערין זיא אום לייבש גינאט קומן צו ביטן.
אך ניין מיין גיבאט איז אום זיא אלי גאר צו לאזין טיטן.
יוא דאריך גנץ פרסיא אונ׳ מאדייא.
דא זאל ניט איבר בלייבן איין יודיי.
מיך דונגט איך טוא דש שרייאן אל הערין.
ווער מיר קיין עהר אן טוט דער מוז פֿר לירן זיין לעבין:

המן אריין שרייבר ארוז

שרייבר

איר הערין אונט פֿערשטין אונ׳ גימייני לייט.
יא ע״ב עש איז מיר ווארין | ביפֿאלין אויף דיזר צייט.
אזו ווייט אלז פרסיא הוט צו גביטין.
זול מן אל די יודן טיטין.
דען דא האב איך דען רינג אונט זיגל פֿון דעם קינג זיין האנט.
אונ׳ זול פֿון דען טוט שלאק שרייבן אין אלי לנד.
דרייצעהן טאג אין דר מאנהייט אדר זאל עש גישעהן.
דז מן אין דען גנצין רייך קיין יוד מער זאל זעהין :

שרייבר אריין

התך אונ׳ אסתר ארוז

התך

ער קאם מיר בושין אין דען האף זוא יעמירליך אנטקיגין :

אסתר

אך וואש מאג אים זיין גישעין :

התך

עש אויף זיין קאפף אונ׳ זיין קליידר צו ריסן :

אסתר

אך מעכֿט איך דען אין האלט ווישן :

התך

ער האט איבר זיין גאנצין לייב איין זאק.
אונ׳ טוט לופֿין אין שושין מיט גרושין קלאג.
זיין אוגין שטינין אים אין זיין קאפף אלז בישריאן.
זיין זילבר ווייסי האר טוט ער ארוז ציהן.
ער טוט קיין מענשין ניט לייכֿן :

אסתר

וואש העליפֿט נון אל מיין רייכֿן.
דען איך טוא דעם מאן ליב האבין פֿר וואר אז איך אייך זאג.
ווייל ער דש פֿראט האט דען קינג גיבראכֿט אן דען טאג.
אך מעכֿט איך דאך גיוואר ווערין.

822 במקור ב פ ל י ן התיקון לפי שומר-קונטרס

וואש לייט דאש אים איז איבר פֿארין:

התך

ווען עש דיא קינגין וויל פֿון מיר האבין.
אזו וויל איך דען מן גין פֿראגין.
אוב איך עפיז קאן אויז זיין מואל ⟨!⟩ גיוואר ווערין.
וואש אונגליק אים איז איבר פֿארין:

התך אריין

אסתר

אך וויא טוט מיך אלז זער פֿאר לאנגין.
ביז איך פֿון מיין דינר ווער ווידר איין אנטפֿורט אנטפֿנגין.
דען מיין פֿעטיר דער האט מיר דיא פֿאטיר ליכֿא קאשט גיגעבין.
איך טוא אים מער ליבן אז אל מיין לעבין.
דיא שמערצין דיא ער לייט דז טוט מיר אן דען טוט.
איין זאק אן אונ׳ עש אויף זיין קאפף דא מוז זיין גרושי נוט.
איך זיך אים דארטין פֿון וויטן זיין הענט איבר אננדר פֿרינגין:

מרדכי

אוך באזוויכֿט וויא טושטו נאך אונזר לעבין דרינגין:

אסתר

איך וויל איין ווינג פֿר דיזן פֿענשטר גין.
אום זיין קלאגין אונ׳ יאמרן בעסיר צו פֿר שטין:

אסתר אריין

מרדכי אונ׳ עזרי. אונ׳ אליעזר ארוז

מרדכי

אי לענד מייני ברידר היבט אויף אייערן שטים אום צו קלאגין.
אום אזו איין שווערי שלאק אך אך מייני אוגין.
שרייאט טרערין נעמט שטיין שלאגט פֿר איירי ביטריבטן הערצין.
יב ע״א אום דאש דער הימל דורך אייער | שרייאן ביוואגין ווערט.
אונ׳ דז דאך דער הימל מעגיט איין אויז קומשט זענדין.
אונ׳ מעגיט דאך דז אונגפֿאל אויף המן זיין האלז ווענדין.
איך זיך קיין אוז קומשט ניט זוא דער הימל אונזר גיבעט וויל ניט אן נעמין.
מעכֿט דאך אימנט זיין דר עש אסתר געבט צו קענין.
דען איך ווייש גיוויש דורך דען הימל זוא קאנט זיא אונש בפֿרייאן.
מיין ברידר פֿאנגט אן צו קלאגין אונ׳ צו שרייאן.
אונ׳ שיקט בייא טאג אונ׳ בייא נאכֿט אייער זיפֿצין נאך אובין:

עזריה

ווען מן אונז ווערט דר שלאגין ווער ווערט דען הימל לובין.
אונזר ארמן קלייני קינדר די אין דען הייליגדום זיצן אונ׳ איר גיבעט זאגין:

אליעזר

אך הימל נעמט דאך אן אונזר גיבעט אונט וויינין.
אונ לאז דאך דיא זון ווידר אויף אונז שיינין.
אל דיא רייכֿטום דיא קומט פֿון דיינר הנט.
אך הימל ביוואר אונז פֿר אזו איין גרושין שאנט:

עזריה

זיינין מיר איין אופֿפֿיר פֿון אזו פֿיל טוזינט שארין:

אליעזר

דער הימל דער זאל אונז פֿאר אונגיפֿאל ביווארין:

מרדכי

וואר צו זיינין מיר גיקומין אביר דאך פֿאנגט אן קלאג לידר צו זינגין.
אך אך אונזר ארומי ווייבר אונ׳ קינדרן:

עזריה

ווען אונז דער הימל העלפֿין וויל ווער זאלט עש קענין הינדרין:

אליעזר

וויא איין ביטריבטן טאג ביווייזט זיך אוז דען אשטין:

מרדכי

מיין ברידר טוט אייער גיבעט מיט וויינין אונ׳ מיט פֿאשטין.
דען דער הימל דער האט אונזר עלטרין מעניך מאל טאן דר ליזן.
דער ווערט אונז אך בישערמן פֿון דיזין ביזן:

עזריה

מרדכֿי אייער ריט דיא מאכֿין מיין הערץ איין ווינג פֿרייט:

מרדכי

מיין ברידר גיט דאך איין ווינג אויף איין זייט.
דען איך זיך איין אידלר הער גר פֿלייסיג צו אונז נאדרין:

אליעזר

אך הימל גידענק אן אונזרי פֿרומי פֿאטרין:

869—870 במקור אין פיסוק בסוף שורה 869 וה״ב לפני שורה 870 נכתבה באות רגילה בהמשך רצוף עם שורה 870

התוך ארוז עזריה אונ׳ אליעזר אריין

התך
דיא שינה קיניגין האט מיט ליידן אן אייערין פיין.
אונ׳ שיקט מיך בייא אייך אום אונטר רעכֿט צו זיין.
אונ׳ זאגט עש מיר וואו הער אייער קלאגין אונ׳ וויינין איז גישפראצין :

מרדכי
איך האב צו פֿיל גינאסין.
מיין לעבין אונ׳ מיין בלוט איז פֿאר דיא קיניגין.
אך הימל גיב דאך אן דיא קינגין איין גוטן זין :

התך
וואש פֿעריכֿט איר אייך דיא קיניגין האט מיך צו אייך גיזונדן : |

יב ע״ב מרדכי
ווען עש די קינגין וויל ווישן דען ביהוף איך עש איר ניט צו מעלדין
דוריך מייני מונדין.
דען שריפֿט איז אין דען הויף אן גישלאגין.
וואש דארין שטיט ביוועגט מיך צו וויינין אונ׳ צו קלאגין.
דען דער קיניג האט גיבאטין המן צו גפֿאל.
אלז מן אל דיא אברעירש אין דז גנצי לנד פֿאר טילגין זאל.
דאז איז דש ביטר גישרייא פֿון קינדר אונ׳ פֿון פֿרואן אונ׳ מאנין.
איי ביט דאך דיא קינגין אליז זיא איר קראפֿט מעגיט שפאנין.
אונ׳ דז זיא בייא דען קינג מעכֿט גינאד ארווערבין :

התך
עש איז איין הויך גיבאט אויף שטראף דז דר מוז שטערבין.
דר זונדר גירופֿין בייא דעם קיניג טוט גינאקין.
זוא לאזט דער קיניג דען זעלביגין דען קאפף אב האקין :

מרדכי
דיא ליבשאפֿט פֿון דען פֿארשט ווערט זיא וואל פֿר שונין :

התך
דיא וועטין פֿון פארסי וועלין עש אלזו האבין.
אביר דאך אוב עש אלזו גיפֿיל.
אונ׳ אימנט קריגט גינאט דאריך דען קיניג זיין וויל.
אזו ווערט אים דען גאלדן צעבטיר אן גיבאטין.

889 במקור זאגט עש מיר בסוף השורה; התיקון לפי החרוז

אבר דאך עש איז איין גרוש גיפֿער :

מרדכי

דיא שריפֿט איז פֿון ביטין.
דז איר אן דיא קינגין מושט מעלדין וויא מיר אין איין גיפֿער זיין :

התך

איך וויל עש איר צו ווישן טון :

התך אריין

מרדכי

מעכֿט נון איין זונין שיין אויף אזו איין ביטריבטן טאג מעכֿט זיך דער הימל ארוועקין.
מעכֿט איין פֿרוא נוא דז הייל פֿון אזו פֿיל זילן אר שטרעקין.
מיין פֿריינדן וויא ביטריבט טונן מיר ארוז זעהן.
אך מעכֿט דאך איין הילף דוריך דיין הנט גישעהן.
גלייך אונזר מוטר שרה.
דיא האט גיוואונין איין זון צו נייניציג יארן.
גלייך סיסרא איז אום גיקומין דוריך איין פֿרוש האנט.
אונ׳ זיין פֿאלק וואר דר שלאגין אין גרושי שאנד.
גלייך חנה וואר אין דען טעמפיל בעטין טון.
דר הימל וואר זיא דר הערין אונ׳ גאב איר איין זון.
גלייך יהודית אין איינר נאכֿט.
דז גאנצי לעגיר האט זיא צו שאנדין גיבראכֿט.
אונ׳ האט דען אליפֿרנז דען קאפף אב גשלאגין.
אונ׳ איר פֿאלק האט זיא דר ליזט אן דען זעלבגין טאגין.
פֿר צייטן האט דער הימל גרושי וואונדר לאזין גישעהן.
אך מעכֿט איך דאך איין הילף אונ׳ איין גוטין אוז קומשט זעהין.
אונ׳ דאז איין הילף דוריך אסתר מעכֿט ווערין גיטאן :

התוך ארוז

התך

דיא קינגין אייער קלאגין צו הערצין האט גינומן אן.
יג ע״א אונ׳ זיא וויל איר | אייגין טוט ניט פֿערכֿטין.
אונ׳ וויל דען קינג זעל⟨ב⟩יר גין שפרעכֿין :

912 במקור איין אונ׳ גיפֿער | החרוזים כאן משובשים
933 במקור זעלכֿיר

מרדכי

דז איך אייער פֿיסין קוס מיין אידלר הער דער זעגין ווערט נוא בייא אונז פֿאר ווארט :

התך

איך ווינש עש אייך דש זיא עש מעכֿט פֿירן :

מרדכי

עש שיינט אן אייער ריד דז ⟨א⟩יר אך גונשטיק זייט :

התך

איך זיך איר העט קיין שולט עז איז דיא אלטי נייט.
דיא קינגין דיא לאזט אייך זאגין.
אל דז זיא בייא דעם קינג איז ניט וואָרין גירופֿין אין דרייסג טאגין.
דרום זעלט איר אין שושין גין ארייַן.
אונ׳ זעלט איין זמלין גרוש אונ׳ קלייַן.
אונ׳ זעלט פֿאשטין דרייא טאג אונ׳ דרייא נאכֿט :

מרדכי

וואש מיר דיא קינגין טוט גיביטן דז וויל איך נעמין אין מיין אכֿט :

התך

אזו דערף ⟨א⟩יך ניט לענגיר בייא אייך בלייבן.
איך ווינש עש אייך דז זיא עש מעכֿט פֿארט טרייבן :

התך ארייַן

מרדכי

נון מיין ליבה ברידר קומט ארוז.
דען איך האב פֿר נומין וואש גרוש :

עזריה אונ׳ אליעזר ארוז

עזריה

מיר האבין גרוש פֿר לנגין גהאט אום בייא אייך צו קומן.
אך מרדכֿי האבט איר אך וואש גוטש פֿר נומין :

מרדכי

מייני ברידר זייט וואל גימוט אונ׳ טוט לובן.
אן דען דער דא זיצט אובין.
דען די קינגין דיא האט אונש לאזין זאגין.

936 במקור מ י ר
944 במקור מ י ד

דז מיר ניט זעלין עסין נאך אנדיר דרייא נאכֿט אונ׳ דרייא טאגין :

אליעזר

דז וועלין מיר פֿון הערצין גערין טאן :

מרדכי

נוא מייןברידר היבט אן צו שרייאן אן.
אונ׳ ביקלאגט אייער ביטריבטי זונדן.
וועלכֿש מיר טונין אלי טאג אונ׳ שטונדין.
דורך אונזר גישרייא אונ׳ גיבעט.
זוא ווערט דר הימל זיין דר הערט.
אונ׳ לאזין מיר זיך מיט אונזר גיבעט וואפֿנין.
דז זיך דיא הימלש פֿארט מעגין אופֿנין.
אונ׳ ווען אונזר גבעט זעלט ווערין צו רוק גישטלט.
דען ווערין מיר לייבלוז דר נידר גיפֿעלט :

עזריה

אוך הימל זייט מיט ליידן מיט זוא פֿיל טוזינט זילין.
אונ׳ לאז דאך דאז אונגליק ניט אן אונזר נאך קומלינג ניט פֿאלין :

מרדכי עזריה אליעזר אניין
מלך המן ממוכן חרבונה שרייבר התך ארוז

מלך

ווער קאן דיא ביזן אלי צייט אנט קיגין גין.
זיא טונין אלי צייט נאך דיא קראן שטין.
שעלמין אונ׳ פֿראטירש דיא טונין אלי צייט איין אן שלאק | האבין. יג ע״ב
קומט המן איך מוז אייך וואש פֿראגין.
האט מאן מיט דיא צווייא פֿראטירש איר רעכֿט פֿול בראכֿט.
דיא דא האבין גידאכֿט.
דיא קראן אונ׳ דעם קינג אונטר דיא פֿוס צו ברענגין :

המן

מן האט זיא אויף דז קינגש ביפֿעל טון אויף הענגין.
מן האט זיא אין פֿיר טיילן לאזין האקין.
אונ׳ מן האט זיא גיהענגט אויף פֿיר לאנדש שטראשין.
איר קעפף האט מן גישטעקט אויף אייזרני פענין.
דאר איז נימנט ניט דער זיא מער טוט קענין.
זיא זיינין דאריך אייער רייך גאר פֿאשט גיהעכֿט :

מלך

קיין רייך קאן בישטין עש זייא מיט שטראף אודר רעכֿט.

ווער דא מיסטוט דער מוז אנטפֿאנגין זיין לאן :

ממוכן

דא איז אלי צייט שעלימשטיק אונ׳ פֿראט אן דיא קראן :

שרייבר

איר הייזר דיא זייבין אין דיא גרונט פֿר וואושט.
דא קאן קיין קיניג זיין דא דש רעכֿט איר שווערט פֿרושט.
דען דיא זארגין דיא זיינן אן אייך אונ׳ אן אונזרי טרואי ראטין :

מלך

המן איר זייט מיין רעכֿטיר האנט דאריך אייער טרואין דאטין.
דען איך זיך דז גנצי לנד טוט אויף אייך שטין :

המן

אין דעם קינג זיין דינשט בין איך אלי צייט שולדיג צו גין :

מלך

קאן איך אייך נאך וואש אין פרסיא שענקין :

המן

אליש וואש דער קינג אין זיין הארץ טוט גידענקין :

מלך

ווען נער ווערט דש ביזי פֿאלק פֿר טילגט אוז מיינם לנד :

המן

דיא צייט קומט בלט דר בייא איך שטארק דעם קיניג זיין הנט :

התך

איין טרוריג קלאגליד ווערט דען הימל ארוף גיזונדן.
גידענגט אן דען טוט שלאק אונ׳ אן דיא טיפֿי וואונדן :

מלך

ווער דא דעמפיט איין שעלימשטיק אודר פֿראט.
דער פֿר העכֿירט זיך זעלביר אונ׳ אונטר שטענט זיין שטאט :

המן

זיא זיינן אין מיין אויגן ניט בעסיר גיאכֿט אז דיא פֿליגין.
איר מיסטאט איז ווערט מן מוז דעם שטאם פֿר טילגין :

התך

אה המן וואש ביז קומט אויז אייער בוזים שפראצין.
איך זיך דיא קינגין קומט אויז אירן גארטן :

אסתר ארוז

אסתר

אייער אונט דאנגשטי דיא קומט בייא זיין מאייאשטיט :

מלך

הוא איבר טרעט איר מיין וויל אונ׳ גיבאט :

אסתר

אייער דינארעתֿ 〈!〉 איי מיר :

מלך

וויא איז מיין אוז ארקרין : |

יד ע״א התך

ער גרייכֿט איר דען צעפטיר אודר איך גיב דיא מוט פֿר לארין :

מלך

איך שווער אייך מיין קיניקין 〈!〉 בייא מיינר קראן.

אך מיין הארץ אליר ליבשטי וואש האב איך גיטאן.

איר זייט דיא יענגי דיא איך טוא ליבן :

אסתר

אך מיין אוגין אונ׳ מיין הערץ איז בינוט :

מלך

איך בין צו אייך ביוואגין.

אין אייער אונגיפֿאל איך האב אליין די שולד :

אסתר

איין ביט האב איך צו בעטין איך פֿאר האף דאש מיר עש דער קינג ניט זאלט אב שלאגין :

מלך

איר הופֿט ניט צו פֿר זוכֿין איר האבט מאר צו גיביטן :

אסתר

איין מאל צייט האב איך אן בררייט דא טון איך דעם קיניג דר צו בעטין :

מלך

מיין קיניגין וועז נער זאל זיין דיא מאל צייט :

1007 במקור א ב ש ל א ג י ן ז א ל ט התיקון לפי החרוז

אסתר

אויף מורגין צו מיטאג קאן קומן זיין מאייאשטיט :

מלך

מיין קינגין עש זאל פֿר וואר גישעהן :

המן

וויא איין גרושי ליבשאף ⟨!⟩ טוא איך היר זעהן :

אסתר

נוך איין ביט האב צו בעטין אן זיין מייאשטיט אום מיר ניט צו אב שלגין :

מלך

מיין קינגין אלש וואש איר בגערט דז טוט מיר פֿרייא זאגין :

אסתר

איך ביט דש המן מאג אך קומין אויף דער מאל צייט דיא איך האב גימאכֿט :

מלך

מיין הרץ אלדר ליבשטי איר ווישט וויא ווירדיג אלז איך אים אכֿט.
מיין הערין זייט פֿרילך אין אייער הערצין.
דען מיין קינגין האט נוא ניט מער קיין שמערצין.
נון וועלן מיר פֿון דיזי מאל צייט פראלין :

המן

דיא ליב שאפֿט פֿון דען פֿארשט איז אויף מיר גיפֿאלין :

מלך

איך פֿיר אייך קינגין אה פעריל פֿון מיינם רייך.
איך טוא קיינם מער ליבן אלז מאר אליינג אייך :

אלי אריין

המן אונ׳ מרדכי הושין

המן

וויא איין גרושי גונשט טון איך האבין היינט.
דז איך זאל זיין בייא דיא קינגין אויף איר מאל צייט.
דען איך זיך דז איך בין פֿון אלי ביידי גאר הוך גיאכֿט.
ווער איז מיר און מוט אלזו אונט פֿר דאכֿט.
עש איז דער טרוציר יוד ער קומט גוויש בייא מיר אום צו קלאגין.
אה ניין עש העליפֿט קיין ביטן ניט איר מושט אלי ווערין דר שלאגין.

1027 במקור אונט מוט אלזו און

אך ניין ער גיט פֿר בייא אונ׳ אכֿט ניט מיין ווארט.
עש שיינט דז ער מיט זיין אונגליק זעלבר שפאט פֿון איין שלף אונט ער צו ווערבין.
העל אונ׳ דונדר.
דז איך מיך אזו אויף האלטין קאן דש גיבט מיר וואונדר.
יד ע״ב איך זיך ער קערט זיך נאך ווידר אום ער | איז פֿון זיין זיבין בישטאלין :

מרדכי

דער זיך צו פֿיל איבר נעמט דער קאן באלד איין נידר פֿאלין :

המן

זיך ער טרעט נאך או⟨ן⟩ פֿר צאגט דש גיבאט האט אים גיטראפֿין.
וויא פֿר לאנג איך אויף דיא צייט דאר איך טוא אויף האפֿין.
ווען נער דז הארט נעקיט ⟨!⟩ פֿאלק פֿר טילגט זאל זיין.
וויא איז עש מיגלך דז דיא זוני שיין דיא הארט נעקידיגי קאן איבר שיינין.
אביר איך רעכֿין מיך אונטר דעסין.
איר בלוט זאל דז פֿייער פֿון מיינם הערץ ניט קענין אב לעשין.
אייער הוכֿין מוט וואש איר מיר האבט גיטאן.
דז זאל אייך זוער בישטאן.
איך זיך מיין הערצי אלדר ליבשטי דיא קומט היר אן.
זיא קומט גיוויש אום מיר גליק צו ווינשן.
איך אכֿט מיך היינט גליגליכֿר וועדר אלי דיא מענשין :

זרש ארוז

זרש

אייער גרוש גליק איז מיר דוריך אייר דינר אן גימעלט :

המן

דיא קינגין איר מאל צייט ווערט מארגין אן גישטעלט.
אבר איך האב איין גרושי אן ליגין אין מיינם הערצין.
ווען איך דארן גידענק זוא פֿיל איך פיין אונ׳ שמערצין :

זרש

אייער ווילן ווערט דאך פֿול בראכֿט גלייך אוב עש דער קינג וועלט האן.
איר זייט איין פרינץ דער נאנשטיר אן דיא קראן :

המן

אליז וואש איך ביזץ פֿון לאנט אודר פֿרעשטידום.

1034 במקור פעמיים ע ר 1036 במקור א ו נ ׳

וויא העכֿיר דש איך אין דז גליק בין גיקומין.
דז קאן מיין גרוש הייט ניט דר פֿרייעין.
פֿון די שמאך דיא מיר גישיכֿט.
ווען דר טרוציר יוד קומט בייא מיר פֿר בייא צו שוועבין.
אונ׳ ווייגרט מיר דיא עהר אודר לנדט גיברוך צוגעבין:

זרש
איך גלוב עש איז מרדכֿי דער אייך ניט ערט:

המן
אוך יוא עש איז דז מונשטר:

זרש
אייער שארף שווערט זאל נון אין קורצי צייט אייער צארין פֿר קילן.
זיא זאלין אייער רעכֿנוג אין קורצי טאגין פֿילן:

המן
אין דען האף טוט זיך איין אידר ⟨מאן⟩ פֿאר מיר בוקין.
אונ׳ דיא אונטר דאני דיא טונין דיש קינגש גיבאט ניט פֿר צוקין.
אבר דר יוד טוט אוש דז קינגש גבאט לאכֿין.
עש שיינט אוב ער דז שטרענג גבאט ניט טוט אכֿטין:

זרש
איין ראט דיא מיך דונקט דז מוז אייך זיין צו גיפֿיגט.
ווען איר אן דעם קינגש טיש זיצט אונ׳ פֿון דעם קינג קריגט.
אונ׳ ביפֿעלט אן אייערין דינשטבארי קנעכֿטין.
בוסין אין דעם האף איין גאלגין פֿון פֿופֿציג אילן אויף צו ריכֿטן.
טו ע״א אונ׳ פֿאר זוכֿט בייא דעם קינג דען יודן מרדכֿי דרוף צו | הענגין.
אונ׳ זייט וואל בידאכֿט אום דיזי זאך פֿארט צו ברענגין.
אונ׳ ווען איר ווערט פֿרילך קומין פֿון דער מאלצייט היינט.
דען ווערט איר זעהן הענגין אייער גרושר פֿיינט:

המן
אה זרש אייער ראט גיפֿאלט מיר זער וואל מן מוז אך דא פֿיר זארגין.
דען ווערט דר טרוציר יוד מיט איין שטריק גיווארגין.
קיין רייכֿדום פֿון זילבר אודר גאלדי קראנין.
זאלין מיר דיא יודן גאנץ אונ׳ גאר ניט פֿאר שאנין.
דען ווערין זיא זעהן וואש זיא מיר האבין גיטאן.

1063 במקור א י י ן

אויף זיא ווערט קומן דער שטראף פֿון מיר ווערין זיא אנטפֿנגין אירן לאן :

זרש

דער אבינט קומט אן איר גיהערט אייער זאכֿין פֿארט צו מאכֿין :

המן

איין שטראף האלץ ווערט אוף גריכֿט דער יוד מרדכֿי ווערט עש ניט דרלאכֿין.
דען מיט דעם טאג קריג איך פֿר לאף.
קיין טירן זענין פֿאר מיר גישלאסין אין דען גנצין האף :

ארײַן המן אונ׳ זרש

מרדכי אליינג ארוז

מרדכי

איך קום אין דיזר נאכֿט דאריך דיא שטראסין שוועבין.
אין בין גלייך איין ווילדש טיר דאש דא טוט אין אונגיפֿער לעבין.
מיך דאכֿט דז מיר אימנט זאל זיין אנט מוט.
דער מיר העט וואש גיזאגט דאז דא ווער גיוועזין גוט.
עש קומט אביר נימנט ניט דער מיך זעלט ארפֿרייאן.
נון וויל איך גין בעטין מיט טרויעריקייט אונ׳ מיט שרייאן :
פֿון אינין ווינג ווערט גירופֿין
ווער דא :

מרדכי

מיך דונקט איר הער גרוף אין דיזר נאכֿט.
אה ניין עש איז דז גירוף פֿון דאז קינגש לייב וואכֿט.
אך מעכֿט איך דאך גיוואר ווערין.
דאז איך מייני ברידר מעכֿט ברענגין גוטי מערין.
אך איך קאן נאך ניקש ארפֿרין.
אך הימל וועלט דאך דיין פֿאלק ישראל ביווארין :

מרדכי ארײַן

מלך אונ׳ שרייבר ארוז

מלך

דיא גנצי נאכֿט קאנט איך קיין שלאף אנטפֿנגין :

שרייבר

גליבט זיין מאיישטיט אייני מוזיק זנגין :

1091 במקור ווער דא באות מרובעת בהמשך לה״ב שלפני־כן

מלך
אה ביין מיין זינין זענין גנץ גירירט.
עש שיינט דז לנדש רגירן ניט רעכֿט ווערט גיפֿירט.
עש איז צייט דז איך מיין קראן פֿר אונגיפֿל וואפֿין :

שרייבר
עש גיבט מיר קיין וואונדר דז דער קינג ניט קאן שלאפֿין.
דען איין הערדר דער מוז בייא דער זונין שיין.
זיין פֿיך פֿר זארגין אונ׳ מוז בייא דער נאכֿט איין וועכֿטר זיין :

מלך
שרייבר האלט מיר דאז גישיכֿט בוך פֿון אונזר לעבין.
טו ע״ב אום מיך צו לאזין | ווישן וואש דז יאר איז פֿיר טריבן :

שרייבר
עש זאל גישעהן איך וויל דעם קינג זיין ווילן טאן.
אונ׳ וויל דיא קראניק הולין גאן :

שרייבר אריין

מלך
וויא מעניך מאל איז דז פֿארש⟨ט⟩ין שטאט.
גיטרייעט דאז זיין לעבין הענגיט אן איין זיידן דראט :

שרייבר ארוז

שרייבר
היר איז דיא קראניק וואש גיליבט זיין מאיישטיט דאז איך זאל לעזין :

מלך
זוכֿט ווער איין גוט שטיק האט גיטאן אונ׳ ווש גוטש מן אים הוט ביוויזין :

שרייבר
איך גיפֿינט אין דער צייט דז ושתי נאך וואר.
אזו האט זיא גיבראכֿט צווייא יונגי פרינצין דאר.
דיזי צווייא פרינצין דיא ווארין אין דז קינגש האף אויף גיצאגין.
אירן הערצין דיא ווארין צו ושתי ביוואגין :

מלך
עש גישאך ושתי גאר רעכֿט דען זיא טעט וואונדרליכֿי דינגן :

1109 במקור פ א ר ש ש י ן

שרייבר

דיזי צווייא פרינצין דיא ווארין דאז קינגש קאמר לינגין.
זיא האטין דוריך ושתי איין גרוש פֿאראט פֿאר.
אביר דז פֿראט קאם דוריך איין יוד אופֿין באר.
דיזיר יוד וואר מרדכֿי גינאנט.
דען ער קאנט עטליכֿי שפראך אויש פֿרעמדי לנד.
אזו האט דר יוד איר שפראך פֿר שטנדין.
אזו זיינין זיא דוריך דז קינגש ביפֿעל ווארין אויף גיהנגין:

מלך

דז וואר מיין לעבין ווערט וואש האט מן דען פֿרומן יוד גיגעבין:

שרייבר

איך גיפֿינט פֿון דז פֿאראט אבר פֿון קיין לון ניט גישריבן:

מלך

דיא אליר ⟨ה⟩עכֿשטי דאט נאך ניט טאן ביצאלין.
פֿאר וואר דיא זאך טוט מיר גר ניט גיפֿאלין.
אלזו איין מאן קומט צו אלי ער אונ׳ לאף.
ווער איז אזו פֿריא אין דען זאל אין דז קינגליכֿן האף:

שרייבר

איך טוא הער המן זעהן.
ער וויל בייא דעם קינג גינעהן:

מלך

לאזט אים ניט לנג דרושין שטין.
אונ׳ לאזט אים ארייינר גין:

שרייבר אריין אונ׳ המן ארוז

המן

נון איז עש צייט אום מיך צו קענין רעכֿינן.
נוא וויל איך אים דען האלז צו ברעכֿין.
נון וויל איך מרדכֿי ווערגין גלייך אז איך פֿאר האב.
איין גלגין האב איך גיבוט דז זאל זיין זיין גראב.
וואש וויל זיין מאיישטאט:

מלך

המן איך שפיר דאז איר אייערי טאגין.
פֿר שלייסט דז לאשט דען רייך אויף אייך טוט טראגין.

אייך ווערט גיפרעגט איין ראט וויא איך איי⟨ן⟩ פֿריינט בילאן.
דאז איך טוא מיין גונשט דער מיר האט איין גוטץ גיטאן :

המן
דז ווארט גיפֿאלט מיר זער וואל ער וויל מיך נאך העכֿיר מאכֿין.
דאז ווערט דז יודש גישלעכֿט נאך מער דען האלז צו ברעכֿין.
טז ע״א דען איך זיך דז | מיך דער קינג אלי טאג מער אכֿט :

מלך
המן האבט איר אל איין גוטין ראט בידאכֿט :

המן
וייל דער קינג וויל פֿון מיר ווישן אזו איז דיזר מן ווערט.
דז ער מוז רייטן אויף דעם קינג זיין בעשטין פֿערט.
אונ׳ ער מוז זיין גיצירט אונ׳ אויף דז קאשטליך אן גיטאן.
דיא קינגליכֿן קליידר מוז ער אן האבין אונ׳ אויף זיין הייבט דיא גאלדן קרון.
אונ׳ דיא צעבטיר אין דיא האנט אונ׳ דיא גאלדין קעט זאל א⟨י⟩ם זיין האלז צירן.
אונ׳ איינר פֿון דיא גרעשטי הערין דער מוז דז פֿערט אין דער שטאט בייא
דען צאם אל ארומיר פֿירן.
אונ׳ מוז רופֿין פֿר דיא הערין אלין.
דיזן מאן צו ערין דז האט דער קינג ביפֿאלין :

מלך
המן וייל אייער ראט דונגט מיך מאג פֿארשליך בישטאן.
אזו זאל דיזי ער אן דען יוד מרדכֿי ווערין אן גיטאן.
אונ׳ לאט אים אויף דז קאשטליך אין שושין ארום פֿירן.
אונ׳ מיט מיין קראן אונ׳ קליידר מושט איר אים צירן :

המן
וואש אונגליק קומט מיר איבר אלזו אום פֿר דאכֿט :

מלך
המן נעמט מייני ריד גאר וואל אין אכֿט.
אונ׳ איר מוזט דז פֿערט זעלבר בייא דעם צאם נעמין אן.
אונ׳ מושט עש אין שושין ארום פֿירן טאן.
אונ׳ איר מושט עש אויז רופֿין אונטר דיא הערן אלין.
אום דען מן צו עהרין הוט מיר וואל גיפֿאלין.

1141 במקור א י י ך
1145 במקור מספור הדף הוא י ו
1151 במקור א ו ם

אונ׳ ווען עש איז פֿול בראַכֿט אזו פֿר ווארט איך אייך אן דען טיש.
פֿון אונזר קינגין דיא אונז פֿאר ווארטין איז.
אויף דאז פֿריילך מיטאג מאל דז אויף דז קושטליך איז אן בירייט:

אלי אריין

המן

אך ווש האב איך דא גיהערט דז מיר גיבט ווינג פֿרייט.
איך וואר גלייך דיא זון דיא מיטן אויף דען טאג.
נון פֿאלט מיין אַכֿפּירקייט מיט איין שווערי שלאק.
איך בין אין מיין הערץ דוריך דז קינג⟨ש⟩ גיבאט פֿר זונקין.
איך בין גלייך איין ווילדז טיר דז דא ווערט ג⟨י⟩אגט אין שפילו⟨נ⟩קין.
מיין אוגין די שימרין מייני זינין זיינין פֿול שרעק.
אך ווער זאלט עש גידאַכֿט האבין אויף אזו איין אונגליק.
אבר דאך וויל איך מיין מוט ניט געבין צו קענין.
אונ׳ וויל מיט פאסיענציא דען גאלדן צאם אן נעמין.
אך וויא קום איך צו זעלכֿין אונגיפֿאל.
מיך דונקט איך הער דז גיוכֿץ אונ׳ גישאל.
פֿון דז גשלעכֿט די אברעירש זיא מיינין זיא האבין מיך איבר וואונין.
אך ביין דאז געלט ניקש זיא מוזין ענטליך אלי גאר אום קומין.
נון וויל איך דאש קינגש גיבאט טאן מיט איין גוטין מוט.
דר נאך וויל איך מיין שווערט פֿרבין אין דז יודן בלוט:

דא קומט המן בייא מרדכי

המן

⟨טז⟩ ע״ב מרדכֿי דיין קאפף אין דרייא וואל צו דיר אונ׳ אוך אונ׳ ווינד אונ׳ וויא צו | מיר.
דאז דוא האשט דער לעבט אזו איין רעכֿנוג אן מיר.
דרום שטיא דוא אויף אל פֿון דר בנק.
דז דוא זאלשט ווערין צו טוטין קראנק:

זינגן

אונ׳ שטיא דוא אויף אל פֿון דער ערט.
אונ׳ זעץ דיך אויף דעם אידל הויך גיבארנר קינג זיין בעשטין פֿערט:

זינגן

אונט דער דיין בעטן אונ׳ פֿאשטן האט דיר גיהאלפֿין מין.

1171 במקור קינגט
1172 במקור גאגט אין שפילוקין

וועדר מיין זילבר אונ׳ רוטיר גאלד אונט אידל גישטיין :

מרדכי

אך וויא זאל איך ליידר אויף שטין.
קאן איך דאך ניט אויף מיין פֿיס גין.
דען איך האב גיפֿאַשט דרייסיג טאג אונ׳ דרייסיג נאכֿט.
אונ׳ איך בין שיר פֿר שמאכֿט.
אונ׳ איך בין אויף דער ערט גיזעסין.
אונ׳ האב דאך ניקש גיגעסין.
אונ׳ וויא זאל איך דען קינגש קרון אונ׳ קליידר אן טאן.
בין איך דאך אויף דיזר צייט איין און גיאכֿטר מאן.
דרום טוא מיך איין ווינג פוצין אונ׳ שערין.
דז דוא ניט לנג אויף דער וועלט זאלשט גיווערין :

המן

אך מרדכי וויא טושט דוא דיא זאך פֿון מיר ביגערן.
דז איך הער המן קאווילר זאל דיך פוצין אונ׳ שערין.
עש שטיט דאך אין דיין צעהן גיבאט ווען דיין פֿיינט פֿאלט דען זאלשטו דיך ניט פֿרייען.
אונ׳ וויא טושטו דיך איצונד ער מייאן :

מרדכי

איי דוא רשע בייא וועם איז דז רעכֿט.
בייא יודן גישלעכֿט :

המן זעצט מרדכי צו פערט

המן

דר קינג אחשורוש טוט צו ווישן אן אליה ⟨!⟩ הערין.
דז מן דיזין מן זאל קינגלך ערין :

מרדכי

אה הימל איך טוא דיר לובין אונ׳ דנק זאגין היינט.
לאז דאך נאך מער פֿאלין דיזין יודן פֿיינט :

המן אונ׳ מרדכי אריין

המן אונ׳ זרש ארוז

המן

וואש פֿאר איין בטריבניש קומט מיר היינט צו פֿארין.
פֿון שרעק אונ׳ וויא טאג זוא פֿארין אויף מייני הארין.

זאל גוא איין מארגין פֿיש איין גרוש מעכֿטיג שיף.
פֿאר שלאגין אויף איין הארטין קליפף :

זרש
מיין ליבשטר וויא טוט איר אזו יעמרליך קלאגין :

המן
עש גיבט מיר גרוש וואונדר דאז איר מיר טוט פֿראגין.
זעכֿט איר ניט אין מיין גיזיכֿט וויא עש אינן ווינציג איז גישטעלט.
איר קאנט אין מיין גידאכֿטין זעהן אז אין איין אפֿין פֿעלט.
איך האב מיין טאג קיין גרעסיר פֿאריכֿט אין גינומן.
גלייך מיר דען טאג איז פֿאר גיקומין :

זרש
האט אייך דען ניט מרדכֿי נאך אייער ווערדיקייט גיערט :

המן
אלז איך דען נאמין מר הער דען ווערט מיין הערץ בישווערט : |

זרש יז ע״א
איר מושט אים לעשטרין מיט אל זיין גישלעכֿט.
מושט איר איין רעכֿנוג טאן נאך אייער'ן דונקין רעכֿט.
פֿר וואר איך עש זאג :

המן
אה טאג דען איך מיט רעכֿט ביקלאגן מאג :

זרש
מיין ליב שלאג עז אוז אייער זין :

שרייבר אונ' התך ארוז

שרייבר
מיר קומן אויז אורדר פֿון דיא קינגין.
אום צו קומין אויף די מאלצייט.
דיא זיא פֿר דען קינג אונ' פֿר איך האט אן בירייט :

המן
דז איז מיר איין גרושי לוב אבר איך אכֿט.

1224 במקור רעכֿטין דונקין התיקון לפי החרוז
1226 במקור ביקלאיגן

דז דיא מאלצייט אל ווער פֿר בייא גבראכֿט :

התך

איר מושט בייא די קיניגן אין דען זאל קומן אן :

המן

איך פֿר זוך דז מיך דיא קינגין מעכֿט פֿרשונין טאן :

שרייבר

דז קאן פֿר אל ניט גיזיין :

המן

עש איז וואר עש איז צו גיזאגט :

התך

איר ווערט אין דען האף פֿר ווארט בייא זיין מאיישטיט :

שרייבר אונ׳ התך אריין

המן

איך וויל מיך נון בייא דער קיניגין אן איר מאל צייט ביגעבין :

זרש

בווייזט אייך אייער הערץ האפֿירדיג עש שיינט אוב אייער לעבין.

דורך גליטן שמך אלז קיגין איז.

איר מוזט אייך פֿרילך הלטין בייא דז קינגש טיש :

המן

אדי מיין ליב איך גיא נון אויף דער מאל צייט :

זרש

איר זעלט זיין אן גינאם בייא זיין מייאשטיט.

איך וויל אייך ווידר מיט גרושי פֿריידן פֿר ווארטן :

המן

איך גיא אביר איך בין בישווערט מיט פֿיל ארלייא גידאכֿטן :

המן אונ׳ זרש אריין

מלך אונ׳ המן ארוז

אסתר שטיט אן דען טיש

1241 אדי = adieu

מלך
אלזו וועלין מיר צו אונזר קינגין גינעהן.
ווייל זיא עש ביגערט אזו זאל איר וויל גישעהן :

המן
מיר וועלין הייגט פֿרילך בייא דיא קינגין זיין :

אסתר
מיין קיניג זייט ווילקום בייא מיין וויין.
דען איך בין דעם קיניג זיין שלאבֿין.
אונ׳ המן זייט ווילקום בייא דיא קינגין.
וויא איין ער ווער איך נון האבין.
ווען דער קיניג ווערט שפייזין פֿון מייני גאבין :

מלך
וויא וועלין נון פראלין פֿול אייערין לאף :

אסתר
אלי דיא אידלן פֿון מיינם האף.
דיא זאלין קומן אין דען זאל אום מיין ווילין צו טאן.
אום דען דינשט צו פֿר זעהן אן זיין מאיישטיט אונ׳ קראן.
דען עש ווערט אימאל איין ביזן ראט גישלאגין :

מלך
ווער פֿר דרוקין לייד האט אן מיין קרון צו קלאגין : |
יז ע״ב ממוכן שרייבר התך אלי ארוז
מלך מלכה המן זיצן אן טיש

אסתר
אזו ווערין דיא גוטי בישטריטן אויף פֿיל ארלייא מנירן.
עש זוכֿט זיך צו פֿר שלינדן איין ווילדש טירן.
אבר איין איינגר דר קאן דז אליז שליכֿטין.
אונ׳ דיא פֿר פֿאלין זיין ווידר אויף צו ריכֿטין :

מלך
מיין קינגין אייער צונג אונ׳ אוגין טוט מיר גאר וואול גיפֿאלין :

אסתר
איך בין גליגלד⟨!⟩ אז אייער גוטהייט טוט אויף מיר שטראלין :

מלך
ביגערט פֿון מיר וואש איר וועלט איך זאל עש אייך גיווערין :

אסתר
מעכֿט מיר דער קינג דיא העלשי בייד פֿון מיין האלז אב קעריין.
פֿרינץ המן זייט פֿריליך הייט.
אבר אייער גידכֿטן אונ׳ דיא מייני דיא זייגין פֿון אננדר גאר ווייט:

המן
איך בין אייער שלעכֿשטין קנעכֿט פֿון אייך מיין קינגין:

אסתר
דיא צונג רעט גנץ גוט. אבר דער הימל קאן דיא זין:

המן
איך גלוב ניט דז איר צווייבילט אן מיין דינשט אודר טרוא:

אסתר
יוא המן איר שפריכֿט אז איין מאן אבר איך פֿעריכֿט מיך אז איין פֿרוא.
זאל זיין מאיישטיט אן זיין בילובנז וואל גידענקין:

מלך
וואש וואלט איר מיין קינגין דאז מן אייך זאל שענקין.
וואלט איר דאז האלבין רייך איר האט עש צו גיביטן:

אסתר
ווען מיר דער קינג וויל גינאדין טאן אזו העלפֿט מיר אוש מיין ניטן.
איך פֿר זוך פֿון דעם קינג אום צו ביטן פֿר מיין לעבין.
אונ׳ פֿר דיא יענגי דאר איך פֿר שפרעך אונ׳ וואלט גערין אוז ליזן געבין.
ווען מיר ווערין פֿר קופֿט פֿר קנעכֿטין אודר מיידן.
אזו זעלט איך ניט איין איינציג ווארט דאר צו רידן.
אבר דורך אייער גאנצן רייך איז איין מארט האלז אוף גירעכֿט.
דיא שווערדר דיא זיינין גיוועצט אונ׳ דיא זיילר דיא זיינין גפֿלעכֿט.
אונ׳ נאך דאז שטרענג גיבאט איז גרוש יאמר אונ׳ גרוש קלאגין.
דיא גנצי ערטרייך איז פֿול שרעק אום אזו איין אונשולדג בלוט צו דר שלאגין.
דיא ארמן מענשין זיינין אין הילין אונ׳ שפילונקין פֿר בארגין.
פֿאר איר מונט קאשט האבין זיא ניט קענין זארגין.
איין טייל פֿון זיא טונין זיך פֿר קריכֿן אין ווילדן וואלט.
דז וויינין אונ׳ שרייאן דאז איז פֿון יונג אונ׳ אלט.
דאריך דארשט אונ׳ הונגיר זיינין זיא פֿר שמאכֿט אה אילענדיגי טאג:

מלך
ווער האט דז שטיק בישטעלט ווער איז אורזך פון דיא קלאג:

אסתר

דער מיך אונ׳ מיין פֿאלק אברעירז טוט נעניך.
צו פֿרטילגין מיך אונ׳ מיין פֿאלק האט גיגעבין צו קענין: |

יח ע״א מלך

ווער שטיט אייך נאך דען האלז ווער האט זיך זעלכֿז אונטר נומין:

אסתר

דער בייא אונז אן דער מאלצייט איז גיקומן:

המן

אייך ניט דיא יודן האב איך דז ביז אוז גירײכֿט:

אסתר

אייער צונג בליגט דען שטאם איך בין פֿון דז גישלעכֿט.
עש איז דר ביזר המן דער זעלכֿיש האט אין זין.
דיא ערשטי טוט שלאק וואלט ער אן פֿנגין אן אייער קינגין:

מלך

איין גרוש וואונדר טוא איך היר הארין.
פֿויא המן פֿלוך פֿרייא דיא שטונט דיא דוא בישט גיבארין:

המן

וואו פֿאר בערג איך מיך איך דעריך דען פֿארשט ניט מער אן שואן.
איי מיר איך האב מיר דאז אונהייל זעלבר צו גיברואן.
אך מיין גרושהייט טוט זיך נון וואונדרליך פֿר קערין:

מלך

בין איך דען ניט דער דז אשטין פֿון אינדין טוט ריגנירן.
פֿון אגיבטן אן ביז אן ארפיא.
איז מיין הערשכפייא אונ׳ גנץ אלמאניא.
אל דיזי וייטי לנדן דיא שטין אונטר מיינר הנט.
זאלט איך דען ניט האבין דיא מאכֿט איינם צו שטראפֿין אין מיינם לנד.
אל שון דאז איך אים האב גרוש גישטעלט.
מיין צעפטר פֿר שטרעקט פֿר איין רוט פֿאר ערלאזי גיוועלט:

מלך אריין

המן אונ׳ אסתר אליין הושין

המן

מיין אליר גנאדגשטי קינגין האבט מיט מיר מיט ליידן.
איך בין ווערט דז מן מיך פֿון גליט צו גליט זעלט שניידן.

דיא פֿעלשטי פיין קאן ניט בידעקין מיין שולט.
אך מיין קינגין טראגט מיט מיר גידולט.
אונ׳ טוט דאך בייא דען קינג טרעטין.
אונ׳ טוט פֿר מיין יונגש לעבין בעטין.
אונ׳ טוט דאך בייא דען קינג גינאט פֿר ווערבין.
דאז ניט אלזו איין יונגר העלט דאריך איין שווערט זאל שטערבין.
היר לאז איך ניט פֿון אייך אב אונ׳ גיא נעבין אייך זיצן.
ביז איר מיר העט צו גיזאגט פֿר מיין לעבין צו ביטן.
אך מיין צונג איז שטייף איך קאן ניט איין ווארט מין שפרעכֿין.
דער שרעק פֿון אונגינאד טוט מיר מיין הערץ צו ברעכֿין :

אסתר
וויא האבט איר דען דערפֿין אונטר נעמין אזו איין גרול שטיק :

המן
איין או⟨ן⟩ בידאכֿצום הייט דוריך דז בליאן פֿון מיין גליק.
דז בראכֿט מיך צו גרוש הופֿירדייא נון שלאגט עש מיך דרנידר :

אסתר
מיין ארום פֿאלק וויל האבין איין רעכֿינוג ווידר :

המן
אך מיין קינגין אוב עש אלז גיפֿיל וועלט איר מיר ביווייזן איינגי טרוא.
עש שטיט דאך אלז אין אייער האנט הא קינגליכֿי פֿרוא : |

יח ע״ב אסתר
איך זאג אייך המן אל אייערין ביטין איז אום זונשט.
בייא מיר הבט איר גנץ קיין גונשט.
דען דז אונהייל דז האבט איר אונטר נומן.
דז זעלביגי ביז מוז נון איבר אייער גישלעכֿט אוז קומן.
אונ׳ לאזט אייער הענט פֿון מיר שטין.
איך זיך דאז דער קינג קומט אן צו גין :

המן
איך לאז ניט פֿון אייך אב בייא אייך וויל איך שטערבין :

אסתר
לאז לאז דער פֿראטר וויל מיין עהר פֿר דערבין :

מלך שרייבר ממוכן התך ארוז

1324 במקור א ו נ׳

מלך

וואש איז דז :

ממוכן

ער האלט דיא קינגין מיט מאכֿטין :

מלך

הוא קומט איר דיא קינגין צו ביקראכֿטן :

המן

גנאד אך גנאד פֿר אייער גיטרייאן דינר :

מלך

אייער צייט איז פֿר בייא דאז זאג איך אייך פֿאר וואר.
מיינה הערין פֿאליגט מיין גיבאט וואש איך אייך טוא גיביטן.
מאן דעקט אים אונ׳ טוט דען שעלים טיטן :

שרייבר

אליר גינאדקשטר קינג איין וואונדר וויל איך אים טאן זאגן.
וואש המן האט גיטאן פֿר עטליכֿי טאגין.
דער פֿרומן יוד מרדכֿי דער דען קינג זיין לעבין האט ביווארט.
פֿון דיא צווייא קמרלינגין דיא דא האטין פֿאר איין גרוש פֿראט.
אונ׳ דר ביזר המן האט איין גלגין לאזין בואן אום מרדכֿי דרוף צו הענגין.
אונ׳ דען פֿרומן מאן דארן זיין לעבין צו נעמן :

מלך

דען גלגין דען דר פֿאראטיר האט פֿר מרדכֿי טאן מאכֿין.
לאזט אין נון זעלביר דען האלז דארן צו ברעכֿין.
וויל די קינגין מיט מיר אין דיא גרינטי גין וואנדלן.
מיין רעכֿטירש האבין וואש מיט דען טיראן צו הנדלין :

מלך אסתר ארייין

המן זינגט דיא קלאג לידר

המן

אוך אונט וויא וואש האב איך דא גיהערט.
פֿאר גרושי לייד שטעך איך אין מיין הארץ מיין אייגין שווערט.
אוך אונט וויא וויא האב איך עש אלזו ווינג גימיינט.
דאז איך זאל שטערבין הייט :

זינגין

דרום אוך איר הערין אונט פֿערשטן טוט איין מאל אן שואן.

וויא דאז איך נארשיר מאן איין גלגין אויף מיין אייגין האלז האב טאן בואן.
אונ׳ דאר איך אן דר מאל צייט בין גיוועזין.
דא האט מן מיר דיא פלאנעטין פֿאר גילעזין:

זינגין
אונ׳ העט איך גיוּוישט דאז דיא קינגין פֿון יודן גישלעכֿט ווער.
אזו העט איך זיא ניט גיבראכֿט אוז ווייטן לבדן איין הער.
אונ׳ העט זיא ניט בייא דען קינג לאזין אן זאגין.
אונ׳ דען העט איך קענין דיא יודן פֿון גרוש ביז קליין לאזין דר שלאגין:

זינגין
יט ע"א קען מן מיר אזו איין טוט אן טאן וועם זאל איך | עש קלאגין.
מאג אימנט אזו איין פרינץ אז איך בין דער נידר שלאגין.
איך ביקען איך האב גידאכֿט דז יודשין שטאם צו טיטן.
איך ווידר רוף דז ביפֿעל דער קיניג דר האט זעלברט גיבאטין:

זינגין
איר הערין וואש ביטייט דיזין דעק דא איר מיך טוט בידעקין:

ממוכין
אום דז איין פֿינשטרן וואלקין איבר אייער גרושהייט טוט שטרעקין.
דאז האט דער קינג אין איינר אייל גיבאטין.
דז מן אייך מיט איין שטריק זאל טיטן:

המן
איז דאז דען לוטיר ערינשט דאז קאן איך ניט גלובין.
דאז מיך דער קיניג זעלט דאריך הענקירז הענדין לאזין דער שלאגין:

התך
זיא זיינין אלהיר:

המן
איז דען פֿאר מיר קיין גינאט:

התך
פֿר וואר איר שטערבין מוזט אייער קלאגין איז צו שפאט:

המן
איי פֿר גינט מיר דז איך דען קינג זעלבר שפרעך.
אוב דז איך דורך זיין גרושן גונשט מעכֿט קריגן איין אנדר רעכֿט:

ממוכין
דא זייט פֿר זיכֿרט דז פֿר אייך קיין גינאט איז צו ארוועֿרבן.

דאז רעכֿט איז אוז גיזאגט דז איר מושט שטערבן :

שרייבר

דאר קינג היישט דען רינג אונ׳ זיגל דען ער אייך האט גיגעבין :

המן

דא איז זיין גרושי גונשט :

שרייבר

מן איילט זיך אונ׳ מן נעמט אים זיין לעבין :

אניין שרייבר

המן

פֿון דאז פֿרילך מיטאג מאל צו שטרבין אך שנט איר העגקיר ווייכֿט פֿון מיר אב.
דאז איר מיר ניט מיט אייערן הענט מיין פֿערשטליך לייב אן רירן זאלט.
און וועך איך דאך שטערבין זאל.
זוא טוט איין רעכֿטירז מיר דאז צו גיפֿאל.
אונ׳ זאגט מיר דען פלאץ וואור איך אן מיין טוט זאל קומן :

ממוכין

דורך דז וערגין פֿון איין שטריק זאל אייער לעבין ווערין גינומין :

המן

וואו איז דער שטריק איך ביט מן גיבט זיא מיר אין מיינר הנט.
וויא פֿר זעכֿט איר מיך אך עלענד מיט אזו איין שאנט.
זאל איך נוא מיט איין שטריק ווערין גישטראפֿט אה המן קלאג.
מיין טוט גיבט אן מיין ער איין שווערי שלאק.
וואז ווערן די פֿרעמדן הערין דאר צו זאגן.
דז דר קינג לאזט המן דאר נידר שלאגן.
אבר מיין אונגליג ⟨!⟩ איז זוא גרוש לאזט אייך קיין וואונדר זיין.
מענכֿר גראבט איין גרוב אונ׳ פֿאלט דר נאך זעלביר ארייין :

ממוכן

ברייט אייך צום טוט דען אייער צייט איז פֿר בייא :

המן

היר ליגט מיין טוליבנט וויא ווילג אז איך זייא.
יט ע״ב איך קאן מיך נאך ניט | ביריי⟨ט⟩ן.
אום פֿון דיזן וועלט אזו גישווינט צו שיידן.

1399 במקור ביריידן התיקון לפי שומר־קונטרס

אבר עלענד מאכֿט מיט מיר דר פֿון.
אום דז איך גיהארזים בין אן די רעכֿטירז אונ׳ אן דיא קרון.
דא טוא איך דען שטריק זעלביר אום מיין האלז נון איר הענקירס פֿאנגט אן.
מעכֿט איך נון איין רעכֿינוג אן מרדכֿי טון.
איך ליד פֿעלשטי פיין דיא אימר קענט זיין גידאכֿט.
וואו איז מיין גרושהייט וואו איז מיין גרושי מאכֿט.
אחשווירוש טיראן פֿון זיין קינגין :

ממוכן

פֿאנגט אן :

המן

אך וויא העט איר ביזי זין :

התך

ציט אן דא ליגט ער צו דער ערדן נידר גיפֿעלט.
דער דש רייך אזו יעמירליך האט טון שטעלין אין גיוועלט :

שרייבר

מן טוט דען קיניג פֿון המן זיין טוט צו ווישן :

התך

דא ליגט ער דער געשטר אן דער מאל צייט האט גיזעשין :

מלך אסתר מרדכי עזריה אליעזר אלי גאר ארוז

מלך

וואו איז דער לייב פֿון דען טרוצין רייכֿש פֿראטיר.
מיין קינגין קומט דאך דיזין שרעק ניט נאדיר.
ער ווערט אן דען גלגין פֿון מרדכֿי גרעכֿט.
אין דיא מיטן אין די לופֿט אין שושן פֿאשט גיהעכֿט.
דיזין שטראף האב איך אן גיבאטן.
אום דז ער דוריך פֿראט איין ארום פֿאלק וואלט טיטן.
פֿון וועגין דש דאש פֿאלק האט ניט איין מאל גיהאט קיין קלאכֿטין.
אונ׳ דער באזוויכֿט האט נאך איר לעבן טון טראכֿטן :

התך

דש ארום פֿאלק האט גרוש יאמר אונ׳ קלאגין :

שרייבר

אזו ווערט איין שטאם דר ליזט פֿון דען טוט שלאגין :

אסתר

אייער קינגין טוט פֿון אייער גוטהייט איין נידר קניאן.

אונ׳ פֿר זוכֿט אום פֿר גיבנש ווייל איך אייך האב זוא טאן במיאן.
אונ׳ דאך זיין מייאשטיט זיין ארין לענין וועלט.
דר ווייל דז אומוועטיר דז מיינשטין איז געשטילט :

מלך
אלז וואש מיין קינגין וויל דז טוט מיר פֿרייא נומין :

אסתר
דא איך אוף אייער ביפֿעל בין אין דען האף גיקומן.
אזו איז מיר פֿיל ריד ווארין אונטר רעכֿט.
צו פֿר שווייגין דז איך וואר פֿון דאש עברעשי גישלעכֿט.
אויז יעקבֿש יונגשטן זון אוז בנימן גישפראצין.
מיין פֿעטיר איז מרדכֿי פֿון וועם איך האב גינאסין.
דיא פֿאטירליכֿא זארגין נאך מיין עלטר טויט.
נון פֿאלט דש יודשי פֿאלק אלי אין מיין שוס.
פֿון אים מיט זארגין בילאשט זיא היישן מיך מוטר :

מרדכי
גרושר קיניג זייט אונז דאך איין ביהיטר.
פֿר גינט אונז דש לעבין דאך מיר בוקין זיך פֿר אים נידר : |

כ ע״א מלך
דש גיבאט דש איך המן גאב דש ווידר רוף איך ווידר.
מיין קינגין נון זעלט איר ביאוגין.
וויא מיין הערץ צו אייך איז ביוואגין.
איך וויל מיך ביווייזן צו אייער פֿעטר קיניגליך.
קומט איין הער מרדכֿי איך מאך אייך.
אן מיינם רייך דער צווייטיר אן דיא קראן :

עזריה
אך הימל וויא קאן זיך דז פֿר קערין :

מלך
דאר איז דער גאלדין רינג אין דז בייא זיין פֿון מיין הערין.
איך גיב אייך דען זיגל פֿון מיין הנט.
איר זעלט זיין דער פֿר נעמשטר אין מיין לנד :

מרדכי
זאל דען נוא אן אייער שלאף זוא איר גונשט גישעהן.
איך פֿר האף דעם קינג נאך אין מער הערליכֿקייט צו זעהן.
איך זאג דעם קיניג דנק דז ער מיך טוט ארהיבן :

אליעזר

וויא טוט דיזן פֿרייט אן אונז איין ארקוויקין געבין :

מלך

דיזי האט דיא לוב דיא פֿר אייך האט גישטריטן.
אונ׳ אום אירן ווילן האב איך המן דען טויט טון גיביטן :

אסתר

איך פֿר זוך דש מן דיא מארט שריפֿט ווידר.
לאזין אום רופֿין אונ׳ ברעכֿין המן זיין הויז דר נידר :

מלך

איך ביפֿעל דז מן המן זיין הויז זאל דער נידר ברעכֿין.
אונ׳ די אברעירז ווערט צו גשטאן דז זיא זיך מעגין רעכֿנין.
איר מוזט דען מאנהייט אונ׳ טאג ניט פֿר געשין.
אלז המן האט גידאכֿט זיין שווערט אן אייער האלז צו וועטשין.
זיין נאמין אונ׳ גישלעכֿט טוט רומין אויז דער וועלט.
מרדכֿי טוט מיט איבין וואש אייך וואול גיפֿעלט.
אום דאש יודשן פֿאלק מאג ווייטר זונדר זארג שלאפֿין.
אונ׳ ווער זיך ווייטר ווערט וועלין אן זיא פֿר גרייפֿן. דען ווער איך אן זיין לעבין שטראפֿין.
דרום מרדכֿי ביזארגט נון מיין גיבאט אונ׳ שיקט פאשטין אב.
ווער דש פֿר טילגין האט גימאכֿט דער האט זיך זעלבר גימאכֿט איין גראב.
אונ׳ דש זיך ווייטר איין אידר זאל וואול פֿאר זעהין :

מרדכי

אלש וואש פֿון ניטן איז דז זאל אין איינר אייל גישעהן :

אסתר

מיין פֿערשט שענקט אן מרדכֿי דיא קינגליכֿן גאבין.
פֿון המן זיין הערשאפֿט אונ׳ רייך פֿון גוטין האבין.
מיין פֿעטיר דש איז אייער לון פֿר אייער טרואהייט.
דען אונזר לייד איז פֿר קערט צו איין גר⟨ו⟩שי פֿרייט :

עזריה

אה רום פֿון אלי דיא פֿרואן דער הימל גינט אייך דש לעבין :

אליעזר

דער גאט פֿון אונזר עלטרן זאל אייך פֿיל פֿריידן געבין :

1470 במקור ג ר ש י

אלי גאר אריין

המןווערט גיהנגין |

כ ע״ב מלך אסתר מרדכי ממוכן שרייבר התוך ⟨!⟩ עזריה אלי⟨ע⟩זר ⟨מ⟩יט אנגדר ארוז

מרדכי

איך ציטר ווען איך דען לייב פֿון דען טיראן טוא אן זעהן.
דא הענגט ער נון צו שפאט דאר זיך איין אידר האט מוזן פֿאר בוקין אונ׳ קניאן.
זיין הוכֿין מוט דיא איז גישטיצט פֿון דעם דר אלז קאן ביצווינגין.
דיא וועלט איז פֿר קערט גיווארין פֿון וואונדרלכֿין דינגין :

אסתר

פֿר זארגט נון מיין פֿעטיר דיא הילף פֿון אונזר גישלעכֿט :

מרדכי

אלז וואש פֿון ניטן איז דז ווערט ווערין פֿול בראכֿט.
דש פֿאלק ישראל מוזין דיזן טאג גידענקין :

מלך

אלז וואש איר דוריך מיין קינגין פֿר זוכֿט דש וויל איך אייך שענקין.
אונ׳ בלייבט מיט הערצין אין אייער גלובין גיטרוא :

מרדכי

אזו ווערט איין שטאם דר ליזט דורך איין פֿרוא :

סליק סליק סליק

פרשונין פון דש שפיל פון אסתר

| | |
|---|---|
| מלך אחשורוש | חרבונה |
| אסתר המלכה | התך |
| ושתי | בגתן |
| המן | תרש |
| זרש | מרדכי |
| ממוכן | עזריה |
| שרייבר | אליעזר |

1473 ה״ב במקור אליזר איט

# ד. אחשורוש שפיל גלייך איינר אפרא

## אחשורוש־שפיל ד׳ (אש״ד)
## דפוס משנת 1718

מחזה זה נשתמר רק בעותק פגום בן י״ג דפים, השמור באוסף רוזנטאל שבספרייה האוניברסיטאית באמסטרדאם. לפי התוכן ולפי סדר הקונטרסים ניתן לשער, שחסר בו דף אחד בלבד. בבית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי בירושלים שמורים גם דפים יא—יב, שהוצאו מתוך כריכה של ספר אחר. בשער לא צוין מקום ההדפסה. שטיינשניידר שיער, שהמחזה נדפס באמסטרדאם.* ואכן, המלים ממוצא הולאנדי שבטקסט, שכבר הצביע עליהן ווייגרייך בתיאור המפורט של המחזה, מחזקות השערה זו.**

מן השער ניתן להסיק, שהמחזה הוצג בזמנו, אלא שאין בידנו שום ידיעה נוספת על כך.

המחזה נדפס בצורה מתוקנת למדי. התיבה הראשונה שבראש פיסקה ושמות המדברים נדפסו באותיות מרובעות, ואילו הטקסט גופו — באותיות הרגילות של הדפוסים ביידיש. המלים העבריות שבתוך הטקסט, הוראות־הבימוי ומספרי הסצינות (אויפֿצוג) נדפסו בין סוגריים עגולים או מרובעים, אף־כי לא בעקיבות. במהדורתנו הובאו כל הסוגריים שבטקסט, אלא שהסוגריים המרובעים שבטקסט הוחלפו בסוגריים מרובעים בעלי זיז: ⁅ ⁆. כן נשמר כאן הפיסוק המיוחד: נקודה בסוף השורה המתחרזת הראשונה, ובמבנים סטרופיים בעלי שלוש או ארבע שורות — גם בסוף השורות האחרות, כרגיל; ונקודתיים בסוף חרוז, סטרופה או דיבור. סטיות מכללי־פיסוק אלה תוקנו בלי שהדבר צוין בהערות. כן לא צוינה השמטת הקווים לסימון פ״א רפה במקומות הבודדים שבהם הם מיותרים. כל התיקונים האחרים של שגיאות־הדפוס צוינו, כרגיל, באמצעות סוגריים מזווים, ובמקרה הצורך אף נוספה הערה. האותיות העבות שבמהדורתנו משקפות את אותן האותיות המרובעות המופיעות במקור בראשי פיסקאות. שמות הדמויות שבראשי דבריהן, אף שהם מופיעים במקור גם הם באותיות מרובעות, ניתנו כאן באות קטנה, ככל שאר הוראות־הבימוי. השמות הללו מופיעים במקור ללא סימני רפה, וכך הדפסנום במהדורה זו.

* פורים, עמ׳ 86.

** אחשורוש־שפיל, עמ׳ 429—439.

# אחשורוש שפיל

אוך איינן נייאן אופן גלייך איינר אפרא ·
אונ׳ אין אויז גיזאגן פון תרגום שני ומדרש
ילקוט אונ׳ אנדרין מדרשים, אונ׳ אויך איין
זאנגֿ אמניר גיטטעלט גלייך ווא אפֿו פון
רעכטן קאמעדיאנטן גיספילט ווערט ·
אך טון מיט היפשטר פרקוניגליכקייט פֿור
פירשטן אונ׳ הער׳ן גיספילט ווארדן ·
אונ׳ איזט יעצונד אין פֿילן
שטיקן גימעהרט
פֿרבעסרט
אונ׳
לבית הדפוס גיברוכט וואָרן :

בשנת
ליהודים היתה
אורה ושמחה
וששון ויקר
לפ״ק:

השער של אחשורוש-שפיל ד׳
[אמסטרדאם] 1718
(הספרייה האוניברסיטאית באמסטרדאם, אוסף רוזנטל)

# אחשורוש שפיל

השער

אויף איינן נייאן אופֿן גלייך איינר אפרא. אונ׳ איז אויז גיצאגין פֿון תרגום שני ומדרש ילקוט אונ׳ אנדרין מדרשים אונ׳ אויף איין זאלכֿי מאניר גישטעלט גלייך וויא עז פֿון רעכטין קאמעדיאנטן גישפילט ווערט. אך שון מיט היכֿשטר פֿרקניגליכֿקייט פֿור פֿירשטן אונ׳ הערן גישפֿילט ווארדן. אונ׳ איזט יעצונד אין פֿילן שטיקן גימעהרט גיבעשרט אונ׳ לבֿית הדפֿוס גיבראכֿט ווארדן:

בשנת ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר לפ״ק:

א ע״ב וועןֹ דיזה קאמעדיא זאל רעכֿט גישפילט ווערדן דאש זיא זאל זיין (נחמד למראה ונחמד לשמוע) זוא מוזן פֿולגינדי פונקטן וואול אין אבאכֿט גינומן ווערדין :

ראשון מוז איין בימה גימאכֿט ווערדן מיט איין דרייא פֿאכֿין אויף צוג. אין דער מיט מוז זיין איין גרוישר אויף צוג מיט צווייא קארדינין (וביד ימין) מוז זיין איין קליינר אויף צוג פֿור דער (מלכה) איר חדר (וביד שמאל) ווידר איין קליינר אויף צוג פֿור דאש חדר [מרדכֿי] :

שנית מוז דיא גאנצי הישטארי גיצייגיט ווערדן אין פֿיר שטילין אויף ציגין. דאש דיא קארדינין ווערדן אויף גיצאגין אונ׳ דיא פערשונין שטין גאנץ פֿרצוקט אונ׳ קיינר דארף איין גליד רירין. אונ׳ אך ניט רידן זונדר אליין דער מיליץ וועלכֿיר דיא איין לאדונג טוט. דיא אנדרי אביר מוזן אלזוא פֿרצוקט שטין ביז דער מיליץ האט אויז גירעט. צו מערקין דאש קיינר מוז דען רוקין צום פֿאלק ווענדין :

דער מיליץ אבר קומט צום ערשטין הרויז פֿור דיא קארדינין אונ׳ טוט זיך שטעלין אין דר מיטין אונ׳ מאכֿט זיין קאמפלעמענטין פֿור דעם פֿאלק :

ואומר מיליץ

ווייל גאטס גרויז גינאדין ליכֿט.
אונז גינעדיג אן גשינין.
אונ׳ אונז פֿון המנז פֿאלש גידיכֿט.
מיט וואונדר גימאכֿט אנטרינן :

דרום מיר דיזי מאנהטש צייט.
פֿפֿלעגין צו צעליפֿרירין.
מיט לויב גיזאנג אונ׳ הערצנש פֿרייד.
דעם היגשטין צו פזאלירין :

דער המנש גרוישי טיראנייא.
אויף זיינן קאפף גיוועגדיט.
אונ׳ אונז גימאכֿט גאנץ לאז אונ׳ פרייא.
איהן אבר צום שפאט פֿאלענדיט :

[דעשנט] וועגין וויר יעצט אין טענדירן.
המנש וואונדרי הישטארי.
אד וויפֿום צו רעפרעזנדירן.
צו גאטש היגשטין גלארי :

13 הקריאה אינה ודאית
15 אד וויפֿום = ad vivum

דרצו איך אלי אינש גינראל.
גאנץ פריינטליך אינוויטירן.
וויל איך אי[ין] יעדן אינש גינראל.
ניט ווייז צו טיטולירן:

ביטה דער אונגידולט זיך צו ענטשלאגין.
אין קיגינווערדיגר הישטארי.
אלזוא ווירט ווערדן פֿור גיטראגין.
איין וואונדרי טראגעדי:

פרימא ווירט ווערדין רעפרעזנדירט.
אחשורי רייכֿר מאגין.
וויא ער אלי פֿירשטן האט גאשטירט.
180 טאגין:

נון גיט דער מיליץ אויף איין זייט אונ׳ ווערדן דיא קארדינין אויף גיצאגין. אונ׳ ווערט דיזה פאשטן גיצייגט וויא פֿאלגט. דער מלך זיצט אויף זיין טראן אונ׳ שטרעקט אויז זייןביידי הענד (בימינו) האלט ער איין בלויז שווערט קיגין דיא ושתי אלז וועלכֿי צום טוט איז שון פֿרארטיילט (ובשמאלו) האלט ער דען (שרביט של זהב) קיגין דער [אסתר] אלז וועלכֿי האט (נושא חן) גיוועזין אונ׳ (בשמאלו) קניט אונ׳ קושט דען (שרביט של מלך) מיט לאכֿנדן מונד. אביר ושתי (בימינו של מלך) קניט אויף דער ערדין מיט ווייניגדם אנגזיכֿט. אונ׳ המן הינטר דער מלכה מיט איינם בלוישן גיצוקט שווערט. גאנץ פֿורייאלש [עוד בצד ימין] שטיט מרדכֿי אונ׳ ווייזט אויף ביגתֿן אונ׳ ⟨ת⟩רש וועלכֿי שטין אונטר דעם גאלגין אונ׳ דער [תליון] האלט זיא ביידה מיט שטריקן אן האלז אונ׳ דער קאנצליר אבר בריכֿט דען שטאב דע[ש] לעבנש. דיא אלי מוזן אזו לאנג שטין בלייבן אונ׳ קיינר קיין גליד נאך אויג רירין ביז דער מיליץ האט אוי[ז] גירעט וואש דיז בידייט. ווענט זיך צום פֿאלק אונ׳ ווייזט אויף איין יעדין ביזונדר אונ׳ זאגט:

ויאמר מיליץ

אלז נון דער קיניג אלזו פנקוועטירט.
האט אים דער ווין זיין הערץ פֿרפֿירט.
ושתי צו ברינגין ביפֿעהל ער גאב.
נאקנט פֿור זיינם האף שטאב:

ושתי דרקיגין טאט פראטעסטירין.
דריבר מושט זיא איהר לעבין פֿרלירין.
אבר אסתר דורך גאטש גינאד.
ערוויהליט ווארט אן איהרי שטאט:
זיא האט זאלפֿירט דעז קיניגש לעבין.

29 ה״ב ⟨ת⟩רש] במקור זרש

אונ׳ דיא אים וואלטן מיט גיפֿט פֿרגעבין.
זי⟨א⟩ביידה ווארדן אויף גיהנגין.
גלייך וויא פֿרדינט האט איר ביז פֿרלאנגין:

נון ווערט דיא קארדינין צו גימאכֿט אונ׳ דער מיליץ גיט אין דיא מיטן אונ׳ זאגט:

אלזו דעש גרוישן גאטש הענט.
מיט אונז גינעדיג פֿרפֿארן.
דער פֿור דער וואונד איין פפֿלאשטיר זענד.
אונז אין דער גיפֿאר צו ביווארין: |

ב ע״א אונטר דעסן שפילין דיא מוזיקנטן אונ׳ דיא פערשונין שטעלין זיך איין דיא אנדרי פאשטור אונ׳ דיזיש איזט עש: דער מלך זיצט אויף זיינם טראהן בימינו קניהט המן מיט דער מסירה אין זיינר הנד אונ׳ דער מלך גיבט איהם זיין חותָם ובשמאלו של מלך זיצט מרדכַי בתענית אויף דער ערד אונ׳ רופֿט צו גאט מיט קלעגליכֿין גיבערדין. אונ׳ אשתר ⟨!⟩ פֿאלט דעם מלך צו פֿוס מיט וויינן דער קיניג שטרעקיט אויז צו איר דיא שרביט אונ׳ וויישט איהר איין פֿריינדליך גיזיכֿט.
וואן זיא אלזא שטין ווערט אויף גיצאגין:

ואמר מיליץ

אין דעסן שטיגה האך עמפור.
המן אין גרויזן עהרין.
אונ׳ (מרדכַי) דער דא זאס אם טוהר.
עהרט איהן ניכֿט נאך זיין ביגערן:

דרום המן שטרעקטי אויז זיין הנד.
אלי יודין אויז צו טיליגן.
דיא דא ווארן אין גאנצים לנד.
אחשורוש טאט עש בוויליגין:

(מרדכַי) מיט פֿאשטין צו גאט באט.
האט אויך גינאד ערהאלטן.
אונ׳ אסתר פֿור דען קיניג טראט.
בפֿרייטה יונגי אונ׳ אלטן:

(ווערט צו גיצוגין אונ׳ דער מיליץ גיט אין דיא מיט אונ׳ זאגט)
דרום זאל מן אין דער היגשטן נוט.
ניט גאנץ אונ׳ גאר פֿר צאגין.
וויילין דער אליר היגשטי גאט.
זיהט אן דש פֿאשטן אונ׳ קלאגין:

נון שפילין דיא מוזיקנטין אונ׳ שטעלין זיך צום טריטן אויף צוג. אונ׳ אי⟨ן⟩ דיזר

61 ה״ב אי⟨ן⟩] במקור איז

מרדכֿי זיצט אויף דעם פפערט פֿון מלך אונ׳ המן פֿירד דאש פפערט מיט וויינין. אונ׳ דער מלך זיצט מיט אסתר אונ׳ וויישט דען חסד וועלכֿין ער אן אירן פֿעטיר גיטאן האט. דיא מלכה בידאנקט זיך מיט פֿריינדליכן אנבליק.
ווערט אויף גיצוגן :

ואמר מליץ

שויאט וויא זיך דאש גליק קאן ווענדין.
אין איין קורצן אויגין בליק.
המן זוכֿטי צו פֿאלענדן.
מרדכֿי דורך דען גאלגין שטריק :

אבר גאט טאט עז פֿרקערן.
צו המנש קאנפֿוזיאון.
דאש ער (מרדכֿי) מושטי עהרן.
מיט דעש קיניגש קלייד אונ׳ קרוהן :

מושטה פֿור אים אויז שרייאן.
מיט טרומפיטן אונ׳ שלמייאן :
דאש איז דיזר מן וואול ווערט.
וועלכֿן דער קיניג צו עהרן ביגערט.

(ווערט צו גיצאגין אונ׳ דער מיליץ זאגט אלזוא)

דער דא ליגיט איין שטיין.
טוט זעלבשטן דראן אן שטאסן.
דער גרובין גראבט פֿאלט זעלבשטן דאריין.
וויא עש המן האט גינאסין :

נון שפילין דיא מוזיקנטין אונ׳ ווערט גישטעלט דער לעצטי אויף צוג. דער מלך זיצט אויף זיין שטול בימינו מרדכֿי. במשמאלו אסתר. אונ׳ המן אין דער הנד פֿון תליון מיט קלעגליכֿן גיבערדין אונ׳ זרש מיט אירן צעהין זין. ביוויינט המנש אונטר גאנג.
[ווערט אויף גיצוגין] :

ויאמר מיליץ

דען גאלגין דען המן האט גיבויט.
צו מרדכֿי פֿרדערבין.
דען בויט ער אויף זיין אייגני הויט.
מושט זעלבשטן דראן שטערבין :

אלזא האט המן זיינן לאהן.
אויף דיזר וועלט ענטפֿאנגין.
אונ׳ איזט מיט היגשטן שפאט אונ׳ האון.
אן גלגין ווארדן גיהנגין :

[ווערט צו גיצאגין]

ואמר המליץ

אלזוא וואלין וויר רעפרעזנטירן.
דיזה וואונדרי הישטארי.
ביטה איין וויניג צו פאציענטירן.
צו גאטש היגשטער גלארי:

דער נאך מאכט ער זיין קומפלימענטן אונ׳ גיט אריין דער נאך פֿאנגט מן אן דיא קאמעדיא רעכֿט מיט לעבנדיגן פערשונין צו שפילין. וויא עש פֿאלגט. |

ב ע״ב

דער ערשטי אויף צוק:

מלך

ווייל נון מערא דיא צייט קומיט אן.
דאש איך מיין גידאנקין פֿול ברינגין קן:
זוא וויל איך ערהעבין מיינין נאמן.
איבר אלי דיא גיוועזין פֿון קיניגליכֿן זאמן:
איך וויל מיין טראהן זא הויך ער העבין.
גלייך וויא דער אדלר אין ליפֿטן טוט שוועבין:
אונ׳ וויל מיך זעצין צווישן גאטש שטערין.
דאש מיך אלי עהרן אלש איהרן הערין:
דאן נאך דעם מיך פֿארטונה זא האך טאט ערהעבין.
אונ׳ מיר זא פֿיל לענדר איבר געבין:
דאש זיך מיין מאכֿט שטערקט צו וואשר אונ׳ צו לאנד.
וויא עש אייך הערין איזט וואול ביקאנט:
דארום וויל איך אויך ביקאנט מאכֿין אין דער גאנצין וועלט.
דאש אונטר מיין גיוואלט זיין 127 לענדר גיצילט:
אלש דאן בין איך צו זאלכֿיר זאך רעזאלפֿירט.
דעש גלייכֿן קיין קיניג האט טענדירט:
אן צו שטעלין איין זאלכֿי מאל צייט.
דאש דיא טאבֿיל 180 טאג זאל זיין אן ביירייט:

פֿון דען אליר בעשטין טראקטאמענטין.
וועלכֿי נור צו פֿינדין זיין.
אן אלן ארטן אונ׳ אלין ענדין.
אונ׳ אך פֿון דעם בעשטן וויין:

דאן איך וויל קעשטליך טראקטירן.
אלי פֿירשטן אים גאנצין רייך.

אונ׳ דאר צו אויך אינוויטירן.
מיין אונטר דאנין ארם אונ׳ רייך :

דארום מיין מארשאל טואה איך דיר קאמנדירין.
דאש דוא אים פאנקיט זאלשט אורדר פֿירין :
גלייך וויא דא איזט מיין פֿרלאנגין.
אלזו זאלשט דוא דיא מאל צייט אנפֿאנגין :
מיין פֿאר האף אים גארטן זאלשטו אויז שפאלירן.
מיט פורפר אונ׳ זיידין אונ׳ אנדרן ציהרן :
זאלשט פֿאר ברינגין דיא גילדנה שאלן.
אונ׳ יענה קאשט בארליכֿי פאקאלן :

וועלכֿי מייני פֿאר פֿארן גירויבט האבין.
אין טעמפיל צו ירושלים.
אונ׳ מיר איבר לאזין צו מארגין גאבין.
דינן היר צו גאנץ ביקוועם :

איין יעדן זאל מאן מיגיליך עהרין.
עשין געבין נאך זיין ביגערן :
צום טרינקין זאל מן קיינן צווינגין.
זאנדרן וואש אונ׳ וויא פֿיל ער ביגערט צו ברינגין :
איין יעדן זאל מן טוהן זיין רעכֿט.
פֿון נידרן שטאנד ביז האהן גישלעכֿט :
דיז אישט מיין רעזאלוציאון.
אונ׳ דיר איבר טראגינה קאמיסיאון :

המן

דאש ביפֿעל ווא⟨ש⟩ איהרי מאייסטעט מיר איבר טראגין.
ווערדן אלי רייכֿש שטענד ווישן דר פֿון צו זאגין :
ווערד אלין מעגליכֿן פֿלייס אנוועגדין.
דאש קיין זאך דיא מאלצייט זאל שענדין :
דארום איר לויפֿר טוט פופיליצירן.
אלי פֿערסטין דעש רייכֿש צו אינוויטירין :
דז זיך אלי זאלין אינש גימיין.
בייא דער קינגליכֿן מאלצייט פֿינדן איין :
דאן 180 טאג זאלין אירי מייסטעט טראקטירין.
אלי פֿירסטין אונ׳ פֿארנעמי אופֿיצירין :

135 במקור ווא

נאך דיזים ווירט דיא גנצי גימיין.
צור קיניגליכֿי טאפֿיל גילאדין איין :

דיא קרדין ווערט נון צו גיצוגין :

לויפר גין פֿאר דיא קרדינין אונ׳ רופֿין אויז :
עש איז איין דעקרעט אויז גיגאנגין.
דארין דער קיניג ביווייזט זיין פֿרלנגין :
דש זיך אלי פֿירשטין אונ׳ הערין אין גנצים רייך.
בייא דער קיניגליכֿין טאפֿיל איין פֿינדן צו גלייך :
דאן דער קיניג טאט זיך רעסולפֿירין.
זיא אלי קעשטליך צו טראקטירין :
הונדרט אונ׳ אכֿטציך טאג ווערט ווערין.
דיא מאל צייט פֿר אלי פֿאר נעמי הערין :
דאר נאך ווערדרן זיא אלי טאג צו גלייך.
טראקטירט ווערין ארם אונ׳ רייך :

דער צווייטר אויף צוק.

ווערט איין טיש מיט פֿאר נעמי שפייזין אן בירייט בייא ווערלכֿין דער מלך מיט זייני יועצים זיצט עשט אונ׳ טרינקט אונ פֿאנגט אן צו דיסקורירין :

מלך
וייל נון מיין ווילין איזט פֿולבראכֿט.
גלייך וויא מיין הערץ האט אויש גיטראכֿט :
אלזו גיבירט זיך אויך בייא גוטם ווייז.
איין ליבליכֿר דיסקורס צו זיין :
זאגט מיר אונטר ווערלכֿין נאציונין.
זיין דיא שענשטי ווייבש פרשונין :

המן
איך בין אין דיזיר זאך וואול קוואליפֿיצירט.
אונ׳ אין דער ווייבר פֿילוזיפֿי וואול פרובירט :
דרום זאגי איך דיא ווייבר דער מידייאניטין.
זיין דיא שענשטי אן גישטאלט אונ׳ זיטין :

חרבונה
איך זאגי דאש פֿר אלין.
מיר דיא פירסיאניר ווייבר גיפֿאלין :
אוב שון זיא איין וויניג פראנעש זיין.

זוא זיין זיא דאך פֿריינטליך וואול גישטאלט אונ׳ פֿיין:

התך
הער ברודר זאגי ער מיר און פֿלאטירט.
אויב ניט מיין גימאלין פֿו[ר] איין קיניגין מעריטירט:
דאן זיא איז זוא שין פֿון גישטאלט.
דעש גלייכֿין דער מאליר אפעללעש נימר גימאלט:

מלך
נון וויל איך בין וואול גימוט אין ווין.
זוא גיביט איך מיין גימאלין דיא קיניגין ושתי צו ברינגן אריין:
ג ע״א נאקינט אונ׳ בלויז מיט אירן | לייב.
עש זאל זיא אן שויאן מן אונ׳ ווייב:
דאן זיכֿרליך עש ווירט קיין שעניר פֿרויאן צימר זיין.
זונדר זיא אין דער גנצין וועלט אליין:
אויף אירן לייב איז זיא פֿיין אונ׳ צארט.
דר צו פֿון הויך עדליר ארט:
עש ווירט זיך ניט פֿינדן אירש גלייכֿין.
אונטר ארמן מיטל שטנד אונ׳ רייכֿין:
אונ׳ דאש נימאנט זאל פֿרמיינין.
דאש דיא קליידר איר ציראט זיין:
דרום זאל זיא גנץ נאקנט ערשיינין.
מיט דער קיניגליכֿין קרון אליין:
דרום התך אונ׳ חרבונה איר האט מיין ווילן פֿר נומן.
אלז דאן טוט מיינן ביפֿעל ביהענד נאך קומן:
אונ׳ גיט צו דער קיניגין צוזאמענט.
דז זי זיך זאל ער צייגן אין דיזין מומענט:
הויך אונ׳ נידר שטאנד זאל זי אן זעהין.
אונ׳ דאש זאל גאר באלד גישעהין:

התך
וויר טוהן אונז דעמיטיג זופמיטירין.
דאש קיניגליכֿי ביפֿעל צו עקסעקוטירן:

(התך אונ׳ חרבֿונה גיהן צו דער מלכה איהרם חדר אונ׳ זאגין)

התך
אלר גינעדיגשטי קיניגין עש איזט מיר פֿון הערצן לייד.
דאש זיא צו זאלכֿי זאך איזט אן בירייט:

דאן דער גינאדיגי קיניג האט זיך ווירקליך פֿור גינומן.
דאש זיא זאל נאקנט צו אים קומן:
דאן ⟨ו⟩וייל ער איזט וואול גימוט אים ויין.
זוא זאל דיזש זיין פֿר גניגון זיין:
דאש זיא זיך נאקנט ערצייכן.
אונ׳ זאל זיך דעזין ניט ווייגרן:
דאן ער וויל איהרי שינהייט ענט דעקין.
אונ׳ איהר טוגנדין ענטפלעקין:

ושתי
זאלט מיר ניכֿט מיין הירץ צרשפרינגן.
איבר זאלכֿי און ערהערטי דינגין:
איך האבש מיין לעבנש טאג ניכֿט גיהערט.
דאש איין קיניג דעז גלייכֿן האט ביגערט:
דרום האפֿה איך דער קיניג ווערט זיך האלטן בייא זיינן עהרן.
אונ׳ זאלכֿש פֿון מיר ניט ביגערן:

חרבונה
גינעדגי קיניגין זאלכֿי ריד האב איך פֿון קיניג פֿרנומן.
וועלכֿן זיא און פֿעלבאר ווירט מיזן נאך קומן:
אלז דאן טוא איך איהר איין ראט געבן.
וואן זיא וויל זאלפֿירן איהר לעבין:
דאש זיא זאל ערפֿילן אין דער טאט.
וואש דער קיניג ביפֿאלן האט:

ושתי
התֿך אונ׳ חרבונה איהר גיטריישטי רעט מיין.
גיהט צו דעם און בידאכֿטן קיניג הריין:
אונ׳ זאגט איהם וויא ער זיך זאלכֿש פֿור גינומן.
דאש איך זאל נאקנט צו אים קומן:
ער זאל נור דיא קראניקא נאך שלאגן אונ׳ לעזין.
וויא דאש ער בייא מיינם עלטר פֿאטר שטאל קנעכֿט גיוועזין:
אונ׳ דורך מיך איזט ער קומן ⟨צ⟩ו זאלכֿין עהרן.
דרום זאל ער זאלכֿש פֿון מיר ניכֿט ביגערן:
אלז דאן זאל ער פֿון זאלכֿן גידאנקין אב שטיהן.
איך ווערט ניכֿט נאקנט צו אים גיהן:

201 במקור וייל
225 במקור זו

חרבונה

דיא רעזאלוציאון וואלן מיר דעם קיניג פֿור טראגין.
איך פֿערכֿטי עז מעכֿטי צו ביזין אויז שלאגין:

(גיהן צו דעם מלך אונ׳ זאגין)

התך

דיא קיניגין ושתי לאזט איהרא מאייסטעט זאגין.
דאש זיא דעש גלייכֿן ניט גיהערט איהר לעבנש טאגין:
אויך שפּרעכֿט זיא דער קיניג זאל זיך ניט זא פֿיל פֿלאטירן.
דאש מן זיא זאלטי נאקנט צו איהם פֿירן:
דאן דיזש און ביליגה ביגערן.
ווער קיגן אירן רעשפּעקט אונ׳ עהרן:
אויך זאלן איהרא מאייסטעט דיא קראניקא נאך לעזן.
אונ׳ ווישן דאש זיא בייא איהרם עלטר פֿאטר שטאל קנעכֿט גיוועזן:
דרום וואלי זיא זיך ניט זופּמיטירן.
דאש קיניגליכֿי מנדט צו עקסעקוטירן:

חרבונה

איהרא מאייסטעט דעש גלייכֿן קאן איך אויך אטעזטירן.
דאש דיא קיניגן אלזו טאט רעשפּנדירן:
אונ׳ האט זיך גאנץ ווידר ווילך איין גישטעלט.
איהרא מייאסטעט צו ווידר שפּניגין פֿור דער גאנצין וועלט:

מלך

התּך אונ׳ חרבונה דער קיניגין ריד האב איך פֿרנומן.
וועלכֿש איהר ווארהאפֿטיג ווירט איבל ביקומן:
פֿור וואר איהר האפּרט אונ׳ טרוצין.
ווערט איהר ברינגין קיינין נוצין:
איך גלויבי פֿיר וואר.
עש ווערט קאשטן איר לעבין גנץ אונ׳ גאר:
דאן דש יעניגי וואש איך מיך טוהא רעזאלפֿירין.
דש וויל איך אויך מאנוטענירין:
בייא מיינר קיניגליכֿין קרוין שווער איך איין אייט.
דיזי טרוץ ווארטין זאלין איר ווערין לייט:
דרום אויך המן אונ׳ מייני רעד אלי צו גלייך.
איין היילסאמן ראד פֿר לנג איך פֿון אייך:
איר אורטייל זאלט איר געבין.

אוב איך זיא זאל פֿר טרייבן אודר גאר נעמן דז לעבן :
דאן זיא האט זיך איין פֿרעבֿיל פֿר גינומן.
מיינם מאנדאט ניט נאך צו גקומן :
דאן דער ווידר שפריכֿט דש קיניגש גיבאט.
ג ע"ב דער איז | אונה אונטרשייד שולדיג דען טוט :

המן

אירא מאייסטעט דיזי ווארט טוהן מיר אים הערצין אויף שטייגין.
אונ' קן ניכֿט לענגיר שטיל שווייגין :
דאן איך אין הואן אוניפֿערשיטעטין לנג שטודירט.
אונ' נימר גיהערט דז איין קיניגין דעם קיניג אלזוא שימפֿפֿליך האט רעסיסטירט :
צו דעם האט זיא ניכֿט גיזינדיגט קיגן אירא מאייסטעט אליין.
זונדרין קיגן אלי פֿירשטן אונ' הערין דיא אים דען קיניגרייך זיין :
דאן איין יעדי פֿרויא ווירט דיזיש עקסעמפיל אובזערפֿירן.
אונ' אירן מאן ניכֿט וועלין פארירין :
דאן אהנא דעם איר ווילין דאהין טוט ציהלין.
איבר דיא מעניר דען מיישטיר צו שפילין :
דאן וואן דיזיז אירא מאייסטעט איזט גישעהין.
וויא זאל עש אונזרש גלייכֿין ער גיהן :
דארום טוהא איך יודיצירין.
אונ' זיא צו דעם שווערט קאנדעמנירין :
דא מיט איין יעדי פֿרויא אבזעהן קאן.
דז זיא פֿרפֿליכֿטיט איזט אירן מאן :
אונ' איין יעדיר מאן האבי צו קאמאנדירן.
אונ' נאך זיינם קאפֿף צו ארדינירין :

מלך

המן דיין סענטענץ איזט מיר גאר עבין.
דרום זאל עש קאשטין איר בלוט אונ' לעבין :
ווייל מיר דיא בעשטייא ניט האט וועלין פארירן.
דרום זאל מן זיא מיט דעם שווערט קאפאנירין :
דרום טוש אירן לעבינש שטאב צור ברעכֿין.
אונ' דען אפֿרונט פֿון מיינר מאייסטעט רעכֿין :

קאנצליר

דאז אורטייל איזט אויז גישפראכֿן.
פֿון אירא מאייסטעט.

276 במקור צ ו ם

דער שטאב מוז ווערדין גיבראכין.
דא הילפט קיין גיבעט:
אויך העלפיט קיין אפעלאציאן.
וייל זיא אפרונטירט דעז קיניגש קרון:

מלך
המן איך דוא דיר זאגין.
צו נעמין פון איר דיא קיניגלכי קרון.
אונ׳ דער נאך דאז הויבט אב שלאגין.
גלייך וויא איזט איר פר דינטר לאהן:

(המן גיט צו דער מלכה ציהט אויז דז שווערט אונ׳ זאגט)
קיניגין איין אורדר האט מיר דער קיניג גיגעבין.
איר צו נעמין איר יונגש לעבן:
דארום מאכה זיא גישווינד איר טעסטאמענט.
אין דאר שטונד פר אירם ענד:
וואן זיא האט נאך עטוואש צו ביפעהלין.
איהא איך נעמי אירי זילין:

ושתי
אך ווינד אונ׳ וויא וואש האב איך פאר איין אורטייל פרנומן.
דאש מיר אום איין זוא פאקיטעל מיין לעבין זאל ווערדן גינומין:
אך ווינד אונ׳ וויא אך אנקשט אונ׳ שרעקין.
דאש איך זאל מיין האלז צום שווערט אויש שטרעקין:
פיר ווַאר איך האב מיין עלטיר פאטיר אופט ווין טרינקן גיזעהין.
אביר קיינם קיין לייד גישעהין:
אביר איבר איין נארהייט דאש זיך דער קיניג אן גינומין.
מוז איך ליידר אום מיין לעבין קומן:
אביר איך קאן מיר לייכטליך גידענקין.
דז דער גירעכטי גאט מיין זינד ניכט ווערדי שענקין:
דאן איך האבי דיא ארמי יודין מעכטיליין אן שבת גיצוואונגין צו ארבייטן.
דרום קום איך ביליך אין זעלכיש ליידן:
דעשנט וועגין וויל איך מיך דאריין ערגעבין.
פילייכט ווער איך דא דורך ערבין דאש איביגי לעבין:
אך המן וויא קאנשטו דז ברינגין איבר דיין הערצין.
מיר אן צו טוהן זאלכי פייאן אונ׳ שמערצין:
דאן עטליכי צוואנציג יאר האשטו גיגעשין פון מיינן ברויט.

313 אולי צ״ל טעכטליין?

יעצונד ווילשטו מיר אן טאן דען ביטרין טוט :
אך המן זאלט דיר ניכֿט דיין הערץ צו שפרינגן.
מיך אום מיין יונגש לעבין צו ברינגין :
איך מיינטי דוא ווערדישט מיך סאלווירין.
אביר דוא ווילשט קעגין מיך טיראניסירין :
אך המן וויא ווילשטו מיר אן טאן זאלכֿי שמערצין אונ׳ פיין.
ווער ווייש אוב דיא אנדרי קיניגין ווירט שינִיר אונ׳ בעשיר זיין :
דרום זאלשטו פֿון מיינט וועגין פֿאר דען קיניג טרעטין.
אונ׳ פֿאר מיין אומשולדיגש לעבין צו בעטין :

המן

קיניגין אין דיזר זאך זאל זיא מיך ענטשולדן.
דאן דש קיניליכֿי ביפֿעהל מוז איך הולדן :
יעדאך נאך איינש קאן זיא פרובירן.
אונ׳ פֿאר דעם קיניג פערשענדליך זופליצירן :

ושתי

יעדאך נאך איינש וויל איך זאגין.
אונ׳ וויל נאך ניכֿט גאנץ אונ׳ גאר פֿאר צאגין :
פֿאר דען גינעדיגשטן קיניג וויל איך טרעטין.
פֿיליייכֿט איזט נאך גינאד צו ערבטין.
אום מיך פֿון ביטרין טוט צו ערעטין :

(טרעט דיא מלכה פֿר דעם מלך אונ׳ זאגט):
אך קיניג אך קיניג אליר ליבשטר קיניג מיין.
זעהין זיא אן מיין הייסי טרעהרין אונ׳ פיין :
בידענקין זיא דאך מיין עדיל גישלעכֿט.
אונ׳ טוהן מיר קיין ⟨ז⟩וא גרויש אום רעכֿט.
אונ׳ ביפֿרייא מיך פֿון דעם שווערט דער הענקרש קנעכֿט :

ד ע״א אך | קיניג טוטש פֿון וועגין מיינר שונהייט.
דעשט גלייכֿן זיא ניכֿט פֿינדן אונטר לנד אונ לייט :
אונ דאר צו פֿון מיינר טוגנט וועגין.
זאלין זיא זיך לאסין ערוועגין.
אונ׳ מיך ביפֿרייאן פֿון דיזין גיצוקטין דעגין :
אך קיניג אך קיניג וואלין זיא מיך לאזין ערשלאגין.
ווילן זיא צו איינר אנדרין ליבשאפֿט טראגין :

341 במקור ווא

שיקן זיא מיך אין איין נובין קלוישטיר אניין.
דא ⟨ו⟩ער איך אויף איביג פֿר שלוסין זיין.
וואש ווערט דאך זיא מיט מיינם וויניג בלוט ביהאלפֿין זיין :

מלך

ושתי מיין אורדיר האשטו ניכֿט וואלין פאריר ן.
דארום מושטו דיין לעבין פֿר לירין :
דארום המן נעם אין אובאכֿט.
וו⟨א⟩ש איך דיר האב פֿר שאפֿט :

ושתי

אך אך דער גרושן פיין קוואהל אונ׳ שמערצין.
דיא גרעשיר ניכֿט זיין קאן אין מיינם הערצין :
אך אך יעצונד מוז איך שטערבין.
ווייש ניכֿט ווער מיך ווירט ערבין.
אך המן אך המן דוא גרויזאמיר טיראן :

אך לײדר אין המנש האנט בין איך ווארדין גיגעבין.
מיר אב צו שניידן מיין יונגיש לעבין :
אך קיניג איך זינקי.
מיט זייפֿציר אונ׳ קלאגין איך ווינקי.
אין טרעהרין איך בלד ערטרענקי :

אך ווי וויא איז מיר גישעהין.
איך וואלטי דאז המן מעכֿטי אונטר גיהן :
דאן איבר איהם מוז איך שטערבין.
אונ׳ ברינגט מיך אינש פֿר דערבין.
קיין גינאד איז מעהיר צו ערווערבין :

(המן נימט פֿון איר דיא קרוין. אונ׳ שלאגט איר דאש הויבט אב אונ׳ ברענגט דיא קרון אויף איין לאפֿאר צום מלך אונ׳ זאגט):

המן

דען ביפֿעהל אירא מאייסטעט האב איך ביאבאכֿט.
אונ׳ דער קיניגין ושתי איר אורטייל גימאכֿט :
ווער מיין ביט דיא זאך לאסין צו פופיליצירין.
דז זיך איין יעדיש שטאנדש פערשון ווישט צו רעגולירין :
דאש איין יעדי פֿרויא אירן מאן רעשפאקטירין.

351 במקור ו ע ר
356 במקור וו ש

זונשט ווערט זיא אויך איר לעבין פֿר לירין:

מלך

וויל נון מיין ווילן איזט גישעהין.
דרום איר לויפֿר טוט צו מיר גינעהין:
נעמיט דז פאטשיר פֿון מיינר הנד.
אויז צו רופֿין דורך אלי לנד:
אונ׳ יעדין ביוואוזט צו מאכֿין.
פֿון דיזן פֿאר גיגאנגין זאכֿין:
דאש איין יעדין פֿרויא זיך דאראן קערין.
איהרן מאן האלטין אין פֿארכֿט אונ׳ עהרין:
אונ׳ האבין דארויז צו ערזעהין.
וואש מיינה קיניגין ושתי איזט גישעהן:

לויפר

אלהיר איז דז זיגל פֿון איר מאייסטט אייגניר האנד.
צו שרייבין אונ׳ אויש צו רופֿין אין אלי לנד:
אונ׳ דיא זאך צו פופליצירין.
דאש איין יעדי פֿרויא זיך ווייש צו רעגולירין:
אירן מאנש ביפֿעהיל גיהורזאם נאך צו קומן.
זונשט וירט איר וויא ושתי דאש לעבין ווערדין גינומין:

[דער דריטי אויף צוג]

מלך זיצט אין טרוריקייט מיט זיינם יועצים אונ׳ ביקלאגט זיך אונ׳ זאגט.

המן איך לעבי אין פראשט אונ׳ קוואלין.
איבר ושתי מיין גיוועזני גימאלין:
דאן פֿון וועגין איין וויניג ווין.
האט זיא מוזין ליידן זאלכֿי שמערצין אונ׳ פיין:
עש רייאט מיך פֿיר וואר מיין לעביט טאג.
דש איך איר האב לאזין אן טוהן זאלכֿי שפאט אונ׳ פלאג:
אויך אהני ווייב צו פֿולפֿירין מיין לעבין.
איזט מיר גאנץ אונ׳ גאר ניכֿט עבין:
דרום איזט מיין רעזולאציאן.
איין אנדרי צו זעצין אויף אירן טראהן:
צו זעקונטירין מיינן לייב.
דאז איך מיין מלאנקילייא פֿר טרייב:

המן

אירא מאייסטעט דיא מלאנקלייא צו פֿר טרייבין.
וויל איך איין גוטין רעצעפט פֿאר שרייבין:
דאש מן אלי יונג פֿרויאן זאל זאמלין איין.
דיא שין אונ׳ צארט פֿון גישטאלט זיין:
דיא שענשטי אונטר דיזן אלין.
וועלכֿי אירי מאייסטעט ווערט וואל גיפֿאלין:
דיא זאל מן זעצין אויף ושתי טראהן.
אונ׳ ציהרן מיט דער קיניגליכֿי קרון:
דיא אנדרי ניכֿט אלזו פֿיין.
זאלין דש קיניגש קעפש ווייבר זיין:

מלך

המן דוא האשט מיין הערץ ערקוויקט.
וועלכֿיש שיר וואר פֿאר טרוריקייט ערשטיקט:
דרום טואה דיין פֿאר שלאג אין אליר אייל.
דש מיר ניט לנגט פֿעלט דיא צייט אונ׳ וייל:

המן

איר לויפֿר מאכֿט אייך אויף ביהענד.
אונ׳ מאכֿט אים גאנצין רייך ביקענט:
איין יונג פֿרויא אויש צו וואהלין.
נאך דעש קיניגש וואול גיפֿאלין:
שין זאל זיא זיין גאנץ אונ׳ גאר.
אונ׳ אנעמליכֿר אליש ושתי וואר:
ווירט זיא זיין דען קיניג ליב אונ׳ עבין.
ווירט איר דיא קרון דש רייכֿש ווערדין גיגעבין:
איך זעלבשטן וויל מיך אובליגירין.
דאש קיניגש וואול גיפֿאלין צו פֿולפֿירין: |

ד ע״ב דיא קארדינן ווערדין צו גיצאגין אונ׳ דיא לויפֿר גין פֿר דיא קארדינן אונ׳ זאגין:

לויפר

אלזו איז דאש קיניגליכֿי מאנדאט.
וועלכֿיש דער קיניג ביפֿאהלן האט:
דאש מן אלי יונ⟨ג⟩פֿרויאן זאל זאמלין איין.
דיא אדיל אונ׳ שיאן פֿון גישטאלט זיין:

432 במקור יונפֿרויאן

אויש וועליכֿן דער קיניג ווערט אויש ערקלעהרין.
נאך זיינם לושט אונ׳ וואול ביגערין:
וירט איר אויף זעטצין דיא קיניגליכֿי קרון.
אונ׳ זיא ערהעבין אויף וסתי ⟨!⟩ טראהן:

מרדכי קומט אויז זיינם חדר אונ׳ רופֿט
אסתר אסתר:

אסתר אנטוואורט
וואש ביליבט מיין הערץ ליבשטר פֿעטיר:

מרדכי
דוא ווייסט דש איך פֿון קינדהייט הער.
האב דיך ערצוגין אין טוגנט אונ׳ עהר:
זאלט איך דיך נון פֿון מיר געבין.
דאש זאלטי מיר פֿרביטרין מיין לעבין:
דאן איין מאנדאט איזט ערשאלין.
נאך דש קיניגש וואול גיפֿאלין:
אלי יונג פֿרויא צו זאמלין איין.
דיא שיאן אונ׳ פֿיין פֿון גישטאלטין זיין:
דרום איזט דיז מיין בעשטר ראט שלאג.
גאר ניכֿט צו קומן פֿאר דען טאג:
אונ׳ דיך ציכֿטיג פֿרבורגין צו האלטין.
דש נימנט זעהי דיין שיאיני גישטאלטין:
דרמיט זיך נימנט אין דיך פֿרליבי.
אונ׳ מיך דאדורך צום טוט ביטריבי:
דאן דיא ווייבר גאר לייכֿט פֿון זינין זיין.
אונ׳ זעהיר ביוועגליך צו יא אונ׳ ניין:

(קומט המן אונ׳ חרבונה פֿאר דאש חדר (מרדכֿי) אונ׳ זעהין דיא אסתר מיט מרדכי שפריכֿט: ⟨)⟩

המן
הער ברודר דאש איז איין שיאני פערשון.
אונ׳ פֿרוואר ווירדיג דיא קיניגליכֿה קרון:

חרבונה
דאש איז פֿרוואר איין זאלכֿי גישטאלט.
דעשט גלייכֿן קיין קינשטליר האט גימאלט:
דארום לאשט אונש דיזין אלטן פֿלאטירין.

דאש ער דיזי דאמי לאזט פֿון זיך פֿירין:

המן
אלטפֿאטר דער קיניג האט לאזין פופליצירן.
אלי שיני דאמין צו אים צו פֿירין:
אונ׳ וועלכֿי איהם ווערט וואול גיפֿאלין.
דיא ווערט ער ערוויהלין פֿר אנדרין אלין:
דארום זאלשטו דיזי דאמי אונז פֿאר טרויאן.
דאן זיא איזט דיא שענשטי אונטר אלין פֿרויאן:

חרבונה
גרויש פֿאטר דוא זאלשט דיך ניכֿט אלטארירין.
דאש וויר דיזי יונגפֿרויא פֿון דיר פֿירין:
דאן עש ווירט איין גרושר פֿארטייל זיין.
פֿר דיך אונ׳ דיינה גאנצי גימיין:
דאן איך בין גיוויש דאש זיא דעם קיניג ווערט וואול גיפֿאלין.
פֿאר אנדרן פֿרויאן אונ׳ דאמין אלין:

מרדכי
וויל זיך דיא זאך זוא צו גיטראגין.
זוא וויל איך דאך ניכֿט גאר פֿרצאגין:
וויל עש ביפֿעהלין אין גאטש הענד.
דער אליש צו דעם בעשטן ווענד:
דאן אליש וואש דער היכֿשטי טוט.
דאש קאן ניכֿט אנדרשט זיין אלש גוט:
דרום קום דוא ליבשטה טאכֿטיר מיין.
אונ׳ נעם פֿון מיר דען זעגין איין:

[דא ליגט מרדכֿי זיין הענד אויף אסתרש קופּף אונ׳ זאגט]
דער גאט אבֿרהם יצחק אונ׳ יעקב.
ערהיבי דיך צו זיינם לוב:
וויא ער דיא שרה אויז ערוואהל.
אונ׳ גאב זיא אבֿרהם צור איהא ⟨!⟩ גימאהל:
וויא ער רבֿקה אויז פֿרעמדין לנדין.
דעם פּאדריארך יצחק האט צו גיזאנדין:
וויא ער רחל אונ׳ לאה דיא טעכֿטיר פֿון לבֿן.
מיט יעקבֿ גיזעגניט אין ארם:
אלזו זאלשטו גיזעגניט זיין.
פֿון גאט אונ׳ מיר דען פֿעטיר דיין:

דרום המן אונ׳ חרבֿונה.
דא האבט איר דיזי דאמי :
גאט וואלי איר זיין ענגיל זענדין.
דער זיא ביוואר אן אלין ענדין :

(מרדכֿי זאגט נאך (יבֿרכֿך) וויא אסתר ווערט איוועק ⟨!⟩ גיפֿירט)

עש זאל דיר גאט דען זעגין געבין.
אונ׳ דיך פֿירין צום איביגן לעבין :
דער היכֿשטי זאלי דיך ביווארין.
פֿון אלין צו שטאנד אונ׳ גיפֿארין :
גאט ערלייכֿטי אויף דיך זיין אן גיזיכֿט.
אונ׳ שטערקי אין דיר דיין גלויבנש ליכֿט :

עש זאל דיר דער היכֿשטי געבין.
גינאד אונ׳ ליידזעליקייט :
ער זאל זיין אן גיזיכט אויף דיך היבן.
צו דיזר שטונד אונ׳ אלי צייט :
זאל דיך אין פֿרידן מאכֿין לעבין.
יעצט אונ׳ אין אייביקייט. אמן :

אסתר ווערט גיפֿירט אין דאש חדר פֿון דער מלכה המן אונ׳ חרבֿונה קעהרין ווידר צום קיניג. דיא קארדינין ווערדין אויף גיצוגין.

שפרעכֿט המן

אליר גינעדיגשטר קיניג אונ׳ ריגענט.
אין אירן דינבשט בין איך גיוועזין ביהענד : |
ה ע״א אונ׳ האב מיר דיא זאך לאזן אן גילעגין זיין.
ביז איך האב ערפֿונדן אייני דאמי אדיל אונ׳ פֿיין :
הופֿענדליך ווערט זיא אירה מאיישטעט גיפֿאלין.
מאנג דען אנדרן יונגפֿרויאן אלין :
בילֿיבן זיא צו זעהין דיא פערשון.
זוא זאל זיא גיבראכֿט ווערדין פֿאר איהרם טראן :

מלך

איך בין קוריעש דיא פערשון צו זעהין.
דרום טוט זיא אלזו בלד פֿאר מיר גינעהן :

(אסתר ווירט גיבראכֿט פֿאר דעם קיניג נייגיט זיך אונ׳ זאגט)

אסתר

אליר גינעדיגשטר קיניג איך בין דיזר עהרי ניכֿט ווערט.

דאש מיך אירי מאייסטעט פֿאר זיך צו קומן ביגערט:
דאן אירי מאייסטעט זיין פֿון הוהן שטאמן.
איך אבר פֿון שלעכֿטין אונ׳ אונאדליכֿן זאמן:

מלך

פֿיר וואר דיא יונג פֿרויא איז מיר עבין.
דיא קרון פֿון רייך וויל איך איר געבין:
דרום ברינגט היהער דיא קיניגליכֿי קרון.
אונ׳ ערהיבט זיא אויף ושתי טראהן:

(אסתר ווערט גיקרענט דער גאנצי האף שטאב בוקט זיך פֿאר איר אונ׳ זאגין)

וויר אלי טוהן גראטולירין.
אונזר גינעדיגי קיניגן.
אונ׳ אונש אלי זופמיטירין.
אלז פֿאר אונזרי הערשרין:

## דער פֿירדיר אויף צוג.

דער קיניג ליגט אויף זיינן שפאן בעט: בגתֿן אונ׳ תֿרש בירידין זיך אין פֿרעמדיר שפראך דען מלך צו טיטין:

בגתן

ברודר תֿרש בייא מיינם לעבין גישווארין.
וויר ווערדין אנמענשליך גישארין:
זאל דאן דאש אונש גיבירן.
מיט זוא שוועריר קומיסייאן צו דרובילירן:
דרום ווערט דער בעשטי ראט שלאג זיין.
וועלכֿין איך דיר זאגין וויל אינש גיהיים:
מיטאמוס מאנום אין רעגם:

תרש

ברודר בגתֿן דיין ראט שלאג.
מוזט גאר ניכֿט קומן פֿר דען טאג:
דרום מוזן מיר אונז ביראט שלאגין.
זונשט דארפֿין מיר דיזיש גאר ניכֿט וואגין:
דרום הערה וואש איך דיר ווערט זאגין:
פֿענענא אקצידאמוס רעגעם:

536 mittamus manum in regem (= הבה נרים יד על המלך)

542 veneno occidamus regem (= ברעל נמית את המלך)

מרדכי הערית אונ׳ פֿאר שטיט דיזן ראטשלאג אונ׳ גיט צו אסתר אונ׳ איז איר [מגלה סוד]:

מרדכי

אסתר איין ראטשלאג וויל איך דיר געבין.
דעם קיניג צור ערהאלטין בייא זיינם לעבין:
דאן איין זאך האב איך פֿערשפירט.
וואש בגתֿן אונ׳ תֿרש אין שילט פֿירט:
זיא האבין איין קונפֿרענץ גיהאלטין.
דען קיניג צו טיטין אויף זאלכֿי גישטאלטין:
אים מיט גיפֿט צו פֿרגעבין.
אונ׳ דא מיט צו נעמין דאש לעבין:
אין טארסיאר שפּראך האבין זיא דיסקורירט.
אונ׳ ניכֿט פֿר מיינט דש איך דארין ווער אינפֿרמירט:
דארום זאל זיא דען קיניג אן צייגין.
אונ׳ בייא אירר טרייא ניכֿט פֿר שווייגין:

אסתר

מרדכֿי דען ראט האב איך פֿר נומין.
גאר באלד וויל איך אים נאך קומן:

(אסתר קומט פֿר דעם מלך. דער מלך ארזיכֿט דיא אסתר אונ׳ זאגט)

מלך

אסתר מיין אליר ליבשטש וייב.
דוא ערקוויקשט דאש הערץ אין מיינם לייב:
זאג מיר הער.
וואש איז דיין ביגער:

אסתר

היכֿשט גיבארניר קיניג אונ׳ הער.
וואלין זיא ווישן ווארום איך בין גיקומן היאהער:
איין זאך וויל איך זיא אן צייגין.
אונ׳ קאן עש ניט לענגיר פֿר שווייגין:
דאן דיא צווייא דינר בגתֿן אונ׳ תֿרש האבין זיך ביראטין.
פֿאר צו נעמין ערשרעקלכֿי טאטין:
אירי מאייסטעט מיט גיפֿט צו פֿר געבין.
אונ׳ דאר מיט צו בינעמן דש לעבין:
אביר דער יוד מרדכֿי האט אירי ריד ביאובאכֿט.

אונ׳ מיר דיא זאך ביוואוזט גימאכֿט
אונ׳ מיר דיזי נאך ריכֿט גיגעבין.
אירי מאייסטעט צו זאלפֿירן דאש לעבין:
דאן דער יוד מרדכֿי האט אירי שפראך פֿר שטאנדן.
דאן ער פאסאשירט אין אלי לנדין:

מלך
אסתר מיין ליבש הערץ.
אי⟨ך⟩ האב פֿר נומן אירי קלאג.
נימנט גלויבט וויא מיך דז שמערצט.
אונ׳ וואש גרוישי פלאג:
דאריבר איך מוז ליידן.
דרום קאן מיך ניכֿט פֿר מיידן:
צו שווערין בייא מיינר קרון.
זיא זאלין האבין אייער ⟨!⟩ פֿאר דינטן לוין:
דרום קאנצליר טוהא זיא ארי⟨י⟩ן ברענגין.
זיא זאלין אן דעם גאלגין הענגין:

(היאר ווערט בגתן ותרש פֿאר דעם מלך גיבראכֿט דער מלך אין רוגיז ⟨!⟩ שרייאט זיא אן)
וויא האט איר אייך דארפֿין אונטר שטין.
איין קרימן לעזע מאייסטאטיס צו ביגיהן:
קאנצליר נעם זונדר ביאנטווארטין דיזי ביז וויכֿט. |
ה ע״ב אונ׳ לאז זיא בידי הענגין פֿאר מיין אנגזיכֿט:

קאנצליר
מייני ליבה פֿריינד איר האבט אייער אורטייל זעלבשט גיהערט.
וואש דער גינעדיגר קיניג פֿון מיר האט ביגערט:
וייל איר איין האבט מיט גיפֿט וואלין טיטין.
דרום קומט איר אין דיא אייזרשטי נעהטין:
דאש אורטייל איז ער גאנגין.
דאש איר מוזט אן גאלגין הנגין:
שארפֿריכֿטר אין דייני הענד זיין זיא גיגעבין.
אין אב צו קערטצין דאש לעבין:
דרום טוא דיין גריכֿט.
וויא דוא ביזט פֿר פֿליכֿט:

576 במקור א י ן — 583 במקור א ר י ן
586 crimen laesae majestatis (= פשע נגד הוד מעלתו)

(קומט דער תליון צו לויפֿין אונ׳ נעמט זיא דיא דעגין אונ׳ פרוקין אוועק אונ׳ פֿירט זיא צו דעם גאלגין)

בגתן
קאנצליר גלויבט דאך ניכֿט זאלכי פֿרקערטי זאכֿין.
דז וויר אויף דען קיניג איין בונד מאכֿין.
דאן וויר האבן זוא לנג דאש בעקין גיהאבט צו פֿערוואלטן.
אונ׳ אונש אלצייט עהרליך אונ׳ ראזונאביל גיהאלטין:
זוא ווירט דאך דער קיניג ניכֿט אלזו טיראניש זיין.
אונ׳ אונש שטערצין אין זאליכֿי שמאך אונ׳ פיין:
דער הער קאנצליר ווערט אונז זעקונטירין.
אונ׳ דען גינעדיגן קיניג רעכֿט אינפֿרמירין:

תרש
הער קאנצליר איך ביטי אויך דער גלייכֿן.
פֿאר דען קיניג צו טרעטין אונ׳ ניכֿט צו וויכֿן:
אונ׳ אונז ברידירליך עקסקוזירן.
אונ׳ אונז פֿון טוט צו דעפֿינדירין:
דאן מיר האבין אונז זוא לנג ערליך אונ׳ רעדליך אויף גיפֿירט.
אונ׳ זיין גיוועזין בייא אלין הויף עסטימירט:
זאל דאן דאש זיין אונזר לוהן.
צו ליידן זאלכֿין שפאט אונ׳ הואן:
דרום זאל דער הער קאנצליר פֿר דען קיניג טרעטין.
אום פֿאר אונזר לעבין צו בעטין:

קאנצליר
בגתֿן אונ׳ תֿרש מיין מעגליכֿקייט וויל איך אן ווענדין.
אייך צו בישערמין פֿון דען שארפֿריכֿטרש הענדן:
פֿאר דען קיניג וויל איך טרעטין.
אייך צו העלפֿין אויש אייערן ניהטן:

(קאנצליר קומט פֿר דעם קיניג אונ׳ טוט איינם פֿוס פֿאל אונ׳ זאגט)
אירי מאייסטעט איך בין פֿר זיכֿרט אויף אירי בארמהערציקייט.
דז זיא ניכֿט פֿלעגין צו פֿרפֿארין מיט גרויזאמקייט:
דרום זאלין זיא זיך בידענקין.
אונ׳ דיזן ביידן קאמיראטין איר לעבין שענקין:
דאן איך האב זיא יוריטיטיצע ⟨!⟩ עקסאמינירט.
אונ׳ קיין גרימינאל זאך אן זיא פֿר שפירט:
זיא האבין גיהאט זוא לנג דש בעקין צו פֿר וואלטין.

און׳ זיא אלצייט טרייא און׳ עהרליך דער בייא גיהאלטין:
אלז דאן ווערדין אירי מאייסטעט אירי בארמהערציקייט לאשן שפירין.
און׳ זיא פֿאר דיזיז מאל פארדאנירין:

מלך
קאנצליר שווייגי מיט דיזין זופליצירן.
זונדרין טואה זיא צום גאלגין פֿירין:
נעמי דען זענטענץ וואול אין אובאכֿט.
וועלכֿין איך זיא האב גימאכֿט:
דאן דא העלפֿט קיין זופליקאציאן.
נאך איין וייטרי אפלאציאן:

קאנצליר
בגתֿן און׳ תֿרש וויא איזט מיר דיא זאך אזוא לייד.
דאש איר צום טוט זייט אן בירייׄ‎⟨ט⟩:
דרום מאכֿט אייער טעשטאמענט.
אלין דיזר שטונד פֿר אייערם ענד:

בגתן
אך קאנצליר וויא טוט ער איין זוא איבלין בישייד געבין.
דש וויר זאלין לײדר קומן אום אונזר לעבין:
דאך נאך איינש וואלין וויר אונש אונטר שטיהן.
און׳ פערשינליך פֿאר דען קיניג גיהן:

(בגתֿן און׳ תֿרש גיהן פֿר דען קיניג און׳ טוהן איין פֿוס פֿאל און׳ זאגין)
וויר פֿאלין אירי מאייסטעט צו פֿיסין.
אום דען שטויב אירי פֿיסין צו קיסין:
זיא וואלין אונז גינאד לאזין ערווערבין.
און׳ ניכֿט זוא עלענדיגליך לאזין שטערבין:
וואש ווערט אירי מאייסטעט ביהאלפֿין זיין.
דאש וויר זאלין קומן צו זאלכֿר שמאך און׳ פיין:
דרום זאלין זיא זיך גינעדיג בידענקין.
און׳ אונזביידן דש לעבין שענקין:

מלך
קאנצליר איך האב דיר איין מאל אורדיר גיגעבין.
דיזין ביזוויכֿטין צו נעמין דש לעבין:

638 במקור ב י ר י י ש

לאשט דירש ניכֿט נאך איין מאל זאגין.
זונשט ווירט עש דיר נאך איבליר אויז שלאגין :

קאנצליר

בגתֿן אונ׳ תֿרש איר האבט ניכֿט לאנג צייט.
צום גאלגין זייט איר אן ביררייט :
דרום שארפֿרי⟨כ⟩טר נעם זיא אוועק פֿון היאר.
אונ׳ טואן אינן איר רעכֿט נאך איר גביר :

תרש

אך ווינד אונ׳ ווי האבין וויר איין זאלכֿין שלעכֿטין בישייד.
דש וויר אליביידי צום טוט זיין אן ביררייט :
אך ווינד אונ׳ ווי האבין מיר צענטענץ ביקומן.
דש אונז בייידן דש לעבין זאל ווער⟨ד⟩ין גינומן :

בגתן

אך ווינד אונ׳ ווי וויא זיין מיר גיוועזין זאלכֿי צווייא הערין צו פֿרוואלטין דש | ו ע״א
בעקין.
נון זאלין מיר דען האלז צום גאלגין אויש שטרעקין :
אך וויא האבין מיר דיא זאך אזוא איבר זעהין.
דש מרדכֿי טאט אונזרי שפראך פֿרשטיהן :

תרש

אבר ערשטליך וואלין מיר אונזר זינד אופֿנבארן.
דש זיך אנדרי היטן פֿאר זאלכֿי גיפֿארין :
דאן אויף דען קיניג האבין מיר איין ביזין ראט שלאג גימאכֿט.
וועלכֿש אונש אינש אייזרשטי פֿרדערבן גיבראכֿט :

בגתן

וואר איז דאש יעניגי וואש איך אלצייט האב הערין זאגין.
דש אונטרייא זיין אייגנין מיישטיר טוט שלאגין :
דש פֿלעגט צו גישעהן אינז גימיין.
דער גרובן גראבט פֿאלט זעלבשטן דריין :

תרש

דארום איר הערין וועז איינר דען אנדרין וויל איין גיהיימניש פֿרטרוין.
גר וואול זאל ער זיך אלר זיי⟨טש⟩ אום שואין :
דאן העטין מיר אונש בעשיר אפזורפֿירט.

659 במקור שארפֿריטר
678 במקור ziישט
664 במקור ווערריז

זו וועהר אונש זאלכֿש ניכֿט פאסירט:

בגתן

ברודר תֿרש וייל מיר אונש ניכֿט ווישן צו קעהרין אונ׳ צו ווענדין.
וואלין מיר אויף היבן צום הימל אונזרי הענדין:
גאט זאלי אונש אונזרי זינד פֿר געבין.
אונ׳ ניכֿט פֿרשטוסן פֿון איביגין לעבין:

תרש

וייל נון קיין גינאד איזט מער צו ערווירבין.
דש מיר אהני בארמהערציקייט מוזין שטערבין:
דרום אדיא גוטי נאכֿט אך ברודר מיין.
זאל דאן דיזיז אונזר אבשייד זיין:

(דא קוסין זיך בגתֿן ותֿרש אונ׳ דער תליון פאקט זיא אלי ביידי אן דען האלז אונ׳ זאגט):

תליון

איין שפריכֿווארט טוט אין דער וועלט אום לויפֿן.
וואש אן גאלגין גיהערט טוט ניכֿט פֿר זויפֿין:
איך וויל אייך טופילט קניפֿפֿן אן.
דש גיווישיגליך קיינר פֿאלין קאן:
איך וויל אייך גוט אונ׳ בורג זיין.
עש ווירט קיינר ברעכֿין איין ארם אודר ביין:
דער הער זאל דען פֿאר צוג האבין.
דש אים זיין הער ברודר קאן וועהרין דיא ראבין:

(תליון הענגט זיא ביידי אויף דעם גאלגין. דא קומט המן אונ׳ זיכֿט דיזי אם גאלגין איז זיך מרגז אונ׳ ציהט אויז זיינן דעגין אונ׳ זאגט)

המן

וויא גרויזאם טוט מיך דיזר אבֿרונט שמערצין.
אונ׳ ברענט מיר אויף מיינן הערצין:
דש דיזי צווייא קאמיראטין איר לעבין איזט ווארדין זוא שענדליך גינומין.
אונ׳ איזט אליש איבר דען מארט בעשטיאלשי יודין הער גיקומן:
איך וויל מיך אן אים רעוואנשירין.
זאלט איך אויך דא דורך מיין לעבין פֿרלירין:

מלך

המן איך טוא אן דיר פֿרשפ⟨י⟩רין.

703 במקור פֿרשפֿרין

דש דיך דיא זאך טוט שאקרונירין:
ווײלן דיזי מײני פֿײנד.
אײנר זײטס אויז דײנר פֿרמיליא ‹!› זײנד:
דרום קאנצליר נעם זיא פֿון גאלגין אב.
אונ׳ ליג זיא אין אירש פֿאטרש גראב:

(דער פֿפֿינפֿטיר ‹!› אויף צוג)

מלך
המן דוא גיטרײיאר העלד וואול אינפֿרמירט אין אלין.
דוא האשט מײן לײב וואול זעקונדירט אונ׳ ערפֿילט מײן וואול גיפֿאלין:
דוא האשט מיר אויז גיזוכֿט אײן ווײב.
מײן וואולושט צו פֿרטרײבן.
זונשט העטי מײנם שוואכֿיר לײב.
ניכֿט קענין גיזונד פֿרבלײבן:

דרום זאל דיזיז דײן רעקומפענץ זײן.
פֿאר אלין אנדרין הערין.
דאש דוא זאלשט דער היכֿשטי מיניסטיר זײן.
אונ׳ אלי דיך זאלין עהרין:

עש זאלין פֿאר דיר גרויש אונ׳ קלײן.
זיך בוקן צו דער ערדין.
אונ׳ ווער מײן ביפֿעהל ווירד צו ווידר זײן.
זאל דעש טוטש בשולדיגט ווערדין:

איך וויל דורך דען קיניגליכֿן טראהן.
נור אײן גראד דיר פֿאר גיהן.
דען קיניגליכֿר צעפטר טראהן אונ׳ קרון.
מיר נור אלײן אן שטיהן:

(דער נאך ריד דער מלך צו מרדכֿי)
מרדכֿי טרעט הער צו מיר.
וואש פֿאר אײן שענקאשא געב איך דיר:
דאש דוא האשט סאלווירט מײן לעבין.
דאש איך ניכֿט בין ווארדן מיט גיפֿט פֿרגעבין:
מוז גישטיהן דאש אײן יוד.
פֿאר זײנן הערין לאשט גוט אונ׳ בלוד:
דרום זאלי דײן בארמהערציקײט.

אויף גישריבן ווערדין אין איביגקייט:
אונ׳ דיר טוא איך פֿרייהייט געבין.
נאך דיינן יודישן גיבאט צו לעבין:
דוא זאלשט זיצין אן מיין טוהר.
מיט אלי רעשפעקט אונ׳ האנאר:
זאלשט דען זענטענץ אויז שפרעכֿין.
ווידר יעדיר מאנש פֿרברעכֿן:
וואש אנבלנגט דיא יודשי זאכֿין.
איין יעדין זיין רעכֿט צו מאכֿין:

מרדכי
איך טוא מיך פֿאר דיזי גינאד בידאנקין.
גאט שטערקי איר מאייסטעט גוטי גידאנקין:
דאש זיא אונש גינעדיג זעקונטירין.
זוא ווערדין זיא אין אלם פרוספירירן: |
ו ע״ב דיזיז איזט מיר דיא גרעשטי גינאד.
וועלכֿי איך פֿון זיא ערהאלטן האב:
דאן פֿון הוהן פו⟨ט⟩ענטאטן.
דיא ישראל האבן האלט.
זיין דאש דיא גרעשטי גינאדן.
אונ׳ מער אלז רודש גאלד:

דאש זיא אונז פֿרייהייט געבין.
צו דינן אונזרן גאט.
פֿרייא אונ׳ זיכֿר נאך צו לעבין.
מוזיס גירעכֿטן גיבאט:

וויל זיצין היאר צו ריכֿטן.
נאך יוריסטיקאציאן.
אלי שטרינגיכֿקייטן שליכֿטן.
נאך אונזרי רעליאן ⟨!⟩:

גאט געב גליקליכֿה ריגירונג.
זיינר הוכֿי מאייסטעט.
אונ׳ זיכֿרי טריומפֿירונג.
דורך אונזר שטעטץ גיבעט:

749 במקור פוזענטאטן

(גיט מרדכֿי אן דיא פפֿארט אונ׳ זעצט זיך אנידר. המן קומט דער פֿאר אונ פראלט)

המן

אירי קיניגליכֿה מאייסטעט האבין מיך זוא הוך עסטומירט ⟨!⟩.
אונ׳ צו זוא גרושר עהר רעפֿירירט :
נייגן אונ׳ בוקן מוז זיך אליז פֿאר מיר.
פֿון נידרין שטאנד ביז הואן קאוואליר :
מאן מוז פֿאר מיר מאכֿין זאלכֿי גיבערדין.
אלז וואן איך איין גאט ווערי אויף ערדין :
דרום איהר מוזיקנטן שפילט מיר מיין לייבשטיק.
דאש זיך מיין גייסט אין מיר ערקוויקט :
אלא פֿיקטאריא.
דאש איז מיין גלאריא :

(בוקין זיך אלי פֿאר המן חוץ מרדכֿי ניט)

קאנצליר

מרדכֿי וויא דארפֿשטו דיך אונטר שטין.
דאש קיניגליכֿי גיבאט צו איבר גיהן :
דאש דוא פֿר המן ניט ווילשט בוקן.
דיין אלטן שטייפֿן שעלמישן רוקן :

מרדכי

איך בין איין יוד.
אונ׳ לאזי ליבר גוט אונ׳ בלוד :
אלש דאש איך וואלטי עהרין איינן אב גאט.
דאש איז געגין אונזר הייליג גיבאט :

[קאנצליר קומט צו המן אונ׳ זאגט]

אלי טוהן זיך פֿאר איר עקסאלענץ בוקן אונ׳ נייגין.
אבר דיזר שעלמישר יוד וויל זיא קיין עהר ערצייגין :
דאש ווערדן זיא גלייך פֿרשפירן.
וואן זיא ווערדן פֿרבייא גין ווערד ער זיך ניכֿט רירין :

[המן גיט פֿרבייא אונ׳ זיכֿט דאש מרדכֿי ניט אויף שטיט פֿאר איהם אונ׳ שיטילט דען קאפף]

קאנצליר

מרדכֿי האשטו דאש קיניגליכֿי ביפֿעהל ניכֿט פֿר נומן.

773 פֿיקטאריא = victoria
774 גלאריא = gloria
785 במקור פֿרשפרירן

דאש דוא דען זעלביגן ניכֿט ווילשט נאך קומן :
ביז⟨ט⟩ דען מעהר אלז אנדרן הערין.
דיא זיך פֿאר המן בוקן אונ׳ עהרן :

המן
פֿוטרדיאבול זאלט מיר ניכֿט מיין הערץ פֿאר שאקרין צערשפרינגן.
זאלטי איך ניכֿט אויז ציהן מיינה גלינגין :
אונ׳ דיר דיין הערץ אונ׳ איינגווייט דורך גראבן.
אונ׳ דיך פֿאר צו ווערפֿין דען הונדן אונ׳ ראבין :
אביר איך ווערי ניכֿט זאטישפֿעט.
וואן איך דיך שון צערשטוכֿין העט :
דאן ניט גינוג איזט דיין טוט אליין.
זונדרן אלי יודן אינז גימיין :
וויל איך אין איינם טאג לאזין מאסאקרירן.
אונ׳ דאדורך מיין אפֿרונט רעוונשירין :

מרדכי
המן המן.
דוא ווישט איך קען דיין שטאם :
גלויב מיר דיין הויכֿמוט שרעקט מיר ניכֿט.
נאך דיין הויכֿפֿערטיגש אנגיזיכֿט :
דאן ווארליך דיר איזט וואול ביקאנט.
דאש דוא בישט גישטאנדין אונטר מיינר הנד :
דאן דוא אויש גרוישר הונגרש נויט.
דיך בייא מיר האשט פֿרקאפֿט אום ברוט :
אויך אישט דיין פרעטענציאן.
קעגין אונזרי רעליגיאן :
דאן דוא האשט דיך גימאכֿט פֿאר איין אבגאט.
דיך צו עהרן איזט קיגין מיין הייליג גיבאט :
דרום דוא מיך ניכֿט פֿארשירין.
איך לאז מיך ליברשט מאסאקרירן :
אלז דאש איך דאש גרינגשטי וואלט איבר שרייטן.
ווארין מיך גאטש גיבאט דוט פֿרמייטן :
דארום שטיא אב פֿון זאלכֿין אינטענטין.
דאש בלעטליין קאן זיך בלד ווענדין :

789 במקור ב י ז

המן

מרדכֿי דוא יודשיר הונד.
שליס צו דיין בליטץ גארשטיך מונד:
איך שווערי דיר ווארהאפֿטיג איין אייד.
דאש דיר דיינה ריד ווערדין ווערדין לייד:
איך וויל דיר נאך קובאביל זיין.
זאמט דיינר גאנצין יודין גימיין:
איך טראגי שון לאנג אויף דיך איין האשט.
דרום האב איך אייני רעזולאציאן גיפֿאשט:
דיך צו ברינגגן אום דיין לעבין.
זאמפט דיינר גאנצין יודין גימיין:
וואן איך אויך שון מוזטי געבין.
צעהין טויזנט צענטנר זילבר פֿיין:

(המן גיט איוועק ⟨!⟩ אונ׳ ווערפֿט גורל)

נון וויל איך דיא זאך וואול אויש שפעקל⟨י⟩רין.
אויך פֿלייסיג אין דער ביביל שדודירין:
אויך אנדרי ביכֿר וויל איך נאך שלאגין
איהא איך דיא זאך דעם קיניג ווערד פֿאר טראגין:
דאן עש איזט מיר וואול ביקאנט.
ז ע״א דאש דיא יודין האבן איין גרושן | בייא שטאנד:
פֿילייכֿט האבן זיא יעצונד גליקליכֿה צייט.
דאש איך זיא ניקש קאן טוהן צו לייד:
דרום וויל איך נאך שלאגין דיא גאנצי שריפֿט.
אונ׳ זעהין וואן זיא דאש אונגליק בטריפֿט:
ברינגגט מיר דיא ביבל הער.
אונ׳ אנדרי ביכֿר דיא איך ביגער:
דז איך דז לאס ווערפֿה אן וועלכֿם טאג.
אדר מאנאד איך זיא אויז טילגן מאג:

(ווערטן ספֿרים גיבראכֿט אונ׳ ער ווערפֿט גורל)

מיין פֿייאר טאג וויל איך ניט פֿר שטערן.
דאן אן דיזם טאג טוא איך דיא זון פֿרעהרן:
אונ׳ צו איהר לוב גיזאנג זינגין.
אונ׳ פֿר מיין הויז גיזינד שלאכֿט אפֿפֿר ברינגין:
דאן איך קאן מיך וואל אן דען יודן רעכֿין.

831 במקור שפעקלורין

אונ׳ ברויך מיין פֿייאר טאג דרום ניט צו פֿר שוועכֿין:
דרום מוז איך אין דער ביבל איין זעהין.
וואש אין אנדרן טעגין איז גישעהן:

דען אנדרן טאג מאנטאג קאנש ניט גישעהן.
דיז האב איך שון לאנג פֿור גיזעהן:
דאן אן דיזן טאג טוהן זיא מיט פֿאשטין אונ׳ גיבעט צו גאט שרייאן.
דאס גאט וואלי איהנין דיא זינד פֿרצייהן:
זיא טוהן גאר פֿלייסיג אין דעם בוך מאזיס שטודירן.
דריבר קאן איך זיא ניט פֿרליהרן:

דען דריטן טאג קאנש אויך ניט זיין.
ווייל דיזר טאג גוט איז אינז גימיין:
דאן אן דיזן טאג שפּראך גאט צווייא מאל עז איז גוט.
דרום ווערט איך ניט קענין פֿר גיסן דער יודן בלוד:

דען פֿירטן טאג מיט וואכֿין מוז איך אבווייכֿן.
דאש זעה איך אויז דען הימלש צייכֿן:
דאן זון אונ׳ מאנד זיין גישטעלט ווארטן אן דאש פֿירמאמענט.
צו אונטר שיידן דיא פֿייאר טאגין פֿון אלטין טעשטמענט:
זאלי איך זיא נון פֿר שטערן איהרי פֿפֿליכֿט.
זוא זאלטין זיא אונז שיינין ניכֿט:

מונדיע דער פֿינפֿטי טאג טוט מיר אויך ניט פֿאפֿוריזירן.
דרום טוא איך באלד מיין מוט פֿרלירן:
דאן אן דיזם טאג האט גאט בישאפֿין אלי גיטיהר דער ערדן.
דאש פֿון זאלכֿין פֿריד אונ׳ בראנד אפּפֿר זאלין גישלאכֿט ווערדן.
זונשט ווער קיין פֿריד נאך פֿרזינונג אויף ערדן:

פֿוטר דיאבול דען זעקסטן טאג מוז איך נידר לעגין מיינה וואפֿין.
דאן גאט דיזן טאג דען מענשן נאך זיינם עבינבילד האט בישאפֿין:
דאש עבינבילד גאטש צו פֿרשטערן.
טוט מיר אויך דאש גיזאץ נח פֿרווערן:

דען שבתּ וויל איך גאר ניכֿט איין זעהין.
דאן איך וויז דאש קיינם איין לייד קאן גישעהן:
דאן אין ווערנדר צייט דאש זיך איין מענש אין גאטש דינשט טוט איבן.
קאן איהם קיין מענש נאך גישפּענש שעדיגן נאך ביטריבן:

869 מונדיע = mon Dieu

דאן דיזן טאג זיא איין גאטש דינשט פֿר צעהרן.
דרום קאן איך זיא פער אימפאסיבילע ניכֿט פֿר שטעהרן:

אך ליידר אך ליידר וויל מיר דאן דאש גליק אן קיינם טאג שפילן.
דש איך מיין מוט אן מרדכֿי אונ׳ זיינר גימיין מעבֿט קילין:
דרום אן דען יודן מיך צו רעכֿין.
וויל איך ליבר מיין פֿייאר טאג ברעכֿין:
אונ׳ וויל ווייטר אין דען מאנטן שפעקולירן.
אין וועלכֿין איך זיא מע⟨כֿ⟩ט פֿרליהרן:

דען ערשטן מונאד דארף איך ניכֿטש טענדירן.
ווייל דיזר מונאד אין זיינם צייכֿן איין לאם טוט פֿירן:
דורך וועלכֿיש צייכֿן איהרי עלטרן טעטן ביקליקין.
וויא בייא פרעה צו זעהן אין אלין שטיקין:
דאן אין דיזם מונאד זיין זיא גאנגין אויז עגיפטן לאנד.
אונ׳ דורך דאש מעהר גיגאנגין אויף טרוקנים זאנד:

דען צווייטן מונאד מאי קאן איך ניכֿטש פֿאנגין אן.
ווארין איך זיא פאלענדין קאן:
דאן אין דיזין מונאד טאט גאט אזוא פֿיל פֿר זיא זארגין.
דש ער א⟨יה⟩נן האט גיגעבין דש הימל ברוט אלי מארגין:

דען דריטן מונאד יוני דארף איך מיך ניכֿטש ערוועגין.
ווייל אין דיזר מונאד גיבראכֿט האט אלי גליק אונ׳ זעגין:
דאן אין דיזי מונאד איזט איהר רבינר משה אויף דען בערג סיני גיגאנגין.
אונ׳ האט פֿון גאט זעלבסטן דיא צעהין גיבאט ענטפֿאנגין:
האט אויך דאש בלוט דער פֿרזינונג אויף זיא גשפריצט.
וועליכֿש דיא אויף איביג פון אלין גיפֿאר בישיצט:

דען פֿירדן מונאד יולי האבין זיא איין גרוישין פֿאס טאג אונ׳ איין גרויסש טרוירין.
ווייל אין ירושלם זיינן ווארדין גי⟨שפ⟩אלטין דיא מויארן:
דאן גא⟨ט⟩ זיא ניט טוט שלאגין.
אין איינם מונאד מיט צווייא פלאגין:

דען פֿינפֿטן מונאד אגוסטי דאכֿטי איך זיא צו ערמארדין.

889 במקור מ ע בֿ ט
899 במקור א ה י נ ן
907 במקור ג י פ ש א ל ט י ן
908 במקור ג א ש

ווייל אין דיזם מאנאד דיא שטאט ירושלם צור שטערט ווארדן :
אביר זיא טוהן זיך אן זוא פֿיל פיינן.
אונ׳ טוהן איבר אירי אונ׳ איבר אירי פֿעטיר זינד זוא פֿיל וויינן :
דש גאט | דיא גרושי בוז :
ז ע״ב מיט בארמהערציקייט אן זעהן מוז :

דען זעקשטין מאנד סעפטעמבר מוז איך אינן האלטין.
ווייל איך ניכֿט זאגין קאן וואש גי[שט]אלטין :
זיא פֿריא פֿר טאג אויף שטיהן.
אונ׳ אין אירי סינאגאגין גיהן :
אונ׳ טוהן זוא יעמרליך קלאגין אונ׳ שרייאן.
דז גאט זאל אירי זינד פֿר צייאן :
דרום דארף איך מיך ניכֿטש אונטר שטיהן.
אונ׳ מוז דיזן מאנאד פֿר בייא גיהן :

דען זיבנטן מאנד אקטאבר איזט היילִיג גאנץ אונ׳ גאר.
דאן דען ערשטן טאג האבין זיא איהר נייא יאר :
דען צעהנדין טאג דז מאנד טוט זיא גאט אל איהרי זינד פֿר געבין.
אונ׳ שרייבט זיא אי⟨י⟩ן צום גוטן לעבין :
דען פֿופֿצעהנדין טאג טוהן זיא איהרי לאבר פֿעשט צעליברירן.
גאט דאנק צו זאגין אונ צו פשאלירן :
פֿאר אלי פֿריכֿטן א⟨ו⟩נ׳ גאבין.
דיא זי⟨א⟩ דאש יאהר דורך ענפֿאנגין האבין :
דרום קאן איך אין דיזם מאנאד ניכֿטש אן פֿאנגין.
אינש ווערק צו שטעלין מיין פֿרלאנגין :

דען אכֿטן מאנאד נאוועמבר קאן איך אויך ניכֿטש אן פֿאנגין.
ווייל אין דיזם מאנאד נח אויז דער אריג איז גיגאנגין :
א⟨ו⟩נ׳ גאט טאט אן נח שווערן.
נימר מער צו מעהרן אויף דער וועלט צו ברינגין איין גענראל צרש⟨ט⟩ערן :

דען ניינטן מאנאד האב איך איין אפרטי לעהר.
זא איך נאך האבי פֿון מייני פֿורעלטרן הער :

927 במקור א י ן
930 במקור א ל נ׳
931 במקור ז י ר
936 במקור א י נ׳
937 במקור צ ר ש ע ר ן

די וו⟨יי⟩ל זיא ביפֿונדין דורך דיא פלאניטן.
דאש מן דיא יודן אין דיזם מאנאד ניט קאן טיטן :
⟨ד⟩אן אין דיזם מאנאד טוט זיא איין גרוזיה⟨!⟩ ערליזונג פֿורשטיהן.
דרום מוז איך ווייטר אין אנדרין נאך זעהין :

דער צעהנדי מ⟨ו⟩נ⟨א⟩ד יאנוארי אישט מיר אויך ניט עבין.
דען יודן צו טראכֿטין נאך דעם לעבין :
דען דיזן מאנאד טאט סנחרב דיא שטאט ירושלים בילעגרין אבר ניט בצווינגין.
דרום פֿערכֿטי איך עש מעכֿטי מיר אויך אלזו גלינגין :

ווי גישריאן איבר המן וואש זאל איך פֿאנגין אן.
דאן אם עלפֿטין מאנד ריגירט דער וואסר מאן :
דאן אין דעם וואסר שעפפֿין האבין איהרי עלטרן טוהן ביקליגין ⟨!⟩.
אין אלין ביגעבנהייטן אונ׳ שטיקן :
דאן דורך דען דאש וואשר שעפפֿן האט גאט אן אלעזר ביוויזן.
דאן רבֿקה צו יצחק איין ברויט אישט ווארטן ערקיזן :
דען וויל זיא אזו פֿרייא געביך וואר אליעזר אונ׳ אלי קעמליך צו טרענקין.
זוא האט לייכֿטליך דער מאן גאטש קענין דענקין :
דאש דיז מוז איין גוטי אויז שפראצונג זיין.
וויל זיא איז אזו פֿרייא געביך אונ׳ ברמהערציג אוהן גימיין :
אויך דורך דאש וואשר שעפפֿין האט משה בייא יתֿרו זוא פֿיל אויז גינומן.
דאש ער זיין טאכֿטיר צו עיה האט ביקומן :
דעש גלייכֿן טוזינד עקסעמפלארין.
דיא איך יעצונד וויל פֿר שפארין :
וויא איהנין דער וואשר מן אל צייט פֿפֿאריזירט.
אונ׳ זיא פֿון אלי נויט סלפֿירט :

מונדיע ווייז איך מיר ניט צו ה⟨על⟩פֿין ניכֿט צו ווענדין.
ניכֿט צו קעהרן ניכֿט צו לענדין :
פֿר פֿלוכֿט זאל זיין אל מיין געלד אונ׳ גוט.
וואן איך ניט ווערט קענין פֿר גיסן דער יודן בלוט :
קיין מעדיצין קאן מיך קורירן.
וואן איך ניט זאל מיין מוט פֿאלפֿירן :
אונ׳ זאל מיין בלוד דורשט לעשין.

940 במקור ו ו ע ל
942 במקור א ן
944 במקור מ א נ ו ד
964 מ ו נ ד י ע = mon Dieu ׀ במקור ה ל ע פֿ י ן

דאש איך מיין הענד אונ׳ לייב אין דער יודן בלוט קאן וועשין :

פרשנדתֿא

הערץ אליר ליבשטר פאפא לאז ער זיך דיא זאך ניכֿט אלזו שאקראנירן.
דאן ער האט נאך איינין מאנד צו אינשפעקטירן :
אין דעם מאנד מערץ ווייש איך דען יודן קיין בייא שטאנד.
ווארין זיא ווערטן זיא קענין אויז טילגין נאך איהרר שטארקין האנד :

(דא זוכֿט המן אין דען ספֿרים אונ׳ זאגט)

המן

פֿריילך פרינץ פרשנדתֿא דוא האש⟨ט⟩ מיר איין גוטי זאך פֿור גיזאכֿט.
דאריבר מיין הערץ אים לייב ער וואכֿט :
דאן אין דיזם מאנד פֿאנגט איהר און גליק אן.
דאש איך זיא שטירצין קאן :
דאן אין דיזם מאנד איזט איהר רבינר משה גישטארבין.
דרום קענין זיא אויך לייכֿטליך ווערטן פֿרדארבין :

קאנצליר

פרינץ הער המן איך טוא זיא דאר צו ניכֿט פרשוואדירן.
דיא יודן אויף איין מאל צו מאשאקרירן :
דאן יעדרצייט דער דען יודן ביז צו טוהן אן גיפֿאנגין.
דעם זעלבין קיניג אדר פאטנטאד איז איבל אויז גאנגין :
אנפֿעלבאר ווערדין זיא אין דער ביבל האבן ער זעהין.
וואש דעם קיניג פרעה אונ׳ זיינן פֿאליק איזט גישעהין :
ער איזט ווארדן פֿון גאט גישלאגין.
מיט צעהין אונערהע⟨ר⟩טין פלאגין :
ביז ער ליצטליך מיט זיינם גאנצין הער.
איזט ווארדן גישטערצט אין דאז מער :
ח ע״א אונ׳ פֿון אלין דיא דיא יודן טאטין | ביטריבן.
איזט ניכֿט איין איינציגר איבר גיבליבן :
דרום וואלין זיא בלייבן בייא אירן עהרין.
זוא לאסין זיא זיך פֿון זאלכֿין אינטענט אב ווערין :

המן

פֿרוואר הער פאטראן אין מיינם קונצעפט לאז איך מיך ניכֿט שטעהרין.
וואן איך שון ווישטי צו קומן אום אל מיין גוט אונ׳ עהרין :

976 במקור ה א ש
989 במקור א ו נ ע ר ה ע ט י ן

מרדכֿי זאל מיר ניכֿט ענט גיהן.
וואן איך זאלטי אן גאלגין קומן.
זוא וואלטי איך דאך ניכֿט אב שטיהן.
וואש איך מיר האב פֿאר גינומן :
איא פֿיקטריא וייל זיך דאך איין מאנאט טוט בפֿינדן.
ווארין איך דיא יודן קאן איבר ווינדן :
דרום וויל איך מיך בייא דען קיניגליכֿן האף איין פֿינדן.
אונ׳ וויל דער יודן שעלמין שטיק אן קינדן :
אלעגרא איר מוזיקאנטין אינש גימיין.
טוט מיין לייבשטיק שטימן איין :

(ווערט צו גיצוגין)

### [דער ⟨זעקשטי⟩ אויף צוג

המן קומט פֿאר דען מלך טוט איין פֿוס פֿאל אונ׳ גיבט אן דיא מסירה אונ׳ זאגט]

אליר גינעדישטר קיניג אונ׳ הער.
איך ווינש דאז זיך זיין קיניגרייך אויף איביג פֿרמער :
אונ׳ אין אירם רייך איין לנגיש לעבין.
ביטי מיר איין גינעדיגי אודייענץ צו געבין :
דאן איין פונדעראזי זאך האב איך פֿאר צו טראגין.
דאן איין גאנציש פֿאלק מוז איך אן קלאגין :
וועלכֿי וועגין אירי גרושי מיסיטאטין.
דאש קיניגרייך ברינגן אין גרושי שאדין :
דאש פֿאלק איז פֿרשפרייט אין גאנצין לאנד.
אונ׳ מעהריט זיך אלז וויא אן מעהר דער זאנד :
זיא זיין פֿון אליר פֿעלקיר מאנירין אב גשניטן.
דורך אירי וואונדרבארליכֿי צערמאניען אונ׳ זיטין :
אונ׳ טואן אלי פֿירשטין אונ׳ הערין ווידר שפרעכֿין.
אי זיא דאש גרינגשטי פֿון אירן גיזאטץ וואלטן ברעכֿין :

מלך

וואש מוז דאש דאך פֿאר איין פֿאלק זיין.
זאגי אן דוא גיטרייאר דינר מיין :

1002 פֿיקטריא = victoria
1008 ה״ב ⟨זעקשטי⟩] במקור פֿינפֿטיר

המן

יודן מושל בישניטני צוריסני העבריער זיין זיא גינאנט.
אין אליר לייא שעלמישן פראקטיקין זיין זיא וואול ביקאנט:
אין שפעציא דער יודן מרדכֿי דען זיא גיזעטץ האבין אן איהר טאהר צו יודיצירן.
דער טוט אירי מאנדאט אין גרינגשטין ניכֿט רעש⟨פע⟩קטירין:
דאן נאך דען איר הויאי מאייסטעט מיר זאלכֿי גינאדין ערטיילליט.
אונ׳ מיך פֿאר דען אליר העכֿשטין מאנישטיר ערוויהליט:
אונ׳ האבן ביפֿאלין אינז גימיין.
דאש זיך פֿאר מיך זאלטין בוקן גרוש אונ׳ קליין:
דיזיז אביר טוהט ער אין גרינגשטין ניכֿט רעשפעקטירין.
זונדרן מיך דארצו אפֿרונטירין:
איך קאן ניכֿט אליז אין דער גידעכֿטניש ביהאלטין.
דרום מוז איך שריפֿטליך איין געבין.
אויף וואש מאניר אונ׳ וואש גישטאלטין.
דיזי שעלמין פֿרפֿירין איר לעבין:
צום ערשטין וואן זיא פֿריא אויף שטין.
פֿיר אילן או⟨ן⟩ גיוועשין טואן זיא ניכֿט גיהן:
זונדרין טואן זיך וועשין אונ׳ צוואגין.
אונ׳ טואן דאריבר איין זעגין זאגין:
דאר נאך טואן זיא זיך מיט איינן קלייד פֿון פֿילין פעדים אום ווינדין.
אונ׳ טואן איר ארמן אונ׳ קאפף מיט שווארצין רימין בינדין:
זיא טואן גאר וואונדרליך שרייאן אונ׳ זינגין.
אונ׳ אין אירין זינגין דרייא מאל אויף שפרינגן:
נאך דיזים טואן זיא זיך פֿלייסיג אויף דער גאסין אום זעהין.
וויא זיא איינם איין נאזין מעכֿטין טרעהין:
זיא זיין זוא אויז גישפיצט אין אירן פראקטיקן.
אונ׳ סופטיל אין אירן שעלמין שטיקן:
ברינגט איינר פֿון אונז צו אינן עטוואש צו פֿאר קויפֿן.
זוא טואן זיא דיא גאנצי שטאט מיט אינן אום לויפֿן:
אונ׳ מאכֿין אין דעם קאפף זוא פֿול.
דאש ער מעכֿט ווערדין נארש אונ׳ דול:
קומט אבר איינר אין אירי בעט שטונד.

1027 במקור ר ע ש ע פ ק ט י ר י ן
1039 במקור א ו נ ׳

רידן זיא קיין ווארט מיט אירם מונד:
יא ווען אירי מאייסטעט זעלבשטן קיגין ווערטיג ווערין.
זוא זאלטן זיא ניכֿט קומפלימענטירן נאך עהרין:
אין אירם גיבעט טון זיא קיינם קיין אנטווארט געבין.
וואן עש אויך איינן זאלטי קאשטין דאש לעבין:
אם פֿרייטאג טואן זיא פֿריא אויף שטיהן.
אונ׳ טואן זיך אום אלי לעקרי שפייזין אום זעהין:
איר ווייבר טואן דיא גאנצין שטאט אום לויפֿן.
הינר געגנז אונ׳ פֿיש איין צו קויפֿן:
קיין געלד טואן זיא גאר ניכֿט שפארין.
וויא וויר עש לידר גאטש גינוגזאם ערפֿאהרין:
דאש זיא אין אלין קויפֿמנש זאכֿין.
דען פרייז היכֿר אונ׳ טייאריר מאכֿין:
אן פֿרייטאג אבנט מאכֿין זי⟨א⟩ איינן זעגין איבר דען וויין.
אונ׳ לאסין זיך גוטי דינגגן זיין:
דאר נאך האבין זיא אירן שבתֿ טאג.
זוא דא איזט אירי מאייסטעט צום אפֿרונט אונ׳ שמאך:
דאן זאלטן זיא אם שבתֿ איינן איין ארבייט אנביטן.
זוא זאלטין זיא זאגין זיא מיסטן דען שבתֿ היטין:
אונ׳ דיזיז ניכֿט אליין.
זונדרין דאש גאנצי יאר אינש גימיין:
ח ע״ב דאש איז דאש | וועניגשטי אויף צו רירין.
וויא זיא איר לעבין ווייטר פֿולפֿירין:
וואן אירי ווייבר קומן אין דיא זעקש וואכֿין.
דארפֿין דיא שעלמין ניכֿט פֿרעסין וואש זיא קאכֿין:
דיא ווייבר אבר טואן וואול פֿרעסין אונ׳ זויפֿן.
ביז זיא לעצטליך אין דאש וואשיר מוזן לויפֿן:
אונטר דען וואשיר מוזן זיא זיך וועשין אונ׳ צוואגין.
אונ׳ דאריבר איין זעגין זאגין:
אונ׳ ווען שון אן ווינטר ווערי דיא גרעשטי קעלט.
זוא העלפֿט דער פֿאר קיין גוט נאך געלט:
זיא מיזין אין דאש וואשיר היניין.
וואן אויך שואן גיפֿרארין ווער שטיין אונ׳ ביין:
דיזין מוזין זיא זיך אונטר ווערפֿין.
אי זיא בייא אירן מאן שלאפֿין דערפֿין:

1068 במקור ז י ר

צום אכֿטן טאג טואן זיא אירי קינדר בשניידין.
ווארִיבר דיא ארמי קינדליין דיא אייזרשטי שמערצין אונ׳ טוטש גיפֿאר
מוזין ליידן :
אין איהרי זינאגאג טואן זיא עז ברינגן.
אונ׳ דריבר גאט לויבן אונ׳ זינגן :
דער בייא איזט אויך איין שטול בירייט.
וועלכֿיר לידיג שטיט אלצייט :
אונ׳ זאגין דאש אליאז דר פראפֿעט.
אין אליר בשניידונג דרבייא שטיט :
איך קאן ניכֿט אליש בשרייבן.
וויא דיא שעלמן דאש גאנצי יאר פֿרטרייבן :
נור עטליכֿי פונקטן וויל איך פראפאנירן.
אונ׳ זעלבי איין וויניג עלוציטירן :
אלי פֿיר וואכֿין טואן זיא דען מאנאד פֿרנייאן.
אונ׳ טואן פֿאר דעם מאנאדשיין בעטן אונ׳ שרייאן :
זיא שטיהן אין אלין עקין אונ׳ זינגן.
אונ׳ טואן וויא דיא בעקי אויף שפרינגן :
אבר איך שוועריִ בייא מיינר טרייא.
דיז איזט לויטר פֿאבלרייא :

דען ערשטן מאנאד טואן זיא איהר אושטרן האלטן.
אויף זאלכֿי מאניר אונ׳ זאלכֿי גישטאלטן :
אם פֿירצעהנטן טאג טואן זיא אלין זויר טייג פֿרשטערין.
אונ׳ אלי ווינקל דעש הויז אויז קערן :
אונ׳ אי זיא באקין איר אושטר קוכֿין.
טואן זיא צו פֿאר אלין שפאלטן מיט ליכֿט דורך זוכֿין :
דאש ניכֿט איין אייניג שטיקליין.
פֿון זויר טייג מיכֿטי צו פֿינדן זיין :
אונ׳ וואן איינר אין דען זיבן טאגין מעכֿט עסין איין שטיקליין ברוט.
זוא זאגין זיא ער זייא שולדיג דען טוט :
פֿון אירין טעכֿטרן טואן זיא קיינה אונז צור עה געבין.
יא זיא לאזין ליבר איהר לעבין :
אודר ער מוז צו פֿאר בשניטן זיין.
וועלכֿר וויל קומן אין איהרי גימיין :
זיא טואן זיך פֿיל פֿייאר טאג מאכֿין.
אונ׳ טואן אויז אונזרן געֿטרין לאכֿין.
אונ׳ זאגין עז זייא נור איין אייניגר גאט.

דער זיא קאן ערליזן אויז אליר נויט :
צו צייטן טואן זיא זא פֿיל פֿאשטן אונ׳ קלאגין.
אונ׳ און מענשליך שטראפליצירן דען מאגין :
דער נאך טואן זיא ווידר פֿרעסין אונ׳ זויפֿן אונ׳ זינגין.
דאש אינין מעכֿטי דער וואושט צו שפרינגין :
יא אירי גאנצי טעאלאכֿיא.
איזט קיגין אונזרי פֿילאזאפֿיא :
אונ׳ זאגין נאך דרנעבין.
דאש גאט דיזיז גיזאץ אן משה האט גיגעבין.
זא זאלין זיא גיזונד זיין אונ׳ לעבין :
סומא זומארום זיא טואן אירי מאייסטעט ברינגין קיין אייניגין נוצין.
ווארום זאלין זיא דאן איין זאלכֿש פֿאלק שוצין :
דרום האב איך גידאכֿט דאש בעשטי צו זיין.
אויזצוראטן דיזה גאנצי גימיין :

צעהן טויזנד צענטר זילבר וויל איך אין דיא שאץ קאמיר געבין.
דיזיז גאנצי פֿאלק אויז צו ראטין אונ׳ צו נעמין דאש לעבין :
דאן זיא קענין נימר מער אזוא פֿיל געלט אויף ברינגין.
דורך איר פֿאשטן בעטין אונ׳ זינגין :

מלך
המן איך האב דיין אינטענט גיפֿאשט.
דאש דוא טראגשט אויף דיא יודן איין גרוישן האשט :
אבר איך פֿערכֿטי מיך מיט זיא אן צו פֿאנגין.
וועגין דען עקסעמפלין וויא עש איזט אונזרן פֿאר פֿארין ערגאנגין :
האשטו ניט גילעזין פֿון דעם קיניג פֿרע⟨ה⟩ן.
וויא ער איז ווארדן גישטירצט פֿון זיינם טרון :
דאן ווייל ער דיא יודן טעט פלאגין.
האט אין גאט מיט צעהן שלעק גישלאגין :
ער האט איהן גיווארפֿין אין דאש מעהר.
אונ׳ איהן פֿרזייפֿט מיט אל זיין הער :
אין שפעציע דער קיניג נבֿוכֿדנצר האט דען טעמפיל פֿרברענד דורך דאש פֿייאר.
דרום איזט ער פֿון איהרם גאט פֿרפֿלוכֿט ווארדן צו איינם אונגיהייר :
דרום טוא פֿון דיינם אינטענט אב שטיהן.
דיא זאך וויל מיר גאר ניכֿט איין גיאן :

1135 סומא זומארום = summa summarum
1147 במקור פרען

המן
ביטה דעמידיג מיך צו פארדונירין.
דאש איך איהרא מאייסטעט טוהא קונטרא דיצירן :
דאן פֿון זאלכֿי קיניגין איז קיין עקסעמפיל צו ברינגין.
וויילין זיא זיך מיט גאט זעלבשטן זוכֿטן צו רינגן :
דאן פרעה שפראך עש איזט מיר אנביקאנט.
דער גאט וועלכֿן איהר מיר האבט גינאנד :
אונ׳ זאגיט צו משה אונ׳ אהרן פאקט אייך נור פֿארט.
איך וויל ניט הערן אייערש גאטישווארט :
אויך האט דער קיניג נבֿוכֿדנצר גישפראכֿן ער זייא גאט אויף דער וועלט.
דרום האט ער | מוזן עסין זיבן יאהר דאש גראז אויף דעם פֿעלד : ט ע״א
אבר אירא מייאסטעט דינן גאט מיט גירעכֿטיקייט.
דרום ווירט זיא ניט קענין צו קומן איין לייד :

מלך
המן וויא זאל איך מיך צו זאלכֿיר זאך רעזאלפֿירן.
וועלכֿש איך ניט ווערטי קענין מאנוטענירן :
דען דיא יודן ⟨זיין⟩ פֿרשפרייט.
אונטר אלי לאנד אונ׳ לייט :
דרום טעט איך מיך נור פראשטיטואירן.
וואן איך מיין אינטענד ניכֿט קענטי אויז פֿירן :
יעדוך המן וויל דוא בישט בייא מיר גרויז אין גינאדן.
וועגין דיינין טרייאן אונ׳ ריטרליכן טאטן :
דרום קאן איך דיך דיין ביגערן ניט אב שפרעכין.
אן דעם יודן מרדכי דיך צו רעכֿנן :
דרום גיה הין אונ׳ טוה דיינין מוט אן איהם קילן.
אונ׳ מסאקרירה איהן נאך דיינם ווילן :

המן
איהרא מייאסטיט דיזר יוד אליין.
קאן מיר ניכט קאבאבל זיין :
מיר מיינן מוט צו קילן.
אונ׳ מיינין שטארקין בלוד דור⟨ש⟩ט צו שטילן :
עז זייא דאן דאש זיין גימיין.
פֿון יונג ביז אלט אויז גיראטיט זיין :

1171 זיין חסר במקור
1184 במקור דורדט

מלך

המן נאך איינש וויל איך דיר פראפאנירן.
דיא מאגשט עז גיוונין אדר פֿר ליהרן:
איך וויל צווייא לאז צעטל לעגין איין.
אויף וועלכֿין זאל גישריבן זיין:
אויף איינם זאל שטעהן דער יודן בלוד.
אויף דעם אנדרן זאל שטעהן המנש געלט אונ׳ גוט:
ווערשט דוא דער יודן צעטל גיווינין.
מאגשט דוא מיט זיא אום גיהן נאך דיינין קאנצעפט אונ׳ זינין:
דיין געלד אבר וועלכֿש דוא האשט גיזאגט.
זאל ווערטן אין מיין שאץ קאמיר גיבראכֿט:
וואן אבר דיא יודן פֿאלין אין מיינה הנד.
זא זאלין זיא לעבין בלייבן אין גאנצין לאנד:
אונ׳ דאש געלט בלייבט דיין.
אונ׳ דיא יודן מיין:

המן

איך קאן ניט ביליך פראטעשטירן.
קיגין זיין קיניגליכֿש פראפאנירן:
דרום לאז מן דיא לאז צעטל גישווינד שרייבן אונ׳ ברינגין.
איך קאן מיין אייפֿר ניכֿט לענגר בצווינגין:

(ווערטן פֿון לויפֿר צווייא צעטל אין איינר ביקס אדר שאכֿטל גיבראכֿט אונ׳ דער מלך לאשט המן דען ערשטן צעטל נעמין המן ביקומט דאש גורל פֿון דער יודן בלוט שרייאט אויף מיט שמחה)

המן

האי דער יודן בלוד:
(דער מלך לייאנט זיין צעטל⟨)⟩
דעז המנש געלד אונ׳ גוט:

⟨(⟩המן פֿרשרעקט אונ׳ אלטרירט זיך דער קיניג זיכֿט דעש המנש אלטראציאון זאגט)

מלך

המן איך האב אן דיר פֿרשפירט.
דאש דוא דיך האשט אלטערירט:
ווייל דוא זוא פֿיל געלד מוזט געבין.
פֿור דען ארמן עלענדין יודן לעבין:
דרום טוא איך מיך בידענקין.
אונ׳ דיר דיין געלד דרצו שענקין:

מיט דען יודן קאנשט דוא אום גיהן נאך דיינם ביגעהרן.
זיא אלי צו טיטן ווערט דיר קיינר דארפֿין וועהרן:
דא האשט דוא דאש זיגילום פֿון מיינר האנד.
צו שרייבן אונ׳ צו פּופּליצירן אים גאנצין לאנד:
דאש דיא יודן זיין פֿרייא גיגעבין.
איהבין צו נעמין איהר גוט אונ׳ לעבין:

המן

איך טוא מיך פֿור דיזה גרוישה גינאד בידאנקין.
אונ׳ דאמיט דיזר דיקרעט ניכֿט מעכֿטי וואנקין:
דרום איהר לויפֿר טוט גישווינד לויפֿין.
אונ׳ טוט אייך ניט לאנג פֿרשנויפֿין:
צו פּופּליצירן דאש קיניגלכֿי מנדאט.
וויא דער קיניג ביפֿאלין האט:
איך וויל פּלאקאטן לאזין אן שלאגין אן אלין ארטן.
אם דרייאצעהנטן מערץ אלי יודן צו ערמארטן:

לויפר

אלזוא איזט דאש קיניגליכֿי מנדאט אויז גיגאנגין.
צו ערפֿילין דעז הערין המנש זיין פֿרלאנגין:
ווארמיט דער גינאדיגי קיניג טוט ערלויבין.
אליר יודן געלד אונ׳ גוט צו רויבין:
קיינין זאל מן לאזן לעבין.
אם דרייאצענטן מערץ איזט פֿרייא גיגעבין:

(ווערט צו גיצאגין:

## זיבנטר אויף צוג.

ווערטן די פלאקטן אן גישלאגין מרדכֿי קומט פֿור דיא קארדינן אונ׳ לייאנט דיא כתֿבים אונ׳ פֿאנגט אן צו קלאגין)

מרדכי

אך ווינד אונ׳ ווי אך פיין אונ׳ פלאג.
וואש האב איך פֿרנומן אן דיזם טאג:
אך ווינד אונ׳ ווי וואש האב איך פֿרנומן.
דאש מיר אלי זאלין אום דאש לעבין קומן:
אך יאמר אך עלנד אך הערצין לייד.
אה טוט אנגשט אה נויט אה ביטרקייט:
אך וויא טוט דאש גליק דאך שפּילן.

מיט דעש פֿרקערטין המנש ווילן :
ער האט ערהאלטן זיין ביזיז ביגערן.
אונז אלי אן איינם טאג צו פֿרשטערן :
אך וויא אונז ארמן שעפֿליין.
דאש וויר צור שלאכֿט באנק גיליפֿרט זיין :
ווא זאל איך מיך קערן אודר וועדנין.
איך זעה קיין היליף אן אלין ענדין :
דאך וויל איך ניט גאר פֿרצאגין.
אונ׳ וויל מיין נויט פֿור גאט ביקלאגין : |
ט ע״ב איין בוז זאק וויל איך מיר אן לעגין.
אום גאטש ברמהרציקייט צו ביוועגן :
וויל מיך זעצין צו דער ערד.
פֿיליכֿט ווערט מיר מיין ביט ביוועהרט :
אויף דאש דיא ליבה גאטש הערט.
ערליזט ווערט פֿון המנש שווערט :

(מרדכֿי קלייט זיך איין זאק אן אונ׳ זעצט זיך צור ערט אונ׳ פֿאנגט אן צו קלאגין)

מרדכי

אך ווער ווירט מיינם הויפט דאך געבין.
וואשיר צור גינוגזאמקייט.
אונ׳ מיין בײדן אויגין עבין.
פֿון דעם מעהר דר ביטרקייט :
דש איך זאטזאם מעכֿט ביוויינין.
מיין זוא גרויזיש הערצין לייד.
ווייל איך זעהין מוז זאלכֿי פיינן.
דיא אונש המן האט אן בירייט :

אה איהר אלי דיא איהר היר שטעהט.
זעהט אויף מיין הערצין לייד.
אונ׳ דיא איהר פֿוריבר 〈געהיט〉.
זעהט אוב צו איינר צייט :
גיוועזן זייא איין מן פֿון שמערצן.
גלייך אלז איך יעצונדר בין.
דאן דיא קוואל פֿון מיינם הערצין.
בינעמיט מיר מיין קראפֿט אונ׳ זין :
המן האט זיך אונטר שטאנדין.

1265 במקור גיהעש

מיט צעהין טויזנד צענט⟨נ⟩ר געלד.
ניכֿט אליין פֿון שטעט אונ׳ לאנדין.
זאנדרן פֿון דער גאנצין וועלט :
צו פֿרטילגין אלי יודן.
נאך זיין ביזר פאשיאון.
דעסן און מענשליכֿש וויטן.
שטרעקט זיך ביז אנש קיניגש טראהן :

ער האט לאסין פופליצירן.
אין דעם גאנצין קיניגרייך.
אן דרייא צעהנדין מערץ צו מאסקרירן.
אונזרברידר אל צו גלייך :
דרום אה גאט איבר אלי געטר.
העלף אונז אויז דעש המנש האנד.
דער ערליזט האט אונזרי פֿעטר.
וואונדרליך אויז עגיפטן לאנד :

דוא האשט אונז זוא זעהר גליבעט.
פֿון בגין דער איביקיט.
זעה וויא וויר יעצונד ביטריבעט.
דאן וויר אלי צום טוט בירייט :
ווער זאלט עהרן דיינין נאמן.
וועלכֿין וויר קענין אליין.
וואן דער גאנצי ישראלש זאמן.
זאלטי אויז גיטילגיט זיין :

דרום אה ערט טוא מיך איין סלינגין ⟨!⟩.
שלינדי מיך לעבינדיג איין.
דאש איך ניכֿט מוז זעהין ריגנן.
מיט דעם טוט מיין גאנצי גימיין :
אה איהר בערג טוט אויף מיך פֿאלן.
דעקט מיך צו אין דיזר צייט.
דאש איך ניכֿט זעה זאלכֿי קוואלין.
דיא אונש המן אן בירייט :

(התֿך קומט צו דער קינגין אונ׳ זאגט וויא דאש מרדכֿי אזו קלאגט אונ׳ שרייאט)

התך
קיניגין איך קאן איר ניט זאגין.
וויא איר פֿעטר מרדכֿי אזו יעמרליך טוט וויינין אונ׳ קלאגין :

ער האט זיך אנגילעגט איין זאק פֿון האר.
איך פֿערכֿטי ער מעכֿט פֿון זינין קומן גאנץ אונ׳ גאר:

אסתר

התֿך דוא גיטרייאר דינר מיין.
ער פֿראגי דאך וואש דאש מוז זיין:
אונ׳ טוא מיין פֿעטר מרדכֿי פֿראגין.
וואש דאך ביטייט זוא יעמרליך שרייאן אונ׳ קלאגין:

(קומט התֿך צו מרדכֿי אונ׳ זאגט)

מרדכֿי דיא קיניגין לאשט פֿראגין.
וואש דאך ביטייט דיין שרייאן אונ׳ קלאגין:
דאן זיא טוט אין גרוישן זארגין לעבין.
דרום זאל ער מיר דיא נאך ריכֿט געבין:

מרדכי

אך ווינד אונ׳ ווי אך פיין אונ׳ פלאגין.
ווארום זאל איך ניכֿט יעמרליך שרייאן אונ׳ קלאגין:
דאן וויר יודן אין דיזר צייט.
אלי צום טוט זיינט אן ברייט:
דאן המן זוא לאנג טאט סופליצירן.
ביז אים דער קיניג טאט קאנפֿירמירן:
זיין אונמענשליכֿי גרויזם קייט.
אונז אלי צו טיטן אויף איינר צייט:
צעהין טויזנד צענטנר זילבר האט ער גיגעבין.
אום אפ צו קויפֿן אונזר לעבין:
דרום אויך דער קיניג ליז פופליצירן.
אלי יודן אן איינם טאג צו מאסאקרירן:
זיא דא איז דש קיניליכֿי ⟨!⟩ מאנדאט.
וועלכֿש המן אויז גיווירקט האט:
דרום זאל זיך דיא אסתר אונטר שטיהן.
פֿור דען גינעדיגשטן קיניג צו גיהן:
פֿור אונזר לעבנש פֿרישט צו בעטן.
אונ׳ אונז פֿון ביטרן טוט צו ערעטן:

(התֿך קומט צו דער מלכה אונ׳ זאגט)

גינעדיגי קיניגין איך ברינג איהר איין גאר שלעכֿט בישייד.
וועלכֿש מיר איזט פֿון הערצין לייד:
דאן איר פֿעטר מרדכֿי לאשט איהר זאגין.

דיא אורזאך זיינש ביטרליכֿין שרייאן אונ׳ קלאגין:
דאן המן דער ביזוויכֿט.
האט אלש איבלש קיגן דיא יודן אויז גיריכֿט:
צעהן טויזנד צענטנר זילבר האט ער גיגעבין.
פֿור דער יודן אונשולדיגש לעבין:
דרום זאל זיא פֿור דען קיניג טרעטין.
אונ׳ זיא פֿון דעם ביטרן טוט צו ערעטן:

אסתר
התך נעם הין דיזש קלייד.
אונ׳ זאג מיינם פֿעטר מרדכֿי דיזן בישייד:
דאש ער זאל אבליגן זיין זאק פֿון האר.
זונשט מעכֿט ער פֿר צווייבֿלין גאנץ אונ׳ גאר:
י ע״א אויך טוה | אים דיזה באטשאפֿט זאגין.
דאש איך קיין אודיענץ גיהאבט אין דרייסיג טאגין:
אונ׳ וואן איך אֻונגירופֿין פֿור דען קיניג זאלט קומן.
זוא מעכֿטי מיר פֿיליכֿט מיין לעבין ווערטן גינומן:
דאן דער אונגירופֿין צום קיניג טוט קומן.
דעם ווערט אוהן פרדאון זיין לעבין גינומן:
וואן ניט דער קיניג זיין גינאדין רוט.
קיגין אים גינעדיג אויז שט⟨רע⟩קן טוט:
דרום מוז איך דיזה ביט אבשלאגין.
פֿור דען קיניג צו קומן דארף איכֿש ניכֿט וואגין:

התך
מרדכֿי דיא קיניגן לאשט אים זאגין.
דאש זיא קיין אודיענץ גיהאבט אין דרייסיג טאגין:
דרום דארף זיא בייא לעבנש שטראף ניט וואגין.
דיא זאך דעם קיניג פֿור צו טראגין:
דאן דער אונגירופֿין פֿור דען קיניג טוט קומן.
דעם ווערט אוהן פרדאון זיין לעבין גינומן:
אויך זאל ער אבלעגין דען זאק פֿון האר.
זונשט מעכֿט ער פֿרצווייבֿלן גאנץ אונ׳ גאר:
אונ׳ זאל אן לעגין דיזש קלייד.
ביז דא ווערט קומן בעשר בישייד:

1354 במקור שטערקן

איז דיזה באטשאפֿט . זאגן דאס איך קיין אורטיילן
גיהאבט אין דרייסיג טאגן : אונ׳ ווען איך
אונגירופֿין פֿור דען קיניג זאלט קומן · זא אכטי
איך פֿיליכֿט איין לעבין ווערטן גינומן : דאן דער
אונגירופֿין צום קיניג טוט קומן · דעם ווערט אוהן
פרדמון זיין לעבין גינומן : ווען ניט דער קיניג זיין
גינאדין רוט · קיגין איס גינעדיג אויז שטערקן
טוט : דרום אוזזיך דיזה ביט אבשלאגן · פֿור
דען קיניג צו קומן דארף איכֿט ניכֿט וואגן :

**התך:** מרדכי דיא קיניגן לאסט איס זאגן ·
דאס זיא קיין אורטיילן גיהאבט אין
דרייסיג טאגן : דרום דארף זיא ביים לעבנס
שטראף ניט וואגן · דיא זאך דעם קיניג פֿור צו
טראגן : דאן דער אונגירופֿין פֿור דען קיניג טוט
קומן · דעם ווערט אוהן תרדמון זיין לעבין גינומן :
אויך זאל ער אבלעגין דען זאק פֿון האר · זונסט
אעכֿט ער פֿרלוויבֿלן גאנץ אונ׳ גאר : אונ׳ זאלאן
לעגין דיזט קלייד · ביז דא ווערט קומן בעסר
בישייד :

**מרדכי** עז מיסט קיין גרויזר שאדן . אלז
שאדן פֿון דעם הערצן : דרום
דיז מיזורלכי פֿריידן קלייד · קאן ניכֿט בידעקין
איין הערצלין לייד : דרום גיהי זאגי אסתר דיזן
בישייד · דאס יעצונד איסט דיא רעכֿטי צייט :
פֿור דיא יודן צו סופליצירן · אונ׳ זיא פֿון טוט צו
סאלפֿירן : זיא זאלי זיך ניכֿט בילדרן אין · וואס
גיהט איר אן דיא יודן גיאיין : איך בין יעצונט
דעס קיניגס וויב · ווער ווירט איך פֿרלעצן אן איינס
לייב : זיא זאל ניכֿט קומן אויף זאלכֿי גידאנקין י דאן
דאס גליק טוט אפֿטייט וואנקין : ווען ווירט ווערדן
פֿרלעצט איין יודיס גיביין · זא ווערט זיא גיוויס
דאס אנדרי זיין : דאן ווען זיא ווערט אין דיזר
צייט · זיך פֿירכֿטן אונ׳ שטיל שווייגן · זא ווירט
גאט אויף איין אנדרי צייט · איין הילף צו ישראל
צייגן : זיא אבר ווירס פֿאלן אויז גאטס גינאד ·
ווייל זיא ווידר איר פֿאלק גיזינדיגט האט : אונ׳
ווערט אויף איר אונ׳ איר פֿאטרס הויז · דער לארן
גאטס ווערדן גיגאסין אויז : דאן גיוויז פֿון דיזר
אורזאך וועגין · האט גאט איר געבין גינאד אונ׳
שעגין : דאס זיא דעם קיניג האט וואל גיפֿאלין ·
פֿאר אנדרין פֿרויאן אונ׳ דאמין אלין : דרום איז דיז
אין ביגער · זך צו האלטין נאך איינר לעהר :

**התך** מרדכי איך וויל דער קיניגן דיא זאך
פרמאנירן · פֿיליכֿט ווערט זיא זיך
דרצו רעזאלווירן :

(גיט צו דער קיניגן אונ׳ זאגט)

**התך** קיניגן איר פֿעטר מרדכי וואלטי דאס
קלייד ניכֿט אן קליידן · וויילן זיין הערץ
שוויאט אין לויטר בישרקייטן : אויך לאזט ער זיא
זאגן דיזן בישייד . דאס יעצונט זייא דיא רעכֿטי
צייט : פֿאר דעם קיניג צו סופליצירן · אונ׳ דער
יודן לעבין צו זאלפֿירן : זיא זאלי זיך ניכֿט בילדרן
אין · וואס גיהט איך אן דער יודן גיאיין : זיא
זייא כון דעם קיניגס וויב · דאס ניאמנד זיא קאן
פֿרלעצין אן איהרם לייב : זיא זאל וויסן ווען ווירט
ווערדן פֿרלעצט איין יודיס גיביין · זא ווערט זיא
גיוויס דאס אנדרי זיין : ווען זיא זיך אין דיזר
צייט · ווערט פֿירכֿטן אונ׳ שטיל שווייגן · זא ווירט
גאט פֿון איין אנדרי זייט · איין הילף צו ישראל
צייגן : אונ׳ ווערט אויף איר אונ׳ איהר פֿאטרס
הויז · דער לארן גאטס ווערדן גיגאסין אויז :

**אסתר** זאגי איינס פֿעטר מרדכי דיזן בישייד ·
דאס איך איס גיפֿאלגיט האב אלי צייט :
דרום בין איך אויך בירייט · צום טוט צו גיהן אין
דיזר צייט : איך ווערדי פֿאר דען קיניג טרעטין ·
אונ׳ פֿאר דער יודן לעבין בעטין : איך וויל מיך
פֿרלאגן · אונ׳ פֿון גאטס וועגין איין לעבין וואגן :
אביר איין פֿעטר מרדכי זאל זיך אונטר שטיהן · אונ׳
אין דיא גאנצי שטאט שושן גיהן : אונ׳ זאל איין
זאמלין אלי יודן קליין אונ׳ גרויז · אונ׳ זאל נעמן דאס
בוך מסה אויף זיינם שויז : אונ׳ זאל שרייאן אין דיזר
נויט : צו דעם אליר היכֿשטן אייניגם גאט : זאל
דרייא גאנצי טאג פֿאסטאג האלטין · פֿון יונגין
קינדרן ביז צו אלטין : דער נאך וויל איך איינס
פֿרשבירין · אונ׳ וויל איין לעבין ניכֿטס עסטימירן :
וויל אן גירופֿין פֿאר דען קיניג טרעטין · אום פֿאר
דער יודן לעבין צו בעטין :

(אמכֿט התך איין קאמפלימענט פֿור דער קיניגין
אונ׳ גיהט צו מרדכי אונ׳ זאגט)

**התך** מרדכי דיא קיניגין לאסט איס זאגן ·
דאס זיא רעזאלוירט זייא איר לעבין
צו וואגן : איר אביר זאלט אייך אונטר שטיהן ·
אונ׳ אין דיא גאנצי שטאט שושן גיהן : אונ׳ זאלט
איין זאמלן אלי יודן קליין אונ׳ גרויז · אונ׳ נעמן דאס
בוך

מרדכי

עז אישט קיין גרויזר שמערצן.
אלז שמערצן פֿון דעם הערצן:
דרום דיז אייזרליכֿי פֿריידן קלייד.
קאן ניכֿט בידעקין מיין הערצין לייד:
דרן גיהי זאגי אסתר דיזן בישייד.
דאש יעצונד איסט דיא רעכֿטי צייט:
פֿור דיא יודן צו סופליצירן.
אונ׳ זיא פֿום טוט צו סאלפֿירין:
זיא זאלי זיך ניכֿט בילדן איין.
וואש גיהט מיר אן דיא יודן גימיין:
איך בין יעצונט דעש קיניגש ווייב.
ווער ווירט מיך פֿרלעצן אן מיינם לייב:
זיא זאל ניכֿט קומן אויף זאלכֿי גידאנקין.
דאן דאש גליק טוט אלצייט וואנקין:
וואן ווירט ווערדן פֿרלעצט איין יודיש גיביין.
זוא ווערט זיא גיוויש דאש אנדרי זיין:
דאן וואן זיא ווערט אין דיזיר צייט.
זיך פֿירכֿטן אונ׳ שטיל שווייגין.
זוא ווירט גאט אויף איין אנדריר זייט.
זיין הילף צו ישראל צייגין:
זיא אבר ווירט פֿאלן אויז גאטש גינאד.
ווייל זיא ווידר איר פֿאלק גיזינדיגט האט:
אונ׳ ווערט אויף איר אונ׳ איר פֿאטרש הויז.
דער צארן גאטש ווערדן גיגאסין אויז:
דאן גיוויז פֿון דיזיר אורזאך וועגין.
האט גאט איר געבין גינאד אונ׳ זעגין:
דאש זיא דעם קיניג האט וואול גיפֿאלין.
פֿאר אנדרין פֿרויאן אונ׳ דאמין אלין:
דרום איז דיז מיין ביגער.
זיך צו האלטין נאך מיינר לעהר:

התך

מרדכֿי איך וויל דער קיניגין דיא זאך פראפאנירן.
פֿילייכֿט ווערט זיא זיך דרצו רעזאלפֿירן:

(גיט צו דער קיניגין אונ׳ זאגט)

התך

קיניגין איר פֿעטר מרדכֿי וואלטי דאש קלייד ניכֿט אן קליידן.
וויילן זיין הערץ שווימט אין לויטר בי⟨ט⟩רקייטן:
אויך לאזט ער זיא זאגין דיזין בישייד.
דאש יעצונט זייא דיא רעכֿטי צייט:
פֿאר דעם קיניג צו סופליצירן.
אונ׳ דער יודן לעבין צו זאלפֿירן:
זיא זאלי זיך ניכֿט בילדן איין.
וואש גיהט מיך אן דער יודן גימיין:
זיא זייא נון דעש קיניגש וויב.
דאש נימאנד זיא קאן פֿרלעצין אן איהרם לייב:
זיא זאל וויסן וואן ווירט ווערדן פֿרלעצט איין יודיש גיביין.
זא ווערט זיא גיוויש דאש אנדרי זיין:
וואן זיא זיך אין דיזיר צייט.
ווערט פֿירכֿטן אונ׳ שטיל שווייגין.
זוא ווירט גאט פֿון איין אנדריר זייט.
זיין הילף צו ישראל צייגין:
אונ׳ ווערט אויף איר אונ׳ איהר פֿאטרש הויז.
דער צארן גאטש ווערדן גיגאסין אויז:

אסתר

זאגי מיינם פֿעטר מרדכֿי דיזן בישייד.
דאש איך אים גיפֿאלגיט האב אלי צייט:
דרום בין איך אויך ביריי⟨ט⟩.
צום טוט צו גיהן אין דיזיר צייט:
איך ווערדי פֿאר דען קיניג טרעטין.
אונ׳ פֿאר דער יודן לעבין בעטין:
איך וויל ניט פֿרצאגין.
אונ׳ פֿון גאטש וועגין מיין לעבין וואגין:
אביר מיין פֿעטר מרדכֿי זאל זיך אונטר שטיהן.
אונ׳ אין דיא גאנצי שטאט שושן גיהן:
אונ׳ זאל איין זאמלין אלי יודן קליין אונ׳ גרויז.
אונ׳ זאל נעמן דא⟨ש⟩ בוך משה אויף זיינם שויז:
אונ׳ זאל שרייאן אין דיזיר נויט.

1400 במקור ב י ס ר ק י י ט ן
1419 במקור ב י ר י י ש
1428 במקור ד א ט

צו דעם אליר היכֿשטן אייניגים גאט :
זאל דרייא גאנצי טאג פֿאשטאג האלטין.
פֿון יונגין קינדרן ביז צו אלטין :
דער נאך וויל איך איינש פראבירין.
אונ׳ וויל מיין לעבין ניכֿטש עשטימירין :
וויל און גירופֿין פֿאר דען קיניג טרעטין.
אום פֿאר דער יודן לעבין צו בעטין :

(מאכֿט התֿך זיין קומפלימענט פֿור דער קיניגין אונ׳ גיהט צו מרדכֿי אונ׳ זאגט)

התך
מרדכֿי דיא קיניגין לאזט אים זאגין.
דאש זיא רעזאלפֿירט זייא איר לעבין צו וואגין :
איר אביר זאלט אייך אונטר שטיהן.
אונ׳ אין דיא גאנצי שטאט שושן גיהן :
אונ׳ זאלט איין זאמלן אלי יודן קליין אונ׳ גרויז.
י ע״ב אונ׳ נעמן דאש | בוך משה אין אייערם שויז :
אונ׳ זאלט פֿאר גאט בעטין אונ׳ שרייאן.
דאש ער איר וואלטי גינאד פֿרלייאן :
אונ׳ זאלט דרייא טאג פֿאשטאג האלטין.
פֿון יונגין קינדרן ביז צו אלטין :
אלז דאן וויל זיא איינש טענדירן.
אונ׳ איר לעבין ניכֿטש עשטימירן :
וויל און גימעלט פֿאר דען קיניג טרעטין.
או⟨ם⟩ פֿאר דער יודן לעבין צו בעטין :

מרדכי
ברינגט מיר היהער דאש ווידר הארין.
דען פֿאשטאג צו פופליצירן.
דאמיט דער גירעכֿטי גאטש צארן.
אונז ניכֿט מעכֿט קאנזומירן :

(מרדכֿי בלאזט דאש שופֿר אונ׳ גיהט הערום אונ׳ שרייאט אויז)
ווייל גאט גידענקט אונזרי זינדן.
מיט וועלכֿין וויר ביזודלט זיין.
דרום לאזט אונז גינאד ערפֿינדן.
ליבשטי ברידר אינז גימיין :

1450 במקור אונ׳ התיקון לפי 1436

דאש וויר דרייא טאג פֿאשטאג האלטן.
פֿון יונגין קינדרן ביז צו אלטן :
אונ׳ מיט טרעהרין שרייאן צו גאט.
דאש ער אונז טוא העלפֿין אויז דיזיר נויט :
ברינגט מיר דיא ביכֿר משה היהער.
דאש איך מיין גיבעט צו גאט פֿרמעהר :

[ווערט גיבראכֿט איין ספֿר כלומר אלש איין ספֿר תורה זיצט מרדכֿי ווידר אויף דער ערט אונ׳ זאגט דיא תחינותֿ]

מרדכֿי

אלמעכֿטיגר גאט טואה אונז ביווארין.
פֿון דעש ביזוויכֿטס המנש האנד.
וויא דוא האשט מאכֿין איבר פֿארין.
אבֿרהם דורך דען הייסין בראנד :
קענין וויר דיך ניכֿט ביוועגין.
ווייל וויר פֿולר זינדן זיינט.
טוהש פֿון דיינש נאמנש וועגין.
אונ׳ צור שאנדי דיינר פֿיינד :

אלמעכֿטיגר גאט זעהי אן דיא שמערצין.
דיא אונז אן בירייט זיין.
גידענק ⟨ו⟩ויא יצחק זיך פֿון הערצין.
איבר גאב צום אופפֿר פֿיין :
ליז זיך בינדן אונ׳ אויף לעגין.
אויף דעש הערין אופפֿר שטול.
אונ׳ טאט קיינה אדיר רעגין.
אלש וואן ער העט קיין גיפֿול ⟨!⟩ :

אלמעכֿטיגר גאט לאש דיך ערבעטן.
וועגן יעקבֿ דיינם קנעכֿט.
אונ׳ טוהא אונז פֿום טאט ערעטין.
ווייל ער וואר גאנץ אונ׳ גירעכֿט :
זעהי אויף דיא צוועלף גישלעכֿטין.
אונ׳ אויף איהר גירעכֿטיקייט.
אונ׳ אויף אלי דיא גירעכֿטין.
דיא גיוועזין פֿאר אונזר צייט :

אך לאז אונז גינאד ערפֿינדן.

1475 במקור ו י א

וועגין דיזן קינדרליין.
דיא פֿון אלין שוועהרין זינדן.
גאנץ אונ׳ גאר אונשולדיג זיין :
טראגין דאך דיין בונדש צייכֿין.
אן איר יונגין צארטן לייב.
אונ׳ פֿון דיר ניט וואלין ווייכֿין.
זיינט אלי צום טוט בירייט :

אך לאז מיך צו פֿאר דאך שטערבן.
נעם פֿון מיר דיא זעהלי מיין.
דאש איך ניכֿט זעהי דאש פֿרדערבין.
פֿון דער גאנצין יודן גימיין :
לעשי ליבר אויז מיין נאמין.
פֿון דעם בוך דער זעליקייט.
אלז דאש איך ישראלש זאמן.
זאלטי אן שויאן אין זאלכֿיר צייט :

וועסין הערץ זאלט ניכֿט צרספרינגן ⟨!⟩.
פֿון זוא שמערצליכֿן אונמוהט.
אונ׳ אין וואשיר טרעהר צו רינין.
דאש זוא פֿיל אונשולדיג בלוט :
זאלט וויא וואשיר אויף דער גאסין.
הייפֿיג אויז גיגאסין זיין.
ווער קאן דאש צו הערצין פֿאסין.
דאש גישרייא פֿון גרויז אונ׳ קליין :

אסתר

נון טוה איך מיך רעזאלפֿירן.
אונ׳ וויל מיין לעבין ניכֿטש עשטימירן :
וויל אונגירופֿין צום קיניג גיהן.
וואש גאט וויל מאג גישעהן :
דאן בעשיר איזט איך שטערב אליין.
אלז אלי יודן אינז גימיין :
דוא אה גאט זאלשט מיר גינאד געבין.
אונ׳ פֿרשטערקין מיינה זין.
עז זייא צום טוט עז זייא צום לעבין.
דאש איך זייא דיין דינרין :

(ווערט אויף גיצאגין דיא מיטלי קארדינין. אסתר שטעלט זיך פֿון וייטם קיגין דעם מלך.

דער מלך שטרעקיט אויז דען שרביט קיגין אסתר. אסתר טרעט צום קיניג קושט דען שרביט)

מלך

אשדר ⟨!⟩ אין דיזר שטונד.
האשטו מיין הערץ אין מיר פרוואונד:
דרום זאגי מיר נור דיין ביגער.
וועשט וועגין דוא בישט קומען היהער:
וואן דוא אויך זאלשט מיין האלב קיניגרייך ביגערין.
זוא וואלטי איך אויך דיין ביט ביווערין:

אסתר

איהרא מאיוסטעט ⟨!⟩ מיין ביט איזט גאר קליין.
זיא וואלין זוא גינעדיג זיין:
אונ׳ וואלין מיט המן דעם אפּיצירין.
בייא מיר צו מאלצייט גאשטרירן:
דאן איך האב איין שפּציאל מאלצייט.
פֿאר זיא אונ׳ המן אן בירייט:

מלך

ציטא צי⟨ט⟩א אין אליר אייל.
מאכֿט מיר ניט לאנג דיא צייט אונ׳ ווייל:
ווייל אסתר איזט זוא גאר אפּעקטועז.
דרום בין נאך זוא פֿיל קוריעז:
לאז⟨ט⟩ נור אלי נויטווענדיכֿקייטין.
יא ע״א צו דער | מאלצייט אן בירייטן:

(דער טיש ווערט אן גירייט אונ׳ דיא טראקטמנטן ווערטן אויף גיטראגין דער מלך מיט דיא מלכה אונ׳ המן זיצן צו טיש זאג⟨ט⟩ דער מלך)

מלך

אלר ליבשטי קיניגן זאג נון הער.
וואש איזט דיינש הערצנש ביגער:
זאלשט דוא אויך מיין האלב קיניגרייך ביגערן.
זוא זאלטי איך דיר דיין ביט גיווערן:

1535 במקור ציטא צישא = cito, cito (= מהר)
1539 במקור לאזש
1541 ה״ב זאג⟨ט⟩ ] במקור זאג

אסתר
דאש אליין טוה איך סופליצירן.
האפּי מיין ביט ניכֿט צו רעפוסירן:
דאש איהרא מייאסטיט מיט המן אליין.
בייא מיינר טאבל זיך פֿיגדן איין:
איך וויל מיין פאלשט שין אויז שפאלירן.
אונ׳ זיא נאך אליר מיגליקייט ⟨!⟩ טראקטירן:

מלך
פֿיאט וויר טוהן ביווערן.
וואש דיא קיניגין טוט ביגערין:

(ווערטן דיא מיטלר פֿורהענג צו גיצאגין המן גיט ארויז אונ׳ זיכֿט מרדכֿי זיצין אונ׳ ניכֿט אויף שטיהן זאגט)

המן
איך קאן מיין צארן קוים ענטהאלטן.
צו מאסאקרירן דיזן אלטן:
דא ער מיך זיכֿט פֿוריבר גיהן.
אונ׳ וויל פֿור מיר ניכֿט אויף שטיהן:
ער ווערט דיא זאך אזו וייט ברינגין.
דאש איך איהן נאך פֿור דער צייט לאז הענגין:

(גיהט המן פֿור רוגז אין דאש חדר צו זרש זיינם וייב אונ׳ זאגט)
מיינה ליבשטי איך האב קיין פלעזיר.
זוא לאנג איך זעה זיצן מרדכֿי פֿור דער טיר:
אלי טוהן מיך רעשפעקטירן.
ער אבר טוט מיך נור אפֿראנטירן:
דרום זאל זיא מיר איין ראט געבין.
וויא איך אים נאך מארגין מעכֿט נעמן דאש לעבין:
דאן אבשון איך בין זוא הויך עשטימירט.
דאש מיך דיא קיניגין זעלבשטן גאשטירט:
האט אויך אויף מארגין מיך אליין.
מיט דעם גינעדיגין קיניג גילאדן איין:
זוא טוא איך דאך דיז אלש ניכֿט עשטימירן.
וואן איך מיך אן מרדכֿי ניט קאן רעוואנשירן:

1551 פֿיאט = vivat

זרש
איך פֿרייא מיך פֿון גאנציין הערצנש גרונד.
איבר דיזה גליקזעליגה שטונד:
איבר דיזן גליקזעליגין טאג.
דאש מיין שאץ זיך רעכֿין מאג:
דאן וואן מארגין מיין שאץ בייא דער מאלצייט זיך ווירט פֿינדן איין.
זאל דיין זיין סופּליצירן אן קיניג זיין:
דאש ער אים מרדכֿי וואלי שענקין.
דען זעלבין אן דען גאלגין צו הענקין:
אין דעסין זאל מן איין גרוישן גאלגין בויאן.
ועלכֿין וואן מיין שאץ ווערט אן שויאן:
זוא ווירט ער אן מרדכֿי פֿר דערבבין ⟨!⟩ גידענקין.
אונ׳ ווירט איהן זיין הערץ ניכֿט אלזו קרענקין:

המן
זרש דוא האשט מיין הערץ ווידר מאכֿין לעבין.
דורך דען הייל זאמן ראט דען דוא מיר גיגעבין:
דרום וויל איך איין גאלגין אויף בויאן לאזין.
פֿון פּופּציג עהלן אויף אפֿנטליכֿר שטראזן:

## ⟨אכטיר⟩ אויף צוג

(דער קיניג ליכֿט אויף זיין בעט אונ׳ קאן ניט שלאפֿין אונ׳ זאגט)

מלך
מיין דינר איך קאן ניכֿט שלאפֿין.
דרום טוט מיר דיא קראניגין הער שאפֿין:
מיר דיא צייט קורץ צו מאכֿין.
פֿון אן נעמליכֿין הישטארשן זאכֿין:

(קומט דער קאנצליר אונ׳ ברינגט דיא קרא⟨נ⟩יגא אונ׳ לייאנט)
אנוא דרייא צו דעם גינעדיגשטן קיניג זיין רייך.
האט ער גאשטירט ארם אונ׳ רייך:
וויא זיא וואָרן וואול גימוט אין וויין.
ביפֿאלן זיא צו ברינגין הריין:

1587 ה״ב ⟨אכטיר⟩] במקור זעקשטי
1591 ה״ב קרא⟨נ⟩יגא] במקור קראיגא
1591 אנוא = anno

דיא קיניגין ושתי מיט נאקנטן לייב.
צו איינר פלעזירליכֿן צייט פֿרטרייב:
אבר ושתי דרווידר טאט פֿראטשטירן.
דרום מושט זיא איר לעבין פֿרלירן:

מלך
דיז איז מיר ש⟨ו⟩ן לאנג ביקאנט.
נעם וואש אנדרשט פֿור דיא האנד:

קאנצליר
אנוא פֿיר ליז דער גינעדיגשטי קיניג אויז גיהן איין פאטענד.
אן אלי אורט אונ׳ ענד:
דעסין אין האלט איזט גיוועזין.
מן זאל אים דיא שינשטי יונג פֿרויא אויז לעזין:
פרינץ המן ליז זיך דיא זאך אן גילעגין זיין.
האט אויז גיזוכֿט איין פֿרויאן צימר צארט אונ׳ פֿיין:
דעם גינעדיגין קיניג וואר זיא ליב אונ׳ עבין.
דרום האט ער איהר דיא קראן פֿון ושתי געבין:

מלך
ד⟨יז⟩ש איזט מיר אויך ביקאנט.
נעם וואש אנדרש פֿור דיא האנד:

קאנצליר
אנוא פֿינף האבין זיך דיא צווייא קאמראטין ביגתֿן און תֿרש איין פֿרעבל
פֿור גינומן.
יא ע״ב וועלכֿש אינין אבר איזט איבל | ביקומן:
זיא זוכֿטן איהרא מאייסטיט מיט גיפֿט צו פֿרגע⟨ב⟩ין.
אבער דער יוד מרדכֿי ערהילטה איהרא מאייסטיט בייא דעם לעבין:
דאן ווייל ער וואר פֿון דען עלטשטן פֿון ירושלים.
דרום פֿרשטונד ער אלי זיבנציג שפראגין.
דען קיינר זאנשט דרצו איזט ביקוועם.
אונ טאט דיז דער אסתר זאגין:
דר דורך איהרא מייאסטיט בייא לעבין איזט ווארדן זאלפֿירט.

1599 במקור ש ן
1601 anno = א נ ו א
1609 במקור ד ז י ש
1611 anno = א נ ו א
1613 במקור פֿ ר ג ע ע י ן

אונ׳ דיזה בידה ביז וויכֿט צום גאלגין דאמנירט :

מלך
האב איך דאן ניט דורך מיינה גינאד.
אן מרדכֿי ביצאלט דיזה גוטאט :

קאנצליר
איך שווערי בייא מיינם לעבין.
דאש אים דאש גרינגשטי דרפֿור ניכֿט איזט ווארטן גיגעבין :

(דא קלאפט המן אן פֿור דעם פאלשט)

מלך
ווער טוט זיך זאלכֿש אונטר שטיהן.
אוהן ערלויבנוס אן מיין האף צו גיהן :
דרום לויפֿר ווערט גיוואר ווער דיזר מן.
וועלכֿר זוא פֿריא קלאפפֿט אן :

(קומט דער לויפֿר אונ׳ פֿראגט)

לויפר
דער גינעדיגשטי קיניג לאזט פֿראגין.
ווער זוא פֿריא זיך דארף ערוואגין :
אונ׳ טוט זיך זאלכֿיש אונטר שטיהן.
זוא פֿריא אן מיינין פאלאשט צו גיהן :

המן
פרינץ המן איזט דיא פרשון.
אונ׳ האט אן איהרא מייאסטיט איין שופליקאציאן :

(לויפֿר קומט צום מלך אונ׳ זאגט)
פרינץ המן איזט דיא פרשון.
אונ׳ האט אן איהרא מייאסטיט איין סופליקאציאן :

מלך
וואן פרינץ המן איזט דיזיר מן.
וועלכֿם איך ניכֿט⟨ש⟩ וויגרן קאן :
דאן עש איזט מיר יעצונד עבין.
אלש באלד אים אודיענץ צו געבין :

1638 במקור ניכֿטט

לויפר
דער גינעדיגי קיניג לאזט זאגין אן.
דאש ער פרינץ המן ניכֿטש ווייגרן קאן:
אונ׳ זייא אים יעצונד גאנץ עבין.
אימעדיאטי אוידיענץ צו גע⟨ב⟩ין:

(המן קומט צום מלך אונ׳ מאכֿט זיין קומפלעמנטן אונ׳ זאגט)

המן
איך ווינשה איהרא מייאסטיט וויט גליקזעליגן מארגין.
אוהנה אלי טרוריקייט אונ׳ זארגין:
איהרא אבלישירטר דינר אלי צייט.
בין איך אין אלים אן ברייט:

מלך
המן דוא קומשט מיר צו רעכֿטר צייט.
איך גלויב וואל דאש דז ניכֿטש אנדרשט בידייט:
אלש דאש איך פֿון דיר איין ראט זאל ביגערן.
וויא מן גינוגזם מעכֿט ער העבין אונ׳ עהרן:
דען זעלבין מן דען איך ביגער.
אן צו טוהן דיא גרעשטי עהר:

[המן ווענד זיך צום פֿאלק אונ שפרעכֿט בייא זיך]

המן
דיז קאן גיוויש קיין אנדריר זיין.
אלש איך פרינץ המן אליין:

[קערט זיך המן צום מלך אונ׳ זאגט]
איהרא מייאסטיט דיזר מן איזט ווערט.
צו רייטן אויף איהרא מייאשטיט בעשטיש פֿערט:
אונ׳ אן צו קליידן דיא קיניגליכֿי קליידונג אונ׳ קראן.
דש זאל זיין זיין פֿרדינטר לוהן:
אונ׳ דער פֿור נעמשטי מיינשטר זאל פֿור אים אויז שרייאן.
מיט טראמפיטן אונ׳ שלמאייאן:
דאש איזט דיזר מן וואל ⟨ו⟩וערט.
וועלכֿין דער קיניג צו עהרן ביגערט:

1644 במקור ג ע א י ן
1663 במקור ו ע ר ט

מלך

המן דיין ראטשלאג האב איך פֿרנומן.
דרום טוא דעם זעלבין אלזו באלד זעלבשטן נאך קומן:
דען יודן מרדכֿי פֿר לאנג איך צו עהרן.
נאך מיינם לושט אונ׳ וואל ביגערן:
דרום זאלשטו אים אן קליידן מיין קלייד אונ׳ קרון.
אונ׳ דיז זאל זיין זיין פֿרדינטר לוהן:
דוא זאלשט פֿירן דאש פֿערט.
אונ׳ אויז רופֿין און בישווערט:
אלזא זאל ווערטן הויך גיעהרט.
וועלכֿין דער קיניג צו עהרין ביגערט:
אונ׳ נעם וואל אין אובאכֿט.
אליש וואס איך דיר האב גיזאגט:

המן

איהרא מייאסטיט האבין פֿיל יודן אין איהרם לאנד.
איך בין אונטר איהנין גאנץ אום ביקאנט:
איך האב דען יודן מרדכֿי נימר הערין נענין.
פֿיל וועניגר דאש איך אין זאל קענין:

מלך

מרדכֿי דער יודן רבינר.
דעם זאלשט דוא זיין צו איינם דינר:
אונ׳ זאלשט דיך בייא לייב שטראף ניט אונטר שטיהן.
מיין ווילן אונ׳ ביפֿעל צו איבר גיהן:

המן

איהרא מייאסטיט דער יוד מרדכֿי איזט איין גימיינר מן.
זוא פֿיל עהר ער ניכֿט פֿר טראגין קאן:

מלך

המן לאז דיר ניט נאך איין מאל זאגין.
זאנשט מעכֿט עש דיר איבל אויז שלאגין: |

יב ע״א המן

וויל נון איהרא מאייסטעט ביגעהרין.
דען יודן מרדכֿי אלזו צו עהרין:
זוא וויל איך דען ביפֿעהל אלזו עקסעקוטירין.
דאש אין דעם גרינגשטן ניכֿטש זאל מאנקירין:

(המן ברינגט דאש פפֿערט אונ׳ קלייד פֿון מלך אונ קומט פֿור מרדכֿי אונ׳ זאגט)

אך מרדכֿי וויא טוט מיר מיין הערץ צר ברעכֿין.
וייל דוא אן מיר ערלעבט האשט זאלכֿיש רעכֿין:
דאן דיר האט מעהר גיהאלפֿין דיין פֿאשטן אונ׳ וויינין.
אלז מיר מיין גאלד זילבר אונ׳ עדיל גיש⟨טיי⟩נין:
דיז זאל זיין דיין פֿער דינטר לוהן.
אן צו ציהן דיא קיניגליכֿי קליידונג אונ׳ קראן:
דרום שטיא אויף פֿון דיזיר ערד.
אונ׳ זעצט ⟨!⟩ דיך אויף דעש קיניגש פפֿערט:
מיר אבר איזט ביפֿאלן דאש פפֿערט צו פֿיהרן.
אונ פֿר דיר צו פראקלאמירן:
דאש איזט דיזיר מן וואול ווערט.
וועלכֿין דער קיניג צו עהרן ביגערט:

מרדכי

וויסה המן דאש גלאז אונ׳ גליק.
קאן ברעכֿין אין איינם אויגין בליק:
דרום טוהא ניט זוא זעהר גלארירן.
אונ׳ מיט מיר דאש גישעפֿט פֿרפֿירין:
דאן דז בלעטליין קאן זיך באלד ווענדין.
דוא קאנשט נאך פֿאלין אין דער יודן הענדין:

המן

אך מרדכֿי וויא איזט מיר דיא זאך זוא לייד.
דאש דוא צו זאלכֿיר עהר ביזט אן ביררייט:
איך טוהא דיך ניט פֿעקסירן.
נאך דאש גישפעט מיט דיר פֿרפֿירן:
דאן עז איזט דעש קיניגש ביגערין.
דיר אויף זאלכֿי מאניר צו עהרן:

(מרדכֿי שטיט אויף פֿון דער ערד אונ׳ היבט זיין אויגין אונ׳ הענד צום הימל אונ׳ זאגיט)

מרדכי

ניכֿט אונז אז גאט ניכֿט אונז אז גאט.
זייא דיזי עהר גיגעבין.
דער דוא אונז פֿון זא ביטרין טוט.

1696 במקור ג י ש י י ט נ י ן

האשט ווידר מאכֿין לעבין:
זאנדרין דעם הייליגשטין נאמין דיין.
זאל דיזה עהר גיגעבין זיין:
וויסה המן דאש איך ניכֿט גיגעסין.
אונ׳ דרייא טאג אויף דער ערד גיזעסין:
דאש מיר פֿרטרוקנט דער לעבנש זאפֿט.
דאש איך גאנץ שוואך בין אונ׳ אהני קראפֿט:
דרום זאלשטו דיך נייגין אונ׳ בוקין.
דאש איך קאן אויף שטייגין אויף דיינם רוקין:
דאן דיא פֿאשט טעג האבין מיר מיינה קרעפֿטן פֿרצעהרט.
דאש איך ניכֿט קאן שטייגין אויף דייזיז ⟨!⟩ פפֿערט:

המן

מרדכֿי פֿאר מיר האבין זיך אלי הערין מוזן נייגן אונ׳ בוקין.
יעצונד ווילשטו שטייגן אויף מיינם רוקין:
ווער העטי זיך דאש זאלין בילדן איין.
דאש איך זאל מרדכֿי שדייג ביגיל זיין:
ווייל נון דער קיניג דיך פֿרלאנגט האט צו עהרין.
זוא וויל איך אויך ערפֿילן דיין ביגערין:

(המן בוקט זיך פֿאר מרדכֿי אונ׳ מרדכֿי שטייגט אויף זיין רוקין אויף דאש פפֿערט. המן רופֿט אויז פֿאר מרדכֿי אונ׳ זאגט)

דאש איזט דיזיר מן וואול ווערט.
וועלכֿין דר קיניג צו עהרן ביגערט:

(נאך דעם דאש המן האט מרדכֿי הירום גיפֿירט קומט ער צו זרש אונ׳ קלאגט איהר אונ׳ זאגט)

המן

אך וויא גישריאן איבר דיזן טאג.
העטי דאן קענין זיין איין גרוזירי פלאג:
דאש איך מיינן ערפֿפֿיינד ⟨!⟩ זאלטי דינין אונ׳ עהרן.
נאך זיינם וואולושט אונ׳ ביגערין:
אך ליבשטה וואש זאל איך פֿאנגין אן.
מיין שמערצין איך ניט פֿאר בערגין קאן:
דאש איך זאל איינש יודין שטייג ביגל זיין.
אה יאמיר אה נויט אה שמערצין אונ׳ פיין:
מרדכֿי דען יודן האב איך מיסין מיט קיניגליכֿר עהר פֿרעהרן.
וועלכֿין איך גיזוכֿט האב מיט זיינים גאנצין גישלעכֿט צו פֿרשטעהרן:

זרש
מיין הערץ איזט מרדכֿי פֿון דען אלטין ישראליטין.
זוא ווערדן אלי זייני פֿיינד ווערדן צרשניטין :
דאן אלי דיא מיט יודן האבן אן גיפֿאנגין.
דען זעלבן איזט איבל אויז גיגאנגין :
איך פֿירכֿטה מיין הערץ מעכֿטי פֿאלין אין זיינה האנד.
אונ׳ מעכֿט ווערדן פֿאר דער גאנצין וועלט צו שאנד :

לויפר
פרינץ הער המן דיא קיניגין אסתר לאשט איהן אינוויטירין.
אין איהרן פאלאשט צו גאשטירין :
אונ׳ זאל זיך ניכֿט לאנג פֿרויילן.
זאל אליז הינדאן זעצין אונ׳ זאל זיך איילן :

(ניינטיר אויף צוג

ווערט דיא מאלצייט אנבירייט זיצט דער מלך מיט אסתר אונ׳ המן אן דער טאבֿיל פֿאנגט אן דער מלך צו אסתר אונ׳ זאגט)

מלך
אליר ליבשטי זיא זאל מיר דיא ווארהייט זגין.
ווארום זיא טאט איר לעבין וואגין :
עז וויל מיר קיין עסין שמעקין.
ביז זיא מיר דיא אורזאך טוט ענדעקין :
יב ע״ב זאגי מיר זיא וואש זיא | ביגערט.
ביז מיין האלב קיניגרייך זאל איר ווערדן ביוועהרט :

אסתר
איהרא מאייסטעט מיין ביט איזט מיר צו שענקין מיין לעבין.
זאמט מיינם אונשולדיגן פֿאלק דרנעבין :
דאן וויר זיינט לידר דעם טוט שון אלי איבר געבין.
אונז אן איינם טאג אויז צו טילגין אונ׳ צו נעמן דאש לעבין :
עז ווערי נאך צו לידין אונ׳ צו פֿרטראגין.
וואן וויר ווערן פֿאר קויפֿט ווארדן צו קנעכֿט אונ׳ שקלאפֿ⟨ין⟩ :
אבר דיזה גרויזמקייט.
פֿון דער ערדין ביז אן הימל שרייאט :

מלך
ווער איזט דיזיר שאלקהאפֿטיגר מאן.

דער זיך זאלכֿיר קינהייט נעמיט אן :
דען זיין הערץ זא ווייט טאט פֿארקערן.
דאש ער זוכֿטי מיין גימאלין מיט איהרם גאנצין גישלעכֿט צו פֿרשטעהרין :

אסתר

דער קיגינוועורטיגר המן.
דער איזט דיזר שאלקהאפֿטיגר מן :
וועלכֿיר אלר אורטן האט לאזין פופליצירין.
אונז אלי אן איינם טאג צו מאסאקרירן :

(המן פֿרשרעקט אונ׳ פֿאלט הינטר זיך דער מלך פֿאר צארן גיהט פֿון דער טאבֿיל אונ׳ זאגט :⟨)⟩

מלך

מארפלע דיא זאך טוט מיך אלזוא שאקראנירין.
דאש איך מיך ניכֿט קאן רעקאליגירן :
דרום קאנצליר אונ׳ חרבֿונה קומט מיט מיר אין גארטן.
המן דער ריבעל קאן זוא לאנג ווארטן :
איך וויל איין וויניג מיין צארין פֿרגיהן.
אונ׳ זעהן וויא דיא פֿריכֿטן שטיהן :

(דער מלך קומט אין גארטן אונ׳ זיכֿט דיא בני המן זיין ביים אונ׳ פֿריכֿטן אויז ראטין. שטיט מיט פֿרוואונדרונג אונ׳ זאגט)

מלך

ווער האט אייך ביזוויכֿטן דאש גיהיישין.
מיין ביים אונ׳ פֿלאנצין אויז צו רייסין :

[בני המן]

פרינץ המן אונזר פֿאטר.
האט אונז געבין אורדר :
אונ׳ האט אונז גיבאטן.
דיזה פֿ⟨רי⟩כֿטן אלי אויז צו ראטן :

(דער מלך איז זיך נאך מער מרגיז אויף המן קערט צו רוק. אין דעסין המן פֿאלט אויף דיא קיניגין אונ׳ בעטיט זיא אום פֿרצייאונג אונ׳ זאגט :⟨)⟩

המן

אליר גינעדיגשטי קיניגין איך האב ניכֿט גיוואושט ⟨ר⟩עכֿט.

1792 במקור פ י ר כֿ ט ן
1793 במקור ד ע כֿ ט

דאש זיא איזט פֿון יודישן גישלעכֿט :
דרום ביטה איך מיר צו פֿרצייאן אונ׳ פֿרגעבין.
ווייל איך דען יודן גיטראכֿט האב נאך דעם לעבין :

(דער מלך זיכֿט המן בייא אסתר אונ׳ פֿרמיינט ער וואלטי זיא מאנס זיין שרייאט אויף פֿור רוגז)

מלך
המן המן.
דוא בעשטיאלישר מן :
וויא האט דיר איין גיגעבין דיין פֿרפֿלוכטר זין.
מיט גיוואלט צו ביצווינגן מיין קיניגין :
צום טוט טוא איך דיך יעצנד ⟨!⟩ פֿר דאמן.
אונ׳ זאל ווערטן אויז גיראט דיין נאמן :

חרבונה
איך מוז איהרא מייאשט⟨ע⟩ט פֿר צילן.
פֿון איין גאלגין פֿון פֿינפֿציג עהלין :
וועלכֿין המן האט גיבויאט.
אויף דעש גיטרייאן מרדכֿי זיין הויט :
איהן אלז הייט דארויף צו הע⟨נ⟩גין.
אונ׳ טיראניש אום דאש לעבין צו ברינגין :
וועלכֿר דאך איהרא מייאסטיט סאלפֿירט בייא דעם לעבין.
פֿון דענין דיא זיא מיט גיפֿט וואלטין פֿר געבין :

מלך
קאנצליר נעם דיזן ביזוויכֿט.
אונ׳ הענג איהן פֿור מיין אן גזיכֿט :
אן דען גאלגין דען ער זעלבשטן גיבואט האט.
דאראן זאל ער ביצאלין זיין מיסטאט :

קאנצליר
דער זענטענץ איזט ערגא⟨נ⟩גין.
דאש ער זאל ווערדן אויף גיהאנגין :
דרום מאך ער זיין טעשטאמענד.
ווייל איזט אן קומן זיין ענד :

1807 במקור ה ע ג י ן
1815 במקור ע ר ג א י ג י ן

המן

אך ווינד אונ׳ וויא וואש האב איך פֿור איין בישייד גיהערט.
עז מער קיין וואנדר דאש איך זאלטי אויז ציגין מיין בלויזש שווערט :
אונ׳ זאלטי עש שטעלן מיט דעם קאפּף צו דער ערט.
אונ׳ מיט דער שפּיץ אין מיין לייב פֿר קערט :
אך ווינד אונ׳ ווי האב איך אויף דען יודן מרדכֿי איין גלגן טוהן בויאן.
יעצונד ווערט מן מיך זעלבשטן דראן שויאן :
אך וויא האט זיך דאש גליק פֿרקערט.
דאש איך יעצונד מוז ווערדן פֿר שטערט :
אבר נאך איינש וויל איך טענדירן.
אונ׳ פֿור דעם גינעדיגן קיניג זעלבשטן סופּליצירן :

(דא טוט המן איין פוספֿאל פֿור דעם מלך אונ׳ זאגט ווייטר)

איהרא מייאסטיט לאשין קיגן מיך איהרא ברמהערציקייט שפּירן.
אונ׳ לאסין מיך ניט צום גאלגין פֿירן :
מיין ווילן איזט ניט גיוועזן בייא דער קיניגין צו שלאפֿין.
ווארום וואלין זיא מיך דאן מיט דעם גאלגין שטראפֿין :
יג ע״א וואלין זיא | ניכֿט אן זעהין מיך ארמן.
דא טוהן זיא זיך דאך איבר מיינה קינדר ער בארמן :
איהרא מייאסטיט גידענקה דאך מיין דינשט אין איהרם שטרייט.
דאש מיין לייב אונ׳ זיהל צום טוט גיוועזין אן ברייט :
טוהן זיא דאך מיינה טרייהייט גידענקין.
אונ׳ מיר פֿור דיז מאל מיין לעבן שענקין :

מלך

המן דוא האשט קיין פרדאן.
דוא מושט האבין דיין פֿר דינטן לוהן :
דרום קאנצליר נעממה ⟨!⟩ אין אובאכֿט.
וואש איך דיר האב גיזאגט :

[המן קומט פֿור דיא אסתר אונ׳ פֿאלט צו פֿיסן אונ׳ זאגט]

המן

אך אליר גינעדיגשטי קיניגין.
זעה זיא דאך מיין פֿיר שפּרעכֿרין :
דאן דיא ברמהרציקייט איזט דען פֿרויאן צימר אנגיבארן.
וויא זאל זיא קענין זעהן דאש איך זוא עלענדליך זאל ווערדן פֿר לאהרן :

אסתר

המן דוא יודן פֿיינד.

דוא מוזט הענגין הייגט:
דרום קאנצליר מאך ביהענד.
לאז איהן אויף הענגין אין דיזם מאמענד:

**המן**

אך ווינד אונ׳ וויא איך וויש מיר קיין ראט מער צו געבין.
דאן איך פֿור יאמר אונ׳ שמערצין ניכֿט מער קאן לעבין:
דאש אונגליק נעמט בייא מיר איבר האנד.
איך וויין אויף קיינר זייט איין בייא שטאנד:
אה וועטר בליץ האגיל אונ׳ דונר קייל.
אה איר טייבֿלין פֿירט המן אין דיא ליפֿטן אין אליר אייל:
אה ערד טוא מיך לעבנדיג איין שלינגין.
דאש מן מיך ניכֿט זאלטי צום גאלגין ברינגין:
אך סאקרמענד וואש האט מיך גיהאלפֿין מיין פֿלייסיג שטודירן.
אונ׳ מיין פֿילאסאפֿישיש שפעקולירן:
מן טוט יעצונד אוהן קאנזיד⟨רי⟩רין.
מיך עלענדליך צום גאלגין פֿירן:
דיז שפריך ווארט העטה מיר זאלן איין ווארנונג זיין.
דער גרובין גראבט פֿאלט זעלבשטן דריין:
דאן העטי איך קיין גאלגין פֿור מרדכֿי טוהן בואין.
זוא זאלטי מאן מיך דראן ניכֿט שויאן:
פֿופֿציג עהלן הויך האב איך איין גאלגין גימאכֿט.
אונ׳ דאריבר צו גיבראכֿט דיא גאנצי נאכֿט:
אבר דאש בלעטליין האט זיך פֿרקערט.
דאש מיר מיין לעבין מוז ווערדן פֿרשטער⟨ט⟩:
צעהן טויזנד צענט⟨נ⟩ר זילבר וואלטה איך געבין.
אב צו קויפֿן דער יודן לעבין:
איך זוכֿטה זיא גאנץ אויז צו ראטין.
נון ווערדן זיא אויז מיר נור שפאטן:
אך ווינד אונ׳ ווי וויא האט מיך דער מונד מערץ פֿרדורבין.
ווייל איר ראבינר משה אין דיזם מונאד גישטא⟨ר⟩בין:
אבר איך האטה ניט פֿור נומן.
דאש ער אן דיזם מונאד איזט אויף דיא וועלט גיקומן:
אלי דיא עקסעמפלן דיא איך אין דער ביבל גילעזן.
זיין מיר ניט גינוגזאם גיוועזין:

1861 במקור קאנזידרין
1871 במקור צענטר
1870 במקור פֿרשטערש

מיך פֿון מיינם פֿור האבין אב צו שרעקין.
דרום מוז איך מיין האלז צום גאלגין אויז שטרעקין :
פֿר פֿלוכֿט זאל זיין דער יעניג לייב.
דרין המן גילעגין.
פֿר פֿלוכֿט זאל זיין דאש יעניג ווייב.
דיא המן טאט פֿר פֿלעגין :
פֿר פֿלוכֿט זאל דיא מוטר זיין.
דיא המן האט גיזוגין.
פֿר פֿלוכֿט זאל דער פֿאטר זיין.
דער המן האט ערצאגן :
זיא העטן מיך אים ערשטן באד גיהערט ער טרענקין.
זוא מישטה איך יעצונד ניכֿט אן דען גאלגין הענגין :

קאנצליר

פרינץ המן איין ראט וויל איך אים נאך געבין.
אום צו סלפֿירן זיין לעבין :
פֿור דען יודן מרדכֿי זאל ער טרעטין.
פֿילייכֿט קאן ער איהן פֿום טוט ערעטן :

[המן קומט צו מרדכֿי אונ׳ זאגט]

המן

שויא אן דוא יודיש גיבליד.
מיך פרינץ המן אין זאלכֿי לייד.
דררום גיוועור דאך מיין ביט.
אין זאלכֿיר ביטרקייט :
מיין זינד זאלשט מיר פֿר געבין.
וואש איך דיר האב גיטאן.
מיך צו ער האלטן בייא דעם לעבין.
זעה דאך מיין עלענד אן :

זעה אן דאך מיינה טרערין.
לאז דאך דיין גיטרייאש הערץ.
אויף מיך צו גוטם פֿר קערן.
וויל זוא גאר גרויש איזט מיין שמערץ :
פֿור דען קיניג זאלשט דוא טרעטן.
אויז צו ביטן איין גינאד פֿור מיר.
מיך פֿון דעם טוט צו ערעטן.
דאן דיזיש שטיט בייא דיר :

מרדכי

עש איזט צוואר דיא ברמהרציקייט.
אונז יודן אן גיבארן.
אבר יעצונד איזט קיינה צייט.
דוא מוזט ווערדן פֿר לאהרן :

דאן דער אויף וועגין ליגט איין שטיין.
טוט זעלבשטן דראן אן שטוסן.
דער גרובין גראבט פֿאלט זעלבשטן דריין.
דיין בלוד מוז ווערדן פֿר גאסן :

אן דיזם גאלגין דען דיינה קנעכֿט.
אויף מיך | גיבויאט האבין. יג ע״ב
ווערט איך נאך זעהין וויא עש רעכֿט.
דאש דיך פֿר צעהרין דיא ראבין :

וייל דוא האשט אויז גישטרעקט דיין האנד.
אויף דיא גיזאלבטי דעש הערין.
אונ׳ אונש פֿון אלי שטיט אונ׳ לאנד.
גיזוכֿט האשט צו פֿר שטערן :

דרום איזט פֿום היגשטן גאטש טרון.
דאש אורטייל אויז גיגאנגין.
דאש דוא אוהן ווייטר אפעלאציאון.
מוזט ווערדן אויף גיהאנגין :

אויך בישט דוא פֿון קינדרן עמלק.
אויף דיא אונז גאט גיבאטין.
פֿון וועגין דעם גיפֿט דער אין זיא שטעקט.
דיז גאנץ פֿאלק אויז צוראטין :

צו דעם בישט דוא גאנץ אונ׳ גאר ניכֿטש ווערט.
דרום מוזט דוא אין ליפֿטן האנגין.
דאן ניכֿט דער הימל אונ׳ ניכֿט דיא ערד.
דיין לייכֿנאם וויל ענטפֿאנגין :

המן

מרדכֿי וויא זאלשט דוא דיך אויף מיינם פֿאל דרמייאן.
עש שטיט דאך אין דיינם גיזאץ וואן דיין פֿיינד פֿאלט זאלשט דוא דיך ניכֿט
ער פֿרייאן :

וויא זאלשט דוא ניכֿט ברמהערציג זיין.
דא דוא מיך זיכֿשט אין זאלכֿיר פיין:

מרדכי

דיז היישט קיין ברמהערציקייט.
דעם גאטלויזן פארדאן צו געבין.
וואן איהם דיא גרעכֿטיקייט.
אבשפרעכֿין טוט דאש לעבין:

דיין לעבין איזט דיר אב גישפראכֿין.
דוא מושט יעצונדר שטערבין.
אויך איזט דער לעבנש שטאב צרבראכֿין.
גיה הין צו דעם פֿר דערבין:

המן

דאש אורטייל איזט גיגעבין.
צו נעמין מיר מיין לעבין:
איך וואלטי מיך גערין גידולדיג ערגעבין.
וואן נור דער יוד מרדכֿי מעכֿט הענגין דר נעבין:
אבר דאצו קאן איכֿש ניט ברינגין.
דרום טוט מיר מיין הערץ צו שפרי⟨נ⟩גין:

קאנצליר

פרינץ המן ער האט ניכֿט לאנג צייט.
צום גאלגין איזט ער אן גיברייט:

המן

הער פאטרון ווייל איך יוא מוז שטערבין.
זא לאז ער מיך נור דיזה גינאד ערווערבין:
איך וויל יוא גערן צום גאלגין גיהן.
נור לאז ער מיך נאך איין מאל מיין ווייב אונ׳ קינדר זעהין:
דאש איך זיא קאן גוט נאכֿט זאגין.
אונ׳ זיא צום וועניגשטן מיין טוט ביקלאגין:

קאנצליר

המן זיין לעצטש ביגערן.
וויל אים אויך ניט וועהרן:

(קומט זרש מיט איהרן קינדרן המן קושט זיא אלי אונ׳ זאגט צו זרש)

1958 במקור שפריגין

המן

אך יאמר אונ׳ נויט אך גרויזמר שמערץ.
זאלטי מיר ניכֿט צרשפרינגן אין טויזנד שטיק מיין הערץ:
דאש איך אלזו מוז פֿון דיר אב שיידן.
אונ׳ דיך צו רוק אין זאלכֿין לײדן:

זרש

אך ווי מיר איך קאן פֿור שמערצין ניט רידן.
איך פֿאלי אין אונמאכֿט אונ׳ טוטש ביטן:
דאש פֿון דעם הערץ אליר ליבשטן מיין.
דער אבשייך זאל אונטר דעם גאלגין זיין:

[זרש פֿאלט חלש המן היבט זיא ווידר אויף פֿון דער ערד אונטר דעסין קומט דער תליון אונ׳ פֿאלט המן אן נימט אין בייא דעם האלז אונ׳ זאגט]

תליון

וואש זאל מיר דאך דאש לאנג גיפֿלען.
אונ׳ דאש מיר זוא לאנג ווערסן דיא צעהין:
פֿארט פֿארט קערל עש איזט ניט לאנג מער צייט.
איך האב דען שטריק שון אן בירייט:

המן

פרשנדתֿא דלפֿון אספתֿא אונ׳ אל מיינה ליבה זיהן.
קומט נאך איין מאל בייא מיר צו גיהן:
איך וויל אייך אונ׳ איהר מיר דען לעצטן קוס געבין.
אי מן מיך אבקירציט מיין לעבין:

פרשנדתא

אדיע מיין פֿאטר גוטי נאכֿט.
איך פֿאלי פֿור טרוריקייט אין אונמאכֿט:
וויא זאל איך קענין בייא לעבין בישטעין.
דא איך מיין פֿאטר זעה צום גאלגין גיהן:

[ווערט המן אויף גיהאנגין אונ׳ בשעתֿ דאש דער תליון דען שטריק צו ציעט שרייאט ער אויז]

המן

גוטי נאכֿט אין איהקייט ⟨!⟩ גוטי נאכֿט.
מיין הערץ מיר אין מיינם לייב צו קראכֿט:

מלך

ווייל נון מיין ווילן איזט ערפֿילט.

זא איזט אויך נון מיין צארן גישטילט :
דרום טוא איך מיך יעצונד בידענקין.
אונ' המנש פאלשט דער קיניגין שענקין :
מיט אלין זיינין מאביליעין.
אונ' המנש גאנצי פֿאמיליען :
דיא טוא איך אין דיינה גיוואלט געבין.
זיא אלי צו טיטן אודר שענקין דאש לעבין :

אסתר

איך בין אפלישירט אים היכֿשטן גראד.
פֿור איין זאלכֿי עקשטרא אורדינארי גינאד :
יד ע"א דא מיט א⟨יה⟩רא הוכֿי | מייאסטיט

2001 במקור אהירא

# ה. אקטא אסתר עם אחשורוש

אקטא
כתב־יד משנת 1720

המחזה 'אקטא אסתר עם אחשורוש' מתפרסם כאן על־פי כתב־יד יחיד, השמור באוסף אופנהיים שבספריית הבודליאנה באוקספורד; סימונו (Ol.1701) Opp.709.* בגוף כתב־היד לא צוין כל תאריך, ואף לא צוינו בו שמות המעתיקים (היו שניים, לפחות, שהתחלפו ביניהם; וראה ההערות לטקסט). אין בו ציון בעלות, אך מעבר לעמוד השער מופיעה תחילתו של החרוז 'דיזוש בוך איזט מיר ליב ווער עש שטעלט דער איז', שיש להשלימו '⟨איין דיב⟩'. כתב־היד ברור למדי, ורק במקומות ספורים היה צורך לשחזר תיבות בודדות בגלל פגמים בנייר. על־פי־רוב חסרים סימני הרפה הנהוגים בדפוסים, וגם במהדורתנו לא הוספו. כתב־היד מחזיק ס"ב דפים מסומנים. הטקסט כתוב ברובו בקורסיב האשכנזי הרגיל של המאות הי"ז—הי"ח. בכל דיבור או הוראת־בימוי מתחילה שורה חדשה, ואילו שאר הדברים כתובים ברציפות, בלי לשים לב לחריזה. במהדורתנו נשמרה רציפות הטקסט בקטעי הפרוזה, אך שאר הטקסט נדפס כאן לפי החרוזים, והובלטו בו המבנים הסטרופיים. הפיסוק היחיד המופיע בכתב־היד — בדרך־כלל בסופי חרוזים וב'תעודות' שבטקסט — הוא ספק פסיק ספק קו נטוי; פיסוק זה הוחלף כאן: נקודה אחת הן בסופי חרוזים הן באמצע דיבור בגופי ה'תעודות' בפרוזה; ונקודתיים בסוף כל דיבור, סטרופה או 'תעודה', כנהוג בדפוסים מתוקנים ביידיש מן התקופה ההיא. במקומות שבהם היה חסר הפיסוק בכתב־היד עצמו, הוספתי אותו לפי נוהג זה, בלי להעיר על כך. במהדורתנו נכתבו במלואם ראשי־תיבות אלה: מ"ט = מיישטעט; אח"כ = אחר־כך.

המחזה הופיע גם בדפוס:

1. מהדורה משנת 1720
סימונה כאן פ (פראג). וזה לשון השער:

אקטא אסתר מיט אחשורוש וועלכי בשנה הזאת ע"י בחורי חמד בני הישיבה שיש עמה סמיכה של אדוננו מרינו ⟨!⟩ ורבינו הגאון המפורס' מוהרר דוד אפנהיים נר"ו אויף איין אפנטליכן דעאטרום גשפילט וואָרדן בחצוצרות ושאר מיני זמר.
נדפס פה פראג
תחת ממשלת אדונינו המוחס ⟨!⟩ הקיסר קראלוס השם ירום הודו ויתנשא מלכותו ויאריך ימים אמן:
שנת ת"פ לפ"ק
על ידי המחוקקים נכדי של הר"ר יודא ב"ק ז"ל

* ראה תיאורו ברשימת נויבאואר, מס' 2212.

בסוף הטקסט מופיע הציון 'על ידי הפועל במלאכת הקודש יוזפא בן כמר יוסף בוט סג"ל'.

הספר מחזיק 136 עמודים בלתי־ממוספרים. בעמוד האחרון נדפסו שלוש תמונות (וראה להלן, נספח בעמ' 521).

עותק יחיד של הספר נשתמר באוסף אופנהיימר שבספריית בודליאנה באוקספורד; סימונו Opp. 8° 595. הוא תואר בידי שטיינשניידר.*

2. מהדורה משנת 1763

וזה לשון השער:

אקטא אסתר מיט אחשורוש וועלכש בשנת ת"פ ע"י בחורי חמד בני הישיבה שיש עמה סמיכה של אדונינו מורינו ורבינו הגאון המפורסם מוהר"ר דוד אופנהיים זצלה"ה אויף איין ארדנטליכן דעאטרום גשפילט וואַרין בחצוצרות ושאר מיני כלי זמר.

נדפס פה פראג תחת ממשלת... מאריא טערעזיא... בשנת תקכ"ג לפ"ק

Gedruckt zu Prag, in der Katzischen Buchdruckerey Cum licentia superiorum

בדפוס של המנוח מהורר משה כ"ץ זצ"ל: ונתחדש על ידי נכדי הנעלה ר' ישראל בן כהרר בער ייטלש ז"ל.

עותק יחיד של מהדורה זאת נרכש על־ידי הספרייה העירונית בפראנקפורט על נהר מיין בשנת 1876, אלא שנשרף בימי מלחמת־העולם השנייה. השער הובא כאן על־פי תיאורו של וויינרייך.**

3. מהדורה משנת 1774

סימונה כאן **א** (אמסטרדאם). וכך נאמר בשער:

**אקטא אסתר מיט אחשורוש** וועלכֿש בשנתֿ **ת**"פ ע"י בחורי חמד בני הישיבה שיש עמה סמיכָה של אדונינו מורינו ורבינו הגאון המפֿורסם מוהר"ר דוד אופנהיים זצ"ל ה"ה אויף איין ארנטליכֿן ראעטרום ⟨!⟩ גשפיהלט וואַרדן בחצוצרותֿ ושאר מיני זמר:

ויען כי אין זכרון רב עוד לראשונים. האף אמנם ישנו קצתם מיעוט' דמיעוט' באוצרות טמונים. אמרינן הואיל באלו הדורות אינם נמצאים. והרבה רצים אחריו מרוב חיבתם זאת אומרים. חשקה נפשם באמור. מי יתן לנו לקיים את ימי הפורים. ע"כ נדפס פעם שנית כקדמונים. ונוסיף מאחרונים. ויזכנו לעלות לציון ברננים במהרה בימינו אמן:

דיזוז איז צו קויף בייא ר' שמעון בן הר"ר **מאיר** ז"ל מוואלפנביטל מלמד להועיל בעז"ה בק"ק אמשטרדם. אויף פל**א**המבורג:

* קטלוג, מס' 3407.

** אחשורוש־שפיל, עמ' 439—440, 449.

אקטא אסתר מיט
אחשורוש

וועלכי בשנה הזאת ע״י בחורי חמד
בני הישיבה שיש עמה סמיכה של
אדוננו מורינו ורבינו הגאון המפורסם
מוהר״ר דוד אפנהיים נר״ו אויף איין
אפגליכן טעאטרום געשפילט ווארדן
בחצוצרות ושאר מיני זמר.

נדפס פה פראג

תחת ממשלת אדונינו המוחס
הקיסר קרלוס הששי ירום הודו
ויתנשא מלכותו ויאריך ימים אמן:

שנת ת״פ לפ״ק

על ידי המחוקקים
נכדי של הר״ר יודא
ב״ק ז״ל

השער של 'אקטא אסתר עם אחשורוש'
מהדורת פראג 1720
(ספריית בודליאנה באוקספורד)

נדפס בק"ק פראג בשנת תקכ"ג לפ"ק
ובעת הזאת רוח והצלה יעמוד ליהודים:

עותקים של מהדורה זו, המחזיקה 79 עמודים מסומנים באותיות עבריות, שמורים בבית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי בירושלים, בבית המדרש לרבנים בניו־יורק ובמוזיאון הבריטי בלונדון.

ייתכן, שהיתה עוד מהדורה של ה'אקטא', שנדפסה באמסטרדאם בראשית המאה הי"ח. מכל־מקום, בקטלוג של בית־המסחר לספרים של אוטו האראסוביץ (Leipzig 1931, No. 433) הוצעה למכירה מהדורה שנדפסה באמסטרדאם ללא ציון שנת ההדפסה. עורכי הקטלוג ייחסוה לשנת 'ca. 1700'; וראה שם מס' 6405.

שערי הדפוסים הם העדות היחידה להצגה מפוארת רבת־משתתפים בליווי מוסיקאלי. יש מקום להנחה, כי כתב־היד היחיד שבידנו שימש את בחורי הישיבה של ר' דוד אופנהיים כאשר הציגו את המחזה ב'תיאטרון פומבי' בשנת 1720, וכי לצורך ההצגה העתיקוהו כמה מן המשתתפים. מכל־מקום, על כך עשויות להעיד הוראות־הבימוי העבריות שבו, המתאימות לבחורי ישיבה, בניגוד לדפוס פ, שבו נדפסו הוראות־הבימוי ביידיש (שרידים רבים מן המלים העבריות ומן הקיצורים סולקו אחר־כך גם בדפוס א). אף ייתכן — כפי שהניח וויינרייך * — שכתב־היד הוגש לראש הישיבה, ר' דוד אופנהיים, על־מנת לקבל את אישורו להצגה או להדפסת המחזה.

המלים 'בשנה זאת' המופיעות בשער של מהדורה פ מעידות בבירור, כי המחזה נדפס לראשונה זמן קצר אחרי הצגתו. אם אמנם נכונה ההנחה, שכתב־היד שימש להכנת ההצגה והמחזה נדפס אחרי שהוצג, אזי אפשר להסביר את ההבדלים בין כתב־היד למהדורה פ בתיקונים שהוכנסו למחזה תוך כדי הכנתו לדפוס. משום כך הובאו כאן — נוסף על נוסח כתב־היד בשלימותו, לרבות הדברים החסרים בדפוסים — גם הקטעים (מהוראות־הבימוי לשורה 734 עד שורה 738 ושורות 2667—2676) והוראות־הבימוי המופיעים רק בדפוס פ; כן צורף בסוף המחזה הנוסח השונה של ה'פאטענט' שנתן אחשורוש ליהודים ושונה סדר הדברים בשורות 2205—2245 על־פי דפוס פ. כל התוספות וכל תיקוני השגיאות על־פי פ ו־א הובאו בין סוגריים מזווים, ובמקרה הצורך נוספה הערה.

מן הראוי להדגיש, שכל ההבדלים האחרים שבין כתב־היד לדפוס פ ובין דפוס פ לדפוס א אין בהם משום שינוי מהותי במבנה המחזה ובעיצובו.

כמה דברים שבכתב־היד נהירים יותר מאשר בדפוסים, שבהם מתגלה פה ושם אי־הבנת הטקסט, כמו, למשל, הבלבול בשם נח—נאע (שורה 1527). עם זאת תוקנו כאן, כאמור, כמה שיבושים וטעויות שנפלו בכתב־יד בשעת ההעתקה על־פי שני הדפוסים המאוחרים שבידנו.

הוראות־הבימוי ביידיש שלפני דברי הדמויות הובאו כאן לפי דפוס פ, לאחר הוראות־הבימוי העבריות של כתב־היד. כאשר הוראות־הבימוי זהות בכתב־היד ובדפוסים לא הובאו ההקבלות שבדפוסים.

* שם, עמ' 442.

# אקטא אסתר עם אחשורוש

השער

## אקציאן אחשוירוש

א ע״א

**בא לויפר ואמר / דא קומט דער לויפר אונ׳ זאגט**

מיין שנעלר לויף טוט אייך אן דייטן.
עז ווירט היר אן לנגן איין גראשר קינג מיט אל זייני לייטן.
דער גראסר קינג ארטקססטיס אהסווערוס ווירט היר אן לנגן גאר בלד.
בֿסט אלי פיר טיילן דער וועלט האט ער אונטר זיין גוולט.
דער זעלבי האט נון גפסט דיא אליר גנעדיגשטי רעזאלציאן.
דז ער פרשינליך וויל היר לנגן אן.
דער גלייכן אלי זייני פאטענטאטן.
וויא אויך דיא גנצי האף שטט אונ׳ גהיימבי ראטן.
אלזא בין איך אלש דז קינגש זיין עדלין לייב לויפר ווארדן אב גזאנט.
דיזש דיא גינשטיגי הערן מכין בקנט.
דיזש היר פובליקאטום צו מכין.
דא מיט מיין אליר גנעדיגן קינג זיין אויטאריטעט ניכטש ווירט בנומן
בייא אלי וכין:

**בא האף קנצלר ואמר / דא קומט דער הויף קנצלר אונ׳ זאגט**

מיין אפיציא איין אברשטר קנצלר בייא דען גראשן קינג אין פרסיאנישן רייך.
בייא מיר זיין בווארנט דעסין גהיימנוס אלי צו גלייך.
דיא האף קנצלייא האב איך צו פר וולטן.
וויא אויך דז גהיימנוס דעס קינגש צו בהלטן.
מיין גראסן קינג פרשינליכן אן קונפט האב איך פר נומן.
דעסן גהארזמבן אויף וורטונג בין איך היר אן קומן.
אונ׳ וויל אויך פערנר נאך מיין פר לנגן.
דיא אן שטלט מכין וויא הערליך אירא מיישטעט צו עמפפנגן.
דא מיט אירא מיישטעט.

ניכט בנומן ווירט זיין אויטאריטעט.
וויל אויך לאזן אלי מיניסטר צו אננדר קומן.
דא מיט אירא מיישטעט אין זיין הערליכקייט ניכטש ווירט בנומן.
טרייאי הערן קאלעגא היריין.
אלי ⟨די דען⟩ פרסיאנין טרייא זיין : |

א ע״ב בא בגתן ואמר / דא קומט בגתן אונ׳ זאגט

באנוס פעסבר אירא הערן אלי צו גלייך.
פירשטן גראפן אין גנצן רייך.
וואלן אירא הערן מיך קענין.
מיין נאמן וויל איך גלייך נענן.
בגתן בין איך גננט.
איין לייב האף מיינשטר בייא איר מיישטעט בין איך וואל בקנט.
אליין אביר מיין דינשט צו פר ריכטן.
איזט מיר אן בפולן ניכטן.
זונדרן תרש דען אידל קנאבן.
מוז איך צו איין קיגן הנדלר האבן.
דיא אביציא איזט אונש ווארדן גגעבן.
זא לנג מיר זיין בייא לעבן.
לנג צו זוימן איז ניכט צייט.
ווייל איר מיישטעט אן צו לנגן איזט ברייט :

בא תרש ואמר / דא קומט תרש אונ׳ זאגט

איר האך ליפליכי מיניסטר מיין נאמן וויל איך ניכט פיל נענן.
האפנטליך דורך מיין הערן קאלעגא בגתן ווערן זיא מיך שאן קעננן.
איין טיר שטיאר בייא איר מיישטעט האב איך צו סערווירן.
איר מיישטעט צו בווארנן טוא איך מיך אפירירן.
פיל צו קאמיניצירן איזט קיין צייט.
וויילן איר מיישטעט היר אן צו לנגן איזט ברייט.
זא וואלן וויר זיך בפלייסן.
דיא אנדרן מיניסטר היריין צו הייסן :

בא התך ואמר / דא קומט התך אונ׳ זאגט

הערן קאלעגא אלי צו גלייך.
אויך פירשטליכי דורך לייכט אין פרסיאנישן רייך.
אירא הערן וואלן זיא מיך קעננן.

26 השחזור לפי פ
27 באנוס פעסבר = bonus vesper

מיין נאמן וויל איך זיא נענן.
התך בין איך גננט.
איין לייב האף מיינשטר בייא מיינר אליר גנעדיגשטי קינגן בין איך וואל בקנט.
דערנט וועגן בין איך קומן אלהער.
אירא מיישטעט אויף צו וורטן מיט מיינם גוועער.
ב ע״א אונ׳ | וואלן אלש נעמן אין אב אכט.
וויא דער אן שטלט זאל ווערן גמכט.
אונ׳ היר צו פרימא מיניסטר המן אויך וואלן לאזן קומן.
דא מיט אירא מיישטעט אן זייני הערליכקייט זאל ניכט ווערן בנומן.
צו שליסן וויא הרליך אירא מיישטעט צו עמפפנגן.
זא זיא בלד גליקליך היר מעכטן אן לנגן:

בא המן ואמר / דא קומט המן אונ׳ זאגט

פרינץ המן בין איך גננט.
איין אברשטר האף מרשלק איבר דז גנצי לנד.
וואלן אירא הערן פערנר ווישן מיינש בגער.
וואז אורזך איך בין קומן אלהער.
דען איר מיישטעט האבן נאך מיינש פרשאן איין שטאפט טאן זענדן.
דז איך זאל קומן בהענדן.
אלש האב איך עז אן מיר ניכט לאזן מנגירן.
אין זיין דינשט אל צייט צו קאנדינירן.
אונ׳ גלייך פרא פאסטא פון הויז אב גלאפן.
אונ׳ האב דיא הערן קאלעגא היר אן גטראפן.
אונ׳ בפינדי זיא אלי שטין אין בלאסי דעגן.
אלזא מוז איך זיא בפרעגן.
דיא אורזך וואלן זיא מיר אן דייטן.
גאר גהארזמב וויל איך מיך אויך דר צו ברייטן.
איזט עטוואן איין גפערליכי קריג פאר גפלין.
ברייט בין איך אויז צו ציהן פר אייך אלין.
זאלט אביר איין הינטר ליסטיגי אן שטלט פון אייך זיין גמכט.
איין רעבעליאן ווידר מיין גנעדיגן קינג זאלט זיין גטרכט.
זא זעץ איך דראן מיין לעבן.
פר מיין גנעדיגן קינג טוא איך אלש געבן.
לנד אונ׳ לייט זעץ איך דראן.
אן דעם יעניגן דער מיט מיין גנעדיגן קינג וויל פנגן אן.
אונ׳ ניט לנג וויל איך מיך רעזאלפירן.
אונ׳ צו דער לרמי וויל איך לאזן דיא דרומל רירן.

האלא דמבר שלאג לרמי : |

ב ע"ב אמר האף קנצלר / זאגט דער האף קנצלר
ניין פרינץ המן מיר שטין ניכט היר וועגן איינר שטרייט.
אויך בהיטי גאט צו איינר רעבעליאן זיין מיר ניכט אן ברייט.
זונדרן פאן אירא קינגליכן מיישטעט אירי לויפר האבן מיר גהארזמבש פר נומן.
דזין איר מיישטעט אין ווילן האבן היר אן צו קומן.
וועגן זיינר הערליכקייט אונ' גראסי ער.
וורטין מיר אין אויף מיט אונזרן גוועהר.
אלזא האבי איך פרינץ שמשון דיא אן שטלט לאזן מכין.
אונ' זאלכש פר ארדנט בייא אלי וכין :

אמר המן / דא זאגט המן
גשיכט זאלכש אירא מיישטעט צו ערין.
זא וויל איך אויך מיין פאכטל ארויז בגערן :

זא ציכט המן אויך זיין גוועהר אויז

קומן ב' לויפר אונ' שפרעכן
אין דאז גוועהר דער קינג לנגטאן :

קומט המן אונ' האף קנצלר ברעגנן דען מלך צו פירן זעצן אין אויף דען שטול.

קומן ווידר ב' לויפר אונ' שפרעכן
אין דז גוועהר דיא קיניגן לנגט אן :

קומן בגתן אונ' תרש אונ' פירן דיא מלכה זעצן זיא נעבן דען מלך אונ' ב' לויפר שטעלן זיך נעבן דען מלך א' מימין וא' משמאל.

ואמר זה שבימין / זאגט דער לויפֿר אויף דר רעכֿטי זייט
דייזי האהי גנאד האבי איך בייא אירא מיישטעט גפונדן.
דז איך ניט פון אימי דרף ווייכן איין שטונדן.
איין סאן דז פרימא מיניסטר המן בין איך צוואר.
פרינץ פרשנדתא איזט מיין נאמן גאר.
מיין אפיציא וואז איך האב צו שפין. |
ג ע"א קיין שטאפעט קאן פון דער האף שטט אב לויפן.
זונדרן ער מוז דורך מיין קנצלייא אב גין.
אונ' אויך דז קינגש גשעפט נאך פיל מין.
אלזו איז מיין אפיציא וואז איך האב צו סרווירן.

87 מן הצד האחד מופיעה שורה זו בנפרד והיא ספק ה"ב אך מן הצד האחר היא המשך דבריו של המן (קריאה למתופף) ומשום כך נכללה במניין השורות.

אין אירא מיישטעט זיין דינשטן צו קונטינירן.
אלזא וואן איינר וואז נייאש פאר ברענגן וואלט.
זאג ער מיר נור דען אין האלט.
בייא איר מיישטעט וויל איכש רעפירירן.
אונ׳ דינשט ווילג וויל איכש עקספוטירן :

אמר לויפר שני שבשמאל / זאגט דער לויפֿר פֿון דער לינקי זייט
איך וויל מיך אויך געבן צו קענן.
אונ׳ מיין נאמן וויל איך אויך נענן.
איין סאן דעס פרימא מיניסטר בין איך גבארן.
פר איין אידל קנאב בדין איך איר מיישטעט שאן פיל יארן.
פרינץ דלפאן איזט מיין נאמן צוואר.
מיין אפיציא איזט אויך פר וואר.
נימנט האט דיא אויטאריטעט.
דז ער אוידיענץ קאן האבן בייא אירא מיישטעט.
ער מוז צו פאר בייא מיר אונטר טעניגשט ביטן.
אלש איך לאז פאר טרעטן.
אלזא האט יעמנט איין בגער.
דער קום נור צו מיר ⟨אהער⟩.
האט ער וואז צו זאגן.
בייא אירא מיישטעט וויל איכש פאר טראגן :

אמר המלך / זאגט דער מלך
וויר ארתקססטיס אהסווירוש פאן גאטש גנאדן ערווילטר מאגנוס רעקס. אין אסיא אפריקא. עאוראפא עט אמעריקא. טואין הימיט צו אלין אונזרן אין וואנירן אין אונזרן לענדרן. אלש גוטש אנטביטן. האהי אונט נידרי קורפירשן. פירשטן. פארגראפן. מרקגראפן לנד גראפן. אביר פעלד מרשלקן יעניראלן. ריט מיינשטרן. אברשט ליידנמטן. לייטנמטן. וויא אויך גייסטליכן. אלש קרדינאלן. ערץ בישאפן. בישאפן. פרילַטן טעכיטן. טום הערן. אונ׳ אנדרי פון אונזרן גנאדן צו גטיילטן ג ע״ב באמטן. טואין וויר אונזרן אליר גנעדיגשטן ווילן אפנבארן. וויילן | אונש דער אלמעכטיגי גאט. זאלכש האהש גליק צו גפיגט. דז נון אלי אונזרי פיינד. איבר וואונדן זיין. אונט אלש אין אונזרן לענדרן גאט לאב אין פרידן גזעצט. אונ׳ אין בעסטר ריכטיקייט גאורדנט איזט. זא איזט נון אונזר אליר גנעדיגשטר ווילן אונ׳ רזאלוציאן אייני האהי פנקעט פר גייסטליכי אונט וועלטליכי. אויז אונזרן צו גטיילטן באמטן. וויא אויך צו אלין אונזרן אונטר טאנין. דיא דא צו קומן מעגן. בייא וועלכר פנקעט וויר אונזר האך שצבאר רייכטום פאר וייזן וואלן.

125 במקור א ע ה ר התיקון לפי פא

אונטר וועלכם אויך. דיא גולדנן גשיר וועלכי פון אונזרן גאט זעליגן פאר פארן אויז דעם גראסן טעמפל צו הירושאלעם איבר קאמן. פאר נעמן וואלן. בייא זאלכי פנקעט וויר אויז אונזרן האהן גנאדן זעלבשטן בייא וואנן וואלן. אלזא האף קנצלר איזט נון אן דיר מיין ערנשליך בפעליך. דז דוא זאלכש אין אלין אונזרן לענדרן [רעסקר]יבירשט. דא מיט אלש אונזר אליר גנעדיגשטר ווילן [גשיכט א]ונ׳ בלד פאל צאגן ווערדן מעגט:

אומרת מלכה / זאגט דיא מלכה

אפיצירר אונ׳ קמיר דינר. ווייל נון מיין אליר גנעדיגשטר קינג צו איין זאלכן פריידן פעסט.

איזט אן ברייט אויפס אליר בעשט.
זא וואלט איך אויך אים צו ערין.
איין האהי פנקעט צו ברייטן בגערן.
פר פירשטנש גראפנש אונ׳ מאדאמי.
וויא אויך אלי פרויאן צימר זאלן ווערדן גרופן צו זאמן.
אונ׳ אויף אליר שענסטי ציר מיין אליר גנעדיגן קינג צו ערין.
זאל דיזש אליש בלד פאל צאגן ווערן:

אמר האף קנצלר / זאגט דער האף קנצלר

לויפר איך האב איין ערנשטלך בפעלך פון איר מיישטעט זיין מונט.
שטאפעטן אונט קארירן אב צו זענדן גלייך | דיא שטונד. ד ע״א
דז אירא מיישטעט זיין רעזאלפירט.
אונ׳ בייא דעם גהיים ראט איזט קונקלידירט.
איין האהי פנקט פר האהי אונט נידרי באמבטן.
וויא אויך פר אלי אמבאסיטארן אונ׳ אב גזנטן.
דערא גלייכן פר גמייני לייט.
דז זאל זיין פון איר מיישטעט זיין און קאשטן ווערן צו ברייט.
אונ׳ אוי⟨ד⟩ איר קינגליכי מיישטעט.
מיט זיין אויטאריטעט.
וויל אויך זעלבשטן בייא וואנין.
דא מיט צו ערפרייאן יעדר מאנין.
אויך זיין האך שצבאר רייכטום וויל ער ערצייגן.
דא בייא זאלן זיין אליר הנט מוזיקנטן אונ׳ גייגן.
וויא אויך דיא גולדן גשיר אויז דיא גראסן טעמפל צו זיינר גראסן פריידן.
פאר צו נעמן אונ׳ דרויז צו טרינקן וויל ער ניכט פר מיידן.

145—146 השחזור לפי פא
163 במקור אויף התיקון לפי פא

דער גלייכן אונזר אליר גנעדיגשטי קינגן אויף דאש אליר בעשטי.
איזט ברייט אייני פנקעט פר מאדאמיש אונ׳ פרויא צימר צו מכין צו צירן דען פריידן פעסט.
אלזו לויפר דא האשטו דיא אליר גנעדיגי פאטענט פון אירע מיישטעט זיין אייגיני הנט.
צו פובליצירן אין אלי לנד.
דזין זיך אלי מנשפט האהי אונ׳ נידר.
נימנטן זאל זיין צו ווידר.
זיך אלש אינר הלב דרייא מאנט זאל לאזן פינדן.
היר אין דער קינגליכי שטט ⟨שושן⟩ טוט מן אינש פר קינדן :

לויפר פובליצירט

האך ליפליכי מיניסטר פירשטן אונ׳ גראפן פר נעמט מיך אלי צו גלייך.
אלש וואז זיך בפינד אין אונזרן רייך.
אלהיר האבן זיא צו ערזעהן. דיא גנעדיגי פאטענט פון איר מיישטעט זיין אייגני הנט.
צו פובליצירן אין אלי לנד.
דז אירא מיישטעט זיין רעזאלפירט.
אונ׳ בייא דעם גהיים ראט איזט קונקלידירט.
איין האהי פנקיט פר האהי אונ׳ נידרי באמבטן.
וויא אויך פר אלי אמבאסיטארן אונ׳ | אונט גיזאנטין. ד ע״ב
דער גלייכן פר גימיינה לייט.
דז זאל פון אירה מיישטעט זיינה און קאשטין ווערדין צו ברייט.
אויך אירה מיישטעט.
מיט זיינה האכי אויטאריטעט.
וויל פרשינליך זעלבשטין בייא וואנין.
דאמיט צו ער פרייאן יעדר מאנין.
דז גלייכן אויך ⟨דיא⟩ אליר גינעדיגשטי קיניגן אירה מיישטעט צו עהרין.
טוט אויך זאלכיש ביגערין.
איינה גרושה פנקיט פר אלי מדאמיש אונ׳ פרויא צימר אין גנצין רייך.
אן צו ברייטן אויך צו גלייך.
אלזו טוט מן אינן פר קינדן.
דזין זיך אליש אין הלבר דרייא מאנטין זאל לאזין פינדן.
אין דער קיניגליכה שטאט שושן טוט מן זיא ביגערין.
אליש אירה מיישטעט צו עהרן :

178 ההשלמה על־פי פא ושורה 199
193 במקור ד ע א התיקון לפי פא
186 בדף ד ע״ב מתחילה יד אחרת

טרומפיט מן צו דער מאלצייט. / רופֿט מן צו דער מאל צייט

אמר המן / זאגט המן
איינה הוך גיבארני מדאמי הב איך צו הויז.
וועלכי אין שונהייט איז ניכֿט צו שפרעכין אויז.
אונ׳ דא איך מיין טַג גירייזט הב ווייט אונ׳ ברייט.
אירש גלייכן הב איך ניכֿט גיפונדין אין שונהייט.
אונ׳ זונשטן אנדרי גוטין זיטן.
וויא אויך דען אדלין טריט. אונ׳ היפֿליכה מריטן.
אונטר אלי גזיכֿטר דיא מיר מיין טאג אונטר דז גזיכֿט זיין קומין.
הב איך אירש גלייכן ניכֿט פֿר נומין:

אמר הוף קנצליר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן זיינה מדאמי טוא איך וואל ניכֿט פר אכטין.
דאן אהני צווייפל איזט זיא צו טאדלין ניכֿטן.
דיא מיינה טוט אבר איבר אלי טרעפֿין.
די גאט אונטר דיא זונין האט ער שאפֿין.
וואן מן גלייך זאלט נעמין אלי פרויא צימר אונ׳ מדאמיש אין גנצין רייך.
גפינט מן ניכֿט אונטר איהני אירש גלייך.
גשווייגן דז אירש גלייכין ניכֿט איזט אין דיזר גנצי קיניגליכֿה שטאט.
דז זאג איך פֿר דיא גנצי גיהיים ראט: |

ה ע״א אמר התך / זאגט התֿך
אירה הערן קאלעגא איך טוא פון איר עקסלענץ פר נעמין.
דזין זיא אירי פרינצעסן אין שונהייט דען פאר צוג וואלין נעמין.
דז זאג איך אבר פר וואר דיא מיינגה איזט איבר אויש שין.
אונ׳ אנדרה טוגנט פיל מין.
אנדרי פירשטן טוא איך וואל ניכט פר אכטין.
אבר אירה הערין וואלין נור דיא מייניגה בטרכטן.
זא ווערן זיא בקענן דיא ווארהייט.
דז מיינה מדאמי גלייכֿן איז ניכט אין שונהייט:

אמר המלך / זאגט דער מלך
מיינה ליבה גיטרייאה רעט.
איך זאל אין אכט נעמין דיא אויטאריטעט.
מיין אדלי האך גבארני קיניגן וועלכי איך מיר אויז ער ווילט האב.
וועלכי ניכט צו טאדלן איזט פון פוס ביז קאפף.

223 במקור פעמיים זא ווערן

איר שונהייט אונ׳ טוגנט רייך.
אונטר אלי איזט ניכֿט אירש גלייך.
מיט טוגנט אונ׳ אנדרי שינה ציר.
פון אליר הנט שפראך דיא דא איזט אן איר.
אב מיינה ליבה רעט מעכֿטן פר מיינן דיזש טעט מיך פר פירן.
דז זיא אירה קיניגליכֿה ציראט טעטין זיא איבר אלין הוך צירן.
אלזו איזט אונזר גנעדיגשטה רעזאלוציאן.
אירה קיניגליכה ציראט איר אב צו טאן.
אונ׳ זיך גנץ נקיט ציהען אויז.
אונ׳ אלזו צו קומן פר אונז אינש הויז.
אלזו וואלין מיר מיט אירש בלאסין פרשון ער ווייזן.
דז איר שונהייט איזט ניכֿט אויז צו לאבין נאך צו פרייזן.
צו בווייזן דז זיא דען פרייז האט איבר אלין פרויאן.
דרום זאל זיא זיך פר אלי מניסטר לאזין נקיט שויאן.
דרום איזט מיינה ערינשטליכה ביפעליך אן העתאך דז ער דיא קיניגן זאל אן דייטן.
דז זיא זאלכיש זאל ניכֿט פר מיידן.
נקיט מיט בלאסין לייב זאל זיא קומן צו מיר הריין.
דאמיט מיינה ווארי ווארט אפראבירט מעכטין זיין:

אמר התך למלכה / זאגט התך צו דר מלכה
אליר אידלי הוך גבארני קיניגן עז איזט מיר איין ערנש⟨טר⟩ ביפלך אן קומן.
וועלכיש איך פון אירה מיישטעט האב פר נומין.
נקיט מיט בלוסן לייב זאל איך איר אן דייטן.
אלזו פר דען קיניג צו קומין זאל זיא ניכט פר מיידן.
פר אלי מניסטר זאל זיא ער צייגן איר שונהייט.
צו בווייזן דז אייער דורך לייכט דיא שענשטה זייט.
דען אירה מיישטעט האט אייער דורך לייכט טאן פרייזן.
דרום וויל ערש מיט אייערש בלאסין פרשאן בווייזן.
וייל אייער דורך לייכֿט דען פרייז האבן איבר אלי אידלי פרויאן.
דרום זאל זיא זיך פר אלי מניסטר לאזין נקיט שויאן.
דרום טונין אירה מיישטעט זאלכיש פון איר בגערן.
דז אייער דורך לייכט זאלין קומין אים צו עהרין:

אמרת מלכה להתך / זאגט די מלכה צו התך
התך איך פר מיין איר מיישטעט טונין זיך אירן.

247 במקור ע ר נ ש הושלם לפי פ

דאן דער ווײן האט אײך גמאכט אלי צו נרין.
דען דיז האב איך ניא מאלין פון איין גשייטן מאן גיהערט.
ה ע״ב דער זאלכיש פון זיין אייגנן ווייב | בגערט.
גשווייגן איין זאלכש היכסטש הויבט דער גנצין וועלטין.
נעמט מיך וואונדר אלש ער מיר זאלכי שאמליכה ווארטן זאל לאזין פר מעלדן.
דרום זאג אים ער וואלי זיך אנדרשט רעזולפירן.
דען דיזש איזט בייא דען גשייטן קיין מאנירן:

אמר התך למלך
אליר גנעדיגשטער קיניג איך האב דיא גנעדיגה רעזאלציאן טאן אן דייטן.
דז דיא קיניגן נקיט צו קומן זאל ניכ̄ט פר מיידן.
אבר דיא טוט צו אנטווארט געבן אירה מיישטעט טונין זיך אירן.
דער ווײן העטי אייך גמכט אלי צו נרין.
דען זיא האט נימאל זאלכיש פון איין גשייטן מאן גהערט.
דער זאלכיש פון זיין אייגנן ווייב בגערט.
גשווייגן איין זאלכש העכשטש הויבט דער גנצין וועלטין.
נעמט ⟨איר⟩ וואונדר דזין איר מיישטעט זאל לאזין זאלכש פר מעלדן.
דרום זאלן זיך אירה מיישטעט אנדרשט רעזאלפירן.
דען דיזש ווער בייא דען גשייטן קיין מנירן:

אמר מלך / זאגט דר מלך
התך שפריך דיא קיניגן איין מאל איזט דיא רעזאלוציאן פון מיר ווארדן געבן.
זאלט זיא עז ניכט פאל ציהען עז מעכט קאשטן אירש לעבין:

אמר התך למלכה / זאגט הת̄ך למלכה
אליר דורך לייכטיגשטה קיניגן איר מיישטעט שפרעכין איין מאל איז
דיא רעזאלציאן ווארדן געבין.
וואלט זיא עז ניכ̄ט פאל ציהען עז מעכט קאשטן אירש לעבן:

אומרת מלכה להתך / זאגט מלכה צו להת̄ך ⟨!⟩
התך גיא צו דען נרשין קיניג היביין.
אונ׳ פראג אים וואז ער זיך בילדט איין.
דז ער פר שאפ̄ט דז איך זאל נקיט מיט בלאסין לייב פר אים קומן.
וועלכש זיך נאך קיין קיניג האט פיר גנומן.
ער זאל זיך שַמין פר זאלכי מיניסטר אונ׳ הערין.
אונ׳ זאלכי נרטייא ניכט פון מיר בגערן.

274 במקור מ י ר התיקון לפי פ

ער ווירט גווישלך זעהין.
דז זאלכי נרטייא ווירט ניכט גשעהן.
דרום זאג אים וואן ער זיך האט פיל טרונקין אין וויין.
זאל ער זיך ליגן אינש בעט היניין.
אונ׳ זאל אויש זיך ניט מאכין איין זאלכיש ווערין.
אונ׳ זאל גדענקין וויא ער בייא מיין עלטר פאטר נור איין שטאל מיינשטר איז גוועזין.
אונ׳ איך האב אים גיבראכט צו זאלכי עהרין.
אונ׳ יעצונט זאל ער זאלכי נרטייא פון מיר ביגערן.
דרום זאג אים דז דיזש איזט איין נרשר ראט.
וועלכר דיזש גיראטין הט.
ער זאל זיך היריבר וואול בזינן.
ווערט ערש אויך ניכֿט אנדרשט בפינדן. |
דרום זאג אים זאלכש צו טאן איזט מיר ניכֿט עבין.
זאלט עש שון קאשטן מיינש לעבין :

ו ע״א התך אמר למלך / זאגט התָך צום למלך ⟨!⟩
אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג דיא קיניגן טוט צו אנטווארד געבין.
זיא וויל זאלכיש ניכֿט טאן אונט זאלט עז קאשטין אירש לעבין.
דאן דיזש ווער איין נרשיר ראט.
דער איהמי זאלכֿיש גיראטין האט.
אירה מיישטעט זאלין אויז זיך ניכֿט מאכין איין זאלכיש ווערין.
אונ׳ זאלין גידענקין דז זיא זיין בייא איר עלטר פאטר שטאל מיינשטר גיוועזן.
אונ׳ זיא האט אים גיבראכט צו זאלכיר עהרין.
אונ׳ יעצט זאל ער זאלכי נרטייא פון איר ביגערן.
דרום וואן זיא זיך האבין פול גיטרונקין אין וויין.
זאלין זיא זיך ליגן אינש בעט אביין.
אונ׳ דער נאך ווערין זיך אנדרשט בזינן.
אונ׳ ווערן עז אויך ניכט אנדרשט בפינדן.
דז מן זאלכיש ניכט זאל פֿון איר בגערן.
אונ׳ זיא בהלטין בייא אירי עהרין :

אמר המלך להתך / זאגט דער מלך צו התָך
התך דיינה ריד הב איך פֿר נומין.
וועלכי אויז דער קיניגן מונד זיין הרויז גקומן.
נון איז רעזולפירט אין מיינם הרצין.
זאלכי שמאך ניכט צו פֿר שמערצין.
אב איך שאן בייא איר עלטר פאטר בין גיוועזין איין האפיצירר.

יעצט אבר בין איך אין דער גנצי וועלט איין רעגירר.
אונ׳ וויל זיא מיך טוט אלזא פר שמעהין אונ׳ פר אכֿטין.
זא וואלין מיר איין ראט אויף איר ביטרכטין.
דרום איר מיינה גיטרייאה אלי צו גלייך.
איין ראט פר לנג איך פון אייך.
אויף דיזי שמאך אונ׳ שימפ׳ ווארט אויז דער מאסין.
וועלכי דיא קיניגן האט אויז גיגאסין.
איר זאלט דז אורטל געבין.
דיא בעשטי צו נעמין אירש לעבין: |

ו ע״ב אמר המן / זאגט המן
נון וויל איך האב דיא גינעדיגה קונסענס פֿון אירה מיישטעט.
צו מאנטונירן זיינה האהי אויטאריטעט.
דאן זאלכיש ברענט מיך נון אין מיינם הערצין.
דז איכש ניכֿט לענגר קאן פֿר שמערצין.
איך הב מיין טאג אין פילין לענדרן שטודירט.
אביר ניאמאלין פר נומין אלש איינה קיניגן אירן קיניג מיט זאלכי שימפ׳ ווארט זאלט האבין פרעזענטירט.
אלזא הב איך קאנסידירירט.
וואז איר הירויף גבירט.
דאן זאלכי שימפ׳ ווארט ביטרעפן ניכֿט אירה מיישטעט אליין.
זונדרן דז גנצי גהיימב ראט אונ׳ אלי גמיין.
דאן איין יעדי בעשטי פרויא ווערט זיך נעמין איין עקסעמפל דראן.
אונט ווירט זאלכי ווידר ווערטיגקייט פֿר פירן ווידר אירן מאן.
אלזא איזט מיין סענטענץ דז זיא איזט ווערט.
צו קעפנירן מיט דען שווערט.
אן דיזן ווירט זיך יעדי בעשטי פֿרויא קערין.
אונ׳ ווירט אין פֿירא אירן מאן הלטין אין גרושר ערן:

אמר המלך / זאגט דער מלך
המן דיין סענטענץ האב איך פֿר נומין.
דז זיא דורך דז שווערט זאל אום דז לעבין קומין.
וואלכיש וויר אין דיזן ראט וואלין שליסן.
דיזש ווירט גווישלך דיא אנדרי פֿרויאן פֿר דריסן.
אלז זיא זיך ווערין דראן איין עקסעמפל נעמין.
אונ׳ אירן מאן דיא אונטר טעניקייט צו צייגן זיך ניכֿט שעמין.
אליין וויל זיא אמאל אונזר גימאלין איז אונז צו ערן.
זאל זיא דען שרף ריכֿטר ניכט צו טייל ווערן.

זאנדרן נעם דוא דיינן שווערט.
אונ׳ גיב איר דען לאן דעם זיא איזט ווערט:

אמר המן צו לויפֿר / זאגט המן צו לויפֿר
לויפר דיא קיניגן איז ציטירט צום אורטל:

ז ע״א גיאן לויפֿר אונ׳ זאגין עז דיא קיניגין. אונ׳ ברענגין | ⟨דיא קיניגן צום ארטל.⟩

לעזט האף קאנצליר דז אורטל / האף קנצלר לעזט דאז אורטל

**אין** נאמין דז גראשן קיניג ארטוקססטיס אהסוערוש קיניג אין אלין פֿיר טיילן דער וועלט אין אסיא אפריקא עאוראפא עט אמעריקא. איזט אין דיזן גהיימב ראט גשלאסין ווארדן. אין גיזאץ פרסיא אונ׳ מעדיא וועלכש אין עוויקייט ניכֿט צו ענדרן זייאי. ווייל אירה מיישטעט דער קיניגן ושתי אן בפולן דז זיא פר אימי אונ׳ פאר אלין מניסטר נקיט מיט בלאסן פרשאן קומן זאל אבר דיא ושתי זאלכש האכֿש גבאט צור שטערט אונ׳ שימפליכה ווארט ווידרום זאגין לאזין. אלזא צו עקסעמפל אלי אנדרי האהי אונ׳ נידרי פרויאן דז זיך איין יעדי פרויא דראן קערן זאל. אונ׳ קיגן אירן מאן דעמיטיגן זאלי. איזט זיא פון לעבן צום טאט דורך שווערט פר אורטיילט ווארדן. אבר וועגין דעש גראשי קיניגש האהי ערן זאל זאלכיש ניכֿט דורך שרף ריכֿטר. זונדרן פון פרימא מניסטר המן זעלבשטין. אקטום שושן אין קאנסילי׳ מגנארום רעגום פאטענטישמי רעגיס אהשווערי. שמשאן רייכש קנצלר:

זינגט ושתי קלאג ליד

1 **אך** ווע וויא בין איך זא לושטיג גיוועזן אויף מיינר מאלצייט. אונ׳ מיר אליש אן נעמליך טאן שמעקין.
אונ׳ יעצט זאל איך מיין הלז צום טאט טאן שטרעקין.
איך האב ניכֿט פֿר מיינט דז זאלכש ווירט היפֿאן קומן.
דז פון זאלכם פקטעל וועגין זאל מיר מיין לעבין ווערדן גנומן:

2 מיין עלטר פאטר האב איך פיל מאלן אין וויין טרונקין גיזעהין.
אבר איזט דורך זעלבן קיינם קיין און רעכט גשעהין.
איך האב ניכֿט וואלין קומין דאמיט אנדרי הערין זאלין אים וועגן מיינר ניכט ניידן.
נון זאל איך דען הירובר זאלכן שמרצליכן טאט ליידן: |

ז ע״ב 3 **אביר** דיזש טוא איך מיר גידענקין.
דז דער אלמעכטיג גאט טוט קיינן נישט שענקין.

356 ה״ב ההשלמה לפי פ | הנוסח המלא של פ הוא גיאן צווייא לויפֿר אונ פֿירן דיא קיניגן צום ארטל

דען וויילן איך מיט דען יודן מיידן האב אן אירן שבת ארבייט גטאן.
דרום בקום איך פון אים זאלכין פר דינטן לאן:

4 נון אלמעכֿטיגר גאט וויל איך מיך היר צו בגעבן.
אונ׳ דוא וואלש⟨ט⟩ מיר מיינה זינד פֿר צייאן אונ׳ פר געבין.
אונ׳ וואלשט מיך אין דז איביגי לעבין ברענגין.
אונ׳ מיך אונטר דיין געטליכי פליגל נעמין:

5 אך המן דיזוז קאן איך דיר ניט פֿר צייאן נוך פֿר געבין.
אלש דוא מיך פֿר אורטיילט האשט פֿון מיינם לעבין.
איך האב פר מיינט דוא ווירשט מיך פון קיניגש הנט בשירמן.
ליידר אבר דוא האשט דיך מיינר ניכט טאן ערבארמין:

6 אך המן וויא קאנשטו מיר אן טאן זאלכי פיין.
ווייסטו דען דז איין אנדרי קיניגן נאך מיר ווערט בעשיר גזיין.
דרום לאז דוא מיך פֿר דען קיניג טרעטין.
פלייכֿט מעכֿט איך מיין לעבין ער בעטין:

אמר המן למלכה / זאגט המן צו דער מלכה
ושתי היראן זאל זיא מיר קיין שולד ניכֿט געבן.
דאן וואז אירי מיישטעט פֿר שאפֿט דז מוז איך נאך לעבין:

קניט ושתי לפני מלך ⟨!⟩ ואומרת קלאג ליד / קניאט ושתי פֿר דעם מלך אונ׳ זאגט
1 אֿ אליר ליבשטש שרץ.
שליסט דאך אויף אייערש הרץ.
אונ׳ לאשט ארויש ער פליסן.
גינאד אונ׳ ברמהרציקייט.
אונ׳ טוט דיא ליב ערוועקין.
אלש טאג אונזר האכצייט: |

ח ע״א 2 אֿ אליר ליבשטש שרץ.
וויא האט איר זאלכיש קענין ברענגין איבר אייערש הרץ.
אלש איר דורך אייער ראטש פֿר וונטין.
מיך אור טיילט פון לעבן צום טאט.
מוזט איך דאך אייערט וועגין שטערבין.
וואן איך אן אייך מעכט זעהין דיא אליר קלענשטי נאט:

3 אֿ אליר ליבשטש שרץ.
איר האבט דאך לנג ערקענט מיין הרץ.

381 ההשלמה לפי שורה 382; בפא בשני המקרים זאלשט

⟨ד⟩א איר זייט גיראטין.
אין דער קלענשטי אונפעסליכקייט.
איך ווענדיט אויף אלי מעדיקומענטן.
אין איינר קליינה צייט :

4 וואו נור איזט גוועזן איין מעדיצין.
איזט יְא אלי צייט גוועזן מיין זין.
אייך נוֹר צו קורירן.
אונ׳ צו העלפין צום גזונד.
מיין מעדיקוס איזט אבר ניכֿט פערן.
עש שטיט צו אייער ווילן גלייך דיזי שטונד :

5 אייך צו העלפין מיט מיין בלוט.
איזט אן ברייט מיין מוט.
איך הב מיך ניכט לאזין ער מייאן.
פון קיין ט⟨רו⟩ממפיט נאך מוזיק שפיל.
הין קיגן טואן זיך אירה מיישטעט ערפרייאן.
מיין און גליק אן מאס אונ׳ אני ציל :

6 אַ אליר ליבשטש שרץ.
זיכט דאך אין מיינם הרץ.
וואז טרוירקייט דא ארינן.
זיך יעצונט בפינט.
לאשט מיך דאך אייערן גנעדיגן צעפטר גווינן.
אונ׳ דענקט אן מיינה עלינט :

7 וואן איך קיגן אירה מיישטעט.
אונ׳ ווידר זיין אויטרעטעט.
עטוואז גזינד זעלט האבין.
אונ׳ זיין גיבאט צור שטערט.
טוט מירש דאך דיזוס מאל פר טראגין.
אונ׳ ערעטיט מיך פון שווערט :

8 וואן נון אין דער גנצי וועלט.
אויף מיר איין אורטל זאלט זיין בפעלט. |
ח ע״ב זא ווישט איך נירגט צו ענטפליהען.
זונדר אום אייער הילף אונט ראט.
זא טוא איך מיך נאך מאל בציהען.

408 במקור ז א תוקן לפי פ
421 במקור ט ו ר מ מ פ י ט תוקן לפי פא

אום אייער צעפטר אונט גנאד:

⟨9⟩ ווער דען דיז ניט גנוגן שטראף.
וואן איך זאלט מיידן אייערן קיניגליכן האף.
אונ׳ העטי ניכֿט מער צו פר וואלטין.
אין איירם קיניגרייך.
טוט אייך מיין האב אונ׳ גוט בהלטין.
אונט מאכֿט מיך אנדרי ארמן צו גלייך:

אמר מלך / זאגט דער מלך

ושתי קיין גנאד האשטו מער צו ער לנגין.
ווילן איין מאל דיין אורטל איזט ער גנגן:

זינגט ושתי איין אנדרש קלאג ליד.

1 פעלזן קליפן האכי בערגי.
פינשטרי וועלדר אונ׳ טיפי טאל.
ווילדי טירן וואשר וועלין.
פאגל לופט אונ׳ עכא שאל.
העלפט מיר מיינה שמערצין בווינן.
שויאט דאך מיינה יאמר אן.
העלפט פעלזן. העלפט שטיינן.
העלפט וואז נור העלפן קאן.
העלפט. העלפט. העלפט.
וואז נור העלפין קאן:

2 אייך וויל איך מיין און גליק קלאגין.
איך ביקען עז אין דער שטיל.
דאש וואז מיך זא זער טוט פלאגן.
אונ׳ וויא מיר גשיכֿט זא פֿיל.
דער ווילן. איך מוזי פֿון אירה מיישטעט שיידן.
זאגט נון וויא קאן איך פרילך זיין.
זאגט נון אוב איין גרעשרי ליידי.
אויף דער גנצי וועלט קענט גזיין.
אויף דער גנצי. אויף דער גנצי. אויף דער גנצי.
וועלט קענט גזיין: |

ט ע״א 3 קומט פאגל אויש דען לופטן.
אונט ער לינדרט מייני פיין.
העלפט פעלזן. העלפט קליפן.
אונט בטרכט דז ליידי מיין.

איבר מיינה זינד. איך אלזו פר שווינדי.
אך דיא יאמר אונ׳ גרושה פיין.
איך וויש קיין אנדרי אורזך צו פינדן.
ווארום אום גליק מיך אלזו פלאגט.
ווארום. ווארום. ווארום.
אום גליק מיך אלזא פלאגט :

4 איזט דאן דאש הרץ הערטר ווערר שטייני.
אלש איר מיך זא ער מארדן קענט.
זא איר ווערדיט טיטן מיינה ביינה.
אָ דיא יאמר. אונ׳ גרושה נוט.
מיין הלז צו שטרעקין. מיין קאפ׳ צו קעפין.
דז ווערט המן פַר פירן מיט מיר.
איר מישט דאך קיין אדלש גבליט זיינה.
אלש איר מיך אורטיילט צו זאלכין טאט.
מיין לייב איך המן ביפעלי.
צו גאט מיין הייליגי זעלי :

איין פַר ענטפרונג מיין קיניג ווערט מוזין היריבר געבין :

⟨זא ווירט די מלכה גקעפט⟩

אמר המן לפני מלך / אונ׳ דר נאך זאגט המן
אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג. דיא עקסיקוציאן דער קיניגן איזט נון גישעהן.
איר עקסעמפלארישי שטראף האבין היר פיל לייט פר אויגן גיזעהן.
אליין אויך אנדר ווערטש ⟨צו פר נעמן⟩ ווער אויך פר ניטן.
אויש צו שיקן קורירן אונט שטיפיטן.
אונ׳ צו פַר ריכטן איבר אל דיא פובליגאציאן.
דז איינה יעדי פרויא זיך דעמיטיגן זאל קיגן אירן מאן :

ואמר מלך / זאגט דער מלך
האף קנצלר שיק אויש שטיפיטן אונ׳ קורירן.
דז מן לאשט אין מיינה לענדר פובליצירן.
דז זיך אייני יעדי פרויא זיך דעמיטיגן זאל קיגן אירן מאן.
אונ׳ אים גיהארזמב זיין אלש איין אונטר טאן.
אונ׳ זאל אלצייט היראן גידענקין.
ט ע״ב דז דער קיניג זיין גימאלין | ⟨האט⟩ זעלבשטן ניכט וואלין שענקין.

490 ה״ב ההשלמה לפי פ
493 ההשלמה לפי פא
502 ההשלמה לפי פא

אונט הט זיא עקסימפלאריש לאזין שטראפין.
פיל מער האבין דיא אנדרי ווידר ווערטיגי צו האפין:

אמר הוף קנצלר ללויפר / זאגט דער הויף קנצלר
לויפר היר האשטו דיא אליר גנעדיגה פאטענט פון אירה מיישטעט זיין הנט.
צו פובליצירן אין אלי לנד.
דז עקסעמפל דער קיניגן ושתי וואז היר איזט ווארדן גיזעהין.
דיא שרפי עקסעקוציאן וועלכי היר איזט גשעהין.
דיזש פובליקאטום צו מאכין קיגן יעדר מאן.
דאמיט איין יעדי פרויא זיך דעמיטיגן אונ זיין אונטר טאן.
דאן הט אירה מיישטעט זיינה אייגני גימאלין ניכט פר שאנט אונ׳ זיא לאזין שטראפין.
פיל מערירש דיא אנדרי ווידר ווערטיגי עז האבין צו האפין:

פובליצירט לויפֿר / פובליצירט דער לויפֿר
האף ליפליכֿי מניסטר פירשטן אונט גראבין פר נעמט מיך אלי צו גלייך.
אונ׳ אליש וואז זיך בפינט אים אונזרן רייך.
אלהיר האבין זיא צו ער זעהין דיא אליר גנעדיגשטי פאטענט פון אירה מיישטעט זיין אייגנה הנט.
צו פובליצירן אין אלי לנד.
דז איין יעדי פרויא זיך דעמיטיגן זאל קיגן אירן מאן.
אונ׳ אים אלי צייט זיין אונטר טאן.
אונ׳ זאל היראן גידענקין.
דז אירה מיישטעט הט זייני אייגני גמאלן ניכֿט וואלין שענקין.
אונט האט זיא עקסימפלאריש לאזין שטראפין.
פיל מערירש האבין עז דיא אנדרי ווידר ווערטיגה צו האפין:

אמר המלך / זאגט דער מלך
האף קנצליר איך הב מיך בידאכט אונט ביזונין.
וואז מיר מיט מיינה קיניגן ⟨פר איין⟩ אום גליק איזט צו קומן.
איבר איינן איבריגן טרונק וויין.
האט זיא מוזין ליידן טיטליכֿה פיין.
עז גרייט מיך אבר אל מיין לעביש טאג.
דז איר איזט גישעהן זאלכי פלאג.
י ע״א אליין אבר וואש | נון גישעהן אין דיזר זאכין.
איזט נון ניכט אנדרשט צו מאכין.
אום אייני אנדרי גמאלין איזט נון הוך צייט.

524 ההשלמה לפי פא

אום צו שויאן זאלשטו זיין אן ברייט.
אלי יונג פרויאן אין מיינם גנצין רייך.
זאלשטו מיר פר זמלין אלי צו גלייך.
אונט וועלכי מדאמי אונטר אלין.
דיא מיר מיט שונהייט מעכט גפאלין.
וועלכי בייא מיר דיא גרעשטי גנאד ווערט האן.
וויל איך ער היבן אין מיינם קיניגליכן טראן :

אמר הוף קנצלר ללויפֿר / זאגט הויף קנצלר צום לויפֿר

לויפֿר היר האשטו דיא אליר גנעדיגשטה פאטענט דז קיניגש זיינה אייגנה הנט.
צו פובליצירן אין אלין לנד.
דז מן אירה מיישטעט אויש זיינם גנצין רייך.
זאל פר זמלין אלי יונג פרויאן צו גלייך.
זא וועלכי מדאמי אירה מיישטעט מעכט גפאלין.
דיא זעלבי ער זיך ער ווילן ווירט אונטר אלין.
אונט וועלכי דיא גרעשטי גנאד ווערט האן.
וויל ער ערהיבן אין זיינן קיניגליכן טראן :

פובליצירט לויפֿר / זאגט לופֿר

האך ליפליכה מגיסטר פירשטן אונט גראפין פר נעמט מיך אלי צו גלייך.
אונ׳ אליש וואז זיך בפינט אים אונזרן רייך.
אלהיר האבין זיא צו ער זעהין דיא אליר גנעדיגשטי פאטענט פון אירה מיישטעט זיינה אייגנה הנט.

צו פובליצירן אין אלי לנד.
דז מן אלי שיני יונג פרויאן אין אונזרן גנצין רייך.
פר זמלין זאל אלהיר אין דער קיניגליכֿה שטאט שושן אל צו גלייך.
אונט וועלכי דיא בייא אירה מיישטעט דיא 〈גרעשטי〉 גנאד ווערט האן.
דיא זעלבי וויל ער ערהיבן אין זיין קיניגליכן טראן :

בא המן וקונטרפעקט בידו ואמר / קומט המן אונ׳ האט דאז קונטרעפֿעקט אין די הנט

אליר דורך לייכטיגשטר קיניג.
י ע״ב אין איירן דינשטן בין איך פלייסג | אונט דיניג.
איך האב פר נומן פון דענין קורירן.
אויך מיט טרומפיטן שאל הערין פובליצירן.
דז מן אויז דען גנצין רייך.
אלי יונג פרויאן פֿר זמלין זאל אלי צו גלייך.

553 ההשלמה לפי פא ושורות 537, 545

נון גליק זעליג איזט דיא שטונדן.
דז איך איינה הב גיפונדן.
איך בין אין מיינם הרצין אלזא פר גניגט.
דז מיר גאט זאלכי האט צו גפיגט.
אין איר אן גזיכֿט אונ׳ שטאטור איזט זיא אלזא פרפעקט.
גלייך אירה מיישטעט שויאן אין דיזר קונטערפעקט.
אונט וואן אירה מיישטעט מיר דיזא גנאד וואלין פר גינן.
וואלין זיא זיך ניט לנג הרויף בזינן.
אונ׳ דיא קיניגליכה ברויט לאזין קומן פאן פערן.
אונ׳ זיא לאזין עמפפנגין אין גראסן ערן:

אמר המלך / זאגט דער מלך
המן דיז קאנטראפעקט גפלט מיר איבר אויז.
איך וואלט זיא ווער שון פרשיגלך אין מיין קיניגליכן הויז:

בא מרדכי ואמר מה שאמר

זא קומט אסתר אונ׳ בלייבט שטין בייא דער טיר

ואמר המלך / זאגט דער מלך
אליר שענשטי פרינצעסן. ווארום בלייבט איר שטין בייא דער טיר.
גיא זיא אוועניק הער צו מיר:

זא גיט אסתר ווייטר אהין אונ׳ קניט לפני המלך ואומרת / זא גיט אסתר ווייטר אהין צום מלך אונט קניאט
אליר גנעדיגשטר קיניג.
לעבן זאלט איר מיר אימר אונט איביג.
איך קאן וועגן אייער גרוש הערליכֿקייט ניכט פיל שפרעכין נאך זאגין.
דען זאלכש קיניגרייך הב איך ניכט גזעהן אל מיין טאגין.
איך בין ער שראקין וועגין אייער גרוש הערליכֿקייט.
אונ׳ וועגין דיא ציראטן אייער קיניגליכה שונהייט.
אונ׳ צו דעמי בין איך אונטר טעניגשט ווארדן גהולט.
דיז וויש איך ניכט וואז עז זיין זאלט. |
יא ע״א דרום וואלין אירה מיישטעט מיר בווייזן דיא גנאד.
אונ׳ מיר ווישנד מאכין וואז אויף מיר גשלאסין איזט אין ראט:

אמר מלך / זאגט דער מלך
אליר שענשטי פרינצעסין אייערש קונטרפעקט. וועלכיש מיר איזט ווארדן פרעזינטירט.

573 ה״ב בא מרדכי וכו׳ חסר פא

דז זיך איך נאך פיל בעשיר פרשינליך היר.
איר זייט ווארדן אויז ער ווילט.
מיט מיר צו גלייך צו הערשין אין דער וועלט.
אונט וויל איר דיא גנאד טוט האן.
זא וויל איך אייך ער היבן אין מיינם קיניגליכן טראן :

אמרת מלכה / זאגט דיא מלכה
אַ אליר העכשטיט הויבט דער גנצין ערדן.
איך בין ניט ווערט דז אירה מיישטעט מיך זאל צום וייב בגערן.
דען דיא פאר פארן אישט גוועזן פון האהין גשלעכט.
אונ׳ האט דאך אירה מיישטעט ניט קענין בדינן רעכט.
נון וויא זאלטי איך בשטין.
אדר וויא וואלט עז מיר ערגין.
דרום וואלט איך אונטר טעניג ביטן.
דז דאש זעלבי בלייבט פר מיטן :

אמר מלך / זאגט דער מלך
שטיט אויף איר אליר שענשטי פרינצעסין איר הבט דז שענשטי ציר.
פר אנדרן אלין גיפלט איר מיר.
איר הבט דיא העכשטי גנאד.
ווילן איר פר אנדרן אלין דען פאר צוג האט.
דרום זאג איך נאך אמאל שטיט אויף אליר שענשטי ברויט.
אייך איזט גרושה עהר מיט ליב פַר טרויט :

אומרת מלכה / זאגט די מלכה
נון טוא איך דען העכשטין גאט דנקין.
דער זאלכש האט געבן אין אירה מיישטעט זיינה גדנקין.
יא ע״ב איך וויל אונטר טעניגשט | ביטן דז אירה מיישטעט וואלין מיר גנעדיג זיין.
ווילן דער העכשטי קיניג איזט דער ברייטיגום מיין.
אונ׳ איך דיא אונטרטעניגשטה ברויט בין.
זא נייג איך מיך נאך איין מאל אונ׳ בלייב איין דינרן :

זעצט מן דיא מלכה נעבין דען מלך. אחר כך רוימן זיך בגתן ותרש. אונ׳ מרדכי טוט עז הערין. אונ׳ זאגטש דער מלכה. שטיט דיא מלכה אויף אונ׳ גיבט עז דען מלך אן. / זעצט זיך דיא מלכה נעבן דען מלך. קומט מרדכַי אונ׳ זאגט וואז ער זאגט. אונ דער נאך רוימן זיך בגתָן אונ תֶרש. אונ׳ מרדכי טוט עז כלומר הערן אונ׳ זאגט עז די מלכה. זא שטיט דיא מלכה אויף אונ׳ גיבט עז דען מלך

אליר גנעדיגשטר קיניג.
לעבין זאלט איר מיר איביג.
איינה זאך הב איך אירה מיישטעט צו זאגין.

וואז נייאש זיך אין אונזרי האף שטט האט צו גידראגין.
בגתן אונ׳ תערש האבין זיך צו זמין ביראטין.
וויא זיא אירה מיישטעט מיט איינן שרפין גיפט וואלן טיטן.
אבר דער יוד מרדכעאוש איזט ניכט ווייט דאפון גשטנדן.
זיא פר מיינטן ניכט דז ער איר שפראך העטי פר שטנדין.
אלזא הט ער מיך דיא נאך ריכֿט טריילך געבן.
צו ביווארנן אירה מיישטעט זיינש לעבין:

אמר מלך / זאגט דער מלך
האף קנצלר מיין גמאלין האט מיר טרייליך אן גדיטן.
דז מיך בגתאן אונ׳ תערש מיט איין גיפֿט הבין וואלין טיטן.
וועלכיש זיא פון דעם יודן מרדכיאוס האט פר נומין.
אלזא זיינן מיר דר הינטר קומין.
וועלכש נון איך שארף אינקווערירן וויל לאזין.
אונ׳ נאך דעם בפונט זיא צו שטראפין אויש דער מאסין.
אלזא ווירט היאמיט דיר אונ׳ העתך היריבר געבין דיא קומיסיאן. |
יב ע״א אונ׳ נאך דען וואהרן ביפונט זאלשטו מיר איין רייכן דיא רעלאציאן:

האף קנצלר אונ׳ העתאך זעצין זיך צור קומיסיאן / האף קנצלר אונ׳ התך זעצן זיך צו דער קומיסיאן אונ׳ לאזן בגתֿן אונ׳ תֿרש פֿאר רופֿן

אמר האף קנצלר ללויפר
בגתן ותערש זיין צטירט צום עקסאמני:

אמר האף קנצלר / זאגט דער האף קנצלר
בגתן אונ׳ תערש אירה מיישטעט האבין אונש איינה גווישה קומיסיאן אויף גיטראגן.
אייך בידי אין איינר אינקוויזיציאן צו ציהען. אונ׳ גווישה פראג שטוקין צו פראגין.
אלזא ווירט אי⟨י⟩ך אין נאמין דען גראש מעכטיגשטן קיניג ארתקססטוס אהשווערוש אונזרן אלן גנעדיגשטן הערן. הימיט אן ביפולן. דז איר אויף אלי פראג שטוקן וואז וויר אייך בייא דיזר קומיסיאן פראגין ווערדן דיא וואהרי אנטווארט אונש אן צייגן וואלט.

אמר בגתאן ותערש / בגתן אונ׳ תרש אנטוורטן
האד ליפליכה קיניגליכה קומיסאריא וואש וויר ווישן וואלין וויר טריילך אן טג געבן.

629 ה״ב חסר פא
632 ההשלמה לפי פא

עקסאמיני של בגתן. מוז תערש אב טרעטין. / עקסאמיני של בגתֿן. זאל תֿרש אב טרעטן

1 וויא איזט דיין נאמין. — בגתן.

2 וויא אלט בישטו. — דרייסיג פינף יאר.

3 אויש וואש פר לנד בישטו. — אויש מעצידאני׳.

4 וויא לנג בישטו אין דיזן קיניגליכן האף. — דרייא יאר.

5 וואז איזט דיין דינשט בייא דיזן האף. — איין טיר שטיער.

6 וויא פיל איזט יעהרלך דיין סאלט. — צעהן טויזנט גולדין. |

יב ע״ב 7 האשטו אויך דיין סאלד יערליך פון דען קיניגליכן רענדן אויש בצאלט בקומן. — יַא.

8 האשטו אויך דיין דינשט טריילך אב גווירט. — יַא.

9 וויא האשטו דיין דינשט טריילך אב גוורט וואן דוא אירה מיישטעט מיט איינן [גיפֿט] פר געבן וואלן. — דיז ווירט זיך אויף מיר ניכט בפינדן.

10 וואן עז אבר זונין קלאר היר פאר ברעכין ווירט. — בהיט מיך גאט דז זאלכש מיין לעבש טַג אין גדנקין קומן זאל.

11 וואס האשטו דען אין דיינם שרייב טיש פר איין פר פעטשירטש גלאזל שטין. — איך ווייש ניכטש דאפֿון.

12 האשטו דאן אין דיינם צימר קיין שרייב טיש. — איך האב וואל איין שרייב טיש אבר קיין פעטשירטש גלאזל ווירט זיך ניכֿט פינדן.

13 נון זיך בישטו איין מאל איבר וויזן דיז גלאזל האבן וויר פעטשירטר אין דיינן שרייב טיש בפונדן. — דיז הב איך מיין לעב טאג ניכט הניין גיטאן אונ׳ ווייש אויך ניכטש דאפון.

14 זא לאז אויך שויאן דיין פעטשפט. — איך הב עז ניכט בייא מיר.

יג ע״א 15 איזט דען דיזש אויף דען גלאזל דיין פעטשפט ניכט. | — ניין עז איזט ניכט מיין פעטשפט.

16 מן זאל אים פיזיטירן אב ער זיין פעטשפט ניכט ביי זיך האט.

עז בפינט זיך דז ערש בייא זיך האט אונ׳ טרעפֿט יושט מיט דיזן איין. / עז בפֿינט זיך דז ערש בייא זיך האט אונט טרעפֿט איין.

17 נון בישטו צום אנדרן מאל איבר וויזן דוא האשט גזאגט דוא העשט דיין פעטשפט ניכֿט בייא דיר אונ׳ יעצונד האט עז זיך בייא דיר בפונדן. — מייני גנעדיגה הערן קומיסארי׳ איך הב פר שרעקין גאר ניכֿט גיוואושט אלז איכש בייא מיר הבי.

18 וואז זאגשטו אבר דז דיזש דיין פעטשפט יושט איין טריפֿט צו דען זעלבן וואז אויף דען גלאזל גדרוקט איזט. — עז מוז מיר עטוואן מיין דינר מיין

648 השחזור לפי פא

פעטשפט גשטאלן האבין אונ׳ מוז דז גלאזל פר פעטשירט האבין דאמיט אבר איך האבי קיין ווישן שפט פון גלאזל.

19 וויא קומט דען דז גלאזל אין דיינן שרייבט טיש וואן דוא קיין ווישן שפט דא פון האשט. דוא האשט יא דען שליסל אליין פר דיר ⟨צו⟩ דיינן שרייב טיש. — אלזא וואל מיר איין דינר דז פעטשפט גשטאלן האט זא האט ער אויך מיין שליסל צום שרייב טיש אויך שטעלין קענן אונ׳ דז גלאזל היניין גשטעלט. |

יג ע״ב 20 האשטו דאן זאלכי פיינט צו דינר דיא דיר זאלכש און גליק צו שטיפטן וואלן. — יא דער קינג סאלמן שפריכט דיא גרעסטן פיינט דז מענשן זיין זייני דינר אין הויז.

יא דיזש ווירט מיט זאלכי שעלמן אלש איר זייט מיט דער ווארהייט היר אפראבירט.

21 נון וואן דיין דינר זאלכש גטאן האבן זאלט וויא קומט דען דיין קאלעגא תרש אויך זיין פעטשפט אויף דען גלאזל גדרוקט איז. — מיין קלעגא מעג וואל מיט מיין דינר צווייא שעלמן זיין איך אביר וויש ניכטש דא פאן.

22 ווארום האט מן זאלכש גלאזל אין דיינם שרייב טיש גפונדן אונ׳ ניכט אין דז תרש זיין שרייב טיש. — וויילן ער אונ׳ מיין דינר דז און גליק אויף מיר אן שטיפטן וואלן זא האבן זיא זאלכש אין מיינם שרייב טיש היניין גטאן.

23 וואן דיין קאלעגא תרש אויף דיר דז און גליק אן שטיפטן וואלן. ווארום זאלט ער זיין פעטשפט דרויף גדרוקט האבן. — דיזש האט גוויש מיין דינר גטאן דען ער העטי זונשטן דען תרש ניכט גטרויאט צו זאלכי גהיימנוס וואז דעם קינג זעלבשטן אן לעבן גרייכט ווען ער זיין ⟨פעטשפט⟩ ניט אויך מיט דראן גליגט העט:

זאגט איין קומיסארי צום אנדרן

יד ע״א נון זיין מיר רעכט ערהינטער קומן דז דיא שעלמן איינר דען | אנדרן ניט טרויאן וואלן.

דרום האבן זיא אלי בידי אירש פעטשפט דראן גליגט:

דא זאל תערש פאר טרעטן

1 וויא איז דיין נאמן. — תרש.

2 וויא אלט ביזטו. — 40 יאר.

אויז וואז ⟨פר⟩ לנד ביזשטו. — אויז איראביא.

671 ההשלמה לפי פא
675 בדף יג ע״ב מתחילה יד אחרת
689 ההשלמה לפי פא

זאגט קומיסריא

דאז זיין דיא רעכטי מערדר.

3 וויא לנג ביזטו אין דיזן קינגליכן האף. — 5 יאר.

4 וואז איז דען דיין דינשט אין דיזן קינגליכן האף. — איין טיר שטיאר.

5 וויא פיל איזט יערליך דיין סאלד. — צעהן טויזנט גולדן.

6 האשטו אויך דיין סאלד אויז דענן קינגליכן רענטן ריכטיג בקומן. — יַא.

7 האשטו אויך דיין דינשט טריילך אב גוורט. — יַא.

8 וואן דוא דיין הערן טרייליך גדינט האשט ווארום האשטו אים מיט איין גיפט פר געבן וואלן. — דיזש ווירט זיך אין איבקייט אויף מיר ניכט בפינדן.

9 דיין מיט גזעל בגתן האט יַא זאלכש אויף דיך בקענט. — זאלכש האט ער אלש איין שעלם אויף מיך גרעט.

10 קאנשטו אויך דיזש גלאזל אונ' בקענשט דיך אויך דא צו דז דיזש דיין פעטשפט דרויף גדרוקט איזט. — מיין פעטשפט גלייכן איזט עז וואל. עז יד ע"ב קאן מיר אויך | איינר ⟨מ⟩יין פעטשפט נאך מאכין דער מיר און גליק צו שטיפ̄⟨ט⟩ן וויל.

11 האשטו דיין פעטשפט אויך בייא דיר. — ניין איך האב עז ניכט בייא מיר

אמר קומיסארי

מן זאל אים פיזיטירן.

זא בפינט זיך דז ערש בייא זיך האט. אונ' טרעפט זיך יושט איין.

12 נון וואז שפריכשטו יעצא אביר דז דוא איבר וויזן בישט. ווארום האשטו גזאגט דוא העשט דיין פעטשפט ניכט בייא דיר. — עז איזט אויש א⟨ו⟩ן ווישן גישעהין.

13 וויא קומט דען אבר דז דיין פעטשפט אויף דיזן גלאזליין גדרוקט איזט אדר וואז איז אין דיזן גלאזליין. — וואז אין גלאזל איזט דז איז מיר און ביווא⟨ו⟩שט אבר ווארום מיין פעטשפט דרויף גדרוקט איזט קאן וואל זיין דז ⟨מיין⟩ קמראט בגתן איין מאל מיין פעטשפט ליגן גיזעהין אונ' אויף מיין און גליק זאלכש אן גשטעלט. |

טו ע"א 14 וואן דיין מיט גזעל זאלכש צו דיין און גליק אן גשטעלט העטי. ווארום איזט דאן אויך זיין פעטשפט דרויף. — מיין קאלעגא בגתן מעג וואל איין שעלמש שטוק האבן וואל⟨ן⟩ דאמיט פרקטיצירן. אונ' וועגן דעסין אֵי מיין פעטשפט היימליכר וויש גנומן אונ' דאביי' גדרוקט.

709—710 ההשלמות לפי פא | בדף יד ע"ב מתחילה יד אחרת

714 ההשלמה לפי פא

717 ההשלמה לפי פא

718 ההשלמה לפי פא

723 ההשלמה לפי פא

15 וואן בגתן אליין איין שעלמיש שטוק העט פרקטעצירן וואלן ווארום העטי ער זיין אייגן פעטשפט דרויף צו דרוקן ניטיג. ער העטי ־יא איהנדר דיין בעטפשט אליין זאלין דרויף דרוקין. — עז קאן וואל זיין דז אונזר ביידן פיינט נאך אונזר און גליק שטענין אונ׳ זאלכש אן שטיפטונג אויף אונזרן ביידן נאמן גטאן.

16 וואן דיז איין אן שטיפטונג אייערש ביידן פיינט ווערי ווארום האט זיך זאלכש אין דעש בגתן שרייב טיש אליין בפונדן. — דיז האב איך ניכט צו פר אנטווארטן. וועז עז אין מיין שרייב טיש זיך בפונדן העט זא לעג דיא פר אנטווארטונג אויף מיך. |

טו ע״ב ⟨זאגט דער הויף קנצלר

וועם איזט דז דריטי פעטשפּט — דיז ווייש איך ניכֿט

זאגט התך צו האף קנצלר

פיל לייכט קענן מיר דורך אפאטעקרש אדר זונשטן דורך וועלכֿי גיפֿט פֿר קויפֿט ווירט ער הינטר קאמן

זא ווירט איין אפטיקר ברופֿן אונ׳ זיך בקענט דא צו אלש דיזש גלאזל מיט גיפֿט דורך בגתן אונ׳ תֿרש פֿון אים גקויפֿט איז ווארדן זאגן דיא קומיסאריא דז מרדכי פֿאר טרעט⟩

עקזאמיני של מרדכי

הערשטו יוד וויא היישטו. — וויא מיין פאטר.

וויא היישט דען דיין פאטר. — אלש וויא איך.

וויא היישט דען דוא. — וויא מיין פאטר.

הער קאלעגא בייא דיזר וויש ווערט דיזי עקזאמיני אין דער עביקייט גיווערין.

ואומרי׳ למרדכי / זאגט מן צו מרדכי

אהני פעקזירונג וויא היישטו דוא זאלשט דיא ווארהייט זאגין וויר פראגן דיך אין נאמין אירה מיישטעט דער גראשי קיניג ארטיקססטוס אונזרן אליר גנעדיגשטן הערן. — אָ אין נאמין אירה מיישטעט וויל איך דען אמת זאגין. דער מלך איז מיין מהותן אונ׳ איך הייש פרינץ ר׳ מרדכי.

וואו הער בישטו. — פון מיינר מוטר.

ניין וויר פראגן דיך ניכט אויף דיינר מוטר. — זא קום איך פון מיינם פאטר.

וויר פר לנגין דיין פאטר אויך ניכט צו ווישן אליין אויז וואש אורט דוא הער בישט. — דז היישן עם הרצים ⟨!⟩ איך האב יוא פאר גיזאגט פון מיין מוטר דז איז יוא דז אורט וואו איך הער קומין בין.

734 ה״ב ההשלמה עד עקזאמיני של מרדכי היא לפי פ הקטע חסר בכה״י

טז ע״א דוא נַר דא הער קומין וויר אלי אליין וויר פראגין דיך אויש וועלכי | שטַט דוא גבארן בישט. — איך הלט דיא קומיסארי זיין גרושה נַרין איך הב יוא גיזאגט פֿון מיין מוטר דז איז יוא דיא שטַט וואו איך גבארן בין.

ניין וויר פראגן ניכט אויף דיזן אליין אויז וואז פר איינה ער בויטי שטַט אין דער וועלט אין וועלכי דוא גבארן בישט ווֹאלין וויר ווישן. — אַ העט עטץ צום ערשטן זא גפראגט העטין מיר פילווארט ערשפארן קענין. אויז וועלכי ער בויטי שטַט. אויז ירושלים.

וויא אלט בישטו. — אזו אלט דז מיין קליינר פינגר איזט.

וויא אלט איזט דען דז זעלביגי. — אזו אלט דז איך בין.

וויר פראגין דיך אין נאמן אירה מיישטעט וויא אלט דוא בישט. — וויא אלט איך בין דז קאן איך ניכט ווישן ווען אזו פיל איך מיין טאג גלערנט הב שטיט די קשי׳ אין קיין ספר זונדרן דז איזט מיר |

טז ע״ב בוואושט דז דרייצעהן יאר נאך מיין ברית מילה האט מן מיר איין בר מצוה גמכט. אונ׳ פונפציג זיבן יאר דער נאך הב איך איין שבעי׳ מאל גמכֿט.

דוא נר וויר קאנין היראן ניכֿט ווישן וויא אלט דוא בישט דוא מושט אונש קלאר בשיידן וויא פיל יאר דוא אלט בישט. — יוא דז וויל איך אויך טאן איך בין הונדרט אונ׳ צוועלף אונ׳ צוואנציג יאר אלט.

וואז איז דען דיין טאן אין דיזן קיניגליכן הוף. — וואז. מיין טאן איזט עשין טרינקן שלופין. אונ׳ דז אנדרי טאר איך ניכט זאגין. איך מוז פאר איין ברשות אויף ענק בעמין.

וויר פראגין ניכט אויף דיזן. וויר פראגין וואז דוא צו טאן האשט אלש איין פר וואלטונג אדר האשטו איין אפיציא אין דיזן קיניגלכן האף. — אֵיכֿה בין דען מלך זיין נאהטר מחותן אונ׳ דיא מלכה איזט מיין שייסטר קינד.

יז ע״א איזט אויך וואר דז דוא עטוואז גיהערט האשט וואז בגתן אונ׳ תערש | מיט אננדר גירעט האבין. — יוא מיינה הערן איך הב עז גיהערט.

וואז האשטו דאן גהערט. — איך בין ענקש ניט מחויב צו זאגין.

הערשטו יוד וויר וואלין עז ווישן וואז דוא גהערט האשט. — איך טאר עז ניכט זאגין איך האב עז דיא מלכה גזאגט.

אין וואז פר איין שפראך האבין זיא גרעט. — אויף לעק דיין נארש.

וואז איז דען דז פר איין שפראך. — ניין איך בין אין תַחת אויף לעק מיין נארש.

מיר ווישן ניכט וואז דיזז פר שפראכין זיין. — אויף שפַּנַארש פיהם אורש פרַאנצָאש מארש לעקטש וועלכין נארש עטץ עטץ האט דיא ברירה דער נאך קענט עטץ מיר דיא תשובה זאגין וועלכר ענק בעשר האט גשמעקט.

האבין זיא אויך עטוואז פון איין גלאזל אדר גיפט גרידיט. — יַא מיין הער דער

758 במקור פעמיים וויא אלט איז

יז ע״ב מלך האט גיזאגט צו בגתאן | דז מן זאל תערש שטוסן אונ׳ זאל אים דען גלאזל איין געבן.

וויר קאנין הירויש ניכט קומן ווער האט גיזאגט אדר וואז האט מן גזאגט. — איך בין אין תאחת איך האב גהערט דז דעז גלעזל האט גזאגט צו בגתן דז ער וויל דען מלך שטוסן אונ׳ וויל תערש דען גיפט איין געבן.

וויר קענין זיך היר נאך ניכט ריכטן פילייכט טושטו דיך ערין. — עז איזט וואר איך בין אין תאחת גיוועזן. איך הב גיהערט וויא דער גיפט הט גזאגט צום מלך דז ער וויל בגתן שטוסן אונ׳ וויל אין דען גלעזל איין געבן.

הער קאלעגא וויר ווישן היינט ניכט אויז דיזן צו קומן דער מאן מוז זיך אין זיינה ריד גאר זער אירן. — יוא עז איזט אמת. אזו איז עז גוועזן איך הב גהערט וויא דער גיפט זאגט צום גלעזל דז ער תערש וויל צו שטוסין אונ׳ וויל בגתן דען מלך איין געבן.

יח ע״א וויר ווישן זיך הירנאך ניכט צו ריכטן קאן דאן דער גיפט רידן. | — אמת איך בין ווידר אין תאחת דער מלך האט גזאגט צו בגתן דז ער וויל דען גיפט שטוסן אונ׳ דז גלעזל דען תערש צו טרינקן געבן.

פילייכט טושט דיך ווידרום אירן. זאג רעכט דיא ווארהייט וואז דוא גהערט האשט. — איך האב גיהערט וויא בגתן האט גזאגט צו תערש דז ער דען גיפט וויל אין גלעזל טאן אונ׳ אויף איינר צייט דעם קיניג צו טרינקן געבן.

זאגין קומיסארי׳

דזין אלי ביידי צו פאר טרעטין צו גלייך.

ואמר האף קנצלר / זאגט דר האף קנצלר

הערט איר בגתן אונ׳ תערש אין איירן ביידן עקזאמיני איזט אייער מערדירייא גינונגזם צו ערקענין אליין איר וואלט מיט דער ווארהייט ניט רעכט אן טאג ביז וויר אייך ביידן שערף אן גרייפן ווערדן. זא ווערדן וויר אייך רעכט רידן לערנין. אלזא פאלגט ליבר מיינם ראט אונ׳ ביקענט דיא ווארהייט אירה מיישטעט זיינן איין ברמהערציגר קיניג. וועלכר אייך וואל גנאד ער טיילן קאן זא אבר זאלכש דורך דען שערף ריכטר אויז גטריבן מעכט ווערדן. זא הבט איר אום קיינה גנאד אן צו הלטין. |

יח ע״ב אומרים בגתן ותערש

וואן וויר צו פאר דיא קיניגליכה גינאד האבן ווערדן וואלין ווייטרש אליש אן טַג ליכט געבן.

זאגין דיא קומיסארי

מיר האבין שון גינונגזאמב ביקאנטנוש. איזט נון צייט דיא רעלאציאן אירה מיישטעט איין צו רייכן.

אומרים קומיסארי לפני מלך / זאגטן דיא קומיסארי פֿר דעם מלך
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג וויר האבן גהארזמבשט דיא קומיסיאן פאר גנומן.
וואר בייא איזט זאנין קלאר פאר גידרונגן.
וויא בגתן אונ׳ תרש צווייא מערדר זיין.
אייער מיישטעט מיט איינן גיפט צו געבן איין.
אונ׳ וויא וויר דיא פיזיציאן אין אירן הייזרן האבן פאר גנומן.
איזט דיזש גלאזל מיט ביידן פעטשפטן פאר קומן.
וועלכיש אין דז בגתן זיין שרייב טיש איז גוועזן.
דיא איבלה פר אנטווארטונג וואז זיא געבן ווערדן אירה מיישטעט אין
דיזר עקזאמיני וואל נאך לעזין.
אלזו פר מיינן וויר אין דיזר זאכין.
ניכטש מער צו טאן אלש איין ענד מיט איהני צו מאכין.
אונ׳ אלזו גלייך צו פאפיר ברענגין.
דז מן זיא ביידן אן דעם ליכטן גלגין זאל הענגין:

אמר מלך / זאגט דער מלך
האף קנצלר אונ׳ העתק אויז דיזר עקזאמיני טוט וואל פאר קומן.
דז איר איבל טַט וואר איזט וויא ווירש האבן פר נומן.
אליין עהנדר וויר זיא שטראפין אום דז לעבן.
וואלין וויר דען גיפט איין אנדרן צו טרינקן געבן.
נעמבלך איין מאלאפיץ וועלכר שאן איזט קאנדמנירט.
אונ׳ פר דאמט צום טאט איזט רעזולפירט.
דען זעלבן וואלין וויר אים צו טרינקן געבן.
יט ע״א אונ׳ וואלן שויאן אב דער טרונק ווירט איהם אב קירצן דז | לעבן.
דאן אב מן שאן דיזש גלאזל האט גפונדן אין זיינם טיש.
ווער ווייש דאן אוב איין גיפט דרינן איזט.
דרום קאן מן זיא נאך ניכט צום טאט קאנדעמנירן.
וויר מוזין אים צו פאר אפראבירן:

דא ברענגט מן איין מאלאפוץ פרשון אין אייזן אונ׳ קיטן. אונ׳ גיבט אים דען גיפט צו טרינקן. פַלט ער נידר אונ איז טאט.

אמר האף קנצלר / זאגט דער האף קנצלר
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג היר זעהן זיא מיט אויגן שיין.
דז דיזש ניכט אנדרשט קאן גזיין.
אלז דז אורטל מוז ווערדן איהני געבן.
זיא אב צו שטראפין אום אירש לעבין:

אמר מלך / זאגט דער מלך
וויילן אירה ביזה גדנקין טונין זונין קלאר פאר דרינגן.

דז זיא מיך אומש לעבן וואלן ברינגן.
זא וואלין ווירש איהני ניכֿט שענקין.
אן איינן גלגן זיא אליביידי וואלין וויר לאזין הענקין.
אונ׳ זאל אלזא גלייך ווערדן איין גשריבן.
דז עז אין אונזרי קאנסיליא איזט אלזא פר בליבן.
אלזא האף קנצלר לאז זיא ביידי ציטירן.
אונ׳ איר סענטענץ טוא איהנן בובליצירן :

בגתן אונ׳ תערש ווערדן ציטירט צום אורטל.

האף קנצלר בובליצירט דז אורטל

יט ע״ב אין נאמין דען גראש מעכטיגן קיניג ארטקססטוס עהשווערוש קיניג | אין אלין פֿיר טיילן דער וועלט. אין אסיע. אפריקא עאוראפא עט אמעריקא. איזט אין דיזן גהיים ראט גשלאסין ווארדן. אין גיזאץ פערסיא אונ׳ מעדיא. וועלכיש אין איביקייט ניכט צו ענדרן זייאי. ווײלן בגתן אונ׳ תערש. זיך קרימינאלוש מייעש טאטוס פר גריפן האבין. אונ׳ נאך גנונגזאמבר אין קוויזיציאן זאני קלאר פאר קומן. דז זיא דען גראשן מעכטיגן קיניג ארטקססטוס עהשווערוש מיט גיפֿט פר געבן וואלין. אלזו נאך רייפֿריר ער וועגונג זיין זיא פון לעבין צום טאט דורך שטרענג פר אורטיילט. אבר פאן אֵי זאלין זיא. פר שעלמין בובליצירט ווערדן. אקטום שושן אין קאנסיליא מאגנארו׳ רעגום פאטענטישמה רעגיס עהשווערי — שמשון רייכש קנצלר :

אמר בגתן להאף קנצלר / זאגט בגתן

אירה האך גרעפליכה עקסילענץ וויא איין איבל אורטל האבן מיר פר נומן.
דזין וויר און שולדיג זאלין אומש לעבן קומן.
נימאהלין איזט מיר דז אין מיינן זין קומן.
איין שאדין צו טאן אונזרן קיניג דען פרומין.
אבר וויא זאל מן זאלכש אויף אונש גדענקין.
וויר ווישן דאך דז דער אלמעכֿטיג גאט טוט זאלכיש ניכֿט שענקין.
דער זיין הנט אן איין גיזלבטן גאטיש טוט זענדין.
אונ אן איהם צו פר גרייפן מיט זיינה הענדן.
וויא זאל מן זאלכש אויף אונש גדענקן אדר זוכין.
שטיט דאך אין דער הייליגה שריפט אין דיינה שלוף קאמיר זאלשטו
דיינה אוברקייט ניכט פלוכין.
אוב אונש שאן איינר פון אונזרי פיינדן הוט פעלשלך אן געבן.
דעשט וועגין וואלין וויר דאך בהלטין אונזר לעבן.
דאן אני צווייפל ווערט אירה מיישטעט אונש אויך אן הערן.
אלזא טוא איך פון אירע עקסילענץ ביגערן.
כ ע״א דז ער זיך לאשט | פון אונש אינפרמירן.

און דיא זאכין צו פאר וואל אינקווירירן.
אלזא ווירט האפינטלך קומן אן טאג.
דז איך איין ליב האבר אונ׳ טרייאר דינר דז קיניגש ⟨בין⟩ מיין לעבש טאגש.
אונ׳ פון דיזן שולדין בין איך גנץ ריין.
אוב שאן איינר וואז אויף מיך האט אן געבן דרויף זאג איך אבר ניין :

אמר תערש / זאגט תרש
אירה האך גרעפלך עקסלענץ איך האב אויך דערא גלייכן פלייסיג צו ביטן.
דען איך וויש וואל איר עקסילענץ זייני גוטי זיטן.
דז זיא מיינה און שולד ווערין פאר נעמין.
אונ׳ מיך און שולדיג ניכֿט ווערן לאזין אויף הענגין.
אוב איך שון לידר בייא אירה מיישטעט בין פֿר קלענרט ווארדן.
דאך ווערן מיינה פר אנטווארטונג ניכֿט גין פר לארן.
דרום וואלין איר האך גרעפליך עקסלענץ אונש ניכט איבר איילן.
אירה מיישטעט ווערין אונש שאן גנאד צו טיַילן.
דאן זיכרלך ווערן אונזרי און שולד זונין קלאר.
דער אלמעכטיגי גאט וועט ברענגין פאר.
אונ׳ דז זעלבי ווערדן אירה מיישטעט ערקענין.
אונ׳ אונש אין האהין גנאדן נעמין.
דאן זאלכש עקסעמפל איזט זיין טאג נאך מער גשעהן.
גלייך מירש אין דער הייליגי שריפט פֿר אויגן זעהין.
בייא דען קיניג פרעה זיין אויך צווייא זייני דינר ווארדן אן געבן.
דז זיא זאלטין גשטראפֿט ווערדן אום אירש לעבין.
אבר דענאך האט דיא ווארהייט אונ׳ און שולד פאר גדרונגן.
דז דער מונט שענק ווידרום מיט גרושר עהרן צו זיין אפיציא קומן.
זא איזט מיין האפונג אויך דזין אירה מיישטעט ווערדן אונש גנאד צו טיילן.
אירא עקסלענץ וואלין אונש נור ניכֿט איבר איילן : |

כ ע״ב
אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
בגתן אונ׳ תערש אייער ריד האב איך פר נומן.
וועלכש איך גערן מעכט נאך קומן.
זונדרן עז וואונדרט מיך אויף אייך.
איר ווישט יַא דז ליפליכה גזאץ אין פרסיאנישן רייך.
דז וואז איין מאל בייא אירה מיישטעט איז רעזאלפֿירט אונ׳ דער צו
דז אורטל איז גפעלט.
ניכֿט מער צו ענדרן איזט מיט אלין גוט אונ׳ געלט.

878 ההשלמה לפי פא

דרום פאר אייך צו בעטין איזט אום זאנשט.
אייך בייעם לעבין צו ער הלטין וועד דיא גרעשטי קונשט.
זונדרן אייך זעלבשטן וויל איך לאזין פאר טרעטין.
דא מיט איר זעלבשטן אום אייער לעבן קענט בעטין.
פיל לייבֿט וועגן אייערש גראשיס לאמנטירן.
מעכט זיך אירה מיישטעט אנדרשט רעזאלפירן :

אמר בגתן / זאגט בגתן

1 הימלישר פאטר טוא אונש דיינן שוץ ענגל זענדין.
וועלכר אירה מיישטעט זיין הערץ אונז צו גוטן זאלט ווענדן.
אונ׳ טוא אים זיין הערץ צו גנאדן נייגן.
דאמיט ער אונש ברמהרציקייט וואלט ער צייגן :

אמר תערש / זאגט תֿרש

2 אלמעכטיגר גאט דז הערץ דז קיניגש שטיט אין דיינן ווילן.
טוא דאך דז צארן דז קיניגש שטילן.
אונ׳ ערעטי אונש פון גראשר ליידן.
דז מיר ווידרום גליקליך פון אירה מיישטעט מעכטין שיידן :

אמר בגתן / זאגט בגתן

3 הימלישר פאטר וויר טואין אין גראסן אנגשט אונ׳ פארכֿט פר דען קיניגליכן טראן טרעטין.
כא ע״א לאז אונז דאך אונזר יונגש בלוט ער | בעטין.
אונ׳ אוב מיר יעמאלש עטוואז גוטש האבן גטאן.
לאז אונש יעצונד עמפנגין אונזרן גוטן לאן :

אמר תערש / זאגט תֿרש

4 אלמעכטיגר גאט טוא דייני גראשי ברמהרציקייט ערוועקין.
אונ׳ לאז אונש אין זאלכי גראשי עלינט ניט שטעקין.
אונ׳ טוא דז הערץ דז קיניגש צו גוטן קערן.
דאמיט וויר פון טאט בפרייאט מעכטין ווערן :

בגתן / זאגט תֿרש ⟨!⟩

5 הימלישר פאטר דוא בישט יוא דער יעניגי דער דא דז פאלק יזראל דז מער האט טרוקן לאזין ווערין.
דוא בישט אויך דער אינן דען שטערקין פעלזין האט צו וואשר טאן פר קערן.
אלזא פר קער אויך דען קיניג זיין גמיט.
דאמיט וויר פון טאט ווערדן בהיט :

תערש / זאגט בגתן ⟨!⟩

6 אלמעכטיגר גאט דוא בישט דאך דער יעניגה דער דען היישן קלך אובין
אין אבראהם צייטן האט טאן קילין.

אלזו זאלשטו אויך דען היישן צארן דז קיניגש שטילן.

אונ׳ זיין רוך צו איינר ברמהרציק⟨יי⟩ט פר קערין.

דא מיט וויר פון טאט בשערמט מעכטן ווערדן:

קניאןביידי לפני המלך / קניאן היצונדרט אליביידי פר דען מלך.

אמר בגתן / זאגט בגתן

1 אליר דורך לייכטיגשטר קיניג לאזין אונזרי און שולד ווערדן פאר גנומן.

דז מיר אלזו עלינט ניט אומש לעבן קומן.

דאן גווישלך זיינט מיר און שולדיג אינש פר דאכט.

וואז יעמאנט בייא אירה מיישטעט | פעלשלך אויף אונש האט אן גבראכט: כא ע״ב

אמר תערש / זאגט בגתן ⟨!⟩

2 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג לאז דאך אונזרי קומר אייער
ברמהרציקייט ער וועקין.

אונט טוט אונש מיט פולר גנאד בדעקין.

איך וואלט דז אירה מיישטעט קענטין שויאן אין אונזר הערצין הביין.

זא קענט האפינטלך זעהן דז ניכטש איבלש טוט דרינן זיין:

אמר בגתן / זאגט בגתֿן

3 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג איך טוא אייער מיישטעט פלייסיג ביטן.

אונ׳ גדענקין זיא וויא אל צייט זיינן אירי גוטי זיטן.

אירא מיישטעט טונן יֿא ניכֿט און שולדיג אימאנטין פר דרבן.

ווארום זאלין וויר און שולדיגר ווייש אלזו שטרבן:

אמר תערש / זאגט תֿרש

4 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג וואז ווירט אירה מיישטעט מיט אונזר
וויניג בלוט בהאלפין זיין.

לאזין זיא ליבר אירן טראן און בפלעקט אונט ריין.

אונזר ווילן איז יֿא ניכֿט גוועזן אייער מיישטעט צו פר געבין.

ווארום זאלין וויר זא אונשולדיג קומן אום אונזר לעבין:

אמר בגתן / זאגט בגתֿן

5 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג זיינט וויר דאן קאפאביל אן איין
גזאלבטן גאטש אונזרי הענט צו זענדין.

935 השלמה לפי פ

אן איין זאלכיש הויבט דער גנצין וועלט צו ליגן אונזרי הענדין.
זאלכיש איזט יָא זיין טאג ניכֿט אין אונזרן זין גקומן.
ווארום זאלין וויר דאן אומש לעבין קומן :

אמר תערש / זאגט תֿרש

6 אליר דורך לייֿטיגשטר קיניג וויר טונין מיט גרושן פארכט ביטן
כב ע״א אום | אונזרן לעבן.
העטין וויר עז צו מאכט וויר וואלטין עז אירה מיישטעט אין איביקייט געבן.
דער הימלישה גאט וועלכר זיכט אין אלין הערצין היניין.
דער זעלבי וויש דז וויר גנץ און שולדיג זיין :

אמר מלך / זאגט דער מלך

האף קנצלר איך האב דיר דיא זאכין שאן איבר געבן.
דז דוא דיזי צווייא לאזט אב שטראפין אום אירש לעבין :

שטושט זיא האף קנצלר אוועק

אמר בגתן קלאג לידר / זינגט בגתן קלאג לידר

1 נון זאל עז גאט גיקלאגט זיין.
וואז זאלין וויר נון אן פנגין.
אך דיא יאמר אונ׳ גראשי פיין.
אן גלגין זאלין וויר ווערן גהנגין.
ווער זאל דען מיין טריסטר זיין.
קיין גנאד האבין וויר צו ער לנגין.
אך דיא יאמר אונ׳ גראשי פיין.
אין זינדן זיין וויר גפנגן :

תערש / זאגט תֿרש

2 אך מיין טרייאר קאמערעט.
איבלי צייטונג האבן וויר פר נומן.
עז איזט ניכט מערירש צו האפין אלש דער טאט.
וואן ער נור מעכט קומין.
דז וויר ערליך קעמין אין דז גראב.
אלש וויא אנדרי פרומן.
אך דיא יאמר אונ׳ גראשי נאט.
דז וויר אן גלגן קומן :

בגתן / זאגט בגתן

3 איך וואלט דז דונדר א⟨ד⟩ר האגל בליץ.

979 במקור א ב ר תוקן לפי פא

מיך הין וועק גנומן.
אדר זונשט איין פּיבר היץ.
ווערדי אויף מיך גקומן.
אֵי דז מיך דער הענקרש קנעכֿט.
מיין אידלן לייב זאלט ברירן.
וואז העלפט מיך אל דז רעכט.
וואז העלפט מיך מיין שטודירן: |

כב ע״ב תערש / זאגט תֿרש

4 אך אונט וויא דז געלט אונט גוט.
דז מיין פאטר האט אויף מיך טאן ווענדן.
וויא איזט מיר נון יעצט צו מוט.
דז איך קום דען שרף ריכטר ⟨אין⟩ זיינה הענדין.
דיזש אבר מיך צום פּאל גבראכֿט.
אונ׳ מיך גבראכֿט צו איבלה טאטין.
דאן ווער קיין פרעמדי שפראך גדאכט.
דא ווערן וויר ניט פּר ראטין:

בגתן / זאגט בגתֿן

5 יא מיין טרייאר קאמראט.
עז האט אונז מיסלונגן.
דז לעבן וויא אויך דער טאט.
בשטיט נור אין דער צונגן.
העטין וויר דיז פאר גדאכט.
וויא הערליך ווער אונזר לעבין.
נימאנט העטי אויף אונש ניכטש אן גבראכט.
וואז העטין וויר אויף אימנטן צו געבן:

תערש / זאגט תֿרש

6 וואז איזט נון צו זאגין פּיל.
דיא זאך איזט נון גשעהן.
דיא קוגל ליגט שאן אן דען ציל.
דיא שאנץ האבין וויר פר זעהן.
דרום אויך ווער דער בעשטי ראט.
צו גאט וואלן וויר זיך ווענדין.
ער קאן ערעטן פון דען טאט.
אונט אונש זיין ענגל זענדין:

990 ההשלמה לפי פא

בגתן / זאגט בגתן

7 הער גאט אין דיינם הימל טראן.
דער דא זיצט האך ער האבין.
הילף אונש דיז מאל דער פון.
דיין נאם ווילן וויר אימר לאבן.
וואן איינר צום פייאר איזט רעזאלפירט.
קאנשטו אים ער ליזן.
זא ער שאן צום גלגין איזט קאנדימנירט.
היטשטו אים דאך פֿון ביזן :

תערש / זאגט תֿרש

8 הער גאט מיר האבן יַא גהערט.
פון דענן אלטן זאגין.
כג ע״א זא דער | הלז גרייכט ביז צון שווערט.
זאל מן דאך ניכט פר צאגן.
דאן דוא איין גראשר הילפֿר בישט.
צו אלין דיא דא זיין אין ניטן.
דרום אונזר ביט יעצונד איזט.
בשירם אונש פון דיזי בנד אונט קיטן :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר

בגתן אונ׳ תרש מכט אייער טעסטימענט.
דען עז גרייכט בלד אייער ענד :

אמר בגתן / זאגט בגתֿן

1 יא דיזש טעסטימענט טוא איך מכין.
דז ווער מיין יונגש בלוט וויל ראכן.
דער זאל עז דען יודן מרדכי ניט שענקן.
דען ווען זיינר מוזן וויר צווייא קאפליר אן גלגן הענקן :

אמר תרש / זאגט תֿרש

2 קאבאליר מאדאמא פרויאן צימר דיא דא זעהן יעצונט אונזר נאט.
וועלכש דער יוד מרדכי אונש בראכט אין זאלכן שנטליכן טאט.
אין איביקייט זאלט איר אימש גדענקן.
אהני רוך זאלט איר אימש ניט שענקן :

פירט מן זיא אויף דיא לייטר / פֿירמט ⟨!⟩ מן זיא אויף דער לייטר

1027 כאן שוב מתחילה יד אחרת

אמר בגתן / זאגט בגתן

3 נון וויל מיין לעצטש ענד טוט אן לנגן.
דז איך מוז אן גלגן ווערדן גהנגן.
זא וועגד איך מיך צו דעם אלמעכטיגן גאט.
וועלכר מיין לייב אונ׳ זיל ערשפן האט :

אמר תרש / זאגט תרש

4 דיזי וועלט איז נון קיין בליבנוס פר מיר.
דען דער טאט איז נון פר דער טיר.
אונ׳ האב ניכט מער צייט צו לעבן.
אלזו טוא איך מיין זיל דען העכשטן הערן איבר געבן :

אמר בגתן / זאגט בגתן

5 נון איז דיזיז מיין לעצטי ווארט אלש איך רידן טוא.
מך עש | מיט מיר גשווינד דז איך קום אין מיינר רוא.
כג ע״ב מיין לייב מוז איך דען הענקר איבר געבן.
מיין זיל וויל קומן אין איבגן לעבן :

אמר תרש / זאגט תרש

6 אירא הערן איך טוא פון אייך נון שיידן.
איך מוז נון דיזי שיני וועלט מיט אלין אירי גוטיקייטן מיידן.
הין קיגן טוא איך דען הימל ערווילן.
דיא הייליגי ענגל וואלן עמפפנגן מייני זילן :

בא המן בריגזא / קומט המן בריגזא

פפויא פר פלוכט זייא דיא שטונד אלש איך בין אב גרייזט פון היר.
ליידר גאט ערברמט וואז זיך איך היר.
מייני צווייא הערן קאלעגא זיין ליידר טאט.
וואז פנג איך אן אירא הערן גיבט מיר איין ראט.
אביר זאלכש בין דורך איין שטאפעט ווארדן אינפרמירט.
דז דיזש אלש דורך דען יודן מרדכי איזט ווארדן פרקטיצירט.
ווילן ער זיא האט ליידר פעלשליך בייא אירא מיישטעט אן געבן.
דעסנט וועגן זיין זיא קומן אום אירש לעבן.
אלזא שווער איך דז העכשטי יורעמענט.
דז אויך דורך מיר זאל האבן זיין לעבן איין ענד.
אונ׳ ניכט זיין לעבן אליין.
זאנדרן זיין גנצי העברער גמיין :

אמר מלך / זאגט דער מלך

המן. וויל דוא זא העפטיג לאמנטירשט.

זא האב איך מיך ווידרום צו גנאדן רעזאלפירט.
דז מן זיא נימט פון גלגן היראב.
אונ׳ ליגט זיא בייא אירש פאטרן גראב:

דא נעמט מן זיא פון גלגן | / זא נימט מן זיא הראב

כד ע״א אמר המלך / זאגט דער מלך
המן. דוא ביזט איין העלד דז בין איך וואל אינפרמירט.
מייני מיישטעט האשטו פיל מאל סעקונדירט.
הושט מיר אויך גשפט אייני פרינצעסן ווערט.
דיא מיר שאן איין מאל דען טאט האט ערווערט.
דרום המן דז זאג איך היר.
איין יעדר מן זאל זיך נייגן אונ׳ בוקן פר דיר.
אונ׳ ווער זיך קיגן דיר ניכט ווירט נייגן אונ׳ בוקן.
דער זאל אב גשטראפט ווערדן ווייל ער אונזר קיניגליך גבאט האט טאן פר רוקן:

אמר המן / זאגט המן
לויפר. היר האשטו דיא גנעדיגי פאטענט פון איר מיישטעט זיין הנט.
צו פובליצירן דורך דז גנצי לנד.
דאש זיך יעדר מן זאל זיך קיגן מיר בוקן.
אונ׳ וועלכר דער זיך ניכט בוקט דער זאל אב גשטראפיט ווערן ווייל
ער אירא מיישטעט זיין גבאט האט טאן פר רוקן:

פובליצירט לויפר
האך ליפליכי מיניסטער פירשטן אונ׳ גראפן פר נעמט מיך אלי צו גלייך.
אונ׳ אלש וואז זיך בפינט אין אונזרן רייך.
אלהיר האבן זיא צו ערזעהן דיא גנעדיגי פאטענט פון איר מיישטעט זיין הנט.
צו פובליצירן אין אלי לנד.
דז זיך פר פרינץ המן זאל בוקן יעדר מאן.
אונ׳ אים אלי ער אן טאן.
אונ׳ ווער זיך ניכט ווירט קיגן אים בוקן.
זאל גישטראפט ווערדן ווייל ער דז גנעדיגי גבאט האט טאן פר רוקן:

אמר המן / זאגט המן
אירא הערן בוקט אייך: |

כד ע״ב קומט ער צו מרדכי שפריכט
מרדכי בוק דיך:

1080 במקור וויעלכר

והשיב מרדכי מה שהשיב / ענטפֿרט מרדכי וואז ער ענטפֿרט

ואמר המן / זאגט המן
מרדכי. דוא יודשר הונט.
פר שליס דיין בליץ גאשטיג מונד.
דא שוועך איך דיר איין אייד.
דיין בעשטי ריד זאלן דיר ווערדן לייד.
דאן זא בלד איך אב שייד פון הינן.
בייא איר מיישטעט וויל איך דיא אודיענץ גווינן.
אונ׳ ווען איך גלייך מיין האב אונ׳ גוט זאלט געבן.
וויל איך אב קויפן דיינש לעבן.
אונ׳ ניכט דיין לעבן אליין.
זונדרן דיא גנצי בעשטי העברער גמיין :

והשיב מרדכי מה שהשיב / ענטפֿרט מרדכי וואז ער ענטפֿרט

דא זעצט זיך המן מיט האף קנצלר אונ׳ אנדרי מיניסטר צום ראט.

ואמר המן / זאגט המן
האף קנצלר אונ׳ ליבה גטרייאה רעט.
איך האב פאר גנומן מייני גנצי ביבליטעק.
אונ׳ וויל אייך לאזן שויאן.
אייני גראסי זכין וויל איך אייך פר טרויאן.
דיא בעשטי יודן מוישלן אויז צו ראטן פון דער וועלט.
האב איך אין ווילן דרום גיבט מיר איין ראט דער מיר גפעלט.
דען זאלכש אן צו פנגן איזט אייני שווערי זכין.
איין זאלכש פאלק פון דער וועלט אוועק צו מכין.
דען זיא האבן גאר צו גוטן גרונד.
דז זאג איך אלהיר צו דיזר שטונד.
דען אירי פאר עלטרן זיין דיא פאטר ירחום אברהם איזק אונ׳ יאקב גוועזן.
אירר פרום קייט וועגן זיין דיא בעשטי שאן פיל מאל אויז גרושן ליידן
ווארן | גנעזן. כה ע״א
דז ערשטי מאל זיין זיא גוועזן בייא קינג פרעה אין גראשי לייד.
דז זאג איך היר אין דער גנצי וואר הייט.
אביר וועגן דען גנוס אירי פרומי עלטרן האט זיא דער אלמעכטיגי גאט.
מיט גרושי מיראקל ערליזט פון דארט.
אונ׳ זיא צו איין ערב טייל אן גנומן.
דז האב איך אויז דען אנדרן בוך מאזוש פר נומן.
אונ׳ וויא זיא הרנאך דז גולדי קלב אן העטן.

איר גאט וואר צירנן אונ׳ וואלט זיא אלי פר דמין אונ׳ טיטן.
אביר דא נור דער רבינר מאזש דיא פאטיר יארחום גמעלט אונ׳ פר אינן גבעטן.
זיין זיא גלייך קומן אויז ניטן.
אלזו איזט עז אינן הרנאך פיל מאל גראטן.
אלש זיא גאט האט וואלן טיטן.
אביר וועגן דען בונט וואז גאט מיט אירן עלטרן הוט פר בונדן.
זיין זיא בשירמט ווארדן צו אלין שטונדן.
יעצונט אביר איזט איין אנדרי צייט.
איר הערן קלעגא יודיצירט היריבר איר זייט אלי גשייט.
דער גנוס אירי פרומי עלטרן מוז האבן אויף גהערט.
ווער דיזש ניכט זא זאלט איר טעמפל ניכט זיין ווארדן פר שטערט.
אויז דיזי זכין צו קאניטרירן.
אונ׳ הירין פלס צו שפעקלירן.
זא וואלן וויר פאר נעמן אלי הימלישי צייכן אונ׳ פלאנעטן.
אונטר וועלכן וויר זיא קענן טיטן.
דאן זאלכש פאר אירא מיישטעט צו רעפירירן.
מוזן וויר צו פאר אלש גרינדליך איבר ליגן אונ׳ יודיצירן.
אלזא וויל ⟨איך⟩ איין טאג נאך דען אנדרן בוועגן.
אונ׳ איר הערן קאלעגא זאלט מיר אלש קיגן טייל איין אנטווארט געבן.
אונ׳ זא מיר קיין טאג קענין פינדן.
דא וואלן וויר אין דענן מאנטן נאך גרינדן.
כה ע״ב אלזא פר מיין איך דען ערשטן טאג זונטאג איזט איין רעכט | פונדאמענט
אונ׳ איין גרונד.
דען דער פלנעט זוני ⟨ר⟩עגירט דיא ערשטי שטונד.
דען זעלביגן האבן וויר שון לנג אן גנומן פר איין גאט.
אונ׳ מיר הלטן זיין צערמאני׳ אונ׳ גבאט.
זא וואלן וויר ווייטר אונזר שטודירן שטילן.
דאן אונטר דיזן ווירט גוויסליך פאל צאגן וערן אונזר ווילן:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן אין דיזן טאג קאן עז ניכט גזיין.
הערט מיר איר הערן קאלעגא מיין.
דיא אורזך וויל איך אייך אן קינדן.
דיא ווארהייט גיט אויז מיינן מונדן.
אן זונטאג האט בשפן דער אלמעכטיג גאט.

1137 ההשלמה לפי פא
1142 במקור ד ע ג י ר ט התיקון לפי פא

דיא גנצי וועלט וועגן אירר דז זיא ווערדן עמפפנגן דיא צעהן גבאט.
אונ׳ אב שון דער פלאנעט זוני טוט הירין רעגירן.
קאן ער זעלבשטן ניכטש טאן ער איזט נור איין דינר דז העכשטן הערן.
דען זעלבן הלטן זיא פר איין רעכטן גאט.
אונ׳ הלטן זיין צעהן גבאט.
אלזו טוט מיין פר שטנד גרייכן.
פון דיזן טאג אב צו ווייכן :

אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז דען ערשטן טאג זונטג ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ צו דען אנדרן טאג מאנטג וואלן וויר רייכן.
אן מאנטג טוט דער פלאנעט מאן רעגירן.
דיא ערשטי שטונד טוט מן אין גלייך שפירן.
דער זעלבי איזט גרוס אונ׳ ווירט ווידרום קליין.
אלזו אויך ווערדן דיא בעשטי זיין.
מיר האבן אין אויך צו ערין.
פיל אפפר אפירירט זא קאנן מיר פון אים זאלכש פקטעל בגערן. |
כו ע״א אונזר ווילן פאל צו ציהן.
ווירט ער זיך גאר גערן וועגן אונזר במיהן.
וואן איר דיזש בפינד פאר איין פונדאמענט.
זא האט אונזר שטודירן איין ענד :

אמר האף מיינשטר / זאגט הויף מיינשטר
פריינץ המן איך זאג אים דאש.
דז דיזר פונדאמענט איזט גנץ גרונד לאז.
דאן פרימא אוב דיזר פלאנעט פון גראסן ווירט גנץ קליין.
אונ׳ גיבט דורך אויז קיין שיין.
הין קיגן פון קליינן טוט ער ווידר גנץ גראס ווערדן.
אונ׳ איבר שיינט דיא גנצי ערדן.
היר צו זיין דיא מוישל אויך צו גלייכן.
פון דיא גרעסטי עלענט טונן זיא דיא גרעסטי הערליכקייט גרייכן.
צעקונדא וואן מיר אונטר דער זוני זאלכש ניכט האבן קענן טענטירן.
וויא וואלן וויר דן אונטר דז מאנש שיין זאלכש קענן פרקטיצירן.
צו דעמי ווייש דאך יעדר מאן.
אלש דער מאן שיין צו דער זוני איזט אונטר טאן.
טערציא. טונין זיא אלי פיר וואכן אין פר נייארונג דיזן פלאנעט.
זאגן צו דעם אלמעכטיגן גאט איין האהש גבעט.

זא האבן מיר פון אירי האכי גלערטי רבינר גהערט.
וואן זיא קיין אנדר גנוס העטן אלש דיזש אליין שון גנוגן ווערט.
אלזא איזט מיין פר לנגן.
אונטר דיזן מיט אינן ניכט אן צו פנגן :

אמר המן / זאגט המן
אלזו קאן עז דען אנדרן טאג מאנטאג אויך ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן ווייכן.
אונ׳ צו דען דריטן טאג דינשטג וואלן וויר רייכן.
אם דינשטג טוט אם אנפנג גלייך דער מארש רעגירן.
כו ע״ב ווערכר לויטר שטרייט אונ׳ מארדשלק | טוט רעזאלפירן.
צו אלין ביזן איזט ער אן ברייט.
בלוט פר גיסונג איזט בייא אים אלי צייט.
אלזא וואן וויר דיזן אן בעט.
וויא פרילך ער עז טעט.
צו פאר ווייל זיין נאטור צו זאלכן איזט גנייגט.
נון מוזט איר בקענן דיא גנצי ווארהייט.
דיזר ענגל דער איבר דיזן פלאנעט ערשיינט.
איזט דען איזראליטן דער גרעסטי פיינט.
אלזו מוזט איר מיר בקענן.
דז איך זיא אונטר דיזן איר לעבן קאן נעמן :

אמר שטל מיינשטר / זאגט אוברשטער שטל מיינשטר
פרינץ המן אן דיזן טאג קאן עז ניכט גזיין.
אונ׳ צו זיינר מיינונג זאג איך ניין.
דיא אורזך דא גאט האט בשפן דיא וועלט.
דא בשוף ער אן דיזן טאג אלי בוים אינש פעלד.
מיט וועלכן דיא העברער מיט פרוכט גאט לובן.
אונט מיט דען צעדר אפיל גראשי צערמאני׳ האבן.
וועלכש איך האב גהערט אל מיין טאגן.
פון דיא האהי ראבינר זאגן.
דז דיזש איז איין צייכן.
דזן זיא מיט גראסי פיקטאריא פון דען געטליכן גריכט האבן טאן ווייכן.
אונ׳ אב שאן דער מרש אן דיזן טג טוט רעגירן.
גלייך וואל קאן ער ניקש טאן אהני דעש העכשטן הערן.
אלזא איזט מיין ערנשליכי מיינונג אין דיזי זכין.
אויף דיזן טאג קיין פונדאמענט צו מכין :

⟨אמר המן⟩ / זאגט המן

אלזא קאן עז לײדר דען דריטן טאג דינשטג אויך ניט גזײן.
זא וואלן וויר פון דיזן ווײכן.
אונ׳ צום פירדן טאג מיטוואך וואלן וויר רײכן.
אן מיטוואך טוט דער מרקאריום רעגירן.
גאר גשווינד טוט ער זיך רעזאלפירן.
וואן וויר אין אן בעטן מעכט ער זיך ניכט לנג בזינן.
ער מעכט עז טאן אי מיר שיידן פון הינן.
ער איזט שאן פון לנג הער אונזר גוטר פרײנט.
אונ׳ דיא איזראליטן איר גרעסטר פײנט.
כו ע״א דאן מיר | האבן אין צו איין גאט טאן מכ׳ן.
אביר דיא מוישלן טואן זײנר שפאטן אונט לכ׳ן.
אלש ווירט ער גווישלך זעהן.
אונטר דיזן ווירט אהני צווייפל אונזר ווילן גשעהן:

אמר התך / זאגט התך

פרינץ המן דיזי מײנונג איזט אויך גנץ גרונד לער.
דיא אורזך זאג איך גלײך הער.
דען אן דיזן טאג הוט גאט בשפן זון אונ׳ מאן אונ׳ דיא שטערן.
היראן צילן דיא איסראליטן אירי פײאר טאג גאט צו ערן.
אונ׳ דיזש האבן וויר שאן צו פאר אן גצײגט.
אונטר דיזן צווײאן מיט אינן אן צו פנגן אונזר מײנונג איזט ניכט גנײגט.
אלזו ברויכט אויך דעסן אורזך ניכט מער צו עקספליצירן.
וויר מוזן זיך אנדרשט רעזאלפירן:

אמר המן / זאגט המן

אלזא קאן עז דען פירדן טאג מיטוואך אויך ניכט גזײן.
זא וואלן וויר פון דיזן ווײכן.
אונט צום פינפטן טאג דאנרשטג וואלן וויר גרײכן.
דאן דיזן טאג טוט דער יופיטר רעגירן.
אן דיזן האבן וויר אײן גנעדיגן הערן.
אײן טעמפיל האבן וויר דיזן גאט צו ערן טאן בויאן.
דיזר איזט נאך צו דאטא צו שויאן.
פיל אפפר האבן וויר דיזן גאט צו ערן.
זא קענן וויר אויך זאלכש פון אין בגערן.

1219 ה״ב ההשלמה לפי פא

אונזר ביט ווירט בייא אים פינדן שטאט.
זא איר פר מיינט זא פר בלייבט עז בייא דיזן ראט :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר

גיין פרינץ המן דיזי מיינונג האט אויך קיין גרונד.
דיא אורזך זאג איך אין גלייך דיא שטונד.
דאן אן דיזן טאג האט גאט בשפן דז פיך אונ׳ דיא טירן.
דא פאן האבן דיא איסראליטן פיל אפפר צו גאט זיך אפירירן.
אונ׳ דא פאן אפפרן זיא צו גאט אין אלי אירי פייאר טעגן.
אונ׳ טונין אל צייט איין שינש גבעט דרויף זאגן.
דרום קאן מן זיא דיזן טאג ניכט ברענגן צו שאנדן. |
כז ע״ב דאן זיא האבן צו גראסי בייא שטאנדן.
אלזא דיזן טאג מיט אינן אן צו פנגן.
איזט גנץ אונ׳ גאר ניכט מיין פר לנגן :

אמר המן / זאגט המן

אלזו קאן עז אן דאנרשטג אויך ניכט גזיין.
דא וואלן וויר פון דיזן טאג וויכן.
אונ׳ צו דעם זעקסטן טאג פרייטג ⟨וואלן וויר רייכן.⟩
אן פרייאטג אן ערשטן שטונד רעגירט דער פענוס.
דא האבן זיא גאר קיין גנוס.
דאן דיזר פלאנעט איז צו דער ליב איין גאטין.
אונ׳ דיז איז דיא בעשטי מוישלן פר באטן.
זא טונין זיא דיזן גאט ניכט פר ערין.
זא קענין וויר זאלכש פאקטעל פון אים בגערן.
דז ער זייני פיינד מעכט זיין צוווידר.
אונ׳ דיא בעשטי אונטר זיין רעגירונג ליגן הר נידר.
אלזא וועו איר דיזי מיינונג פר גוט טוט בפינדן.
וואלן וויר דרויס שליסן איין גרונדן :

אמר אוברשטר האף מיינשטר / זאגט דער אויבערשט הויף מיינשטר

פרינץ המן דיזי מיינונג האב איך אויך בפונדן.
דז הירבייא איזט קיין גרונדן.
אורזך אם פרייטאג איזט דער אדם ווארן ערשפן פון גאט.
וועגן דיא איסראליטר דז זיא ווערן עמפפנגן דיא צעהן גבאט.
דאן גאט האט פון אן פנג גזעהן.
דז זאלכש ווירט גשעהן.

1263 ההשלמה לפי שורות 1161, 1192, 1221, 1242, 1290

דז איין פאלק פון אדם ווערט הער קומן.
וועלכי זיין ווירדן לויטר פרומן.
אונ׳ ווירדן עמפפנגן פון גאט.
דיא הייליגי צעהן גבאט.
אלזא האבן זיא גראס גנוס אן דיזן טאג.
אין איביקייט ניכט צו ליידן פלאג.
נון מוזן זיא בקענן מיר.
אלש איך זאג דיא ווארהייט היר :

אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז אויך דען זעקשטן טאג פרייאטג אויך ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ צו דען זיבנטן טאג שבת וואלן וויר רייכן.
כח ע״א אם שבת רעגירט דער | פלאנעט סאטורנוס דיא ערשטי שטונדן.
דער אויך פיל ביז האט אין זיין מונדן.
צו פיל ביז איז זיין נאטור.
מיט זיין הערשפט מכט ער איין גרוס רמור.
איין טאפרר העלד איזט ער צום שטרייט.
בלוט פר גיסונג איזט בייא אים אלי צייט.
אונזר עלטרן האבן אים שאן לענגשטן אן גבעטן.
דא ער אין זיין הערשפט איזט איין גטרעטן.
אלזא פר מיין איך אונטר זיין רעגיר⟨ן⟩.
ווירט עז האפנטליך אונש ניכט מנגירן.
זא פֿר מיין איך מיט דיזי זכין.
הימיט איין שלוס צו מכין :

אמר אוברשטר שטל מיינשטר / זאגט אוברשטר שטל מיינשטר
פריניץ המן דא העטן וויר דז רעכט ווידר שפיל אן גטראפן.
דא מעכטן וויר ⟨ר⟩עכט זיין אן גלאפן.
ווישן זיא דאן ניכט דיזש איזט בייא אינן איין הייליגר טאג.
דא פייארן זיא צו גאט דער אלש פר מאג.
דאש איזט איינש פון דיא צעהן גבאט וואש אינן גאט האט גבאטן.
פון דיזן גנוס וועגן קאן מן זיא ניכט אויז ראטן.
אלז דאן אן דיזן טאג מיט אינן אן צו פנגן.
מעכטן מיר קיין ער ערלנגן.

1298 במקור ד א ע ר א י ז ט א י ן המחיקה לפי פא
1299 במקור ר ע ג י ר ו נ ג התיקון לפי פא ולפי החרוז
1304 במקור ד ע כ ט התיקון לפי פא

אויך איזט עז גאר ניכט צו וואגן.
וויר מעכטן גראשי שימפף דר פון טראגן.
נון גפינדן וויר קיין מעטיפא אונטר אלי זיבן פלאנעטן.
איינגן גנוס וויר דרינן העטן.
אלזא וויל פרינץ המן בלייבן בייא זיין ערין.
זאל ער זאלכש ניכט בגערן:

אמר המן

אלזו קאן עז אויך אם שבת אויך ניכט גזיין.
נון קאן איך ליידר קיין טאג ניכט פינדן.
אלש איך די פעשטי קאן איבר ווינדן.
נון וואז וואלט איך פרינץ המן פר איין וועזן אויז מיר מכין.
דער יוד מרדכי מעכט מיינר שפאטן אונ׳ לכין.
אביר איך וויל מיך אנדרשט רעזאלפירן.
אין דיא מאנהייטן וויל איך שפעקלירן.
פיל לייכט מעכט איך איין מאנט פינדן. |
כח ע״ב ווארינן איך זיא קענט איבר ווינדן.
ווירט מיר איין מאנט בגליקן.
הויאן וויל איך זיא אויף שטיקן.
פון דענין פלאנעטן וואלן וויר ווייכן.
אונ׳ גין צו דעם הימלשן צייכן.
נון מיין הערן קאלעגא וואלן וויר פאר נעמן דען אפריל אלש ערשטר מאנייט.
איר הערן קאלעגא גיבט מיר איין ראט דער מיך ערפרייט.
אין אפריל וואלן וויר זעהן.
אוב זאלכש קאנט גשעהן.
דא רעגירט דער ווידר דארינן.
דא וואלן וויר זיך ניכט לנג בזינן.
אב איך שאן קיין טאג האב קענן פינדן.
דז מן זיא קענט איבר ווינדן.
דאך וואן דז גליק פון דען מאנאט קומט דר צו.
וויל איך מיר גאר בלד שפין רוא.
אלש וויא דער ווידר מיט זיין הערנר טוט שטוסן.
ווערדי איך זיא אויך קענין איבר ווינדן אויז דער מאסן.
נון זיין זיא אין מיינר הנט.
איזט אביר איין ווידר שטנד.
זאגט מירש בהענד:

אמר התך / זאגט התך

פרינץ המן אין דער ערשטן מאנאט האט עז קיין שטאט.

דיזש איין גראשי אורזך האט.
אין דיזן מאנאט איזט דיא איזראליטר איין גראש גליק ווידר פארן.
וויא ווירש אויז דען אנדרן בוך מאזיש ערפארן.
דען זיא זיין בייא קינג פרעה אין גראסר עלענד גוועזן.
אונ׳ אין דיזן מאנאט זיין זיא ווארן גנעזן.
נון וויא וואלן וויר מיט איינן איז דיזן מאנאט אן פנגן.
מיר מעכטן דאך קיין ער ערלנגן.
וויא קאן נון זיין איין גרעשרי פרייד.
וואן מן קומט אויז דער שקלאפיטעט אין דער פרייהייט.
אונ׳ דא צו איר פיינד זמט זיין גנצש הער.
זיין פר זונקן אין טיפן מער.
אלזא ווערן מיר דיא הערן קאלעגא בקענן.
אונטר דיזן מאנאט מיט איינן איזט גנץ אונ׳ גאר ניכטש פאר צו נעמן : |

כט ע״א אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז אויך דען ערשטן מאנאט אבריל אויך ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן ווייכן.
אונ׳ גין צו דעם אנדרן הימלש צייכן.
דען אנדרן מאנט מאיוס טוט דער שטיר רעגירונג אן פנגן.
דא פר מיין איך איין פיקטאריא צו ערלנגן.
דאן דער שטיר ווירט זיא גוויש מיט זייני הערנר שטאסן.
היר ווערדי איך זיא צווינגן אויז דער מאסן.
אהני צווייפל ווירט איר ניכטש הירווידר האבן.
איבר דיזי מיינונג האב איך ניכטש צו קלאגן.
איזט אביר אירגנט איין צווייפל היראן.
איר הערן קאלעגא דייט עז מיר אן :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן איין גראשר צווייפל איזט הירינן.
ניכט לנג איזט הירויף צו בזינן.
אונטר דיזן הימלש צייכן איזט איינן ניכט בייא צו קומן.
דז האב איך אויז דען אנדרן בוך דער קינגן פר נומן.
דאן טויזנט שטיר האט דער קינג סאלמאן גאפפרט צו גאט.
דא ער דען גראשן טעמפל צו הירושאלעם פר פרטיגט האט.
אהני דיא אנדרן אפפר דיא דיא קינדר איסראעל האבן גטאן.
דאש ווייש צו דאטא יעדר מאן.
איז דאש בעשטי אפפר גוועזן איין שטיר.
זא קאן עז אונטר דיזן הימלש צייכן ניכט גשעהן דז זאג איך היר.

נון מוזן מיר דיזן מאנט גין דער פון.
דאן אונטר דיזן הימלש צייכן איזט גאר ניכטש צו טאן:

אמר המן / זאגט המן
**אלזא** קאן עז דען אנדרן מאנט מאיוס אויך ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ גין צום דריטן הימלש צייכן.
כט ע״ב אין דריטן מאנט יוניוס טוט דער הימלש צייכן צווילונג | רעגירן.
דיזר ווירט גוויסליך אונש ניכט מנגירן.
דאן דיא צווילונג האבן טאפלי קרעפטן.
דא קאן זיך דז ביז אן אינן בהעפטן.
דאן דיז טוט דער פר שטנד מיט ברענגן.
אלש צווייא מ⟨ע⟩ר אלש איינר קאן צו וועגן ברענגן.
אלזא ווירט איר מיר נאך געבן.
דז איך אונטר דיזן הימלש צייכן קאן נעמן אירש לעבן:

אמר אוברשטר הוף מיינשטר / זאגט האף מיינשטר
יא פרינץ המן דא קעמן מיר גנץ רעכט.
דא מעכטן זיא זיין דיא הערן אונ׳ מיר דיא קנעכט.
דאן דיזן מאנט האבן זיא דיא העכשטי גאב ערווארבן.
דער מאזיש ברענגט דיא צווייא טאפל אין זייני ארמן.
נון וויא קאן דיא שטונד גליקזעליגר זיין.
וואן מן אין איין זאלכן האהן הערן דינשט קומט היניין.
אלש וויא דיא איסראליטן אין דיזן מאנט זיין קומן.
צו דען גליבטשטן פאלק זיין זיא ווארדן אן גנומן.
נון וויא קאן מן אן פנגן מיט זיא.
זאלכש איזט יַא גשעהן ניא.
וויא דיזן פאלק איזט גשעהן.
גלייך וויא מירש פר אויגן זעהן.
אן צו טרעטן אין דינשט איין זאלכן הערן.
מיט פיל מיראקל אונט גראשי ערין.
דאש איזט גשעהן אינן דיזן מאנהייט.
האבן זיא ערווארבן דיא איביקייט.
דרום מוזן מיר עז דיזן מאנט בלייבן לאזן.
דאן אין דיזן האבן זיא גליק אויש דער מאסן:

1390 המקור פגום והושלם לפי פא

אמר המן / זאגט המן

**אלזא** קאן עז אויך דען דריטן מאנט יוניוס ניכט גזיין.
זא וואלן וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ גין צום פירטן הימלש צייכן.
דאן דיזן מאנט רעגירט אין דער וועלט.
דער קרעפש וויא איין שטרקר העלד.
וועלכן דיא העברער פר און ווירדג הלטן.
אביר שייאן ניכט אלש איין זאלכר אין הימל האט פיל צו פר וולטן. |
ל ע״א אביר מיר הלטן ⟨אים⟩ אין ערן.
פיל אפפר האבן מיר אים גטאן צו ערן.
אלש ווירט אונז דיזר העלד.
העלפן דיא בעשטי ברענגן פון דער וועלט.
זאלט אביר עטוואז דר ווידר זיין.
דייטעט מיר עש אן איר הערן קאלעגא מיין.
זאלט אביר אייער מיינונג זיך רעכט בפינדן אין דער זכין.
זא וואלן וויר איין שלוס דרויש מכין:

אמר אוברשטר שטל מיינשטר / זאגט אוברשטר שטל מיינשטר

**פרינץ** המן אויז דיזן איז קיין פונדאמענט צו מכין.
עז גפלין מיר ניכט זייני זכין.
דאן אין דיזן מאנט איז דיא שטט ירוזאלעם ווארדן איין גנומן.
אונ׳ אינן שאן אונטר דיזן הימלש צייכן איין אונגליק ⟨איז⟩ צו קומן.
אונ׳ דיזש וויל איך אייך אן דייטן.
אלש צווייא און גליק קאן אינן ניכֿט צו קומן אין איינר צייטן.
אלזא איזט הירין פלש ניכֿט ⟨פֿיל⟩ צו טושפוטירן.
מיר מוזין זיך אנדרשט רעזולפירן:

אמר המן / זאגט המן

אלזא קאן עז אויך דען פירדן מאנט יוליא ניכט גזיין.
זא וואלין וויר פון דיזן וויכֿן.
אונ׳ גין צו דען פֿינפֿטן הימלישן צייכן.
דאן אן פֿינפטן מאנט אויגושטי טרעט רעגירונג דז ליבן איין.
דיזר ווירט אונש גווישלך בייא שטין.
דאן וויא דער ליב טוט איבר ווינדן אלי טירן אינש פעלד.

1418 ההשלמה לפי פא
1429 אחרי ה י מ ל ש שוב מתחילה יד אחרת
1429 ההשלמה לפי פא
1432 ההשלמה לפי פא

אלזא ווערן מיר אויך קעני̇ן ברענגן דיזי בעשטי' פון דער וועלט.
דאן אונטר אלי טירן איז קיינר זא מעכ̄טיג.
אויך קיינר אונטר אינן זא פרעכ̄טיג.
זא ווערדן וויר דיא בעשטי' אלי צו גלייך.
ערשלאגין אונ' אויז ראטין אויז אונזרן רייך.
אבר איך ווילש ניכ̄ט אליין זעצין אויף מיינם פר שטנד.
איר הערן קאלעגא יודיציירט היריבר איר זייט הערן אין לנד.
זא דיז ביי אייך שטַט מעכט פינדן.
זא טוט מירש גלייך אן קינדן :|

ל ע״ב אמר התך / זאגט התָך

פרינץ המן אונטר דיזן ווייש איך ניכט וואז מיר קענטין אויז ריכטן.
זיינן זכין זיין יַא אלי ניכטן.
האבן זיא דאז פ̄ון אונזרן הערן קאלעגא ⟨ניכ̄ט⟩ פר נומן.
דז אינן קיין צווייא און גליק אין איין מאנט ניכט צו קומן.
נון אין דיזן מאנט איז אינן דז גרעשטי און גליק ווארן צו גזענט.
דז איר הייליג טעמפל ווארדן פר ברענט.
נון זאג איך דיא ווארהייט.
דז זיא אין דיזן מאנהייט ווייטרש פון און גליק זיינן בפרייט.
צו מאל האב איך פון אירן גלערטן הערן זאגן.
דז זיא אין דיזן טאגן.
ווערן האבן אין דער לעצטי צייט.
אין דיזן מאנאט דיא גרעשטי פרייד.
אלזא איזט עז ניכ̄ט צו וואגין.
פלכט גשיכט עז אין דיזן טאגין :

אמר המן / זאגט המן

אלזא קאן עז ליידר אין דיזן מאנאט אויגוסטי אויך ניכ̄ט גזיין.
זא וואלין וויר פון דיזן וויכן.
אונ' גין צו דען זעקשטן הימלש צייכן.
דען זעקשטן מאנאט סעפטעמבר טוט דיא יונג פ̄רויא רעגירן.
אין דיזן ווירט עז ניכ̄ט מאנגירן.
דען וויא איין יונג פ̄רויא איזט שוועכר אלש איין מאן.
אלזא ווערדי איך זיא מאכין אונטר טאן.
אונ' ווער זיא ברענגין אונטר מיינה הנט.
אויז צו ראטין אויז אונזרן לנד.

1451 ההשלמה לפי פא

אין דיזן מאנאט קענט איר ניכטש ער ווידר האבן.
אונט דיזי מיינונג קענט איר ניכט אב שלאגין.
אלזא וואן איר דיז בפנט פר גוט.
זא מאכט פרילך מיין מוט :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן אויף דיזן מאנאט איז אויך קיין רעפליקאציאן צו מאכין.
עז וואלן מיר אויך ניכ̃ט גפאלין זיינה זאכין.
דאן דיזן מאנאט טואין זיא פריא אויף שטין.
אונ׳ טואן אין אירה שולין היניין גין.
אונ׳ טונין פלייסג בעטין אונ׳ צו גאט שרייאן. |
לא ע״א ער וואלי אינן אירי זינד פר צייאן.
גראש ווייגן אונט לאמנטירן.
טונין זיא אין דיזן טאגין פר פירן.
נון וויא קאן ליידן דער פר שטַנד.
דז איר זיא ווירט אין דיזן צייטן ברענגן אונטר איירי הנט.
דאן דורך אירש גרוש פסטין אונ׳ בעטין.
קומן זיא אלי צייט אויז ניטן :

אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז אויך דען זעקשטין מאנאט ניכ̃ט גזיין.
זא וואלין וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ גין צו דען זיבנטן הימלש צייכן.
דאן אין דען זיבנטן מאנאט אקטאבר רעגירט דיא וואג.
אין דיזן מאנאט ווערדי איך זיא אן טאן גראשי פלאג.
דאן דיז האב איך פון דיא בעשטי׳ זעלבשטן פר נומן.
דז אין דיזן מאנאט אירי זינט אויף דיא וואג טוט קומן.
אונ׳ דא דיא זינדי טואין איבר וועגן.
מוזין זיא אלי קומן אום אירש לעבן.
נון איזט דאך קיין מענטש פר הגדין.
דעם ניכט קומן אלי טאג זינדן צו הנדין.
אלזא איזט מיין גנציר ראט.
אין דיזן מאנַט קאן מן זיא ברענגן צו טאט.
זא וואלין וויר זיך ניכט לענגר במיהען.
אונ׳ אין דיזן מאנַט וואלן וויר אונזרן גנצין ווילן פאל ציהען :

אמר אוברשטר האף מיינשטר / זאגט האף מיינשטר
פרינץ המן דיזר פאר שלאק גיט אבר מאל ניכט אן.
דאן וויר מעכטן אין שנדין בשטאן.

אורזך אין דיזן מאנאט האבן זיא איין טאג.
דז זיא פון אלין זינדן ענטלאזין ווערדן דיזש איך אייך זאג.
אויך האבין זיא אין דיזן מאנאט אנדרי פייאר טאגין דא זיא דיא
ביכר מאשיש טונין הירין אויז לעזין.
דיזי אורזך ווערדן זיא בהיט פון אלין ביזן.
דרום אויך אין דיזן מאנאט מיט איינן אן צו פנגין. |
לא ע״ב איזט גאר ניכֿט מיין פר לנגין:

אמר המן / זאגט המן
**אלזא** קאן עז דיזן זיבנטן מאנאט אקטאבר אויך ניכֿט גזיין.
זא מוזין וויר פון דיזן וויכן.
אונ׳ גין צום אכטין הימלש צייכן.
דען אכטן מאנאט נאוועמבר רעגירט דער שקורפיאן.
דא ווער איך זיא אלי לייד קענין אן טאן.
דאן דען גרעשטין גיפט האט ער אין זיך.
אונטר דיזן ווערדי איך זיא פר טילגן דז זאג איך.
אין דיזן מאנאט טונין זיא גאר קיין גנוס ניכט האבן.
אין דיזן מאנאט ווער איך דיא בעשטי׳ קענין ער שלאגין.
אלזא הערן קאלעגא גפאלין אייך דיא זאכין.
אוב עז ווערי איין פונדימענט דרויש צו מאכין.
הבט נון קיין פר דרוס.
אונט מאכיט דרויש איין שלוס:

אמר אוברשטר שטאל מיינשטר / זאגט דער אוברשטר שטל מיינשטר
**פ**רינץ המן דז קאן אבר מאל ניכט זיין.
צו זיינר מיינונג זאג איך ניין.
דאן אין דיזן מאנאט איזט דיא זינד פֿלוט גוועזן.
אונ׳ דער נאע איזט דער פון ווארדן גנעזין.
אויך איזט אין דיזן מאנאט איר מוטר שרה ווארדן גיבארן.
פון דיז גנוס וועגן קא⟨נ⟩ן זיא אין דיזן מאנאט ניכט ווערדן פר לארן.
דז דיז מוזין וויר גאר וואל בוועגן.
איין גנציש פאלק אויש צו ראטין מוזין ⟨וויר⟩ אליש גרינדלך איבר ליגן.
עז מוז דראן זיין גאר קיין אן שטנדין.
היר אבר זיין גאר צו פיל פר הנדין.

1527 אונ׳ דער נאך זיא איז דא פֿון ווארײן גנעזן פ; בא במקום נאע/נאך כתוב נאהי!
1529 ההשלמה לפי פ
1531 ההשלמה לפי פא

אלזא איזט מיין פר לנגין.
מיט איהנן אין דיזן מאנאט ניכט אן צו פנגין :

אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז דען אכטין מאנאט נאוועמבר אויך ניכט גזיין.
זא וואלין | וויר פון דיזן ווייכן. לב ע״א
אונ׳ גין צום נייגטן הימלש צייכן.
אין נייגטן מאנאט דיצעמבר טוט דיא רעגירונג דז שיצן אן קומן.
דא מוזין זיא אלי אום אירש לעבן קומן.
אונטר דיזן הימלש צייכן קאנן וויר עז שון וואגין.
דער שיץ ווירט זיא שיסן מיט זיינם באגן.
אונטר דיזן וואלין וויר זיא איבר איילן.
דער שיץ ווירט זיא שיסן מיט זיינר פיילן.
איך הב בייא קיין הימלש צייכן אונ׳ פלינעט גפונדן.
דז מיר העטין זאלכי גרונדין.
אלש ברויכט עז ווייטר קיין טישפוטאציאן.
אונ׳ וואלין שליסן דיזי רעזולציאן :

אמר התך
פרינץ המן דיזי מיינונג הט קיין שטאט.
אונ׳ איזט ווערליך איין שלעכטר ראט.
אונט דיז הימלש צייכן איזט ניכט אן צו פנגין.
קיין עהר מעכטין וויר ער לנגין.
⟨דאן⟩ דז האבן וויר אין דען שטערן קונשט ער פארן.
דז זיא איין גראס גליק אין דיזן מאנאט ווירט ווידר פארן.
דז זיא איין גראסר קיניג אנטיוכי ווערט וואלן אויז ראטין.
אונ׳ פיל פון אינן ווירט לאזין טיטן.
אבר אין דיזן מאנאט ווירט זיך דז בלעטליין ווענדן.
איר פיינט ווערדן פאלין אין אירה הענדין.
זיא אבר ווערדן ביהלטן אירש רייך.
אונ׳ אויך זיין אנדרי קיניגן צו גלייך.
אלזא אוב שאן רעגירט דער שיץ מיט זיינם באגין.
איזט דאך ניכֿט מיט איהנן צו וואגין :

אמר המן / זאגט המן
אלזו קאן עז אויך דיזן נייגטן מאנאט דיצעמבר ניכט גזיין.
זא וואלין וויר פון דיזן ווייכן.

1553 במקור פעמיים ד ז תוקן לפי פא

אונ׳ גין צום צעהנטן הימלש צייכן.
אין צעהנטן מאנאט יאנואורוס טוט רעגירן דז שטיין באק אן קומין. |
לב ע״ב אין דז הימלש הער הערט מן אים ברומן.
גראשי הערנר האט ער צום שטאסין.
אלזו ווערדי איך זיא איבר ווינדן און פר דראסין.
וויא אויך דער קיניג נבוכד נצר האט דיז אויך פראבירט.
אין דיזן מאנאט האט ער דיא שטאט יערוזלם פלאגירט.
האט אויך טאן בגליקן.
אונ׳ דיא מאורן צו שטאסין אויף שטוקן.
זא ווערט מיר אויך מיין גאט דז גליק געבן.
דז וויר זיא ווערדן קענין נעמין אירש לעבן:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן איין גרויזמר פעלר איזט הירינן.
ניכט לנג איזט דרויף צו בזינן.
פון דער אורזך וואז זיא האבן פאר גבראכט.
דיזן האבן אונזרי הערן קאלעגא שאן גדאכט.
דז זיא קיין צווייא און גליק אין איינר צייט קאן גשעהן.
דז ווירט איר גאר וואל זעהן.
נון האבן זיא אין נבוכד נצר צייטן דז און גליק אויז גשטנדין.
זא קאן מן זיא דיזן מאנאט ניכט ברענגן צו שנדין.
אלזא זאג איך דיא ווארהייט.
דז זיא נון דיזן מאנאט פון און גליק זיין בפרייאט:

אמר המן / זאגט המן
אלזא קאן עז דען צעהנטן מאנאט יאנואריס אויך ניכט גזיין.
זא וואלין וויר פון דיזן וייכן.
אונ׳ גין צום איילפטן הימלש צייכן.
אין דען איילפטן מאנאט פעברואורי רעגירט דער וואשר מאן.
דא ווערדי איך זיא קענין לייד אן טאן.
דאן וויא דער וואשר מאן לעבט אין וואשר וועלכש טוט אליש פר שוועמין.
אלזא ווערדי איך זיא קענין פר דאמין.
אונ׳ וויא דז גראשי מער דז טוט אליש פר פליצן.
זא ווערדי איך זיא ברענגין אין מיינר נעצין.
נון ברויכ֗ט ⟨עז⟩ ווייטר קיין נאך דענקין.
אין דיזן מאנאט ווערדי איך זיא קענן קרענקן. |
לג ע״א זא וואלן וויר עז דא בייא לאזין ביוועגדן.

1595 ההשלמה לפי פא

אונט היא האט מיין שפעקולירן איין ענדין:

אמר אוברשטר הוף מיינשטר / זאגט דער אוברשטר הוף מייגשטר
פרינץ המן וואן איך זאל דיא ווארהייט זאגין.
זא מוז ⟨איך⟩ דיזן פונדימענט אויך אב שלאגין.
איין זך וויל איך אייך פר טרויאן.
דז קאנט איר אין דיא שטערן קונשט נאך שויאן.
דז זיא אין דיזן מאנאט אין קורצין טאגין.
איין גראס גליק ווערדן האבן.
דז דער פראפעט עזרא מיט אל אירן לייט.
ווערדן פון דיזר שקלאפיטעט בפרייט.
דיז ווירט אינן אין דיזן מאנאט גשעהן.
וויא מירש אין דען שטערן קונשט קאנין זעהין.
דרום איזט אין דיזן מאנאט מיט אינן ניכט צו וואגין.
דאן פיליכט גשיכט עז אין דיזן טאגין.
דרום איזט מיין פר לנגין.
אין דיזן מאנאט מיט אינן ניכט אן צו פנגין:

אמר המן / זאגט המן
**אלזא** קאן עז ליידר דען אייליפטן מאנאט פֿערווארי אויך ניכט גזיין.
נון ליידר ווייש איך מיר ניכט צו העלפין. צו ראטין. צו ווענדן. צו קערין.
נון האב איך ניכט מער אלש איין מאנאט צו שפעקולירן.
וואן עז זיך דיזן מאנאט ניכט זאלט שיקן. וויא זאלטין וויר זיך רעזאלפירן.
וואן דז גנצי יאר אלין פלינעטן אונ׳ הימלישה צייכן.
אינן צו גוטן טוט רייכן.
ווערט דען יושט דער צוועלפטי הימלישה צייכן אינן זאלכין שאדין טאן.
איך הב גראשי צווייפל היראן.
וואו הין זאלט איך מיך קערין אדר ווענדין.
דער יוד מרדכי מעכט אונזרר לעשטרן אונ׳ שענדין.
דרום אירה הערן קאלעגא קומט מיר צו הילף מיט איירן ראט.
אונטר וואלכין איך זיא ברינג צו טאט:

אמר אוברשטר שטאל מיינשטר / זאגט דער אברשטר שטל מיינשטר
פרינץ האמן איר זאלט ניכט פר צאגין.
לג ע״ב האבט איר דאן ניכט גהערט | אלי אייאר טאגין.
וואן איינן דז גנצי יאר גלייך איזט צו גליק.
וואן זיך דז בלעטל ווענד איז דיא אינפרטוניא אין איין אויגן בליק.

1600 ההשלמה לפי פא

היר האבין וויר דען גנצין מאנאט מרצי וועלכר איזט נאך פר הנדין.
זא קאן מן זיא נאך ברענגין צו שאנדין.
דאן אין דיזן מאנאט טוט דער גראשי פיש רעגירן.
אן פנג טוט מן אין גלייך שפירן.
דאן וויא דער גראשי פיש דיא קלייני טוט איין שלינדן.
זא ווערדן וויר זיא אויך קענין איבר ווינדן.
דאן זיא זיין דיא קלענשטן אונ׳ וויר דיא גרעשטין.
זאגט מיר דיא ווארהייט איר גראפֿין אונ׳ פערשטן.
אונטר דיזן קענין מיר זיא בייא קומן.
דז זיא אל אום איר לעבן קומן:

אמר המן בקול רם / זאגט המן מיט הויכֿר שטים
פריילך טוט עז זיך אין דיזן מאנאט צום בעשטין שיקן.
דיזש טוט מיר מיין הערץ ערקוויקן.
איר האבט זאלכי הויבט אורזך גיטראפין.
אין דיזן מאנאט וואלן מיר האפין.
אין דיזן מאנאט האבן מיר זיא אין אונזר הנדין.
זא וואלין וויר זיא ברענגן צו שנדין.
נאך איין אורזך האב איך צו הילף גפונדן.
דז וויל איך אייך אן קונדין.
אין דיזן מאנאט איזט אויך איר ראבינר מאזוס גשטארבן.
אלזא פר האף איך זיא צו פר דרבין.
אונ׳ וואן מיר דיזי רעזולציאן זאלט פול צאגן ווערדן.
איין פריידן פעשט אונט האהי פנקיט וויל איך אן שטעלין פר אלי הערן:
היא דאמבור לושטיג שלאג לרמי:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
פרינץ המן איך טוא אייך דיז גלייך וואל ווערין.
דיא יודן אירש לעבין זאלט איר ניכט צור שטערן.
דאן הבט איר ניכט פון קיניג פרעה גילעזן.
וואז ער פר טריב מיט זיא איין איבלש וועזין.
איר קינדר לעשט ער דר טרענקין.
איר גאט לאשט אימש ניכט שענקין.
לד ע״א זיין גנץ | גאבאלרי אונט גנציש הער.
מוזין פֿר זינקן אין טיפן מער.
אלזא וואן ער בייא זיין הרשפט בלייבן וויל אין האהין עהרין.
זאל ער זאלכיש פון אירה מיישטעט ניכט ביגערן.
אונ׳ זאלכיש גאר ניכט פאר צו נעמן.

דען עז מעכט איין איבלן אויש שלאק נעמין :

אמר המן / זאגט המן

האף קנצלר טוא ער מיר אויז דען יודן קיין גראסיס וועזין מאכין.
אונ׳ ריד ער מיר אויך ניכט אין מיינה זאכין.
דאן איך מרקי דז איר אין וויגג שולן האט שטודירט.
אויך אין פאליטשה זאכין ניכט זייט אימפרמירט.
דרום לאז איך מיך ניכט אב שלאגין אונ׳ אב ווערן.
זאלט איך לנד אונ׳ לייט דראן קערן :

קניאט המן פר דען מלך / קניאט המן פר דען מלך זאגט

פנגט אן דיא מסירה
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג אונ׳ אין דער גנצי וועלט איין הער.
אייער קיניגרייך ער גרישט זיך אֵי לענגר אי מער.
איינה גראשי זַך הב איך אירה מיישטעט צו רעפורירן.
איבר איין שעלמיש פאלק האב איך צו דוניצירן.
איין פר שמאכטש אונ׳ פר אכטש פאלק האבין אירה מיישטעט אין אייער לנד פר שפרייט.
אין אלין שעלם שטוק זיין זיא אן ברייט.
איר ביזש הער קומן וויל איך אירה מיישטעט קורצליך פאר ברענגין.
וויא זיא זיך ביז דאטי אונטר אונש האבן טאן פר מענגין.
איר אליר ערשטר פאטר אברהם דא ער האט זאלין גיבארן.
האבין זאלכיש אונזרי פאר עלטרן אין שטערן גזעהן פר פיל יארן.
אונ׳ וועגן זאלכיש ביזש נאך קימלינג איזט ער פון דיא אונזרגן צו פייער פר אורטיילט ווארדן.
דאמיט קיין זאלכש ביזש פאלק פון אין זאלט ווערן גבארן.
לד ע״ב ער אבר דורך צויברייא. | דיא ער גלייך פון זיין גבורט פר צויברט גוועזן.
האט ער זיך פון זאלכן פייער פרקטעצירט אונ׳ איזט דאפון ווארדן גנעזן.
נון האבן אונזרי געטר זא פיל אין פר מעגן גיהבט.
אונ׳ אין און פרוכבר גימכט.
דאמיט אבר מאלין קיין זאלכיש ביזש פאלק אויף דער וועלט זאלט קומן.
דיזש האט דער טייפל פר נומן.
אונ׳ גלייך וואל זא פיל צו וועגן גשטעלט.
אונ׳ אים איין זון איזַק גבראכט אויף דער וועלט.
וועלכר נון איין זון גהבט דער ווארעשו גנבט.
דער וואר אין אונזר געטר דינשט גאר וואל ביקאנט.
דערנט וועגן האבן זיא אים פר מאלידייט אונ׳ פר אכט.
אונ׳ אים פון דער גנצי ערב שפט גבראכט.

און׳ דיא גנצי ערב טייל זיינש פאטרש זיין ברודר יאקוב איבר געבן.
דער וויילן ער איר שעלמרייא און׳ צויברי קענט וואל נאך לעבין.
דיזר יאקוב איזט דער גרעסטי בטריגר פון דער וועלט.
און׳ האט זיך דער בייא גנץ איינפלטיג גשטעלט.
ער זיין ברודר עשו האט בטראגן.
און׳ אים פאר גילאגן.
זיין בענדייאונג האט ער אים ליסטיג און׳ בטריגלך אב גשטולין.
ער דענקט זיך וואז פראג איך דער נאך לאז אים דער טייפל האלין.
דיזן בטריגליכן מאן טואין דיא שעלמי צו דאטי נאך גראטין.
זיא פראגן ניכטש דער נאך אוב עז גאט האט פר באטין.
דיזר בטריגליכר מאן האט זיך זא פִיל גמערט.
צוועלף זין זיין אים וואָרדן גיבערט.
פון דען צוועלף זין איר גראסי שטרייטן.
וויא אויך איר גרויזמבי באס הייטן.
איזט ניכט צו זאגין נאך צו שרייבן.
וויא זיא עז אין דיא צייטן פר טרייבן.
צווייא פון איהנן האבן איינה שטאט ער מארט און׳ יעמרליך ער שלאגין.
וועלכיש איהני צו דאטי איזט ניכט צו פר טראגין.
וואז זאל מן נון זאגין פון | דענין בייז וויכטן. לה ע״א
איר אייגנן ברודר האבן זיא פר קויפט צום קנעכטן.
אירן פאטר האבן זיא פאר גלוגן.
איין בייז טיר האט אין צו ריסן דא מיט האבן זיא אים בטראגן.
דעסנט וועגן איין גראס און גליק אינן איזט ערשטנדן.
אין עגייפטן וורן זיא בלד צו שנדן.
דאן היר דורך וואָרן זיא אין עגייפטן קומן.
דארטן וואָרן זיא פר גראסי פיין אלי שרייאן און׳ ברומן.
פון דארטן האבין זיא אן אירן אייגנן קינג רעבילרט.
און׳ זיין גוולטיגר ווייש הירויש מרשירט.
איין גראשר צויברר האט זיך דא מאלש בייא אינן פינדן לאזן.
וועלכר דען קינג פרעה שערט אויז דער מאסן.
מיט צעהן פלאגן האבן זיא דורך צויברנוס אירן קינג גשלאגן.
איך קאן ניכט אויז שפרעכן וואז פר גרויזמבי פלאגן.
ענטליך און׳ לעצליך דארך בטרוג זא פיל פרקטיצירט.
דורך רעבעליאן אירש הערן האב און׳ גוט אלש אוועק גפירט.

1701 ד י א] במקור ד ע ן תוקן לפי פא | ש ע ל מ י] ב ע ש ט י פא
1711 כאן שוב מתחילה יד אחרת

דיזש איזט וואל בייא אונש צו בזארגן.
דז דיא בעשטי אונש ניכט בצאלן אלזו היינט אדר מארגן.
הרנאך בייא דען גראסן גנאד דז זיא האבן גהאבט פון גאט.
מכטן זיא איין גולדן קלב וועלכש גאט פר באטן האט.
אונ׳ האבן עז מיט לויטן שטים אן גבעטן אונ׳ זינגן.
אונ׳ אום איין טעטן זיא טנצן אונ׳ שפרינגן.
איין זאלכש אונ דר ברמיג פאלק איזט ניכט מער צו פינדן.
אין אירן שטרייט פר שאנן זיא ניכט אין מוטר לייב דז קינדן.
איין אונ׳ דרייסיג קינגן פון דיא אונזריגן האבן זיא גטיט אונ׳ ערשלאגן.
אירי פעלקר טרקטירט דז ניכט איז אויז צו שפרעכן נאך צו זאגן.
קיין זיל ניכט פון אינן לעבן גלאזן.
זאנדרן איר בלוט אלש וושר פר גאסן.
אונ׳ אונש זמט אונזרי געטר האבן זיא אויז גראט.
אונ׳ שפרעכן דז אינן דיזש איר גאט גבאטן האט.
אויף אונזרי פר בארגני שאץ האבן זיא גאיילט.
אין אונזרי לענדר האבן זיא זיך איין גטיילט. |
לה ע״ב בייא זאלכן גליק האבן זיא זיך זא האך ערהאבן.
אלש וואן זיא שאן ווערן אין הימל אָבן.
דז אליר הייליגשטי פאלק האבן זיא זיך גנענט.
דיא אונזריגן האבן זיא אלי גשענט.
אלזא זיין זיא פיל יארן אין דיזן לענדרן גבליבן.
ביז זיא פון דען גראשן נבוכד נצר זיין ווארדן פר טריבן.
אונ׳ זיא גפנגנר ווייש אין אונזרן לענדרן גבראכט.
אונ׳ זיין גנצן ווילן מיט אינן פר בראכט.
פיל פון אינן האט ער ערשלאגן מיט דען שווערט.
איר טעמפל אונ׳ לנד פר שטערט.
נון זיין זיא ווארן צו שנדן.
אונ׳ גפעגנר ווייש זיין זיא אין אונזרן לנדן.
זא זאלט בילך איר האפרט אונ׳ האהן מוט אינן פר גנגן זיין.
פון גראשן טריבזל אונ׳ גראסי פיין.
דיא זיא פון יעדר מן מוזן ליידן.
ערשט טואן זיא איר באסהייט ניכט פר מיידן.
איר איבר מוט ערשטרעקט זיך יע לענגר יע גרעסר.
זיא ווערדן אלי צייט ערגר אלש בעשר.

1731 במקור פעמיים מ י ט
1742 במקור פעמיים ה א ב ן

אונטר דיא פעלקר אלי צו גלייך.
האבן זיא קיינן פיינטר אלז אונזר פרסיאנש קינגרייך.
וויילן מיר אירן טעמפל האבן פר שטערט.
אונ׳ פיל פון אינן צו הויאט מיט דעם שווערט.
אונזר געטר האלטן זיא פר דען גרעסטן גרויל.
ווידר אייער קינגרייך צו בעטן זיינן זיא ניכט פויל.
אונ׳ הימיט וויל איך עז זונין קלאר אפראבירן.
אונ׳ אירא מישטעט זאלן היריבר יודיצרן.
אייער קינגליכי מיישטעט האבן אייני גנעדיגי פאטענט ערגין לאזן.
וועלכי בילך פעסט זאלט גהלטן ווערדן אויז דער מאסן.
אלש זיך יעדר מן זאל קיגן מיר בייגן.
אונט מיר ער ערצייגן.
וועלכש אלי פעלקר פלייסג נאך לעבן.
אויסר דיא בעשטי וויל עז ניכט זיין עבן.
אורזך וויילך איך אויף מיינם קלייד.
אונזר געטר בילדנוס האב צו ברייט.
לו ע״א נון מיט | האבין זיא ניכט אליין אירה מיישטעט זיין גיבאט צור שטערט.
זונדרן אויך אונזר געטר ער בינומן פיל וויניגר דז זיא אינן העטין געהרט.
אירה קיניגליכה מיישטעט האבין דאך זיינה אליר ליבשטה גמאלין
ניכט גישאנט.
אונ׳ זיא מיט דעם שווערט בילאנט.
דער וויילן זיא אייערש גיבאט האט צור שטערט.
אלזו האט ער זיא הין ריכטן לאזין מיט דעם שווערט.
וויא זאל מן דיזש פון דען בעשטי׳ צו זעהין.
אונ׳ זיא אליר העכשטי שטראף גיגן איהנן ניכט טאן גנעהן.
וואן נון אייער גפנגני אין איירן לנד זיינש גבאט צור שטערין.
ווער ווירט דאן אייערש גבאט מער עהרין.
אייער גראס עקסעמפל זאלן אירה מיישטעט היריבר מאכין.
דז זיך קיינר אונטר שטיט אויש זיין גיבאט מער צו שפאטן נאך לאכין.
נון איזט הויבט זיכטליך צו ביאבאכטן אייער מיישטעט.
וויא אויך אירש האהש גיבאט אויטאריטעט.
זא איך אבר ווישט דז מיינה אויש פירליכה ארציאן אירה מיישטעט
אין בשווערליך שיינן.
זא מעכט איך פערנרש פראדוצירן וואז זיא פאר [שעל]מן זיינן.

1766 במקור נמחק א נ אחרי ו ו י ד ר
1777 בדף לו ע״א שוב מתחילה יד אחרת
1792 השחזור לפי פא

אונ׳ פרימה אפראבירן דז זיא אירה מיישטעט קיין נוצין ברענגין.
דער בעשטי אונטר איהנן איזט ווערט אויף דען ליכטן גלגן צו הענגן.
זיא זיין ניכט צו גברויכן צו איינר שטרייט.
פר דז גווער לויפן זיא וויא דער טייפל אויף דער צייט.
צו דער ארבייט קאן מן זיא פיל וויניגר גניסן.
זיא קאנין וועדר הויאן נאך שיסן.
זיא שפרעכין מיר זיין לויטר קיניגש קינדר.
בעשיר אלש דיא ענגלין שעצין זיך איין יעדר פון אינן בעזונדר.
דיא האפר פון אינן איזט גאר ניכט אויש צו שפרעכין.
ווער איר נרשי מיינונג הערט דער מוז העפטיג דריבר לאכין.
פון אלין פעלקרן איזט אב גיזונדרט איר גיזץ.
לו ע״ב איין יעדר בעשטי׳ פר מיינט דז פר אין איז גבויט | דער הימל שאץ.
זיא קאנין וועדר טורנירן נאך פעכטין.
פון אלין נאציאן זיין אב גזינדרט אירה ריכטן.
נרשי אונ׳ אויסר ליכה [מ]ינונג טואן זיא פירן.
מעכטי איינר פון אונז אירן ווין אן רירן.
זא טוט איינר אויף דען אנדרן וויבקן.
דיזן ווין דרפשט דוא ניכט טרינקן.
דען עז ווער ווידר אונזר גיזאצין.
מיט דיזן הלטין זיא אונז פיל און ווירדיגר אלז אלי ראצין.
שאן וואן ⟨איין⟩ פליג טוט פַלין דריין.
זא ווערפין זיא דיא זעלביג ארויש אונ׳ זויפן אויש דען וויין.
וואז איזט נון צעקונדא צו מעלדין.
וואן זיא שאן ווערדן דיא אליר שטארקשטי העלדין.
זא קאן מן זיך דז גנצי יאר.
אויף איהנן ניכט פר לאזין אום אייניגש האר.
דען דז גנצי יאר פר ברענגין זיא מיט לויטר פייער טעגין.
אונט אונש מיט ליגן בטריגן.
זאלט גלייך דיא אליר העכשטי שטראף פאר פאלין.
זא שפרעכין זיא וויר מיזין דען שבת היטן פר אלין.
דען זיא זאגין דער טאג שבת איזט איין צייכן פון גאט.
דז ער אונז פון אלי פעלקר אב גזונדרט האט.
אב זונדרליכי צערמאני׳ טואין זיא דיזן טאג הבין.
מיט פרעסין אונ׳ זויפן אונ׳ וואל לעבין.

1807 המקור פגום והושלם לפי פא
1813 ההשלמה לפי פא

אונ׳ זאגין ווער דיזן טאג וואל לעבן טוט.
דער האט צו ד⟨ער⟩ קינפטיגר צייט איין גוטן מוט.
דיזש האבן זיא וואל צווייא אונ׳ פונפֿציג מאל אין איינן יאר.
דז קאן איך אפראבירן פר ווארי.
וואז זיא אונזרי פויארן אב פרעסן.
טואן זיא דיזן טאג פר זויפן אונ׳ פרעסין.
אהני דיא אנדר פייאר טעגין.
דיא איר גזאץ פר מעגין.
אלי וויל איך פר אירה מיישטעט אפין בארין.
וויא זיא זיך האפֿירן דז גנצי יארן :

דען ערשטן מאנאט אפריל האבין זיא אסטר פעשט.
לז ע״א דא גביסן זיא | דז אונזריג אויף דז אליר בעשט.
פראג איינר אורזך דיזי פייער טעגין.
איין ליגן ווערן זיא גלייך הער זאגין.
דא איננ אין דיזן צייטן דער הימלישה גאט.
אויז עגייפטן ער ליזט האט.
אונ׳ זיא נון אין וועג זיין גיוועזן פר אירט.
האט זיא גאט טרוקין דורך דז גראסי מער גפירט.
אונ׳ אירה פיינט אלי דער טרענקט.
אין טיפֿן מער פר זענקט :

אן דריטן מאנאט יוני האבין זיא אויך פייער טעגין.
וועלכיר נאמין פינגשטן. איר גיזץ דיזש פר מעגין.
דען נאך אירה מיינונג נאך האבין זיא עמפנגין פון גאט.
דיזי טאגין דיא צעהן גבאט.
אונ׳ מיט דיזן מיט גראשי האפרט זיך בילדן איין.
אליש זיא וועגן דעסין בעסר אלז אלי פעלקר אויף ערדן זיין.
דאן דער הימלישה גאט אלזא גנעדיג גוועזן.
אויז אלי פעלקר האט ער זיא אויז גלעזין.
דיזש טואן זיא אויז אירן אייגנן ביזן מוט טרכטין.
נור דז זיא אונזרש קיניגרייך פר אכטין :
אין פירדן מאנאט יולי אונ׳ אין פינפטן מאנאט אגוסטי האבן זיא
צווייא טרויר טעגן.
דיא אורזך דיזש פר מעגין.
וויל דער גראשי קיניג נבוכד נצר אירש טעמפל האט צור שטערט.

1828 במקור ד י א תוקן לפי פא
1857 במקור ט ע ט ג ן

אונ׳ פֿיל פון איהנן צו הויט מיט דען שווערט.
דרום טונין זיא אורזך זוכין.
אייערש קיניגרייך צו פר ווינטשן אונ׳ פר פלוכין:

אן זיבנטן מאנאט האבין זיא נייא יאר.
דא פר ווינטשן זיא אונש גנץ אונ׳ גאר.
אונ׳ זאגין אין דיזן טאג איז דז גריכט פֿון דער גנצי וועלט.
זא טעט איר גאט אויף אונש פר אורטלין וואז ער וועלט.
אונ׳ האבין איין סערמוני׳ מיט דען הארין.
גלייך אלש יאגר א⟨ד⟩ר דז זיא מעכטין אויף דער פאשט אין הימל פארן: |

לז ע״ב אונ׳ אן צעהנטן טאג אין דיזן מאנאט האבין זיא אירן לנגן טאג.
אירי אורזך דיזש פר מאג.
דז גאט אין דיזן טאג איר זינד אלי טוט פר צייאן.
אונ׳ אינן ווידרום איין גליק זעליגש יאר טוט פֿר לייאן.
אבר הין קיגן זאלין דיא מיסטאט פון אינן ווערדן בנומן.
אונ׳ אין דופלטין אויף אירן פיינדן קומן.
אונ׳ דיז האב איך צו פאר גמעלט.
דז זיא קיין גרעשרן פיינט אלש אונזר פערסיאנרש רייך האבן אין דער וועלט:

פֿונפֿצעהן טאג אין דיזן מאנאט האבין זיא איין לויבר פעשט.
זא גיט איין יעדר בעשטי אויש זיינן ראטין נעשט.
אונטר דז גרינה טואין זיא זויפן אונ׳ פרעסין.
אונ׳ זאגין איין אורזך דז איר עלטרן זיין אויך אין היטן גזעשין.
דא זיא זיין אויז עגייפטן גנגין.
אונט האבן פון דען געטליכן וואלק⟨ן⟩ גראשי ער עמפנגין.
איין צערמאניע מאכין זיא מיט דען צעדר אפיל אונ׳ פאלמי צווייג.
גלייך וואן זיא ניכֿט ווערדן גשייט.
הין אונ׳ הער שטאסין זיא אויף אלי זייטן.
וואו איזט זאלכי נרטיי׳ גהערט פון לייטן.
אלזא טונין זיא דען גנצין מאנאט פֿר ברענגין מיט לייטר פייער טעגין.
דא פר פרעסין זיא אירש גנץ פר מעגן.
זאלכיש געלט ווידרום קאמפלעקט צו מאכין אונ׳ ווידר צו קריגן.
טונין זיא דיא אונזריגן גרויזם בטריגן.
נון האבן אירי מיישטעט דיא גנצי אימפרמאציאן.
דז דיזש פאלק אין אייערן קיניגרייך דען גרעשטן שאדן טאן.
אונ׳ בייא אויף ליגונג זאלכי שולדן.

1868 במקור א ב ר תוקן לפי פא
1882 הושלם לפי פא

איזט ניכט ביליך זיא אין דער וועלט צו דולדין.
אלזא האב איך מיך וויא אלצייט אייפריג במיט.
אונט בטרכט וויא אייערש רייך פר זאלכין לנד שעדיגרן מעכט זיין בהיט.
זא האב איך פיל מאנטן דריבר שטודירט.
אונ׳ אין דענין שטערן אונט פלינעטן שפעקלירט.
וועלכן טאג אונ׳ מאנט אויז אונזרן ראזן גארטין.
מן קענט זאלכיש און קרויט אויז ראטין.
לח ע"א זא האב איך בקומן דיא גליק | זעליגי שטונדן.
אונ׳ האב איין טאג אין יאר גפונדן.
אלש מן זיא אלי אויף איינן טאג.
אלי פר טילגן מאג.
דאש איזט אירש מאנט אדר אין דרייצעהנטן טאגין.
דא קאן מן זיא אלי ער שלאגין.
דא מיט מיר אלי צו גלייך.
ווייטר פריד העטין אין אונזרן רייך.
צו דעמי ⟨האב⟩ איך אין דענן ביכרן נאך גשלאגן.
דז וויא דיא בעשטי׳ אויז עגייפטן זיין גיצאגן.
האבין זיא זיך ביז זעקש מאל הונדרט טויזנד ער שטרעקט.
פון איין יעדן מאן איין גולדן גרעכנט דא צו צעהן טויזנט צענטן זילבר
ער קלעקט.
דיא זעלבין זאלין אין מעדיאטא אויז מיינם שאץ אין אייערן שאץ ווארדן גיגעבן.
דא מיט וויל איך אב קויפן דיא בעשטי׳ אירש לעבן.
דאן דער בעשטי אונטר איהנן איזט ווערט דז מן אים זאל לעבנדיג שינדן.
זא פר מיין איך מיין פאר גשלאגנה מיטל בייא איר מיישטעט ווערן
שטאט פינדן.
דאמיט אייער קיניג׳ מיישטעט אירה גנעדיגשטה רעזאלוציאן היריבר געבן.
דיא בע⟨ש⟩טי אלי צו נעמין אירש לעבן:

אמר המלך / זאגט דער מלך
המן דיין און ברינגן איזט נאך ניכט אפראבירט.
וועלכיש דוא מיך האשט אינפרמירט.
זאלט עז אויך גשעהן.
דז מן דיא אפראבאציאן מעכט פר אויגן זעהין.
דא קאנט מן זיך דאך ניכט פר גרייפן.
זיא זמנטליך אום דז לעבין צו שטראפין.

1903 במקור ט א ג י ן התיקון לפי פא
1909 ההשלמה לפי פא
1918 במקור ב ע ט ט י וכן פא

זונדרן מוזט זיך במיהען.
זיא אין איינר אינקוויזיציאן צו ציהען.
אונ׳ זא דאן אויף דיא יעניגן דיא פראב מעכט פאלין.
זיא מוזטין ליידן פר אלין.
דאן דאש איזט נימאלן גשפראכן אין אונזרן קיניגליכן האף.
דז איינר פר דען אנדרן זאלט ווערדן גשטראפט.
דאן איין יעדר מוז ביסן אליין.
אונ׳ ניכט איינר פר דיא גנצי גמיין.
דער גלייכן איין גנצי גמיין ניכט פר איין פריוואטץ פרשאן.
לח ע״ב זאל ניכט | ווערדן אייני שטראף גיטאן.
צו פאר אויז מיט דען איזרעליטרן מוז מן ריכטיג פר פארן.
דער עקסעמפל האבן מיר שאן עפטרש ער פארן.
דאן איר גאט לאזט איינן קיין און רעכט גישעהן.
דז טואן מיר אן דען קיניג פרעה אן זעהין.
מיט און שולדיג בלוט פר גיסונג האט ער זיין קיניגרייך ביפלעקט.
דז איזט אונש אויש דען אנדרן בוך מאזיס ענט פלעקט.
דז האט אין דער אלמכטיג גאט ניכט וואלין שענקין.
אונ׳ זיין גנץ הער אין טיפן מער פר זענקין.
אויך האשטו פון אונזר פאר פארר נעבוכד נצר ניכֿט גהערט.
דז ער צו איינן ווילדן טיר איזט ווארדן פר קערט.
אלזו מוזין מיר דיא זאכין אנדרשט נאך גרינדן.
דרום קאן דיין בגער צו דאטא קיין שטאט פינדן :

אמר המן / זאגט המן

אליר דורך לייגכטיגשטר קיניג אונ׳ אין דער גנצי וועלט איין הער.
אייער מייסטעט רעגירן ער שטערקט זיך אֵי לענגר אי מער.
אירי ארציאן האבין וואל אין רעכטן איין גרונד אונ׳ פונדימענט.
דז מיט איינם אליין אייני גנצי גמיין איזט ניכט צו מאכין איין ענד.
זאנדרן מיין אן ברינגן איזט זאני קלאר אפראבירט ניכט וועגן איינם אליין.
זאנדרן אויף איר גנץ שעלמיש גמיין.
אויז אירי אייגני ביכר וויל איך דז אפראבירן.
נון איזט ניכט פיל הריבר צו יודיצירן.
אויך פון דענן צוויא קיניגן פרעה אונ׳ נבוכד נצר קאן מן ניכטש ער קענין.
פון אינן קאן מן זיך אויך קיין עקסעמפל נעמין.
דען דיא זעלביגן האבין גלעסטרט דען אלמעכטיגן גאט.
אונ׳ האבן אים פיל גרעט צו שפאט.

1934 במקור א י י נ י ג י תוקן לפי פא

אלזא איזט אינן וועגן אירר גאר וויניק גשעהן.
זונדרן וועגן גאטש לאסטר דיז טואן מיר פר אויגן זעהן.
אירי מיישטעט טואן אבר אלי צייט אין גאטש פארכֿט לעבן. |
אונ' ווידר גאטש דינשט טואין זיא ניכט שטרעבן. לט ע״א
דרו[ם ווא]לין אירה מיישטעט וועגן דיזן אום דז גרינגשטי טראגין קיין גידנקין.
[אונ'] דיא בעשטי וואלן זיא מיר שענקן.
זאלט אבר אייער מיישטעט אייניגי צווייפל הירבר האבן.
דא וויל איך אונ' מיין גנצי פאמיליא אין בערג שפט שטין זעלביגי זינדי צו טראגן.
דאמיט אירי מיישטעט זיין שטול פר בלייבט און בפלעקט אונ' ריין.
אונ' דיא זינד פר בלייבט אויף מיך אונט מיינר פאמיליא אליין:

אמר מלך / זאגט דער מלך
המן דז זאג איך היר.
האב דוא גראש אכט אויף דיר.
דוא האשט צו פיל אויף דיר גנומן.
איין גנץ פאלק אויף דיין קאפף אליין אום דז לעבן צו קומן.
נון וויל דוא זאלכיש פיל בלוט טושט נעמין איבר דיר.
אלזו ווירט עז בוויליגט דיר.
אונ' דיין ביגער וויל איך וואל לאזין צו.
אבר מיין קיניגרייך זאל דעשינט וועגן האבן רוא.
דרום טוא איך דיא צעהן טויזנט צענטין זילבר גאר ניכט ביגערן.
אונ' זאלט מיר גלייך צעהן טויזנט מאל זא פיל דרויש ווערדן.
דאן אן דיזן היישן בלוט וויל איך קיין שולד ניכט האבן.
אונ' הירבר וויל איך אויך קיין פר אנטווארטונג טראגין.
איבר דיין הויפט זייא דז בלוט אליין.
מיין שטול פר בלייבט און בפלעקט אונ' ריין.
זא קאנשטו נאך דיין בליבונג מיט אינן פר פארן.
דורך מיר אבר זאל קיין זיל ווערדן פר לארן.
אביר אויף דיין זיל אליין.
גיב איך זיא אלי איין היים.
אונ' מאגשט אינן נעמין אלי אירש לעבן.
אבר צו דען יונגשטן גריכט מושטו דרום פר אנטווארטונג געבן:

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג איך טוא עז אויך ניכט אנדרשטר ביגערן.

1963—1964 השחזור לפי פא

איך טוא דיא פר אנטווארטונג איבר מיר ציהען וואן זיא גלייך נאך מאל
זא פיל ווערן : |

לט ע״ב אמר מלך / זאגט דער מלך
המן אויף דיזר קאנדיציאן מיין אינזיגל פון מיינה אייגנה הנט.
צו רעשקראבירן אין אלי לנד.
מיט דיזן פאלק נאך דיין בליבונג צו שפין.
אונט נאך דיינן ווילן זיא צו שטראפין :

אמר המן / זאגט המן
האף קנצלר נון האב איך דיא אליר גנעדיגשטה רעזולציאן ער הלטין.
מיט דיא בעשטי נאך מיין בליבן צו שלטין אונט וואלטין.
אונ׳ האב אויך דז רייך אינזיגל פון אירי מיישטעט אייגנה הנד.
צו רעשקראבירן אין אלין לנד.
דז דיא בעשטי זיין אין מיינה הנט גגעבן.
זיא אלי צו נעמין אירש לעבן.
אלזא וויל איך מיך צו פאר רעזולפירן.
מיט וואז פר איין טאט איך זאל זיא טראקטירן :
זאל איך זיא אין דז וואשר דער טרענקין.
דער אלמעכטיג גאט מעכט מירש ניכט שענקין.
דאן דער קיניג פרעה האט אירה קינדר אינש וואשר גווארפין.
האט איר גאט אים ווידר מיט וואשר טאן שטראפן :

זאל איך זיא אין פייער פר ברענין.
זא פרכט איך דז איך זאלכיש ווער ניכט קענין.
דען דער גראש נבוכד נצר האט דרייא פון אינן וואלין פנגין.
לעבינדיג אהני שאדן זיין זיא אויז דען גליאנדן אפן ארויש גנגין :

אלזא וויל איך מיך בדענקין.
מיט וואז פר ⟨איין⟩ טאט איך זאל דיא בעשטי קרענקין :

זאל איך זיא דיא ווילדי טירן צו פרעסין געבן.
זא פרכט איך זיא ווערן בהלטין אירש לעבן.
דאן דער קיניג דריוש האט דען דניאל פר דיא ליבן ווערפין לאזין.
דא האט אינן איר גאט אירש ווילדש מונט פר שלאסין.
זיין אן געבר האבן עז הרנאך מוזין ביסן.
פון דען ליבן זיין זיא וואַרדן צו ריסן :

1990 במקור וועודן תוקן לפי החרוז ולפי פא
2012 ההשלמה לפי פא ולפי 2002

אלזא וויל איך מיך בידענקין.
מיט וואז פר טא⟨ט⟩ איך דיא בעשטי וויל קרענקן : |

מ ע״א זאל איך דיא בעשטי׳ ⟨לאזן⟩ אין הונגר קריפירן אונ׳ אום ברענגן.
זא פרכט איך דז איך זאלכיש ווער ניכט קענין.
ד⟨אן⟩ דז האבין מיר גהערט פון דען אלטין גרייזן.
דז איר גאט טעט דיא הונגרן שפייזן.
אויך אין דער ראבינר מאזיש פירציג טאג אויף דען ברג סיני גזעסין.
גאר ניכטש גיטרונקן נאך געשין :

אלש דען וויל איך בדענקן.
מיט וואז פר ⟨איין⟩ טאט איך זאל דיא בעשטי קרענקין :

אביר האף קנצלר. דיזש איזט נימאלן ווארדן ערהערט.
דז איר גאט יעמאלט איינן האט בישערמט פאן דען שווערט.
האב אויך אלי ביכר אויז גלעזן.
אונט נימאלן בפונדן אלש איינר פון אינן פון דען שווערט ווער ווארדן גנעזן.
דרום וויל איך מיך קורץ רעזאלפירן.
אין אלין לענדרן אין נאמן אירי מיישטעט צו רעשקראבירן.
אלי אהני איינינגי ברמהרציקייט אויז צו ראטין.
מיט דען שווערט נידר צו הויאן אונ׳ צו טיטן.
דרייא צעהן טאג אין אירן מאנט אדר זאל דיזש גשעהן.
אונ׳ נאך דיזן זאל קיין יוד אין אונזרן רייך ווערדן גזעהן.
אונ׳ וואלן זאלכש גלייך אין דיזי רעזידענט שושן פער מאנדאטום
לאזין אן שלאגין.
דא מיט איין יעדר דאפון זאל ווישן צו זאגין :

האף קנצלר לעזט דיא פאטענט / די ביזי פאטענט לעזט האף קנצלר

ארתקססטום דער גראשי קיניג. פון אינדיע ביז אין מארין לנד. אנטביטט דענן הונדרט אונט זיבן אונט צוואנציג פירשטן. זאמבט דענן אונטרטאנין אירן גרוס. וויא וואלין איך איין מעכטיגר קיניג בין. אונ׳ גרעשטר הער אויף ערדן. הבי איך מיך מיט מיינר גוואלט ניכט וואלין איבר היבן. זאנדרן מיך גפליסן גנעדיגלך אונ׳ זענפטיג צו רעגירן. דז זיך איין יעדר מאן פרייעט. זא צייגט מיר
מ ע״ב אן. המן מיין קליגשטר | אונ׳ ליבשטר טריישטר רעט. דער נאך דען קיניג דער העכשטי זייאי. וויא איין פאלק זייאי. וועלכיש ווידר אלי לנד אונ׳ לייט שפריסי.

2020 במקור ט א ג התיקון לפי פא
2021 ההשלמה לפי פא
2023 במקור פעמיים ד ז התיקון לפי פא
2028 ההשלמה לפי 2002

אונ׳ זאנדרליכי גיזעץ הילטי. אונ׳ איר אייגני ווייט הילטי. אונ׳ פיל אייניגקייט אין אונזרן לנד צור שטערן. אונ׳ גראשי שאדן טעטין. זא וויר נון פר נעמן. דז זיך איין אייניגש פאלק בפינדי. וועלכיש זיך ווידר אלי וועלט שפריסי. אונט אירה אייגנה ווייש הילטי. אונט אונזרי גבאט און גיהארזמב ווערי. דא דורך זיא גראשי שאדין טעטין. אונט פריד אונ׳ אייניגקייט אין אונזרן לנד צור שטערן. אונט פר הינדרטן. ביפעלן וויר דז וועלכיש המן דער אוברשטי פירשט. אונ׳ דער העכשטי נאך דען קיניג. אונזר פאטר אן צייגן ווערדי. מיט ווייב אונ׳ קינד דורך אירי פיינדט הענדי מיט שווערט אהני ברמהרציגקייט אום גיבראכט אונ׳ נימאנט פר שאנט ווערדי. אונט דז אויף דען דרייצעהנטן טאג אדר דעש צוועלפטן מאנטש אדר אין דיזן יאר. אויף דז זיא אין גהארזמבי אלי אויף איינן טאג ער שלאגין ווערדן. אונט איין בישטענדיגר פרידן אין אונזרן רייך פר בלייבן מעגי :

אמר האף קנצלר ללויפר / זאגט האף קאנצלר ללויפר

לויפר היר איזט דיא גנעדיגה פאטע⟨נט⟩ פון אירה מיישטעט זייני אייגנה הנט.
דען עקסטראקט צו בובליצירן אין אלין לנד.
דיא העברייאר אלי צו פר טילגן.
אהני איינציגי ברמהרציקייט אלי צו ער ווירגן :

לויפר בובליצירט

האך ליפליכי מאניסטר פירשטן אונט גראבין פר נעמט מיך אלי צו גלייך.
אויך אלי דיא זיך בפינדן אין אונזרן רייך.
מא ע״א היר האבין זיא צו ער זעהין דיא אלי גנעדיגשטה | פאטענט פון אירה מיישטעט זיין אייגנה הנט.

צו בובליצירן אין אלין לנד.
דז פון אירה מיישטעט איזט ער גנגין דיא אליר גנעדיגשטה רעזולציאן.
פון דען יודן זאל ניכט איבר בלייבן ווייב נאך קינד וועדר מאן.
זונדרן אהני ברמהרציקייט ⟨זיא⟩ אויש צו טילגן.
אונ׳ דורך דען שווערט אלי צו ער ווירגן.
אויף דען דרייצעהנטן טאג אין אירן מאנט אדר זאלין דיא זאכין זיין אן גשטעלט.

דז דיא יודן זאלן ווערן אויש גראט פון דער וועלט :

דא שלאגט מן דיא פאטענט אן / מן שלאגט דיא פאטענט אן

אמר המן / זאגט המן

מרדכי וויא שמעקט עז דיר. קאנשטו לעזין. זא לעז דיא פאטענט :

2060 ההשלמה לפי פא
2070 ההשלמה לפי פא

אומר מרדכי זייני זאכין וכו׳ / זאגט מרדכי זייני זכֿין

אומרת מלכה / זאגט מלכה להתָך
מיין אידל קנאב התך.
אין מיין דינשטן זייאי פלייסיג דאך.
איין זעלצימוש שטים מיינש הערן פעטר מרדכיאום הב איך פר נומין.
וועלכיש מיר אלי פריידן אונ׳ לושט ברקייט האט בינומין.
אבר אהני צווייפל אייני גראשי אורזך מוז עז האבן.
אלזא ווערשטו עז פר נעמן אונ׳ מיר דיא אנטווארט זאגין :

אמר העתך למרדכי
הער מרדכי דיא אליר דורך לייכטיגשטי קינגן לאזט אייך פראגן.
ווארום איר טוט אלזא וויינן אונ׳ קלאגן.
דען אייער טרויארג אונ׳ קלעגליך שטים האט זיא פר נומן.
וועלכש איר אלי פרייד אונט לוסברקייט האט בנומן.
אהני צווייפל אייני גראס אורזך מוזט עז האבן.
דרום זאלט איר אייערן קומר איר לאזן זאגן : |

מא ע״ב אמר מרדכי זיין אנטווארט / זאגט מרדכי זיין אנטווארט

ואמר התך / זאגט התָך
אליר דורך לייכטיגשטה קיניגין דער הער מרדכי לאזט איר צו אנטווארט זאגין.
אויש וואז אורזך ער זא מוז וויינן אונ׳ קלאגן.
דען דער פרימא מניסטר המן האט עז זא וויט גבראכט.
דז ער זאמבט אלי יודן אומש לעבן זאלט ווערן גבראכט.
אהני אלי ברמהרציקייט צו ער שלאגין.
דיז זאל געשהין אין אדר אין דרייצעהנטן טאגין.
זא איזט נאט ווענדיג אונ׳ האכי צייט.
דז זיא בייא אירי מיישטעט דען קיניג זאל זיין ברייט.
אונ׳ פר אירש פאלק צו סאליציטירן.
אונ׳ אום אירש לעבן סופליצירן.
פילייכט ווער איר דער אלמעכטיג גאט געבן.
דז זיא ווירט ער רעטין קענין אירש לעבן.
זאלט אבר אייער מיישטעט דיא צייט איבר זעהן.
דז המן ⟨זיין⟩ ווילן מעכט גאט פאר זייא אליש געשהין :

אומרת מלכה / זאגט מלכה
התך מיין טרייאר דינר.

2081—2086 כתוב ביד אחרת
2100 ההשלמה לפי פא

גיא צו מיין הערן פעטר מרדכי ווידר.
אונ׳ זאג אים דז איין גזאץ איזט אין פרסיאנישן רייך.
עז זייא גראף פירשט אלש צו גלייך.
וועלכי צו אירה מיישטעט אהני ברופן ⟨טוט⟩ פאר קומין.
זיין לעבן זאל איהמי ווערדן גנומן.
נון בין איך אין דרייסיג טאגן ניכט ווארדן בגערט.
אונ׳ פון דיזר ביזן פאטענט האב איך אויך ניכטש גהערט.
זאל איך אהני ברופן פאר איהם קומן.
מיין לעבן מעכט מיר ווערדן גנומן.
אלזא ווערשט איהם בריינגן דז קלייד אן צו קליידן.
אונ׳ איהם זאגן דז ער זיין טרויארקייט זאל פר מיידן.
אונ׳ וועגן זיין יאמר אונ׳ קלאגן דז איך האב פר נומן.
וויל איך גלייך וואל צו אירי מיישטעט קומן.
ער זאל אבר אין דער גנצי גמיין.
איין פאסט טאג אויז רופין פר גראש אונ׳ קליין.
אונ׳ פר מיין לעבן דען אלמעכטיגן גאט ביטן.
מב ע״א דז ער מיך | פון דען גראשין ליבן זאלט בהיטן.
איך וויל אויך דעש גלייכן פַסטן אונ׳ בעטין.
אונ׳ וויל אלזא פֿר אירה מיישטעט טרעטין.
פילייכט ווערט מיר גאט גנאד פֿר לייאן.
אונ׳ אונזרי זינד אלי פר צייען:

התך אמר למרדכי / זאגט התֿך
הער מרדכי דיא אליר דורך לייכטיגשטה קיניגן דיא שיקט אייך
דיזש קלייד דז איר זאלט אן קליידן.
אונ׳ זאלט אויך אייער טרוירקייט פר מיידן.
איר ווישט יא דז גזץ אין פרסיאנישן רייך.
עז זייא גראף פֿירשט אליש צו גלייך.
וועלכי צו אירי מיישטעט אהני ברופן פאר קומן.
זיין לעבן ווערט איהני גנומן.
נון איזט זיא אין דרייסיג טאג ניכט ווארדן בגערט.
אונ׳ פון דיזר ביזי פאטענט האט זיא אויך ניכטש גהערט.
וויל זיא דענאך צו אירי מיישטעט קומן.
וועגן דז גראשי קלאגן אונ׳ יאמר דז זיא האט פון אייך פר נומן.
איר אבר זאלט אין דער גנצי גמיין.

2105 ההשלמה לפי פא
2120 במקור פר פֿר

איין פסטַג אויש רופין אויף גראש אונ׳ קליין.
פר איר לעבן זאלט איר ביטן.
דז זיא דער אלמעכטיג גאט וואלט בהיטן :

אחר כך אמר מרדכי תפלות / זאגט מרדכי תפִילות

זא שטיט דיא מלכה אויף פון דען מלך אונ׳ זאגט אירי תפלה / דא שטיט דיא מלכה אויף פון דען מלך אונ׳ קניאט נידר אונ׳ זאגט אירי תפִילה :

הער הער דוא אליין אונזר קיניג בישט. הילף מיר עלינטי. איך הב קיין אנדרי הילף דאן דיך. אונ׳ דיא נאט איז זא גראש אונ׳ פר אויגן. איך הב פון מיינן פאטר גהערט הער. דז דוא איזרעל אויז אלין היידן גזינדרט האשט. אונ׳ אונזר פעטרש פון אלטרש הער. צום איביגן ערב אן גנומן. אונ׳ איהנן גהלטן. וואז דוא גרידיט האשט. מיר אבר האבן פֿר דיר גזינדיגט. דרום האשטו אונש | (מב ע״ב) איבר געבן. אין אונזרן פיינדן הענד. הער דוא בישט גרעכט. דאן וויר האבן גזינדיגט. אונ׳ אירי געטר גיעהרט. אבר נון לאזין זיא אינן ניכט דראן בנוגן. דזין זיא אונז אין גראשין צוואנג הלטין. זאנדרן אירן זיג שרייבן זיא צו דער מאכט ⟨ד⟩ער געצן. אונ׳ וואלין דיינה פר הייסונג צו ניכטש מאכין. אונ׳ דיין ערב אויז ראטין. אונט דען מונט דער דיך זאל לובן צו שטאפין. אונ׳ דיא עהר דיינש טעמפלש אונ׳ אלטארש פר טילגן. אונ׳ דיא היידן איר מויל אויף טאן. צו פרייזן דיא מאכט דער געצין. אונ׳ איביגלך צו רימן איין שטערבליכן מענשן קיניג. הער גיב ניכט דיין צעפטר צו דענין דיא ניכטש זיין. דז זיא ניכט אונזרש יאמרש שפאטן. זאנדרן ווענדי אירש פאר נעמן איבר זיא. אונ׳ צייכן דען. דער דיז ווידר אונש אן ריכטיט. גדענקי אן אונש. ער צייגי דיך אין אונזרי נאט. אונ׳ שטערקי מיך הער דוא קיניג אליר געטר אונ׳ הערשפט. לערי מיך וויא איך רידן זאל פר דען ליבן. אונ׳ ווענדי זיין הרץ. דז ער אונזרי פיינדי גרַם ווערדי. אויף דז ער זעלבשטן. זמבט זיין אן האנג אום קאמין. אונ׳ ער רעטי אונש דורך דיינר הנד. אונ׳ הילף מיר דיינה מאגד דיא קיין הִלף האט דאן דיך הער אליין. דער דוא אלין דינג ווייסט. אונ׳ ער קאנסט. דז איך קיין בליבן האבי אן דער עהר דיא איך ביי דען גאט לאזין הבי. אויך הבי איך קיין לושט. בייא דער היידישה אונ׳ פרעמדי הייראט. דוא ווייסט דז איכש טאן מוז. אונ׳ ניכט אכטי דען הערליכן שמוק. דען איך אויף מיינם הויבט טראגי. וואן איך פראנגין מוז. זאנדרן הלטי עז וויא איין און רייניש טוך. אונ׳ טראגי עז ניכט אוישר דען גיפראנג. אויך הבי איך נימאלין. מיט המן געשין נאך פרייד גהבט אן קיניגליכן טיש. נאך גיטרונקין פון | (מג ע״א) אירן אפפר ווין. אונ׳ דיינה מאגד האט זיך ניא גפרייאט. זינט איך בין הער קומן. ביז אויף דיזר צייט. אן דיר אליין הער גאט פר זיכרי איך מיך. אברהם ער הערי

2145 ההשלמה לפי פ

מיך דיא שטים דער פר לאזני דוא שטרקר גאט. איבר אלי. אונ׳ ער רעטי אונש
פון דען גאט לאזין הענט. אונ׳ ער ליזי מיך אויז מיינר ניטן :

ואמר המלך / זאגט דער מלך
אסתר מיין ליבש שרץ.
איך זיך איין פר בארג⟨נ⟩ש טרויערקייט אין דיינן הרץ.
דוא דרפשט דיך ניכט צו פירכטן דז דוא בישט מיינה גבאט איבר טרעטן.
אונ׳ בישט אהני ברופין. אין מיין קיניגליכן האף גטרעטין.
דוא בישט יוא פון אלי גבאט בפרייט.
ווייל דוא בישט מיין ליבשטש שערץ אלי צייט.
איין אורזך מושטו גלייך וואל האבן.
דרום מיין ליב שערץ. טוא מירש נור זאגין.
פֿר וואר וואן עז אונטר דען הימל איזט צו בקומן.
זאל דיין ווילן ניכט ווערדן בנומן :

אומרת מלכה / זאגט דיא מלכה
אליר דורך לייכטיגש שערץ איך טוא פר דז מאל גאר ניכטש בגערן.
זונדרן אירי מיישטעט וואלין מיר צו עהרין.
דזין טאג צו מיר צו שפרעכין אויף איינר מאלצייט.
דיא איך אויף אירי מיישטעט אויך אויף פרינץ המן האב צו ברייט :

אמר מלך / זאגט דער מלך
מיין אליר ליבשטש שרץ דיין פר לנגין זאל גלייך ווערדן.
דיין וויל זאל דורך מיין גנאדן פאל צאגן ווערדן.
אלזא האף קנצלר דוא ווערשט אין מעדיאטא אונזר אליר גנעדיגשטה
רעזלוציאן מיין ליבה גמאלין צו עהרין.
מג ע״ב אונזרן טרייאן רעט המן אן דייטן דז גלייך | מוז פאל צאגן ווערדן.
דז ער זאל קומן אויף איינר מאלצייט.
וועלכי מיין אליר ליבשטי גמאלן האט צו ברייט :

אמר האף קנצלר להמן / זאגט האף קנצלר
⟨פרינץ המן איזט ברייט.
צו דער אליר דורך לייכטיגשטי קיניגן צור מאל צייט :⟩

מן זיצט צו דער מאלצייט

אמר מלך לאסתר / זאגט דער מלך
אליר ליבשטש שרץ איך בין דיר נון אויף דער מאלצייט קומן צו עהרן.

2168 ההשלמה לפי פא
2187—2188 ההשלמה לפי פ

אלזא וואז איז דיין פר לנגין זאלשטו בגערן.
עז זאל דיין ווילן פאל צאגן ווערדן.
אליין דען טעמפל צו הירושאלם צו בויאן הב איך פר שווארן :

אומרת מלכה / זאגט דיא מלכה
אליר דורך לייכטיגש שרץ מיין ווילן איזט אבר מאלן ניכט מער.
וועלכש איך צו דיזר צייט בגער.
דזין אויך אירא מיישטעט.
מיט זיין האהין אויטאריטעט.
וויא אויך פרינץ המן דז מארגידיגן טאג.
ער שיינן צו מיר צו מאלצייט דיא איך פר מאג.
זא דאן וויל איך מיין אליר ליבשטש שרץ.
אלש אפין בארן דז גרונד מיינש הערץ :

אמר מלך / זאגט דר מלך
מיין ליבשטש שרץ איזט דיזש דיין ביגערן.
דורך מיין גנאד זאל עז פאל צאגן ווערדן :

⟨זאגט הויף קנצלר
פרינץ המן איזט ברייט :
דז מארגדיגן טאג צור דר אליר דורך לייכטגשטי קיניגן צור מאל צייט :⟩

מד ע״ב אמר המן לזרש / זאגט המן צו זרש
אליר ליבשטי גמאלין איך וויל מיך נון ער פרייאן.
לאז מיר פאר קומן מוזיק שפיל אונ׳ שלמייאן.
דאן איר מיישטעט האט מיך נון ער האבן איבר אלי מניסטר אונ׳ לנדש הערן.
אויך דיא קיניגן אסתר טוט נימאנטן צור מאלצייט בגערן.
אלין אירי מיישטעט זעלבשטן אונ׳ איך בין אויך דאבייא בשטעלט.
נון שויא איך בין דער העכשטי נאך דען קיניג אין דער וועלט.
אליין דיזי מיינונג און מוט טוט בייא מיר בלייבן.
דז איך דען יודן מרדכי אויז דען קיניגליכן האף ניכט קאן פר טרייבן.
דען ער זיצט אין דז קיניגליכי טאר.
אונ׳ ער ערט מיך ניכט גנץ אונט גאר.
וועלכש מיך זא הרט אלי צייט טוט פר דריסן.
אונ׳ ⟨מכט⟩ מיר אלצייט דיא גַל איבר שיסן.

2204—2203 ההשלמה לפי פ
2245—2205 כאן הובא סדר הדברים לפי פ; בכתב־היד סדר השורות הוא 2247 ה״ב עד 2276, 2205—2245
2216 ההשלמה לפי פא

עז מעכט מיר ענטליך איין היציגר פֿיבר הירויש ענט שטין.
זא מיר דיא גל טוט איבר גין.
צו דיזן מוזן מיר איין ראט ער טראכטן.
וויא מן בייא קומן מעכט דיזן ביז וויכטן.
דז איך נור ניכט בייא אים מיזט פר איבר גין.
ער מעכט זונשטן פר אלין טייפל שטין.
דאן צו דיזן טוט מיר גאר וויא גשעהין.
מה ע״א דז איך מיינם גרעשטן | פיינט מוז אל צייט פר אויגן זעהן :

אומרת זרש / זאגט זרש
דורך לייכטיגש שרץ אייערש גוואלט טוט מיך העכשט ער פרייען.
וועלכש פון גרונד מיינש הערצין טוט ער מייאן.
אבר וועגן דז בעשטי׳ מרדוכעם זאלשט⟨ו⟩ דיך ניכט קרענקין.
מיר וואלן אין זיין שלקהייט גוויש ניכט שענקין.
איין גוטן ראט וויל איך מיינן ליבשטן שרץ געבין.
וויא מיר דען בעשטי׳ וואלן נעמן אירש לעבין.
דיזי נכט וואלן מיר אין אונזרן האף לאזין איין גלגין בויאן.
דא מיט מיר אין אלי צייט פר אויגן קאנין שויאן.
אונ׳ דעז מארגנש ווירשטו איר מיישטעט ביטן. ער וואלי אים דיר
צו איינן גאב שענקין.
זא קאנשטו אים אלזא גלייך הירויף לאזין הענקין.
דאן הירן זאלשטו זיכר זיין אונ׳ ניכט פר צאגן.
אירי מיישטעט ווירט דיר זאלכיש פאקיטעל גאר ניכט אב שלאגן.
נאך דיזן ווירשטו בייא דען קיניג אין דער גרעשטי פרייד.
זיך ערלוסטן קענין בייא דער מאלצייט :

אמר המן / זאגט המן
אליר ליבשטי גמאלן דיין ראט טוט מיר איבר אויז וואל גיפאלן.
וועלכש אויך גשעהן זאל פר מייני זאכין אלין.
אונ׳ יעצט גלייך זאל דער גלגין גימאכט ווערדן.
אונ׳ ביז פופציג אילן הוך וויל איך איהם אויף פירן.
דאמיט מן ווייט פר אויגן קאן זעהין.
אונ׳ מארגן זאל איין רוך אן אים גשעהין.
פון איר מיישטעט קאן איך זאלכיש פקטעל וואל בגערן.
דז אזו ⟨איין⟩ שעלם געהענקט זאל ווערדן :
מג ע״ב זא שלאפט דער מלך איין זא גיט המן דער וייל אונ׳ מאכט דען גלגן. דר מלך וואכט

2227 השלמה לפי פ
2246 השלמה לפי פא

פון שלאף אונ׳ שפריכט / זא שלומט דער מלך איין. המן מכֿט דען גלגן. ווכֿט דער מלך פון שלאף אויף אונ׳ זאגט

**האף קנצלר דוא זאלשט מיר אינמעדיאטא אין מייני קראניקא נאך זעהן.**
מד ע״א **פילייכט איזט אין מיין קיניגליכן האף יעמנטן וואז און רעכט | גשעהן.**
**דאן מיין שלאף איזט מיר גנץ אנטנומן.**
**איך וויל קלערלך דר היגטר קומן.**
**דיא אורזך זאלשטו מיך ווישן לאזין.**
**איך בקימר מיך אויז דער מאסין.**
**העט מיר יעמנט גדינט אדר וואז גוטש גטאן.**
**אלזא גלייך וויל איך צאלן זיינן גוטן לאן :**

האף קנצלר לעזט דיא קראניקא

**אין טעמפרוס מאגנוס רעקס ארתקססטוס אהסוערוש קפיטל פרימא. דא אירא מיישטעט לושטיג וואר אין ויין. איין ערינשטליך בפעליך ער געהט צו זיינר גמאלן ושתי הניין. נקיט אונ׳ בלאס צו ערשיינן. פר אלי מניסטר דאמיט איר שונהייט צו אפראבירן. שלימה אונט ביזה ווארט האט זיא אירי מיישטעט היריבר אנטביטן לאזין. ווארבר איר אורטל צום שווערט אויש גשפראכין וואר. איבר וועלכן אויך דיא עקסקוציאן ווירקלך ער פאלגט :**

**אמר המלך / זאגט דער מלך**
**וואז דאן מערירש :**

⟨האף קנצלר לעזט דיא קראניקא⟩

**אין טעמפרוס מאג⟨נ⟩וס רעקס ארתקססטוס אהסוערוש אין קאפיטל צו צעקונדא שטיט גשריבן. דז אין גהיים ראט דער אין קלווזא פר בליבן איז. דז אין נאמן אירי מיישטעט פופליצירט ווערדן זאל דז אלי יונג פרויאן זאלן אין דיא רעזידענט שושן גבראכט ווערדן אונטר וועלכי פרינץ המן דיא אליר שענשטי יונגפר אלש יעצט רעגירנדי קיניגין אסתר גבראכט האט אונ׳ דעסין וועגין ער צו גראשין גנאדן קומן איזט :**

**אמר המלך / זאגט דער מלך**
**וואז דאן ווייטרש :**

⟨האף קנצלר לעזט דיא קראניקא⟩

**אין טעמפרוס מאגנוס רעקס ארתקססטוס אהשווערוש אין קאפיטל טערציא איזט איין גשריבן. וויילן בגתן אונ׳ תערש אלש צווייא אירי מיישטעט טאר שטיאר זיך אין קרימינאלוס מאייסטאטיס פר גריפן האבן. אונ׳ איר מיישטעט מיט גיפט**

2262 ה״ב ההשלמה לפי פ | ההשלמה לפי פ ולפי 2255, 2269
2269 ה״ב ההשלמה לפי פ

מד ע״ב פר געבן וואלן. זא זיין זיא ביידי צום שטרענג | פון לעבן צום טאט. פר אורטיילט. אונ׳ צו פאר זיין זיא פר שעלמין פובליצירט ווארדן. אירי שעלמישי ראטשלק צו זאלכן ביזן טאט איז דורך דען יודן מרדכי בייא איר דורך לייכט דער גטרייאן גמאלין אסתר אפין בארט ווארדן. אונט דעשין טרייאן דינשט דער יוד מרדכי אין דיזר קראניקא צו גוטן גדאכט ווירט :

אמר המלך / זאגט דער מלך

איזט דאן דען גוטן טרייאן מרדכי קיין סאטוספאקציאן היריבר גשעהן :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר

איר מיישטעט ניין איך פינד גאר ניכטש :

מה ע״א קלאפט המן בשער המלך

אמר המלך / זאגט דער מלך

האף קנצלר וואז פר איין שטים טוא איך הערן.
וועלכר וויל אזו פרוא איין אוידיענץ בגערן :

השיב האף קנצלר / ענטפֿרט האף קנצלר

אירא מיישטעט איך האב פון דען קיניגליכן לויפר פר נומן.
מה ע״ב דז פרינץ המן איזט | אין קיניגליכן האף גקומן.
ער העטי וואז נוט ווענדיג צו רעפורירן.
וואן זיך אירי מיישטעט צור אוידיענץ זיך וואלין רעזולפֿירן :

אמר המלך / זאגט דער מלך

האשטו המן פר נומן.
לאז אים אין מעדיאטא פר מיר הער קומין :

בא המן ואמר המלך / קומט המן פֿר דען מלך זאגט דר מלך

המן וואז איז דער מאן ווערט.
וועלכן איך אין האהין גנאדן צו ערין בגער :

אמר המן / זאגט המן

אליר דורך לייכטיגשטר קיניג וועלכן מן אירה מיישטעט אין האהין גנאדין צו עהרין ביגערט.
דען זעלבן זאל מן זעצין אויף אירי מיישטעט זיין בעשטן פערד.
איין האהיר מניסטר זאל אים דז קיניגליכי קלייד בקליידן.
אויך דיא קיניגליכה קראן פון זיינר הויבט זאל מן ניכט פר מיידן.
אונ׳ זאל איהמי דורך דיזי קיניגליכי רעזידענט פירן לאזין.

2293 במקור התיבה א י י ן נמחקה אחרי ד ו ר ך

אונ׳ פר אים מיט טרומפיטן שֿל צו פובליצירן אויז דער מאסין.
דיזוש איזט דער הערליכי מאן.
וועלכין אירי מיישטעט ביגערן עהר אן צו טאן :

אמר המלך / זאגט דער מלך
המן איך לאז עז בייא דיין רעזולציאן ביוועגדן.
אלזא גיב איך דיר דען שליסל פון שֿץ אין דיינה הענדין.
אונ׳ בעם הירויש מיין קיניגליכש קליידן.
אויך מיין קראן דיא אליר בעשטי זאלשטו ניכט פר מיידן.
אונ׳ זאלשט דען יודן מרדכי מיט זאלכן קלייד בקליידן.
אויך מיט מיין קראן אונ׳ צעפטר זאלשטו אים אין דער שטאט רום פירן.
אונ׳ זעץ אים אויףֿ מיין בעשטיש פערד.
דאן דיזש איזט דער מאן דען איך צו עהרן ביגערט.
אונ׳ זאלשט אים אין דיזר מיינר קיניגליכר רעזידענט הירום פירן.
אונ׳ מיט טרומפיטן שאל זאלשטו זעלבשטן פר אין בובליצירן.
דיזש איזט דער הערליכר מאן.
וועלכן אירי מיישטעט פר לנגין עהר אן צו טאן : |

מו ע״א אמר המן בקול נמוך / זאגט המן טרויאריג
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג עז זיינן פיל יודן אין אייערן קיניגרייך
וועלכי דען נאמן מרדכי פירן.
איך ווייש ניכט צו וועלכין זיך אירה מיישטעט רעזאלפירן :

אמר המלך / זאגט דר מלך
המן דיזן מרדכי דער דיא אפֿיציע האט אונטר מיינם טאר.
דען זאלשטו זאלכי עהר ער ציינן גאר :

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג מיט דיזן יודן איזט אייניגה איביגי פיינט
שפט צווישן מיין אונ׳ זיינה עלטרן.
אונ׳ צו דאטא אנאך צווישן מיר אונ׳ איהמי. איך טוא הימיט פראטיסטירן.
אירה מיישטעט וואלין זיך אנדרשט רעזאלפירן :

אמר המלך / זאגט דר מלך
המן איך וויל ניכטש ווידריגש הערן.
מיין רעזאלציאן זאל הימיט פאל צאגין ווערדן :

2301 בקליידן] במקור ביצלרן תוקן לפי פא

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג מיינה הערשפט וויל איך איהמי איבר געבין.
אבר דיזן רוך זאל ער אן מיך ניכט ער לעבין:

אמר המלך / זאגט דר מלך
המן אלי דיינה הערשפט וויל איך איהם איבר געבן.
אונ׳ דיזה הערליקייט זאל ער אויך ער לעבין:

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג. איך וויל איהם עהינדר אלי מיינה גיטר איבר געבן.
דז ער נור דיזי רוך אן מיר ניכט זאל דער לעבין:

מו ע״ב אמר המלך | / זאגט דער מלך
המן אלי דיינה גיטר וויל איך איהם איבר געבן.
אונ׳ דיזי הערליקייט מוז ער אויך ער לעבין:

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג אלי מיינה צעהן זינה וויל איך איהמי ליברשט צום שקלאפֿין געבן.
דז ער נור דיזי רוך ניכט טוט אן מיר ער לעבין:

אמר המלך / זאגט דר מלך
המן דיין הויז אונט האף ווייב אונ׳ קינדר וויל איך איהם איבר געבן.
אונ׳ דיזי רוך זאל ער אויך אן דיר ער לעבין.
אונ׳ קיין ביט וויל איך ניכט מער הערין.
אונ׳ דיזש מיינש גיבאט מוז פול צאגן ווערדן:

אמר המן / זאגט המן
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג איך טוא נאך מאלין אונטר טע⟨ני⟩גשט פראטישטירן.
אירי מיישטעט וואלין זיך אליר גנעדיגשט אנדרשט רעזאלפירן:

אמר המלך / זאגט דער מלך
המן המן קיין פראטישטאציאן וויל איך ניכט מער הערין.
איך מעכטי איין שרפיס אורטל אויף דיך בגערן:

גיט המן אונ׳ טוט וויא אן ביפולן איזט.

2332 ההשלמה לפי פא

אמר המן לזרש אשתו / זאגט המן צו זרש זיין ווייב

מיינה ליבה גמאלין איך מוז דיר נייאי צייטונג זאגין.
וועלכי איך שווערליך ווער קענין פר טראגין.
דיא גרויזמבי שימפף אונט שנט דז איך אין קיניגליכן האף האב ענטפנגין.
איך האב פר מיינט מיין פיינט מרדוכי זאלט דיזן טאג ווערדן גהנגין. |
מז ע״א ערשט האט זיך דז בלעטל מיר צום העכשטן ליידן טאן ווענדן.
איך בין דיזן טאג גיפַלין אין זיינה הענדין.
איך האב אין אין דער גרעשטי הערליכֿקייט ⟨מוזן⟩ אין דער גנצי שטָט
אויף דז קיניגליכה פערד פירן.
אונ׳ פר איהם זעלבשטן מוזן בובליצירן.
דיזש איזט דער הערליכי מאן.
וועלכין דער קיניג ביגערט עהר אן צו טאן.
אונ׳ דיזש העט מיך ניכט אלזא פר דראסין.
וואן מן מיך אויז מיינם אייגנן הויז מיט און זויברקייט העטי בגאסין.
ליידר גאט ער ברמיש וויא קאן איך זאלכש פר טראגין.
וואז ווערדן אנדרי פירשטן דער צו זאגן:

אומרת זרש / זאגט זרש צו המן

ליידר ליידר דז איך זאלכש מוז פר נעמן.
מיר מוזין זיך פאר אלי פירשטן שעמין.
זייא עז גאט גיקלאגט דז זאלכיש איזט גשעהן.
מיר ווערדן ליידר נאך מערירש פר אויגן מוזין זעהין.
דאן דענין יודן פלעגן זאלכי מיראקל צו [גשע]הין.
וויא מיר אין דענין ביכרן וואל אן זעהין.
זא אב אנד[רשטר ד]ער יוד מרדוכעאס פון דען רעכטן יודן הער איזט קומן.
זא ווערשטו אים ניכט מער בייא קומין.
דען ווייל דוא האשט נון אן גיהובן פר אים צו פאלין.
זא ווירט זיך דיין און גליק ווייטרש ער שאלין:

דר ווייל שטיט מלכה לפני המלך / דר ווייל שטיט דיא מלכה פֿר דען מלך

ואמר המלך / זאגט דער מלך

האף קנצלר בישטו דען ניכט בידאכט אונ׳ ביזונין.
דז המן זאל אויף דער מאלצייט קומין:

2342 ההשלמה לפי פא
2354 השחזור לפי פא
2356 השחזור לפי פא

אמר האף קנצלר ללויפר / זאגט האף קנצלר
לויפר עז איזט איין ערינצטליכי ביפעל פון אירי מיישטעט אן קומין.
דז המן אויף דער מאלצייט זאל קומין:

לויפר דייט עז המן אן. | ובא המן צור מאל צייט שטיט דיא מלכה אויף אונ׳ פלט דען
מז ע״ב מלך צו פוס / לויפר דייט עז המן אן: אונ׳ המן קומט צו דר מאל צייט. שטיט דיא
מלכה אויף אונ׳ פלט דען מלך צו פוס:

ואמר מלך / זאגט דער מלך
אסתר מיין ליבשטש שרץ.
וואז איז דען פר איין טרויארג גמיט אין דיינן הרץ.
איין קינגליך גבליט זאל אל צייט לושטיג זיין.
דוא דרפשט דיך דאך ניכשט פערכטן פר שמערץ נאך פיין.
צו דעם ביזטו מיין אליר שענשטי ליבשטי דיא איך מיר האב ערווילט.
וועלכי מיר ליבר איזט אלש אלי לושט דיזר וועלט.
זא האב איך אויף דיז מאל צו ערפארן.
דיין בגער זאלשטו מיר אפן בארן:

אומרת מלכה / זאגט דיא מלכה
אליר דורך לייכטיגש שרץ אויף ערדן.
אום מיין לעבן צו ביטן איזט דיז מאל מיין בגערן.
דאן זא איך זמבט מיין פאלק צו מאגט אונ׳ קנעכטן פר קויפט ווערן.
זא העטי איך ניכט צו לאמנטירן בגערן.
ווילן אביר איך זמט מיין פאלק צו ער מארדן אונ׳ און ערברמליך צו
ערשלאגן וואָרדן געבן.
דעשנט וועגן מוז איך ביטן אום אונזר לעבן.
דאן וויא קענין אירא מיישטעט צו שויאן.
אייער טרייאי גמאל און שולדיג מיט דען שווערט צו הויאן:

אמר המלך /זאגט דער מלך
אסתר מיין ליבש שרץ. דיר זאל ניכטש ביזש ווידר פארן.
טוא מיר נור דען זעלבן פרשאן אפן בארן.
וועלכר זיך זאלכש האט פאר גנומן.
עז מאג זיין מיין נעגשטר פריינט זיין לעבן זאל אים ווערדן גנומן:

אומרת מלכה / זאגט די מלכה
אליר דורך לייכטיגש שרץ. המן דער ביז וויכט האט זאלכש אן גשטעלט.
מח ע״א דז ⟨מ⟩יך זמט מיין פאלק און שולדיג צו | ברענגן פון דער וועלט.

2364 ה״ב בדף מז ע״ב מתחילה יד אחרת
2385 במקור א י ך התיקון לפי פא

ווײלן וויר אירא מײשטעט טרײא זײן האט ער טאן ערקענין.
דרום וויל ער אונש אונזר לעבן נעמן.
אונ׳ האט ער שעלמיש גדאכט.
זא ער אונש העטי שאן פון דער וועלט הין וועק גבראכט.
זא קענט ער אײער מײשטעט אֵי העגדר אויך ערשלאגן.
ווײלן ער קײני טרײא לײט מער אום זיך מעכט האבן :

שטיט המלך אויף מכסאו גיט ברגזא אין גרטן וחזר ואמר / שטיט דר מלך אויף פֿון שטול גיט ברגזא אין גארטן אונ׳ גיט הינטר זיך אונ׳ זאגט

האף קנצלר זאל איך דיר וואז נײאש זאגן.
וואז זיך אין מײן לושט גארטן האט צו גטראגן.
דען גראשן צארן וועגן דען ביזן המן האב איך וואלן ענטווײכן.
ערשט האב איך ווז ערגרש טאן ערײכן.
דאן וויא איך אין מײן לושט גרטין האב היניין טאן שויאן.
⟨דא זאך איך⟩ וויא דז המן זײני צעהן זיני מײני בעשטי בוים מיר צום
טרוץ טונין אב הויאן :

שטיט המן אויף וויל בעטן לפני המלכה ונופל עלי׳ / שטיט המן אויף וויל בעטן פֿר דר מלכה אונ׳ פֿלט אויף איר

ואמר המלך / זאגט דער מלך

המן בײא מײנר ליבשטי גמאלן ווילשטו אין מײן אײגנן פאלשט ניטיגן
צו שלאפן.
בײא מײנר קראן אום דײן לעבן וויל איך דיך שטראפן :

ואמר חרבונה / זאגט חרבונה

אליר דורך לײכטיגשטר קינג איך קאן אויך אירא מײשטעט אפין בארן
וואז זיך דער ביז המן האט אונטר פנגין.

מח ע״ב ער האט אײן גלגן אין זײן האף לאזן מכין דען טרײאן מרדכי
דרויף | וויל לאזן הענגן.
ער איזט צו פינדן אין זײנן האף.
פר וואר אביר איבר זאלכי איבלי טאטן זאל ער אהני אונטר טעניגש
מאס געבן ווערדן גשטראפט :

ואמר המלך

האף קנצלר ווײלן דען ביזן המן זײן און טרײא גאר צו פיל פאר קומן.
אונ׳ זײני ביזי שטיקל זוני קלאר האבן פר נומן.
איזט נון אויז אים ניכטש גוטש מער צו האפן.
דרום וואלן וויר אין אום זײן לעבן שטראפן.

2397 ההשלמה לפי פא

זייני ביזי שטיקל וואלן וויר אים ניכט שענקן.
אויף דען גלגן וועלכן ער פר דען מרדכי ערבויאט האט הירויף וואלן
וויר אין לאזן הענקן.
דרום ווערשטו אלש בלד זעהן אין דז געהיימבי רעט.
דז דער קאנקלוזא אין אונזרן ביכרן צו גלייך געשעהן טעט :

האף קנצלר אמר ללויפר דז המן ציטירט ווירט צום ארטל / האף קאנצלר זאגט צו לויפר דז המן ציטירט ווירט צום אורטל

האף קנצלר לעזט דז אורטל לפני המלך

אין נאמן דעש גראשן קינג ארטקססטיש אהשווירוש קינג אין אלין פיר טיילן
דער וועלט אין אסיא אפריקא עאוראפא עט אמעריקא. איז דיזש אין דיזן
קינגרייך פרסי אונ׳ מעדי געהיימבי ראט גשלאשן וואַרדן. וועלכש אין עוויקייט
ניכט צו ענדרן זייא. ווייל דער ביזי המן. זון המדתא. פרימא דיא אליר דורך
לייכטיגשטי קינגן צור און צוכט ניטיגן וואלן. צעקונדא ער איין פלש פאטענט
דיא יודן אלי זמנטליך אויז צו טילגן אונ׳ צו ער מארדן אויז גין האט לאזן.
טערציא דז ער דען טרייאן מרדכי וועלכר דעם קינג פום טאט ערעטיט. הענקן
מט ע״א וואלן לאזן | קוורטא זייני צעהן זיני אירא מיישטעט זייני בעשטן בוים צום טרוץ
אב הויאן לאזן. איזט ער זמבט זייני זיני פום לעבן צום טאט דורך דעם שטרענג
פר אורטיילט וואַרדן פון רעכטש וועגן. אקטום שושן אין קאנסיליא מגנארום
רעגנום פרסי עט מעדיא פאטענטיסימא רעגיש אהסווערי שמשאן רייך קנצלר :

אמר המן ערשטש קלאג ליד / זאגט המן דאש ערשטש קלאג ליד

1 ווייא איז מיגליך היר צו לעבן.
מייני פרכט האט נון איין ענד.
ווער זאל מיר איין ראט נון געבן.
דז מן דז קינגש צארן ווענד.
אך גאט אין דיינן העכשטן טראן.
דיז מאל איך מיך צו דיר ווענד.
הילף מיר דיז מאל דא פון.
אונ׳ מיר דיינן ענגל זענד :

2 איך פאל אנידר אויף מייני קניא.
אונ׳ רייכי דיר מייני הענט אל דאר.
מייני זינד דוא ניכט אן זעה.
אונ׳ שיק מיר דייני ענגל שאר.
מייני זינד זאלשטו בדעקן.
מיט פליגל דיינר ברמהרציקייט.

2416 במקור צ ע ק ו נ ד א א י י ן המחיקה לפי פא

מייני מיסטאט זאלשטו אב מעקן.
דורך גראשר הילף דיינר הערליכקייט :

3 מייני ביזי ווערקן ווערף איך גאר פערן.
אונ׳ ערגיב מיך אויף דיינר ברמהרציקייט.
מיין עלענט שטים טוא דוא דאך ערהערן.
זא איך דיך אן רוף מיט ביטרקייט.
וויא האשטו מיך גמכט צום גראשן הערן.
נון האט עז זיך פר קערט צו גראסי לייד.
לאז דאך מיין עלענט בלד אויף הערן.
אונ׳ פר קערי מירש צו גראסי פרייד :

4 וויא האשטו מיך מיט רייכטום זא האך ערהאבן.
נון וואלטי איך דז איך ווער איין בעטל מאן.
מט ע״ב מייני ווערק זיין גוועזן האך | צו לאבן.
בייא מיניסטר אונ׳ שטנץ פרשאן.
וויא בין איך זא טיף גפלן.
אך גאט הילף מיר אויף ⟨דיז⟩ מאל דער פאן.
דייני לאב וויל איך ערשאלן.
דאן דוא ביזט גאט דער דא העלפן קאן :

5 וויא האשטו מיך מיט קינדר זא בענידייעט.
דז מיינש גלייכן ניכט צו פינדן איז.
וויא האשטו מיך זא האך ערביררייאט.
אין אלין לעבן אונ׳ וואל לישט.
נון קאן איך וואל מרקן דאש דיזש אליש.
מיר צו לייד גשעהן איז.
דאן עז ווער פ⟨יל⟩ בעשר דז איך דז גוטן פליש.
מיין לעבי טאג ווער ניכט בוואושט :

6 אויף מיך איזט נון האך צו קלאגן.
אונ׳ אין איבקייט טרויאריג זיין.
איין יעדר מן זאל טרויאר טראגן.
אויף מיין עלענט אונ׳ גראסי פיין.
וויא איין ביטר ארטל האב איך גהערט.
אך מיין גרעסטן הערצן לייד.
אך גאט לאז עז זיין בלד פר קערט.

2452 ההשלמה לפי פא
2461 תוקן לפי פא

צו מיין העכשטן הערצן פרייד :

7 וואז האפרט איז גוועזן אין מיינן הערצן.
זא דיא קיניגן מיך צור מאלצייט בגערט.
וויא האט עז זיך פר קערט צו פלאג אונ' שמערצן.
וועלכש זיין טאג איזט ניכט ערהערט.
וויא האט זיך מיין הערליך לעבן.
אין גראשי לייד פר קערט.
וויא איזט נון זאלכש צו איבר שטרעבן.
מיין הרשפט זאל זיין פר שטערט :

8 צו און גליק בין איך גבארן.
אונ' אן גלנגט אין פרסיאן רייך אל היר.
וויא שאמליך זאל איך ווערן פר לארן.
וויא זאל דאן גשעהן מיר.
וואו איזט נאך מער גזעהן.
איין זאלכר העלד | אונט קאפילער. נ ע"א
אן ועם איזט נאך מער גשעהן.
איין עקסעמפל אלש דא גשיכט אן מיר :

9 אך דוא יודא מרדכעאס.
וויא גאר רעכט האשטו גטאן.
אך איר זמטליך שטם יודעאס.
וויא הערליך האט איר אייער פסטן גליגט אן.
וויא האט איר מיך זא איבר וואונדן.
אך איך ארמר עלענטר מאן.
אך ווע צו דער און גליק זעליגי שטונדן.
וואז זאל איך נוןליידר טאן :

10 אלי צייט האב איך נאך טאן דענקן.
וואז דען דז מרדוכעאם טאט זאל זיין.
אויף איינם גלגן האב איך אים וואלן לאזן הענקן.
דיז דיא אורזך מייני פיין.
וויא האב איך איין גרוב ⟨ג⟩גראבן.
אונ' בין ליידר גפלן זעלבשטן דריין.
אנדרי הערן ווערן ערלך בגראבן.
אונ' איך זאל איין גלגן צירר זיין :

11 וואז העלפט מיך נון מיין קלאגן.

2499 ההשלמה לפי פא

דז אום גליק האב איך מיך זעלבשט אן גשטיפט צו הנט.
מייני גביין ווערדן ניכט בגראבן.
מיר צו אליר העכשטן שנד.
וויא האב איך דען אן גפנגן.
מיט איין זאלכן הייסן ברנד.
איז דאן קיין גנאד צו ערלנגן.
אך דיא יאמר אונ׳ גראשי שנד:

12 נון ווייש איך מיר קיין ראט צו געבן.
אלש בייא דעם קינג ביטן צו אוידיענץ.
אב איך קענט ערהלטן מיינש לעבן.
אונ׳ ווערדי בהיט פר דעם ביז גשפענץ.
אליין עז בשטיט אלש אין גאטש ווילן.
אוב ער מייני זינד פר צייאן מעכט.
אלזא וואלשטו מיר מיין ביט ערפילן.
אונ׳ צו בגנאדן דיינן קנעכט:

13 הער גאט אין דיינם הימל אבין.
טוא מיר ⟨דאך⟩ מיין ביט ער פילן.
אל צייט וויל איך דיינן נאמן לאבן.
נ ע״ב טוא דאך דז קינגש צארן | שטילן.
דאן דוא אליין דער יעניגי בישט.
דער דז הערץ דאש קינגש האט צו מכט.
דז הערץ דז קינגש אין מכט גאטש איזט.
אלזא דער קינג סאלאמן שפריכט:

14 טוא דאך דז קינגש הרץ אב ווענדן.
דז ער מיר גנעדיג זייא.
טוא מיר דאך דיין ענגל זענדן.
דז ער מיך טוט שפרעכן פרייא.
דא איך טוא פר דען קינג טרעטן.
אין גראשי אנגשט אונ׳ גראשי לייד.
לאז מיך דאך מיין לעבן ער בעטן.
דז ער מיר ערטיילט ברמהרציקייט:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
ברודר המן אייער און גליק איזט מיר לייד פון הערצן.
עז טוט מיך אויך אינרליך זער שמרצן.

2520 ההשלמה לפי פא

אליין וואן ער וויל מיין ראט בטרכטן.
וועלכן דער הער ברודר האט ניכט וואל באב אכטן.
איך האב אים פון זאלכי הענדל אב גראטן.
העטי ער נאך גפאלגט ווער ער ניכט קומן אין ניטן.
נון אביר האבן אלי ראט איין ענד.
איך גלויב ניכט אלש איין דאקטר מער העלפן קענט.
דאן דער ⟨הר⟩ ברודר ווייש דז פרסיאנישי רעכט.
ניכט צו ענדרן זייא וואן מן אלש געלט דער וועלט דרום געבן מעכט.
דאך בשטיט עז אין גנאדן אירא מיישטעט.
אב ער פר צייאן מעכט זיין האהש אויטאריטעט.
זא בלייבט איבר נאך דיזר איינציגי ראט.
וואז דער הר ברודר נאך נאט ווענדיג צו טאן האט.
בייא אירא מיישטעט איבר פליסג צו לאמנטירן.
אב זיך איר מיישטעט מעכטן אנדרשט רעזאלפירן :

אמר המן / זאגט המן
פריילך מוז איך דיזן ראט נאך לעבן.
דער אלמעכטיגי גאט וואלן | גליק היר צו געבן : נא ע״א

קניאט המן לפני המלך / קניאט המן פר דען מלך אונ׳ זאגט
1 גראס מעכטיגשטר קינג.
גראש מעכטיגשטר הער.
מיינש לעבן וואלט ער מיר שענקן.
אונט מייני גראסי זינד.
דיא וואלט איר ניכט גדענקין.
איך ארמש עלענטש קינד :

2 לאזט מיך דאש מאל פאסירן.
פון מיינר גראשי נאט.
מיינש יונגש בלוט.
זאלט איר מיך בשירמן.
הלט אייך מיין האב אונ׳ גוט.
אונ׳ גיבט מיך ניכט פר דיא ווירמן :

3 מייני זינד זאלט איר מיר פר געבן.
אונ׳ מייני גראסי מיסטאט.
מיינש לעבן זאלט איר מיר לאזן.
צו דיזר צייט אונ׳ שטונט.

2543 ההשלמה לפי פא ושורות 2538, 2548

מעריטירט מיך נאך בליבן גשלאסן.
אלש אייער יאגד הונט:

4 מיין דינבשט פרטיקייט אין אלי מיין אן לאסן.
האב איך בעשט רימליך בצייגט אויף אלי וועג אונ׳ שטראסן.
יעצט לאזט איר מיך מיט דען שרף ריכטר בלייטן.
וועגן גאר ניכט פיל.
טוט מיך אויף דער איביקייט אויף דער גאלערן בהלטן.
אונ׳ פר דאמן אן מאס אונ׳ ציל:

5 טונין זיא מיר עז גדענקן.
ווען עז קומן איזט צו איינר שטרייט.
מיט מיינר גראשי קרפט אונט מכט.
האב איך אייך פיל שטרייט מכין גווינן.
יעצונט זאל ווערדן דער גלגן מיין רכט.
אונ׳ איר מיישטעט טונין זיך ניכט הירויף בזינן:

6 לאזן זיא זיך דונקן עז איזט נון גשעהן.
צום זיא דז איך וואר פר זונקן דא איך קיגן דיא באבילאנר וואר גנעהן.
אונט דינט אייך אלש ריטר אונט העלד.
נא ע״ב אונט אלש איין פאר נעמר | האפ״ציר.
וואן עז שאן קאשטיט דיא גנצי וועלט.
בליב איך דאך איין טפריר קאפאליר:

7 וואז ווירט דאן דרויז ווערדן.
וואן איך שאן לעג אינש גראב.
איין גנאד וואלט איר ערטיילן.
אונט מיך צו שטעלן פרייא.
מיט דען טאט זאלט איר ניכט איילן.
עז איזט אלי מאל צייט דער בייא:

8 וואלט איר עז דאן ניכט טאן.
וועגן מיין גראשי זינד.
ערברמט אייך מיין פרויא אונ׳ קינד.
דיא זיך ניכט קענן געבן קיין ראט.
דיא קיגן אייער מיישטעט ניכט האבן גזינד.
אונ׳ קענן זיך ניכט ברענגן קיין בראד:

אמר המלך / זאגט דר מלך
האף קנצלר פר דען ביזן המן איז דורך אויז אלהיר קיין גנאד.
זיין סענטענץ איזט איין פיר לייבט אין גהיים ראט.

זייני ביזי שטוק זיין אים דורך אויז ניכט צו פר געבן.
ער מוז גשטראפט ווערדן אום זיינש לעבן.
אלזא האשטו איין קארצי איין פרמציאן.
עז פר בלייבט בייא אונזר ערשטי רעזאלציאן :

אמר האף קנצלר / זאגט דער האף קנצלר
המן האשטו פון איר מייעשטעט גהערט זיין בשייד.
דרום ווערט איר אייך צום טאט מכין ברייט.
לנג קאן איך אייך קיין צייט ניכט געבן.
דאן איך מוז אויך באב אכטן מיינש לעבן :

אמר המן / זאגט המן
1 ווע אונ' אך דז מן צו מיר זאלכש זאל שפרעכן.
עז ווער קיין וואונדר דז איך מיך מיט מיין גוועך זאלט ערשטעכן.
נב ע"א וויא בין איך בייא אלי פירשטן אונ' מיניסטר גהאלטן ווארדן אין גרושן | ערין.
אונ' יעצונט זאל איך דענן הענקרש קנעכט צו טייל ווערדן :

2 איז דאן קיין מעדיצין צו מייני קרענק פר הנדן.
איז דאן קיין ראט צו דיזי שפאט אונ' שנדן.
איז דאן קיין קרויט ערשפן דיא מייני וואונדן זאלטן היילן.
האף קנצלר איר וואלט מיך דאך ניכט איבר איילן :

3 איר בוימן אין וועלדרן וויא וואלט איר מיין אידלן לייב אן אייך נעמן.
זאלט איר אייך קיגן מיין הערליכקייט ניכט שעמן.
איר זאלט בילך אייך איבר מיין גוולט אונט ריטרשפט בדענקן.
אונ' מיך אן אַייך ניכט לאזן הענקן :

4 גאר קיין מיטל זאל צו מיין ווע מוט זיין צו פינדן.
אָ וויא גאר גראש מוזן זיין מייני זינדן.
נאך אלין ליידן קומט הר נאך דיא פרייד.
אביר דיא מייני גווערן אלי צייט :

5 האף קנצלר אייני זאך וויל איך איר עקסלענץ בעטן.
דזין זיא מיך פר דיא אליר גנעדיגשטי קיניגן לאזין פאר טרעטן.
דאן דז וויבליכי גבליט זיין איהנדר צו איבר רידן גנייגט.
פיל לייכט ווירט מיר פון איר גנאד ערצייגט :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
המן גרוש מיט ליידונג טוא איך מיט אייך האבן.
גראס בקימרנוס טוא איך וועגן אייערר טראגן.

דרום זאל אייך דיא בווילּיגונג גשעהן.
בייא דער אליר גנעדיגשטי קיניגן זאלט איר אייך לאזן זעהן.
איך ווינש מיר צו דיזר צייט.
קיין גרעשרי פרייד.
זא איר ער הלטיט פון איר גוטי בשייד. |
נב ע״ב דרום זאלט איר ניכט לנג פר ציהן.
צו דער אוידיענץ צו קומן זאלט איר אייך במיהן :

קניאט המן לפני המלכה / קניאט המן פר דער מלכה

1 אליר דורך לייכטיגשטי קינגין. וועלכי איזט גאדלט זער.
אונ׳ אויז דען הייליגן שטאמן איזראעל איזט קומן אהער.
טוט דאך אייערן גראשן צארן פון מיך פר דיז מאל שטילן.
זא איכש ניכט ווירדיג בין טוט עש דאך דורך אייערש הייליגן פאטר אברהם ווילן :

2 אליר דורך לייכטיגשטי קיניגן. אויז דען הייליגן פאטיר יארחום שטם גבארן.
לאזט דאך מיין און ווירדיגן לייב אלזא שמעכליך ניכט ווערדן פר לארן.
בין איכש ניכט ווירדיג צו דיזר צייט.
טוט עז אום ווילן אייער הייליגן פאטר איזק זיין ברמהרציקייט :

3 אליר דורך לייכטיגשטי קיניגן. דיא פון הייליגן גבורט איזראעל איזט הער קומן.
לאזט דאך אייער ברמהרציקייט פר דיז מאל ווערדן פאר גנומן.
איך בין עז ניכט ווירדיג. טוא איך גאר וואל ווישן.
לאזט מיך אביר אייער הייליגן פאטר יאקאב זיין איין פעלטיקייט גניסן :

4 אליר דורך לייכטיגשטי קיניגן. האבן דאך אייערי פאר עלטרן זיך קיגן דעם הימלשן גאט גאר האך טאן פר זינדן.
אלש וויא מירש אין דעם אנדרן בוך מאזוש טונין פינדן.
דא זיא דז גולדי קלב ווארן אן בעטן.
זא בלד אביר זיא גבעטן האבן אום ווילן אייערי פאטיר ירחום זיין זיא קומן אויז נעטן :

5 אליר דורך לייכטיגשטי קיניגן. נון אין דיזי פוס שטאפן טוא איך אויך טרעטן.
נג ע״א אונ׳ אום ווילן אלי הייליגי פעטר טוא איך | אייך בעטן.
אלזא טוא איך גנץ זיכרליך וואל האפן.
מיר צו פר צייאן אונ׳ מיך ניכט זא און ערברמליך צו שטראפן :

אומרת מלכה למלך / זאגט מלכה צום מלך
שויא מיין אליר דורך לייכטיגש שרץ.
צו פאר האט דער ערץ שעלם מיין הייליגי פעטיר פר אכט אונ׳ זיא פר צוויברר אן געבן.

יעצונט ביט ער אום אירש ווילן איין גנאדן צו ⟨געבן⟩ :

ואח״כ אומרת מלכה להמן / זאגט די קיניגן צו המן
המן דוא ביזט גנץ פר אירט.
דיין קאפף איזט גאר פר נרט.
דאן דוא האשט דיך אן דז הייליגן זאמן אברהם גאר האך טאן פר זינדן.
דרום קאן דיין ביט גלייך אום גאטש ווילן קיין שטאט פינדן.
⟨דאן איך קאן דיא הייליגי פֿעטר אירי גטאני שימפף ניט פֿר צייאן.
ווען עז דיך איצונט שאן טוט גרייאן.
וואן דיר אום דיינן איינוגן לייב צו פֿר לירן איזט צו פֿיל.
וויא האשטו פֿר לנגט און שולדיג צו פֿר טילגן זילן אהני מאס אונ׳ ציל.
דוא האשט דיא הייליגון פֿעטר פר צוברר ערקלערט.
זא קאן דיין ביט ניכט ווערדן בווערט.
צויברר האשטו זיא אפֿנטליך גהיישן פֿר דען קיניג אונ׳ גנצן פרלימענט.
דרום מושטו נעמן איין שלעכֿטש ענד.
אירן זמנטליכֿן זאמן הושטו יעמרטלך וואלן אומש לעבן ברענגן.
דעשנט וועגן מושטו אויך אן גלגן הענגן :⟩

ואמר המן / זאגט המן
1 נון מייני טרייאי הערן, וויא זאל מן אויף יעמנטן וויינן אונ׳ קלאגן.
וואן מן אים ערליך פון זיין בעט צום גראב טוט טראגן.
דאן דיז ווייש מן וואל אלש וואז פלייש איזט מוז ענטליך שטערבן.
אונ׳ מוז צו טייל ווערדן דען ווערמן :

2 העלפט ליבר מיך צו בקלאגן אונ׳ צו בוויינן.
וועלכן ניכט צו גראב קומן זייני ביינן.
איין זאלכר מיניסטר דער דא צו בפעלן האט גהט איבר אלי הערן.
זאל יעצונט צו טייל דענן ראבן ווערן :

3 וואו איזט זאלכש מער גזעהן אדר גהערט.
עז ווער פיל בעשר דז איך קיגן דען פיינט גפלן ווער אין דז שווערט.
זא ווערי איך ערליך צו גראב קומן אלש איין האהר האפיציר.

2662 במקור ק ו מ ן התיקון לפי החרוז ולפי פ ל ע ב ן א
2667—2676 ההשלמה לפי פ
2684 במקור נמחק ו ו ע ר ן אחרי ט י י ל

אונ׳ איין ערליכן נאמן גלאזן הינטר מיר :

נג ע״ב 4 אביר יעצונט זאל איך ליידר דען שרף ריכטר צו טיילי ווערן | אונ׳ אים ווערן איבר געבן.
אָ ווע אונ׳ פר פלוכט איזט זאלכש לעבן.
וויא זיס ווער דער נאטירליכי טאט וואן מיר מיין זיל זאלט ווערן גנומן.
אלש דער יאב שפריכט ווע דען דיא דען טאט האפן אונ׳ ער וויל ניכט קומן :

5 וויא זאלן אירי הערן איבר מיין ווע מוט ניכט קלאגן.
איך ווינש מיר אלש מיך דונדר אדר בליץ זאלט ערשלאגן.
אֶי דז איך זאלט נעמן איין זאלכש איבלש ענד.
אונ׳ זאלט קומן אין דז הענקרש קנעכט אירי הענד :

6 מייני פיס זייני שוואך אליביידן.
מייני אויגן זיין פר טונקלט פר גראסי ליידן.
מייני ארין קענן פר גראשי שרעקן ניכט מער הערן.
מייני אויגן פליסן גנצי בעך מיט ⟨טרערן⟩ :

7 קומט נון אלי דיא פון ערשעפנוס דער וועלט איזט לייד גשעהן.
אונ׳ נעמט איין טראסט אן מיר דא איר מיך אין זאלכי נאט טוט זעהן.
איך אביר זא מן גלייך דיא גנצי וועלט הרום וואלט שוועבן.
קיין טראשט קאן צו מיר ווערדן געבן :

8 פון דען העכשטן טראן אין דער טיפסטי גרובן בין איך גפלן.
אָ טוט זאלכש בקלאגן איר מיניסטר אלין.
אהני מיינש וואטום איזט ניכטש גשלאסן ווארדן אין קינגליכן האף.
יעצונטט זאל איך אלזא יעמרליך ווערדן גשטראפט :

9 הימל אונט ערדן אונ׳ אלי ערשפן דיא וואלן אויף מיך בילך קלאגן.
אלי הערשפטן דיא וואלן טרויאר טראגן.
אין זאלכר נאט איזט ניא מאלן קיין הרשפט גראטן.
קלאגט אויף מיך אלי פאטען טאטן : |

נד ע״א 10 פרימא מיניסטר המן זאל פלין אין שרף ריכטר הענדן.
אן מיין האף גבארנן לייב זאלן דיא שורקן דיא עקסעקוציאן זענדן.
פִיל גנאד האב איך קענין אויז טיילן.
יעצונד זאל דער שרף ריכטר מיך איבר איילן :

11 דוא פר פינסטרטי ערדן טוא דיין ווייטש מונד אויף מכין.
אונ׳ וואלשט מיך פר שלינדן אין דיין ווייטן רכין.

2700 במקור צ ע ר ן התיקון לפי פא

אלש דוא האשט דען קרח איין גנומן.
דא מיט איך אהני שנד מעכט פון דער וועלט הין וועק קומן :

12 פרימא מיניסטר המן זאל צור עקסעמפל ווערן.
אָ בקלאגט זולכש אלי מיניסטר אונ׳ הערן.
טוט אייך אלי צו מיין וועמוט לענקן.
פרינץ המן זאל אן גלגן הענקן :

13 האף קנצלר לאזט מיר מיין גמאל אויך קומן דז איך זיא נאך מאלן
מעכט זעהן אין מיין ליידן.
דא מיט איך אין מיין עלענט פון איר קענט אב שיידן.
אין גראשר שפאט אונ׳ שנד טוא איך זיא הינטר מיר לאזן.
בוויינט איבר דיזש איר הערן אויז דער מאסן :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
לויפר עז ווירט דיר הימיט אן בפאלן.
דז דוא אין מעדיאטא זיין גמאל זאלשט האלן.
דז זיא איר הערן זאלט זעהן אין זיינר עלענט אונ׳ נאט.
אֵי ער אב שיידט פון איר מיט טאט :

אמר לויפר / זאגט לויפר
דורך לייכטיגשטי פירשטן זרש איך מוז אייך איין איבלי צייטונג ברענגן.
אייער פירשט המן דער מוז ווירדן גהנגן.
בייא אירא מיישטעט איזט עז שאן קונקלידירט.
זיין צענטנץ איזט שון פובליצירט.
אלזא זאלט איר קומן אין זיינר גראשי נאט. |
נד ע״ב דען עז איזט בייא אים ניכטש צו האפן אלש דער טאט :

בא ⟨!⟩ זרש ואמר להמן / קומט זרש אונ׳ זאגט צו המן
דורך לייכטיגש שרץ וואז ⟨איז⟩ אייך גשעהן.
וויא פַר בלאכן אונ׳ אין ווע מוט טוא איך אייך זעהן.
קלאגט מיר דאך אייער קומר אונ׳ פלאגן.
איין איביגי טראסט זאלט איר פון מיר האבן :

אמר המן לזרש / זאגט המן
אליר ליבשטי גמאל וויא אין איין גריילכן שטנד האט איר מיך היר אן גטראפן.
האבט איר ניכט פר נומן וויא מיך איר מיישטעט מיט איין טאט וויל שטראפן.
דאן איך האב טענטירט אלי יודן צו פר טילגן דז אייך שאן צו ווישן איזט.

2739 ההשלמה לפי פא

דז אביר די קיניגן זעלבשטן אייני יודן איזט האבי איך ניכט גוואושט :

אומרת זרש קלאג לידר / זאגט זרש

1 אך לידר ליידר וואז טוא איך הערן.
מיין זיל וויל נון צו שטרבן בגערן.
דז איך ניכט דיין גראשי נאט.
אונ׳ זאלכן שנטליכן טאט.
אונ׳ שמאך אונ׳ שפאט ניכט זאל פאר מיר זעהן :

2 אך גאט טוא מיך פון דער וועלט נון נעמן.
פר אנדרי מאדמי מוז איך מיך שעמן.
דז איך דיזש מוז צו זעהן.
דז מיין פירשטן זאל זאלכש גשעהן.
דז דער שרף ריכטר צו זיין עדלן לייב זאל גנעהן :

3 מיין אדליר פירשט וויא איזט זאלכש גשעהן.
וויא האבט איר דיא שנץ זא גראב פר זעהן.
איר זייט דאך דער טאפרשטי העלד.
אויך דער ברימשטי אין דער וועלט.
וויא זייט איר צו זאלכן אורטל וואָרדן גפעלט :

4 אך ווע צו דער און גליק זעליגי צייט.
נה ע״א איך האב דירש צו פאר | פראפיצייט.
דיא זכין גפלן מיר ניט רעכט.
דער וויל דער מרדכי איזט פון יודן גשלעכט.
דרום איזט ער צום הרין אונ׳ איר דער קנעכט :

⟨זאגט המן⟩

5 מיין שענשטי גמאלן דיז איזט ניכט צו גדענקן.
מיין גנץ פירשטן טום ווער דרום צו שענקן.
דז איך צום שקלאפן זאלט ווערדן בהלטן.
אונ׳ דער מרדוכעאם אין מייניגן זאלט שלטן אונ׳ וולטן.
דז איך נור מיין לעבן קענט בהלטן :

אמרת זרש / זאגט זרש

6 אליר דורך לייכטיגש שרץ איך וויל פר דען קינג טרעטן.
פר אייער לעבן וויל איך בעטן.
פיל לייכט דער אליר גיטיגי גאט.

2755 במקור נמחק מ ן אחרי ד ז
2767 ה״ב ההשלמה לפי פא

ווערט פר לייאן גנאד.
דז איר ווידר קעמ⟨ט⟩ אויף אייער הערליכי שטאט:

אומרת זרש להאף קנצלר / זאגט זרש צו האף קנצלר
האף קנצלר איך האב אירא עקסלענץ צו ביטן.
זיא וואלן מיך פר אירא מיישטעט ⟨לאזן⟩ פאר טרעטן.
פר מיינם דורך לייכטיגן פירשטן וויל איך צאליסיטירן.
פיל לייכט ווערדן זיך אירא מיישטעט אנדרשט רעזאלפירן:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
דורך לייכטיגשטי פירשטן דיא גנעדיגי קאנסענס האט זיא שון פון מיר.
עז איזט שאן בוויליגט היר.
פר אירא מיישטעט זאל זיא פאר טרעטן.
פיל לייכט ווערט זיא קענן גנאד ערבעטן:

קניאט זרש לפני המלך
1 אליר דורך לייכטיגשטר קינג אונ׳ אין דער גנצי וועלט איין הערן.
לאזט דיז מאל מיין אונטר טעניגש ביטן ערהערט ווערן:

⟨2⟩ פר מיינן פירשטן וויל איך צאליסיטירן.
אירא מיישטעט וואלן זיך צו גנאדן רעזאלפירן: |

נה ע״ב ⟨3⟩ לאזן זיא זיך דונקן עז איזט שאן גשעהן.
דזין זיא מיינן פירשטן אן גלגן הענקן זעהן:

⟨4⟩ אב שאן מיין הער האט זיך קיגן אירא מיישטעט האך ⟨טאן⟩ פר זינדן.
וואז קאן אביר דר פיר איך אונ׳ מייני קינדן:

⟨5⟩ לאזין זיא דיא לייב שטראף אליר גנעדיגשט רעלקסירן.
מיט אל מיין האב אונ׳ גוט וויל איך מיין הערן רנציגירן:

⟨6⟩ וואז ווירט אירא מיישטעט מיט זיין ווינג בלוט זיין בהאלפן.
אהני אונטר טעניגש מאס געבן ליבר אום געלט אונש זאלן שטראפן:

⟨7⟩ וואז ווירדן אלי מיניסטר אונ׳ פאטענטאטן הירוש יודיצירן.
וואן מן דען טרייאן פרימא מיניסטר המן מיט זאלכן טאט ווירט טרקטירן:

אמר מלך / זאגט דער מלך
האף קנצלר פר המן איזט קיין גנאד היר פר הנדן.

2776 ההשלמה לפי פ
2778 ההשלמה לפי פא
2785—2797 תיקון המספור של הסטרופות לפי פא
2791 ההשלמה לפי פא

ער מוז דיזן טאט שטרבן מיט גראשי שנדן :

זינגט המן דיזש קלאגליד / זינגט המן קלאג ליד

1 קומט. איר פרסיינין.
אונ׳ העלפט מיר וויינן.
וויינט אין שושן.
ווער דא אויגן האט.
אלש אין שוורצן זאלט ער שיינן.
קלאגן זאל דיא גנצי שטאט.
פרינץ הער המן זאל לידר אב וויכן.
אונ׳ זאל ליידן יעמרטליכי נאט.
אונ׳ זאל זיין לידר טאט :

אמר ⟨!⟩ זרש / זאגט זרש

2 פרויא צימר אונ׳ מאדאמא.
קומט אלי צו זמין.
עז זייא אייך פון הערצן לייד.
מוזיקנטן זאלן שווייגן.
טרומפיטן אונ׳ גייגן.
דאן עז ווירט היר איין טרויריקייט.
אן שטט | דיינר גמאלין. נו ע״א
ביזטו לידר גפלן.
זמט דייני פרינצן אלין :

אמר המן / זאגט המן

3 האהי מיניסטר.
אונט גייסטליכי פריסטר.
זיכט וויא איך נון שמערצן טוא.
און גפערדן.
פון הימל צו ערדן.
אונ׳ אלזא האב איך קיין רוא.
אל מייני גאבן. פרעסן דיא ראבן.
דיא מיר גאט האט גיגעבן.
גלייך נאך מיינן לעבן :

אומרת זרש / זאגט זרש

4 גאר גראשי שמרצן.
אין מיינן הערצן.
און גפערדן גשאסן זיין.

אן שטאט שערצן.
ליכט אונ׳ קערצן.
אין מיין לייב אן גצונדן זיין.
געלט אונ׳ גוט אויז דער מאסן.
מוזטו אלש הינטר דיר לאזן.
אונ׳ מוזט גין זאלכי פינסט⟨ר⟩י שטראסן :

אמר המן / זאגט המן

5 מיין לנד אונ׳ לייטן.
קומט אלי בצייטן.
ווייל איר אייערן הערן טוט טרעפן אן.
טוט אים בלייטן.
טוא איך איין אן דייטן.
דער אייך אין שוץ ערהלטן טאן.
טרייארט איבר מיך גראש אלש קליין.
מיין שטערן איז גפלן איין.
צו אידרן מוז איך איין עקסעמפל זיין :

אומרת זרש / זאגט זרש

6 מייני טרייא ראטן.
אונ׳ האהי פאטענטאטן.
נעמט איר דיזש צור אויגן שיין.
לאזט אייך דיזי טאטן.
פר אויגן צום שאטן.
אין אייערן ⟨הרצן⟩ גשלאסן זיין.
אלש זיך קיינר פר לאזט אויף גנאד.
דיא מיין שרץ ערווארבן האט.
דאן דער צארן דז קינגש איז דער שליסל צום טאט :

אמר המן / זאגט המן

7 עז נעמט מיך וואונדר.
אויף איין יעדן בזונדר.
דז אייך דיא שפייז אן נעמלך זיין.
וואן איר טוט דענקן.
נו ע״ב אן מייני | קרענקן.
שמרצן אונ׳ גראסי פיין.

2836 ההשלמה לפי פא
2851 ההשלמה לפי פא

אויז מייני ליפליכי רוא.
פירט מן מיך צום גלגן צו.
וועלכש נאך קיין קאפאליר איז ניכט קומן צו :

אומרת זרש / זאגט זרש

8 מיין אידלי קנאבן.
אונ' אנדרי דינר דיא איך טוא האבן.
לנגן אלי היר אין גראשן עלענט אן.
אויף אייערן הערן.
אים צו ערן.
ליגט טרויער קליידר אן.
איין זאלכר קאפיליר זאל ווערדן גהנגן.
אלש איזט מיט שוורצן בהנגן.
מער צו לעבן איזט ניכט מיין פר לנגן :

אמר המן / זאגט המן

9 מיין עדלי גמאלן.
מיין שענשטי פר אלין.
לאז דוא נור דיין טרויארן זיין.
דען איך קאנש ניכט מער ערליידן.
פון דיר מוז איך אב שיידן.
דיין אן גזיכט מכט מיר נאך גרעסרן פיין.
נעם וייטרש דיין גזונט אין אכט.
אנדרשט קאן עז ניכט ווערדן גמכט.
אדיע צו גוטר נכט :

ואמר המן להאף קנצלר / זאגט המן צו האף קנצלר

האף קנצלר אייני מיטל איזט נאך פר מיר פר הנדן.
דז איך מעכט בהיט ווערדן פר דיזן שפאט אונ' שנדן.
דאש איר האך גרעפלך עקסלענץ מעכט זעלבשטן וועגן מיינר צאליסיטירן.
פיל לייכט מעכט זיך אירא מיישטעט צו גנאדן רעזאלפירן :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר

המן גאר ניכט גערן טוא איך מיך הירין פלש איין מילירן.
עז איזט גאר שלים פר אייך צו צא⟨לי⟩סיטירן.
דען וייל אירא מיישטעט זיין ליבשטי גמאל גיט אן.

2874 אחרי שענשטי מחקתי פר אלי לפי פא
2887 התיקון לפי א ושורה 2884

איזט הירין | גאר ניכט פיל צו טאן.
נז ע״א וויא זאל איך קיגן דיא מייעשטאט זעלבשטן אורגירן.
איך ווישט ניכט וויא איך מיך זעלבשטן קענט אויזפורירן.
גראס פר דעכטליך וואלט איך מיך מכין.
זא איך פיל צו קאנטרא ווער אין דיזי זכין.
אליין אביר אויז גראשי טרייא דיא וויר אל צייט צו אננדר הבין.
וויל איך זא פיל אלש מיגליך בייא איר מיישטעט פאר טראגן:

קניאט האף קנצלר לפני מלך / קניאט האף קנצלר אונ׳ זאגט

1 אליר דורך לייכטיגשטר קינג. איך טוא ⟨אונטר⟩ טעניגשט ביטן.
זיא וואלן פאר נעמן אירא גוטי זיטן:

אמר מלך
אום וועם דאן:

אמר האף קנצלר

2 פר פרינץ המן צו צאליסיטירן אייני גנאד צו ער ווערבן.
דזין זיא אימי פון טאט וואלן בשירמן:

3 ווירקליך נאך גשיכנוס ווירט עז אירא מיישטעט רייאן.
צור עקסעמפל ער דיא גלאר ווירדיגשטי קינגן ושתי פון טאט ניכט
וואלן בפרייאן:

4 נאך גשיכטנוס אירא מיישטעט אויף איר טעט קלאגן.
ווייל ער זיא זא און ערברמליך האט לאזן ערשלאגן:

5 וואז ווערדן הערן פאטענטאטן הירויז ערקענן.
וואן זיא פרימא מיניסטר המן לאזן אויף הענגן:

6 זא טוא איך גנץ זיכרליך וואל האפן.
אימי ⟨ניכט⟩ און ערברמליך זא שטראפן:

אמר המלך / זאגט דר מלך
נז ע״ב האף קנצלר קיין צאליסיטירן וויל איך הירין פלס ניכט מער | הערן.
פיל לייכט מעכט איך איין או⟨ר⟩טל אויף דיך בגערן:

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר
המן. איין קורצי רעזאלציאן האב איך פון אירא מיישטעט פר נומן.
דז דוא דוך דורך דען שטרענג זאלשט אומש לעבן קומן.

2896 ההשלמה לפי פ
2908 במקור דא התיקון לפי אימי צו פר צייאן און ניכט אום זא און ערברמליך צו שטראפן: פא
2910 במקור אוקטל התיקון לפי פא

קיין מיליאן וואלט איך ניכט מער פר דינן.
דז איך זאלט מערש וואז רידן הירינן:

זינגט המן קלאג ליד אחר / זינגט המן דאז אנדר קלאג ליד

1 איר ענגל דז הימלש אונ׳ דעסן גשטירן.
טוט אייך נון צו קלאגן אויף מיך רעזאלפירן.
וויא אויך דער גלייכן.
אלי הימלישי צייכן.
אלי פלאנעטן דז גנצי הימלשי טראן.
דיא זון מיט אירן שיינן.
טוט אום מיך בוויינן.
עז איזט נון גפלן מיין צעפטר אונ׳ קראן:

2 דיא הימל זיך מיט טרויאר בקליידן.
דיא ענגל וואלן איר לאב גזנג פר מידן.
דיא שטערן דער גלייכן.
איר ליכט ניכט ערייכן.
אלש גוולט דז געטליכי הער.
זיא וואלן איין העליג קלאגן.
צו איינגדר זיא זאגן.
דער העלד איז גפלן. פרינץ המן דער הער:

3 פייאר לופט וושיר ערדן פיר עלימענטן.
זייט נון בקלאגן אום זאלכן רעגענטן.
טוט אייך במיהן.
מיט שוורצין בציהן.
אונ׳ טוט נון בקלאגן אום זאלכן העלד.
איין הער פון פיל קינגרייכן.
זא שענטליך צו וייכן.
אונ׳ מוז נון ווערן צו עקסעמפל דער וועלט:

4 דיא ערדן אונ׳ אירי אין וואנר קומט אלי פון פערן.
אונ העלפט בקלאגן אייער פירשטן אונט הערן.
נח ע״א ווערלדר אונט | בעמן.
ווילדש אונ׳ צעמן.
טוט אייער קלאגן אויפש העכשטי ערשאלן.
דרפר אונ׳ שטעטן.
זיינט אלי אין ניטן.
דאן איר פירשט אונ׳ הער איזט גפלן:

5 קומט איבר דיזם אלין דיא אונטר מיר וואנן.
אונט אויפש העכשטי בקלאגן. אלי מייני אונטר טאנן.
אל מייני אפיצירר.
טראבנטן אונ׳ היטשירר.
טונין אלי זיפצן אונ׳ וויינן בגערן.
גראפן אונ׳ באראנין.
אונ׳ זונשטן אונטר טאנין.
טונין אלי בוויינן אירן פירשטן אונט הערן:

6 וואז טרויאר אונ׳ קומר מיין גמאלן ווירט האבן.
וואז לייד אונ׳ שמרצן דיא יונגי הערשפט ווירט האבן.
וואז איזט אייך גשעהן.
דז איין איר זא ביטר טוט זעהן.
דיא קראן אונזרש הויבט צו ערדן טוט פלין.
אלי אונזרי פריידן.
זיין פר קערט צו ליידן.
אונזרי האפונג איזט פר לארן שפרעכן זיא אלין:

7 יאַ מייני דינר אלי אין טרויאר קליידר טוט שטען.
זי שפרעכן צו זמין וויא איזט אונש גשעהן.
אָ יאמר אונט נאט.
זא שנטליכן טאט.
איזט אונזר הער ווארדן קאנדימינירט.
וואז זאל מן נון זאגן.
אין איביקייט קלאגן.
אויף זאלכן פרינץ אונ׳ קאפיליר:

ואמר המן להאף קנצלר / זאגט המן
**האף** קנצלר לאזט מיר מייני פרינצן אלי אן לנגן.
פר מיין טאט וויל איך זיא מיט מייני ארום אום פנגן.
לאזן זיא איין ווינג מיין טריסטר זיין.
אין מייני גראסי עלענט אונט גראסי פיין.
לאזט מיך מיין פרינצן פר מיין טאט נאך איין מאל זעהן.
אָ ווע וואו איזט נאך מאל איין פרינץ זאלכש גשעהן.
זאלכי | לייד איזט ניא מאלן גשעהן קיינן. נח ע״ב
דרום וואלן זאלכש אלי הערשפטן העלפן בוויינן:

באו בני המן ואמר הראשון / קומן דיא קינדר פון המן זאגט דר ערשט
1 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.

איר אליר אונזר ליכטר שטערן שיין.
וויא טונקל אונ׳ טריב איזט אייער ליכט גוורן.
אָ ווע צו דער זעלביגי שטונד.
אלש מיר פרינצן זיינט גבארן:

אמר השני / זאגט דער אנדר

2 אָ איר דורך לייכטי⟨ג⟩שטר פאטר מיין.
איר אליר אונזר העלי זוני שיין.
וויא איזט נון אייער ליכט בנומן.
פון יעצט ביז אין איביקייט.
קאן קיין פרייד אין אונזרן הערצן קומן:

אמר השלישי / זאגט דער דריטר

3 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.
אייער פאל פר אורזכט אונש גאר גראשי פיין.
וואו מן אייער הערליכקייט הוט נור הערן מעלדן.
איז אייך אלש גפלן צו פוס.
עז זייא ריטר אדר העלדן:

אמר הרביעי / זאגט דער פֿירדי

4 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.
איר אליר אונזר פלאנעטן שיין.
וויא גנידרט איזט ווארן אייער הערליכקייט.
וויא איזט אונזר פרייט. אין קורצי צייט.
פר קערט אין לויטר טרויריקייט:

אמר החמשי / זאגט דער פֿיפֿטי

5 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.
וויא קאן דיא קלאג גרעשר גזיין.
אייער בפעל איזט אויז גנגן אין אלין לנדן.
וויא איזט עז נון ווארן פר קערט.
צו לויטר שפאט אונ׳ שנדן:

אמר הששי / זאגט דער זעקשטי

6 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.
נט ע״א אָ ווע דז מיר ערלעבן | אן אייך זאלכי קלאג אונ׳ פיין.
וויא קענין אונזרי אויגן זאלכש צו זעהין.
דז אן אייער פירשט ליכן לייב.

3005 בדף נ״ט ע״א מתחילה יד אחרת

**זאל אייני עקסעקוציאן גשעהין :**

אמר השביעי / זאגט דער זיבנטי

**7 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.**
**אייער שטערן איזט נון גפלין איין.**
**וויא טונין זיך אייער און גליק אונזר פיינט ערמייאן.**
**אָ ווע דז אונזר גרעשטי פיינט.**
מיט אונזר גיטר זיך זאל⟨ן⟩ ערפרייאן :

אמר השמיני / זאגט דער אכטי

**8 אָ איר אליר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.**
**וויא זייט איר גראטן אין זאלכיש און גליק הניין.**
**אזו לנג אלש דיא וועלט איזט ווארדן ערשפין.**
**איזט נימאל קיין קפאליר.**
**זא האך ווארדן גשטראפין :**

אמר התשיעי / זאגט דער ניינטי

**9 אָ איר אליר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.**
**אייער און גליק בטרויארט גראש אלש קליין.**
**וואו איז נאך מער זאלכי הערליכֿקייט ווארן גפונדן.**
**דא זאלי נון זיין אונטר גנגין זיין.**
**צו דיזי לײדיגי שטונדין :**

אמר העשירי / זאגט דער צעהנטי

**10 אָ איר דורך לייכטיגשטר פאטר מיין.**
**וויא טיף אונזר הערץ גוואונדט זיין.**
**קיין מעדיקוס איזט אויף ערדן.**
**דער דא זאלכיש פר מעג.**
**דז אונזר הערץ גהיילט קאן ווערדן :**

אמר המן / זאגט המן

**1 אָ זיין דאן אייער הערצר פון שטאל אונ׳ שטיין.**
**אלש איר אייך ער הלטין קאנט פון גוויין.**
**דא איר מעכט דענקין. דיא נאט דיא מיר איז איין גיפאלין.**
**אָ יאמר אונ׳ פיין. וועלכי ניכט גרעשר קאן גזיין.**
**וועגן מיינה פרינצן אלין :**

**2 אָ אירה פרינצן גראש אונ׳ קליין.**
**ווער זאל נון אייער טריסטר זיין.**

3013 ההשלמה לפי פא

אייער הויבט איז נון גפאלין.
איך הב גראשי זארג.
איר מוזט מיט מיר. צו דען גלגין אלין : |

נט ע״ב
3 אָ איר גטרייאי פריינצן מיין.
ווע גשפראכין דז דיזש אייער טראסט זאל זיין.
דז מיר ניכֿט פון אנגדר ווערדן קומן.
זונדרן אין איינר נאכט הערבריג ווערן מיר זיין.
דרום לאזט אייער וויינן אונ׳ ברומן :

4 אָ איר ליבה גיטרייאי פריינצן מיין.
איך וייש קיין ראט צו אונזרי פיין.
זונדרן איר אינש גזמפט זאלט פר אירה מיישטעט טרעטין.
פילייכֿט דורך אייערן גראשן למטאציאן.
מעכט איר אונש איין גינאד ער בעטן :

אמר ראשון לפני מלך / קניאן דיא קינדר המן פֿר דען המלך ⟨!⟩ זאגט דער ערשט
1 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג. טואט אייך איבר אונזר הער פאטר
העכשט ער ברמין.
אונ׳ גיבט אים דאך ניכט זא איילזאם פר דיא וואורמן.
האט ער זיך קיגן איר מייעשטעט טאן פר זינדן.
וואז קענין דער פאר מיר ארמין קינדן :

אמר השני / זאגט דער אנדר
2 אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג. טוט אייך צו גינאדן רעזאלפירן.
אונ׳ דורך אייער גנאד דז אורטל רעלאקסירן.
דאמיט אונזר פיינט ניכט קענין פרנגין.
דא אונזר הער פאטר זאלט ווערדן גהנגן :

אמר השלישי / זאגט דר דריטי
3 אליר דורך לייכטיגשטר קיניג גדענקן ⟨זיא⟩ אן דיא גראשי טרייא
דיא אונזר הער פאטר אן איר מיישטעט אל צייט האבן אן ווענדן.
אונ׳ גיבט ניכט אונזר פאטר אין דז הענקרש הענדן.
קיין זאלכין טרייאן טראט ווערדן זיא ניכט מער פינדן אין דער וועלט.
זאלטין זיא גלייך געבן אלש גוט אונט געלט :

אמר הרביעי / זאגט דער פֿירדי
4 אליר דורך לייכטיגשטר קיניג. מיר טואין אינש גזמבט. פר
אייער קיניגליכה מיישטעט טרעטין.

3057 ההשלמה לפי פ

פר אונזר עלינטן הערן פאטר איזט דיז מאל אונזר בעטן.
טוט אייך אונזרי גראשי עלינט ערברמן.
אונ׳ טוט אונזרן פאטר פון טאט בשרמין : |

ס ע״א אמר המלך / זאגט דער מלך

האף קנצלר לאז דיזש שעלמיש גשמאש ניכט מער צו מיר גנעהן.
איך קאן זיא ניכט מער פר אויגן זעהין.
דיזין גנאד האבן זיא טאן ער ווערבין.
זמבט אירן פאטר זאלין זיא אן גלגין שטערבין :

אמר האף קנצלר / זאגט האף קנצלר

המן המן דוא זיכשט נון פר אויגן דיא גרעשטי נאט.
מך דיך נור ברייט צום טאט :

⟨פירט מן אים אויף דער לייטר⟩

זינגט המן טאט ליד / זינגט המן דז לעצטי קלאג ליד

1 אָ ווינד אונט ווע מיין ביטר לעבן.
וויא נעמט עז יעצט איין ביזש ענדי.
מיין ארמי זילי איך טוא איבר געבן.
אונ׳ צו גאט איך מיך ווענדי.
קיין האפנונג איזט דא.
אין דער איביקייט צו ווערדן פרא.
ערשרעקניש דז טאטש טונין מיך עררייכן.
דער גלגין איזט נאה.
דער שירף ריכטר איזט דא.
נון מוז איך הערין. דיא ביטרליכי טאטש פפייפן :

2 מיינה זינד איך טוא ⟨גדענקן⟩.
דיא איך מיין טאג הב ביגנגין.
אונ׳ דוא גאט ווילשט מיר זיא ניכט שענקין.
שרף צו צאלין איזט דיין פר לנגן.
איך בטוירי דיא צייט.
ועלכי מיך גיבראכט אין לייד.
דיא איך דען יודן צו ביזן הב טאן ווענדן.
נון איזט אינן פר קערט צו פרייד.
מיין גשלעכט צו איינה איביגי לייד.
אונ׳ מיך גיבראכט אין שרף ריכטרש זייני הענדן :

3071 ה״ב ההשלמה לפי פ
3081 במקור ב י ק ע נ י ן תוקן לפי החרוז לפי פא

3 **דיא** ארמי יודן האב איך וואלין טיטן.
דז מיך צום פַל הט טאן ברענגין.
אונ׳ מיך גבראכט צו זאלכר ניטן.
דז איך נון מוז אן גלגין הענגין.
איך האב נון קיין מוט.
אין מיין פלייש איזט קיין בלוט.
דז טאטש גרימן טואין מיך עררייכן.
מיין הערץ ברענד אלש איין גלוט.
וואז העלפט מיין רייך אונ׳ גוט.
מיין הערליך גזיכט טוט נון פר בלייכן :

4 **איז** דאן קיין מעדיצין צו מיינר קרענקין.
דיא מיך צום גרונד זאלט היילן.
מיינה זינד אין טיפן מער פר זענקין.
אונ׳ פון אלין מיסטאט טוא מיך | היילן. ס ע״ב
דאן היר איזט ניכט מיין רוא.
אין איבגן לעבן מיך טוא.
דיזש איזט מיין פר לנגין.
דען הימל מיר אויף טוא.
אונ׳ נעם מיך אין דיין רוא.
אב איך שאן ווערדי אן גלגין גיהנגין :

5 **הימל** אונט ערד אונ׳ אליש ער שאפין.
אורלויב טוא איך פון אייך נעמין.
איר ענגל שאר טוט מיר דיא טאר עפין.
אונט טוט מיך אין הימל רייך ברענגין.
דען דיא וועלט איזט ניכט פר מיר.
דיא נאט איזט נון היר.
אלי מעדיקאמענטן. קאנין מיך ניכט מער ערלאבן.
קיין טראשט איזט צו מיר.
דער טאט איזט פר דער טיר.
קייני פריידן דער וועלט קאן איך ניכֿט מער האבין :

6 **מיין** אדיל בלוט אונ׳ פלייש.
איזט נון פר דיא ווערמין.
מיין גווין אלזא הייס.
עז זעלט זיך נון איין שטיין ערברמן.
אונט נון פון גוויין.
איזט פֿר טונקלט מיין אויגן שיין.

דז איך קיין מענשין קאן מער ער קעניז.
אָ ווע דיא גראשי פיין.
דיא ניכט גרעשר קאן גזיין.
פר גראשן ליידן איך מיין נאמן. ניכט מער ווייש צו נענין:
7 בערג אונ׳ טאל קליפן אונ׳ פעלזין.
איך טוא נון פון אייך אב שיידן.
דען הימל מיך זא טוט אן מעלדן.
דא פון גאט טוא מיך ניכט פר מיידן.
ער עפניט מיר דיא טאר.
וואו דא רואין דיא ענגיל שאר.
אונ׳ אין גינאדן. טוט מיך נעמין.
דאן איך זאגש פר וואר.
דז ניכטש גוטש אן מיר איזט אום איין האר.
אין מיינן זינדן איך מיך זעלבשטן מוז שעמין:

זא הענגט מן המן אויף אונ׳ וויילן ער הענגט עם עשרת בניו

סא ע״א אומרת מלכה לפני מלך | אומרת מלכה / זאגט די מלכה
אליר דורך לייכטיגשטר קיניג.
לעבין וואלין זיא מיר אימר אונ׳ איביג.
דיא עקסעקוציאן דז ביזן המן איזט נון גשעהן.
וועלכיש עקסעמפיל פיל מיליאן האבן גיזעהן.
אונ׳ ווירט אויך צו פיל מיליאן מענשן זיין צור איוויגן שפיגל אונ׳ שאטין.
וואו רויף איך דען אונטר טעניגשטן דנק טוא ער שטאטין.
דרום וויל פערנר גנץ גיהֶרזמבש ביטן.
זיא וואלין און פִּירא מיין ארמיש פאלק שיצין אונ׳ בהיטן.
אלזא ביט איך אירה מיישטעט דער העכשטי רעגענט.
זיא וואלין איין מיטל ביטראכטן צו דער ביזי פאטענט:

אמר מלך / זאגט דער מלך
אליר ליבשטה גמאלן. דוא דרפשט פר דיז ניכט מער צופליצירן.
איך האב מיך צו גנאדן טאן רעזאלפירן.
זיאה דז המן זיין הויז האב איך דיר גיגעבן.
אונ׳ אים האב איך גבראכט אום זיינש לעבין.
אונ׳ וויטרש לאז איכש דאבייא ביוועגדן. אונ׳ פר בלייבן.
דיין פעטר מרדוכעאם מאג אלש גוטש אין מיינם נאמן אויף דיא יודן שרייבן:

זא לעזיט האף קנצליר די גוטי פאטענט
ארתקססטוס דער גראשי קיניג פון אינדיע ביז אין מארין לנד. אנטביטן דעניז. הונדרט אונ זיבן אונ׳ צוואנציג פירשטן. זמבט דענן אונטרטאן זיינן גרוס.

וויר בפינדן דז פיל זיין וועלכי דער פירשטן גינאד מיש ברויכן. אונט פון דעני͏ן ערין. זא איגנן ווידר פארט. שטאלץ אונ׳ ביז ווערדן. אלזא דז זיא ניכט אליין. דיא אונטר טאנין פאכין. זאנדרן אויך. גידענקין דיא הערין זעלבשטן. פון דענין זיא ער היכט זיין. אונטר דיא פיסן צור טרעטין. אונ׳ טואין ניכט אליין. ווידר נאטירליכי ביליכקייט. | [סא ע״ב] דורך און דנק בארקייט זאנדרן זיין דורך האפירט. אלזא פר בלענדיט. דז זיא אויך מיינן. גאט דער אויףֿ דיא פרומֿין זיכֿט. שטראפט זאלכי און טרייא ניכט. זיא בטריגן אויך פרומה פירשטן. דז זיא און שולדיג בלוט פר גיסן. אונ׳ דיא איהנן זא טרייאלך אונ׳ רעדליך דינן. אין אלי און גליק ברענגין מעכטין. וועלכר עקסעמפל פינדיט מן ניכֿט אליין. אין אלטין גשיכֿטן. זאנדרן אויך נאך טעגליך ער פאריט וויא פיל זאלכי און טרייאי רעד. און גליק שטיפֿטן.

וויילן אונש דאן. גבירעט אונש דרויףֿ צו זעהן. דז הין פארט פרידה אין רייך בלייבן מעגי. מיזן מיר נאך גילעגן הייט דער זאכֿין צו וויילן דיא גיבאט ענדירן. ווא וויר אנדרשט בפינדן. דאן וויר בריכט ווערדן. אונ׳ ניכט צו גשווינד פר פאהרין. נאך דעמי המן דער זון המדאטי אויז מעצידאניע אונ׳ ניכט דער פרסיאנשן גבליט. אויך ניכט אונזרי גיטיגי אַרט. זאנדרן בייא אונז איין גאסט איזט. דעם וויר. וויא וויר פלעגן קיגן אלין נאציאנן. אלי גנאד ער צייגן. אונ׳ אלזא ער היכֿט האבן. דז וויר אין אונזרן פאטר נעניטן. אונ׳ פון יעדר מאן אלש דער נעגשטה נאך דעם קיניג גיעהרט וואר. איזט ער זא שטאלץ ווארדן. דז ער זיך אונטר שטנדין האט. אונז אום אונזרן קיניגרייך אומש לעבין צו ברענגין. דאן ער האט מרדוכעאם דער דורך זיינם טרייא אונט וואהל טאט אונזר לעבין ערעטיט האט. אונט אונזר אונשולדיגה גימאל דיא קיניגן אסתר זאמבט אירן גנצן פאלק. פעלשליך אונ׳ ביזליך פר קלאגט. דז זיא אלי זאמינטליך און בראכט ווערדין. אונט אלז דאן וואן דיזה הין וועק ווערדן דיא אונש ביוואהריטן. העטי | [סב ע״א] ער אויך גידאכט. אונז אויך צו ער וירגן. אונט דער פערסין רייך. אן דיא מעצידאנר צו ברינגן.

וויר בפינדן אבר דז דיא יודן וועלכי דער פר יאגטי בוב וואלין טיטן לאזין. און שולדיג זיין. גוטי גיזאץ האבן. אונ׳ קינדר דעש העכשטן. גריסיסטן. אונ׳ איביגן גאטיש זיין. דער אונזר פֿאר פֿארן. אונט אונש דז רייך גיגעבן האט. אונ׳ נאך ער הלטין טוט. דארום. זאלט איר אייך. ניכט הלטין נאך דעם בריב וועלכר המן אויז בראכֿט האט. דאן אום זאלכי טַאט ווילן. איזט ער מיט אלין זיין גישלעכֿט פאר דען טאר צו שושן. אן דען גלגין גיהענקט. האט אין גאט אלזא. בלד פר גאלטן. וויא ערש פר דינט האט. אבר דיזש גיבאט וועלכיש וויר אייך יעצט צו שיקן זאלט איר אין אלין שטעט פֿר קינדיגן. דז דיא יודן מעגין איר גיזץ פרייא הלטין. אונ׳ וואן מן איהנן. איין גיוואלט טאן וואלט אם דרייצעהנטן טאג דז צוועלפטן מאנאט. דער דא היישט אדר. דא. זאלט איר זיא שוצין. דז זיא זיך אן איהנן רעכין מעגין. דאן דען זעלביגן טאג האט

איהנן דער אלמעכטיגה גאט. צו ער פריידן גימאכט דארינן זיא דז אויש ער ווילטי פאלק זאלט אום קומין זיין.

דארום זאלט אויך איר נעבן אנדרי פייער טעגין. דיזן טאג פייארן אין אלין פריידן. אויף דז עז אונש וואל ער גיאי. אונ׳ אלין דיא דען פרסיאנן טרייא זיין. אונט איין עקסעמפל זיין. וויא און טרייא גשטרפט ווערדי. וועלכיש לנד אבר שטאט דיזש גבאט ניכט הלטין ווערט. דז זאל מיט שווערט אונ׳ פייער פר טילגט ווערדן. אלזא דז ווערדר מענטש נאך טיר נאך פאגיל. הין פֿארט דרינן וואנין קענט :

זא לאזט מרדכי לרמי שלאגין. דאמיט האט דיא אקטי איין ענדי.

סיום המחזה לפי פ

## דאז איז דיא גוטי פאטענט עמ׳ 132

דער גראשי קינג ארטקססטיס פֿון אינדיא ביז צו מארן לנד. אנטביטן דען
פֿירשטן אונ׳ לנד פלעגרן : דערן הונדרט אונ׳ זיבן אונ׳ * צוואנציק לנד שפֿטן :
דיא אונזרן גביטי אונטר ווארפֿין זינד. אונזרן גרוס
פֿיל מענשן האבן דער פֿירשטן גוטהייט : אונ׳ דיא עהר דיא אינן ערצייגט איזט.
צו האפֿרט מיט ברויכֿט : אונ׳ אונטר שטין זיך ניכֿט אליין דיא יעניגן אונטר
צו דרוקן וועלכי דען קיניגן אונטר טעניג זיין : זונדרן קענין אויך דיא
ערצייגטי ער ניכֿט טראגן : אונ׳ שטעלן דען זעלבן היימלך נאך פֿון וועלכֿן זיא
זיין געהרט ווארדן. אונ׳ איזט אינן ניכֿט גנוג דז זיא און דנקבר זיין פֿר דיא
וואל טאטן אונ׳ דאש גמייני : מענשליכי רעכֿט אין אינן זעלבשטן איבר טרעטן :
זונדרן פֿר מיינן אויך דז זיא דען אורטייל גאטש ענטפֿליהן קענן דער אלש
זעהט : אונ׳ גראטן אין זאלכֿי און זיניקייט דז זיא זיך אונטר שטין מיט פֿאר
שלאגנן לוגן הפֿטן ⟨ש⟩טיקן דיא זעלביגן הירונטר צו שטערצן : דיא אירי אן
פֿר | טרויאטי אמבטר מיט גראסן פֿלייס פֿר וולטן. אונ׳ אלזא פֿר ריכֿטן דז עמ׳ 133
זיא פֿון יעדר מן לאבנש ווערט זיין. דיא ווייל זיא דיא איין פֿעלטיגי ארין
דער פֿערשטן וועלכֿי אויז אירר נאטור אנדרי שעצן מיט ליסט אונ׳ בטרוג
היגטר גיהן
וועלכֿי אויז דענן אלטן היסטאריאן בווארט ווירט. אויך אויז דעם וואז טעגליך
גשיכֿט. וויא דיא אן שלעגי דען קינגן דורך עטליכֿי לייטי דיא פֿר ארגרט ווערדן.
דרום מן פֿר זעהן מוז דז פֿרידן זייא אין אלן לנדן : איר זאלט אויך דא פֿאר

* במקור פעמיים א ו נ׳

ניכֿט הלטן וואן וויר אונטר שידליכֿי דינגן בפֿעלן. דז זאלכֿש אויז לייכֿט פֿרטיקייט אונזרש גמיטש הער קאמי: זאנדרן דז וויר נאך גלעגן הייט אונ׳ נאט דרף דער צייט אורטיילן וויא עז נון דער גנץ גמיינן צום בעשטן ערפֿאדרט

אונט דא מיט איר קלערליך פֿר שטיט וואז וויר זאג⟨ן⟩ המן דער זון המדתא פֿון גמיט אונ׳ גשלעכֿט איין מעצידאנר אונ׳ פֿרעמד פֿון גבליט דער פרסין דער אונזרי גיטיקייט מיט זיינר גרויזמקייט בפֿלעקט האט איזט וויא איין פֿרעמדר פֿון אונש אויף גנאמן.

דיזן איזט זא גראשי פריינשפֿט ווידר פֿארן: דז ער אויך אונזר פֿאטר איזט גנענט. אונ׳ וויא דער אנדרי נאך דעם קינג פֿון יעדר מן אן גבעטן וואָרדן דער זעלביג איזט פֿון האפֿרט זא האך אויף גשוואלן דז ער זיך אונטר שטנדן האט אונש דז רייך אונ׳ לעבנש צו ברויבן. דען ער האט מרדוכֿעאם דורך וועלכֿן טרייא אונ׳ וואל טאט וויר דז לעבן האבן | אונ אסתר דיא גזעלן עמ׳ 134
אונזרש רייכש מיט אירם גנצן פֿאלק: דארך עטלכֿי נייאי אונ׳ און ערהערטי ליסטי אן שלאגין צום טאט צו בריינגן אונ׳ איזט מיט דעם גדנקן אום גגנגן דז וואן זי אומז לעבן גבראכֿט ווערן. ער הרנאך אונזרן איינזמבן פרשאן נאך שטעלן. אונ׳ דז רייך דער פֿערסין אן דער מעצידאניר ברענגן מעכֿטי

וויר אבֿיר האבן דיא יודן וועלכֿי פֿון דיזן אליר ארגשטן מענשן צום טאט פֿר אורטיילט גוועזן אליר דינג און שולדיג בפֿונדן. יא וויר האבן צום קיגן טייל בפֿונדן. דז זיא רעכֿט פֿרטיגי זאצונגן ברויכֿן

אונ׳ קינדר זיינט דז אליר העכשטן אונ׳ דז אליר גרעשטן גאטש דער אלי צייט לעבט. דורך וועלכֿש גוט טאט דז רייך אונזרן פֿעטרן אונ׳ אונש איזט איבר געבן וואָרדן: אונ׳ ביז אויף דען הייניגן טאג בוואָרנט ווירט

דרום ווישט דז דיא בריפֿי דיא ער אונטר אונזרן נאמן אויז גזנט הוט ניכֿטיג זיין זאלן: אום וועלכֿן לאסטירליכֿן טאט ווילן ער זעלבשט דר די זאכֿן גשטיפֿטט האט: אונ׳ זיין גנצי גשלעכֿט פֿר דיא פפֿורטן דיזר שטאט דאש איזט שושן אן גלגן הענקט: אונ׳ איזט אים פֿון גאט ניכֿט פֿון אונש ווידר גאלטן וואז ער פֿר דינט האט

אבֿיר דיזן בפֿעל וואז וויר יעצט שיקן: זאל מן אין אלין שטעטן פֿאר שטעלן: דא מיט דענן יודן צו גלאזן זייא איר גזאץ פֿרייא צו הלטן. אונ׳ איר זאלט אינן בהילפֿלך זיין. דז זיא דיא יעניגן דיא זיך ברייט האטן אינון דז לעבן צו נעמן ⟨...⟩* דרייאצעהנטן טאג דז מאנט דער אדר גננט ווירט ער ווירגן מעגן דאן דיזר טאג דער איין טאג דער טריאריקייט אונ׳ בטריבטנוס וואר. האט אינן דער אלמעכֿטיגי גאט אין פֿריידן פֿר ווֿנדעלט.

איר זאלט אויך אונטר אנדרי פֿעסטי טאגן: דיזן טאג הלטן: אונ׳ דען זעלביגן פֿייארן מיט אלין פֿריידן: דא מיט אויך אין קינפֿטגן צייטן ערקענט ווערדי דז

* ככל הנראה חסר כאן קטע

אלי דיא דען פֿרסין טריילך געהארזום זיין. פֿאר איר טרייא גבירלך בלאנונג* עמפֿפֿנגן. דז אביר אויך דיא יעניגן דיא אירם רייך נאך שטעלן דער איבל טאט הלבר צו גרונד גיהן.
אביר איין יעגלכֿש לנד אונ׳ שטאט זא דיזר האך פֿייאר ליכֿן פֿריידי ניכֿט וויל טייל הפֿטיג זיין. זאל צום עקסעמפל דער פֿר אכֿטונג אונ׳ דז און געהארזמבשט מיט שווערט אונ׳ פֿייאר פֿר דרביט: אונ׳ דער גשטאלט פֿר טילגט ווערדן דז ניכֿט אלין דיא מענשן: זאנדרן אויך דיא און נופֿטיגן טירן קיינן וועג דא דורך האבן עוויגליך:

על ידי הפועל במלאכת הקודש יוזפא בן כמר יוסף בוט סג״ל

* במקור בלאנגונג

בעמוד האחרון של מהדורת פראג ת״פ של ׳אקטא׳, בסוף הטקסט, נדפסו שלוש תמונות אלו:









**צ י ו ר 1: העמוד האחרון של ׳אקטא׳, פראג ת״פ (1720)**

מן הכותרות המתחרזות שמעל לתמונות העליונות עולה בבירור, כי האיור שמצד ימין (׳מרדכֿי האט טאן פֿון גאט איין גנאד ער לנגן:׳) מתאר את דמותו של מרדכי, ואילו האיור שמצד שמאל (׳אונ׳ המן האט מן אויף דען גלגן גהנגן:׳) מתאר את דמותו של המן. בתמונה התחתונה מתוארים שלושה ליצנים מקצועיים בלבושם המסורתי, הצועדים ומנגנים בכלי־הנגינה שבידיהם. לראשיהם כובעיהם האופייניים, שמחוברים אליהם פעמונים. גם לנעלי הליצן המרכזי מחוברים פעמונים. בידו הימנית מחזיק ליצן זה כד.

הנסיבות להופעת האיורים האלו בסופו של מחזה על מגילת אסתר, שעל שערו צוין במפורש שאמנם הוצג, עורר את תשומת־לבם של חוקרי התיאטרון היהודי ושל החוקרים שעסקו בטקסט עצמו. אחדים מהם — מי במפורש ובוודאות ומי ברמז של הסכמה — הסיקו על קשר ישיר בין האיורים הנדונים ובין הצגתם של בחורי־הישיבה בפראג בשנת 1720. היה אף מי שזיהה באיורים אלה דמויות של שחקנים כפי שהופיעו בפועל בהצגה ההיא.[1]

אין ולא כלום בין ההצגה האמורה של המחזה ובין האיורים שנדפסו בסוף הטקסט. מדפיסי 'אקטא' — 'המחוקקים נכדי של הר"ר יודא ב"ק ז"ל' — לא רצו להשאיר את העמוד האחרון של 'אקטא' ריק, ולכן הוציאו ממחסן בית־הדפוס שלושה חיתוכי־עץ ישנים, ששימשו להדפסת ספר אחר שתים־עשר שנה לפני־כן: 'סדר ברכת המזון', שנדפס בפראג בשנת תס"ח (1708) 'על ידי המחוקקים נכדי של הר"ר יהודא ב"ק זצ"ל מחוקק'. בספר ההוא מופיעים הליצנים פעמיים: פעם אחת בעמ' [6], ליד 'על הנסים' (ציור 2), ופעם אחת, בהדפסה חוזרת מאותו הלוח, ליד הפיוט 'אגגי קם לאבד'.




ציור 2: הליצנים ב'סדר ברכת המזון', פראג תס"ח (1708)

ואכן, הגיוני הוא שאיור ששימש למדפיסים ממשפחת ב"ק להמחשת טקסטים הקשורים בפורים ישמש גם בסופו של מחזה לפורים.

אך גם התמונות העליונות שבדף האחרון של 'אקטא' כבר הופיעו קודם־לכן ב'סדר ברכת המזון'. מרדכי שב'אקטא' מופיע שם בעמ' [56] כאיור לפיוט 'אומץ גבורותיך' בתוך הגדת פסח (ציור 3, למעלה), ואילו המן שב'אקטא' הוא שם הרשע מבין ארבעת הבנים (ציור 4, למטה).

1 שיפר, א, עמ' 192; ויינרייך, בילדער, עמ' 442; ובצורה זהירה יותר: מ' עריק, די געשיכטע פון דער יידישער ליטעראַטור, ווארשה 1926, עמ' 138; צינברג, עמ' 360. ריפרודוקציות של האיורים מופיעות אצל שיפר, ב, עמ' [3] (רק הליצנים); ויינרייך, בילדער, עמ' 443 (שלוש התמונות); עריק, שם (רק הליצנים).



סאת אדמת מוף ונוף בעברך בפסח:
יה ראש כל און מחצת בליל ואמרתם זבח פסח
שמור פסח · כביר על בן בכור פסחת
בדם פסח · לבלתי תת משחית לבא
בפתחי בפסח: ואמרתם זבח פסח מסגרת סגרה
בעתותי פסח · נשמדה מדין בצליל
שעורי עומר פסח · שורפו משמני פול
ולוד ביקד יקוד פסח: ואמרתם זבח פסח עוד
היום בנוב לעמוד עד געה עונת פסח פס
יד כתבה לקעקע צול בפסח · צפה
הצפית ערוך השלחן בפסח: ואמרתם זבח פסח
קהל כנסה הדסה לשלש צום בפסח
ראש מבית רשע מחצת בעץ חמשים רמז



בפסח · שתי אלה רגע תביא לעוצית
בפסח תעוז ידך ותרום ימינך כליל
התקדש חג פסח:

ואמרתם זבח פסח

כי לו נאה כי לו יאה: אדיר במלוכה: בחור כהלכה:
גדודיו יאמרו לו: לך ולך לך כי לך לך אף לך לך ״
הממלכה

ציור 3: מרדכי והמן ב׳סדר ברכת המזון׳, פראג תס״ח (1708)

חכם מה הוא אומר מה העדות והחקים והמשפטים אשר צוה ה' אלהינו אתכם ואף אתה אמור לו כהלכות הפסח אין מפטירין אחר הפסח אפיקומן:

רשע מה הוא אומר מה העבודה הזאת לכם לכם ולא לו ולפי שהוציא את עצמו מן הכלל כפר בעיקר ואף אתה הקהה את שיניו ואמור לו בעבור זה





[illegible] קרבן פסח [illegible]

**רשע** [illegible]

**תם** [illegible]

ושאינו

עשה ה' לי בצאתי ממצרים לי ולא לו ואלו היה שם לא היה נגאל: תם מה הוא אומר מה זאת ואמרת אליו בחוזק יד הוציאנו ה' ממצרים מבית עבדים:

ושאינו

ציור 4: הרשע ב'סדר ברכת המזון', פראג תס"ח (1708)

ההשוואה בין שלוש התמונות שהובאו בעמוד האחרון של 'אקטא' ובין אלו שהובאו מתוך 'סדר ברכת המזון' משנת 1708 מעלה בבירור, שלפנינו שימוש חוזר באותם הלוחות ממש. ואכן, ידועה למדי תופעה זו של שימוש חוזר באותם הלוחות לאיור נושא דומה. על קבוצת הליצנים אין צורך להרחיב את הדיבור, שכן באיור שלפנינו היא מסמלת את חג־הפורים, והקשר בין האיור ובין הטקסטים שלצדו אינו מעורר תמיהות.

הגיון משלו יש גם לשימוש בדמות מתוך 'סדר ברכת המזון' לתיאור מרדכי בסיום 'אקטא'. שהרי ב'סדר ברכת המזון' מופיעה דמות זו ליד הפיוט 'אומץ גבורותיך', שאפשר למצוא בו רמז מפורש למדי למרדכי — 'קהל כנסה הדסה לשלש צום' — והקשר עם מרדכי אפוא ברור, גם אם לא נזכר שמו במפורש. ואכן, הדמות באיור שקועה בתפילה או בהודיה.

ליד הפיוט 'אומץ גבורותיך' שב'סדר ברכת המזון' משנת תס"ח מופיעה דמות אחרת של המן להמחשת 'ראש מבית רשע מחצת בעץ המשים'. מעל לדמות בא הציון המפורש 'המן' (וראה ציור 3). אפשר להבחין בנקל במקצועה של דמות זו: מנקה־ארובות וכלי אומנותו בידיו. יש כאן מעין תיאור מבדה של המן, הבא אולי להמחיש את אשר אירע לו מידי זרש אשתו כאשר הוביל את מרדכי בחוצות שושן הבירה.[2] עם זאת אין ספק, כי מבחינת עיצובה שונה דמות זו לחלוטין מכל הדמויות האחרות שב'סדר ברכת המזון'. מותר לשער, כי בזמן סידור העמוד האחרון של 'אקטא' הבחינו המדפיסים בדבר, וכדי לשוות צביון דומה לתמונות, נטלו מאותו 'סדר ברכת המזון' את דמותו של הרשע מן ההגדה כדי לתאר בה את המן. ויש לכך אחיזה מפורשת בטקסט הפיוט, שבו מופיעה התיבה 'רשע'.

על דרך־מחשבה זו מעיד השימוש באותה הדמות ב'ברכת המזון' שנדפסה בדיהרן פארט בשנת תנ"ב (1692): אותה הדמות ממש משמשת הן לתיאור הרשע מבין ארבעת הבנים (ציור 5) הן לתיאור המן, ומעליה הציון המפורש 'המן' (ציור 6).

מסתבר אפוא, שאופייה של דמות הרשע מבין ארבעת הבנים שבדפוס פראג תס"ח הביאה באופן הגיוני לשימוש באותו חיתוך־העץ לתיאור המן ב'אקטא'. ואכן, בידנו עדויות לשימוש חוזר בלוחות כבר מראשית המאה הי"ז.[3]

אך לא זו בלבד שחיתוכי־עץ שימשו באותו בית־הדפוס לכמה איורים, הן באותו הספר הן בספרים שונים, אלא אף אפשר להצביע על תופעה נוספת,

2 אגב, ראוי לציין, שדמות זו, מאותו הלוח ממש, נדפסה בראש שיר סיפורי על מנקה־ארובות מחופש. לשיר אין ציון מקום ושנת דפוס, ושטיינשניידר ציין ליד תיאור הקונטרס בקטלוג הבודליאנה, מס' 3659 : s.l.s.a. עכשיו אפשר לקבוע בוודאות, כי השיר נדפס בפראג סמוך ל'סדר ברכת המזון' משנת תס"ח בבית־הדפוס של נכדי יהודה ב"ק.

3 ראה, למשל: ט' פרשל, 'ציורי ההגדה של פסח במגילת אסתר', הדאר, גליון יט (תש"ל), עמ' 300. פרשל מצביע על העתקת האיורים מתוך הגדת פסח, ויניציה שס"א, בתוך: משה אלשיך, משאת משה, ויניציה שס"א, כלומר, כבר אז שימש הרשע מן ההגדה לתיאור המן בספר על מגילת אסתר.



חכם וואש זאגט ער ער פראגט וואש זיין
דיא גזייגניז אונ' גיזעצן אונ' גריכט
דז אונש גאט אונזר גאט געבאטן האט זא
זאלשט אים אויך זאגן דאש רעכט פון
קרבן פסח אן טאר ניט עסן נאך דעם
קרבן פסח קיינר לייא זיש אופש דז אן
פארעגט נאך צו עסן ::

**רשע** דער רשע וואש זאגט ער ער
פראגט וואש איז די דינשט די
דאזיג צו אייך ער שפרעכט צו אייך אונ' ניט
צו אים אונ' דרום דז ער זיך זעלבר גיאוש
אויס דעם כלל דא פור לייקנט ער דעם
בורא זא זאלשטו אים אויך זיין צין אייליג
אבין אונ' זאג צו אים אום דאש וויל האט
גטאן גאט צו ... בין אויש גגנגן
פון מצרים צו ... ווער ער

אֵין מַפְטִירִין
רָשָׁע מַה הוּ
הַזֹּאת
שֶׁהוֹצִיא
בְּעִיקָר וְאַף
וֶאֱמוֹר לוֹ בַּעֲ
מִמִּצְרַיִם לִי
ו
**תָּם** מַה
וְאָ
הוֹצִיאָנוּ וַיְמ



ציור 5: הרשע מבין ארבעת הבנים ב'ברכת המזון', דיהרן פארט תנ"ב (1692)



ואמרתם זבח פסח
בא בפתחי בפסח·
המן
זגרה בעתותי פסח :
מרין בצליל שעורי
ח· שורפו משמני
ביקד יקוד פסח :
עוד היום בנוב
ר געה עונת פסח
זבה לקעקע צול
צפה הצפית ערוך
פסח : ואמרתם זבח פסח
יהיה

צ י ו ר 6 : המן בהגדה שב'ברכת המזון', דיהרן פארט תנ"ב (1692)

משמעותית יותר, שהיתה נפוצה לא פחות: העתקת איורים מספרים שיצאו בבתי־דפוס אחרים.

דמות הרשע־המן ב'סדר ברכת המזון' מפראג וב'אקטא' אמנם פונה לכיוון ההפוך מזה של הדמות שב'ברכת המזון' מדיהרן פארט, אך אין כל ספק, כי לשני הציורים האלה היה מקור משותף, שבו הופיעו כל האביזרים שנועדו לסמל את הרשע. בהגדה של פסח אין שום רמז, שהרשע הוא איש־מלחמה נושא חרב וחנית (למעשה halberd), ואף־על־פי־כן אפשר למצוא בהגדות האשכנזיות המצוירות עקיבות מפתיעה בתיאור הרשע בדרך זו דווקא. הדבר משקף את מושגי הזמן ההוא על 'רשע' שאינו יהודי: איש מזוין, על־פי השגור ביידיש, שבה 'רשעות' פירושה שנאת יהודים, אנטישמיות,[4] ומכאן הקבלתו האוטומאטית להמן צורר היהודים, ללא התחשבות בנאמר בהגדה. שהרי המלים 'אלו היה שם לא היה נגאל' מעידות, כי המדובר ביהודי,[5] מה־גם שבדברי ההגדה אין זכר

4 בדיקתן של הגדות מודפסות שאינן אשכנזיות, כולן בצירוף טקסטים בלאדינו, העלתה, שדמות הרשע לא תוארה בהן כאיש מזוין. נבדקו הגדות אלו: ויניציה שפ"ט (1529), ויניציה תנ"ה (1695), ויניציה תע"ו (1716), ויניציה ת"ק (1740), ליוורנו תקנ"ט (1799), פיסא תקס"א (1801), ליוורנו תקפ"ב (1822), תרכ"ז (1867).

5 על קדמות הטקסט ומקורותיו ראה: ד' גולדשמידט, הגדה של פסח, ירושלים תש"ך, עמ' 22—23. ברור, כי בכל הנוסחאות הקדומות המדובר ברשע יהודי.

לאביזרים הקבועים המלווים את דמות הרשע באיור ההגדות האשכנזיות.
את העיצוב הזה של הרשע בהגדות האשכנזיות כבר אפשר למצוא בהגדה המודפסת המאוירת הקדומה ביותר שבידנו, שיצאה לאור בפראג בשנת 1526 (ציור 7). בהגדת ויניציה משנת שס״א אף צוין במפורש מעל לדמותו המזוינת




**ציור 7: הרשע ב׳הגדת פסח׳, פראג 1526**

של הרשע: ׳צורת הרשע וחניתו בידו וחרבו צמודה לו מתחת למדו׳. דמות אופיינית זו של הרשע הוסיפה להתקיים במשך דורות רבים, הן בהגדות האשכנזיות, הצמודות בדרך־כלל לאיורים שראשיתם בהגדת פראג משנת 1526, הן בהגדות מאוחרות, שיש בהן חידוש מבחינת העיצוב והטכניקה של ההדפסה, כלומר, לאחר המעבר מפיתוחי־עץ לפיתוחי־נחושת. כך, למשל, מביאה הגדת אמסטרדאם משנת תנ״ה (1695) את כל ארבעת הבנים במסגרת אחת, ובתוכה גם הדמות המסורתית של הרשע המזוין (ציור 8).[6]

6 על הגדת אמסטרדאם ואופייה החדשני ראה: ב׳ רות, ׳ההגדה המצוירת שבדפוס׳, ארשת, ג (תשכ״א), עמ׳ 23. רות מעיר, כי הדמויות בתמונה זו ׳לקוחות׳ מן הציורים המקראיים של Matthew Merian, וכי תיאור הרשע ׳לקוח מתמונת מלחמה׳. רות לא עמד על העובדה, שאופיו המסורתי של הרשע כאיש־מלחמה













צורת ארבעה בנים דברי תורה

ציור 8: ארבעת הבנים בהגדת אמסטרדאם תנ"ה (1695)

אופיין האמבלימאטי של הדמויות המופיעות בהגדת פראג משנת 1526 קבע במידה רבה את גלגולי האיורים בהגדות המאוחרות. עדות לכך אפשר למצוא באיור הידוע של הדמות השקועה בתפילה, המופיעה פעמיים בהגדת פראג משנת 1526: הן כהתגלמות ההודיה אשר ב'ברוך המקום' הן לתיאור 'ונצעק אל ה' אלהי אבותינו'.[7] והנה, בתיאור מרדכי ב'סדר ברכת המזון' וב'אקטא', כמאתיים שנה לאחר-מכן, נשמר היסוד הקבוע של תנוחת ידיו של המתפלל. אמת, גם דמותו של הרשע וגם דמותו של המתפלל בהגדה של 1526 שונות בכמה פרטים, בייחוד בלבושן, אך אין ספק, שכאן אכן מקורה של מסורת האיורים, אלא שבמשך השנים חלו בהדרגה שינויים בעקבות העתקות של העתקות. בדיקה שיטתית של ההגדות המודפסות השונות למן 1526 ועד תחילת המאה הי"ח עשויה להעמידנו על תהליך השינויים האלה במרוצת הדורות; כן היה ראוי לבדוק את המסורות האלו בהגדות המאוירות שבכתבי-יד.

פשוט הרבה יותר תארוך הופעתם הראשונה של הליצנים — התמונה התחתונה שבעמוד האחרון של 'אקטא'. לראשונה הופיע איור זה ליד הטקסט על פורים אשר בס' מנהגים ביידיש, שנדפס בוויניציה בשנת שנ"ג (ציור 9).[8]

פורים



פורים

פורים ווען עש נכ"ט אי' זא זוינט אן ליכטר אן דא: עש שמחה זול זיין · אונ' דער חזן טט ראייט דיא מגלה אוי' גליך וויא איין בריב לוט זיא ניט אויבר אננדר גוויקלט · אונ' זגט דיא דרייא ברכות:

ברכות פֿון דער מגילה

ברוך אתה יי' אלהינו מלך העולם אשר קדשנו במצותיו וצונו על מקרא מגילה:

ציור 9: הליצנים בס' מנהגים, ויניציה שנ"ג (1593)

הוא שהביא לידי כך. חיקוי של תמונה מרובעת זו, שהופיעה לראשונה בהגדת אמסטרדאם תנ"ה, אפשר למצוא גם בהגדת אופנבאך תפ"ב (1722).

7 ריפרודוקציה ראה: גולדשמידט (לעיל, הערה 5), עמ' 118.

8 על ס' מנהגים זה ועל איוריו ראה: M. Epstein, 'Simon Levi Ginzburg's

עז שיינט אלז דוא שטינדליך מער ווערשט דישפראט.
דען זעלשטו איין פֿאטר האבן דער דיך אויז דיזם שטאנד קענט פֿר וואנדלן.
העט מן דיך ניט צווייא מאל אום זא איין פאגיטעל געלד טון פֿר האנדלן.
דיין פוקיל מוז מן דיר מיט איין גוטן פריגל קורירן.
אלז דוא קיין גליד אים לייב קאנשט רירן:

(זאגט יוסף)

ליבי מוטר דיין פֿר שפרעכֿן.
זאלשטו פֿארט זעצן.
וויא דוא מיר האשט פֿר שפראכֿן.
אויף דיינם גראב דאמיט אן מייני פֿיינד צו ערגעצן.
וועלכֿי דיא איך הב ⟨ד⟩יין מיטרליכֿי ליב אנצינד.
אונ׳ טרעט פֿר גאט.
אונ׳ ביט פֿר דיין קינד.
אלז ער ניט זאלט קומן צו שפאט:

איך האב גימיינט דאז גליק זאל זיך ווענדן.
אונ קומן אויף מייני זייט.
צו קומן אויז מיינש פֿיינדש הענדן.
אבר עז איזט מיר הערצליך לייד.
אלז עז נאך ניט איזט פֿול פֿירט.
אונ׳ שטעק נאך אין דער נאט.
מן האט מיר אן איצא דען פוקל גישמירט.
פֿאשט ביז אויף דען טוט:

ליבר הער טוא דאך מייני פֿיינד גר פלאגן.
נאך אירן פֿר דינטן לון.
אונ׳ זיך דאך אן מיין מוטר אירי קלאגן.
וועלכֿי זיא פֿר דיר ווערט טון.
דוא האשט דאך פֿר שפראכֿן.
מיינם פֿאטר יעקבֿ אליין.
אלז דוא ניט ווילשט לאזן און גירוכֿן.
ווער אונזר בילייזיגר ווערט זיין:

(זאגן ישמע⟨א⟩לים)

איר הימל וואש האבט איר שון מיט אונז אן גיפֿאנגן.
אין דער צייט אלז מיר זיין אונטר וועגן גאנגן.

868 במקור ז י י ן התיקון לפי בש

מיר קענן יא נאך קיין וועג נאך שטעג פֿינדן.
איבר דיא גרעזמר רעגן אונ׳ ווינדן.
צו פֿאר האבט איר אונז גישטראפֿט אין אונזרי גלידר.
יעצונד פֿר פֿינשטרט איר אונז ווידר.
מיר ביטן זיא וואלן אונז דיא אורזאך אן צייגן.
דאמיט מיר פֿון זעלביגן קענן אב נייגן : |

יד ע״ב (אנטווארט דער אנדר ישמע⟨א⟩ל)
איך קאן ניקש אנדרש ביפֿינדן.
אלז אן אונזרם קנעכֿט מיסטן מיר זיך פֿר זינדן.
דען וויא מיר אין דאש פֿאריג מאל אויף האבן גישלאגן.
האבן מיר גלייך דרויף דיא גלידר טון קלאגן.
נון טוט דיזש דרויף פֿאסירן.
דא קענן מירש יא אויגן שיינליך שפירן.
דרום וואלן מיר אונז ניט לאנג בידענקן.
אונ׳ אים מיט אן נעמליכֿן ווארטן בישענקן.
אלז ער אונז אויף אלם זאל פֿר צייאן.
אונ׳ זאל קעגן דיא הימל ביטן אונ׳ אויף היבן זייני הענד.
דען מיר האבן גרושי רייאן.
פֿיל לייכֿט מעכֿט אונז דער דורך ערלייכֿטרונג ווערדן גיזענד :

(זאגן ישמע⟨א⟩לים צו יוסף)
יוסף מיר ביטן דיך אום פֿר צייאן.
אויף אלים וואש מיר גיטאן האבן טראגן מיר רייאן.
דוא וואלשט זא גוט זיין אונ׳ צו דיינם גאט ביטן.
אלז ער דיזש אונגישטימי וועטר לאזט אב ווייכֿן אונ׳ אב טרעטן.
אונ׳ וואן אונז דיא הימל לאזן צו קומן.
זאלשטו אין דער העכֿשטן גנאד ווערדן גינומן.
דרום בידענק דיך ניט לאנג אונ׳ מאך פֿארט.
אונ׳ ביגרייף פֿיל אויז אונזרי קארצי ווארט.
דען מיר קענן ניט אליש אויז פֿירליך זאגן.
אין דעמי דער ווינד טוט אונז קונטיניוּוירליך אום יאגן :

(אנטווארט יוסף)
אייער ביט וויל איך אייך גיווערן.
אונ׳ נאך גאט צו ביטן וויל איך מיך קערן.
דיזן שלאג פֿון אייך צו קערן אונ׳ אייך אייני גינאדן צו זעצן.
וויא וואול איר אייך אן מיר העט וואלן ערגעצן.
דא איך מיינם גאט האב אן גיבעטן.

וויא איך האב גשטאנדן אין מיינן נעטן :

(ביטיט יוסף צו גאט)

בארמהערציגר גאט טוא מיר דיא גנאד צייגן.
טו ע״א אונ׳ לאז דיא פליצן רעגן גישווינד | שטיל שווייגן.
וויא וואל דיזש מיינט וועגן איזט גישעהן.
אליין זיא טון אן איצא איר מיסיטאט גישטיהן.
אונ׳ וואלן מיך פֿערנר ניט פלאגן.
דרום טוא אב זיין שטראף וואו מיט דוא זיא האשט גישלאגן :

(זאגן ישמע⟨א⟩לים)

נון איר הימל מיר זיין דאנקבאר קעגן אייך.
אלז איר אונז העט גיהאלפֿן זא גלייך.
אבר ליבי ברידר נון מיר מוזן גישטיהן.
אלז אונז די⟨ז⟩ אונגליק איזט איבר אונזרם קנעכֿט גישעהן.
דא ווערדן מיר גיצוואונגן צו קונצטרירן.
וויא מיר אונז פֿערנר פֿון זאלכֿם אונגליק זאלפֿירן :

(אנטווארט דער אנדר ישמע⟨א⟩ל)

וואש קענן מיר בעשר פראספרירן.
אלז אין צו זיינם פֿאטר צו פֿירן.
אין דעם ער האט יא אלש גימעלד.
זיין פֿאטר ראנצנירט אין אום איין קוואנטום געלד.
דאש ביפֿינד איך אין דער טאט.
פֿון אונזרן בעשטן ראט :

(אנטווארט דער אנדר ישמע⟨א⟩לים)

דיזר ראט טעט מיר זעלבשטן גיפֿאלן.
דער בעשט אונטר אלן.
אליין ער קאן ניט וואל האבן איין גאנג.
דען מיר בלייבן אונטר וועג צו לאנג.
וואש זאל אונז אבר דער גרושי דישפוט.
אום זיין גירינגש געלד איזט ער איבר אל גוט.
אין שפעציע מיר לאנגן הייט אין אייגיבטן אן.
אלדא איזט ער קויפֿט פֿון יעדר מאן.
אונ׳ ברענגן אין פֿיל לייכֿט אויך זא הוך אויז.
אלז פֿירטן מיר אין נאך הויז :

933 במקור ד י א התיקון לפי בש

(זאגט ראובן)

איך זיך הין איך זיך הער.
דא זיך איך אלז מיין ברודר יוסף ניט מער.
אין דער גרוב איזט ער אויך ניט מער גיוועסט צו פֿינדן.
וואו איר אין האבט הין גיבראכֿט זאלט איר מיר אן קינדן.
צו דעם וויל מיר ניט וואל גיפֿאלן אייער גישטאלט. |
טו ע״ב דרום ביט איך צייגט מירש בלד.
דען אונזר פֿאטרש אן פֿאדרונג ווערט אן קיינם זיין.
אלז אן מיין פארשון אליין :

(זאגט לוי)

הערציגר ברודר וואש איזט אויז וויניגקייט דיינר פאסירט.
וויא האט דער ביזי גאשט אונז פֿר פֿירט.
מיר האבן מיט אים פֿר פֿארן גר איבל אונ׳ שלעכֿט.
אונ׳ האבן אים פֿר קויפֿט פֿר איין קנעכֿט.
נון מעהר האבן מיר זעלבשטן רייאן.
אונ׳ טון ניכֿטיש אלז ווינן אונ׳ שרייאן.
נון ערזוכֿן מיר דיך אלז דוא מעכֿשט העלפֿן אונ׳ קליגן.
אייני פראטיגא דארך אונזרן פֿאטר צו ביטריגן :

(זאגט ראובן)

זאל דאש וואל מיגליך זיין.
זא טוראנש צו לעבן קיגן זיינם פֿלייש אונ׳ ביין.
זאלכֿי איבלטאט איזט ניט וואַרדן ערהערט פֿון אנפֿאנג דער וועלט.
אלז דא איר האבט אן גישטעלט.
וויא האבט איר ניט זאלן בידענקן.
אונזר אלטר פֿאטר וואלן מיר ניט קרענקן.
איך וייש פֿר אונגידולט ניט וואש איך זאל אן פֿאנגן.
דיא אונגינאדן דיא מיר בייא אונזרן פֿאטר ווערדן ערלאנגן :

(זאגט יהודא)

מיר ווערדן גיצוואונגן צו מאכֿן איין באנד.
אלז קיינר דיזש זאל מאכֿן ווישינד אונ׳ ביקאנט.
אונ׳ אן וועלכֿם אלז איין פֿאלשקייט ווערט ווערן גישפירט.
דער זעלבי זאל זיין באנידירט.
אונ׳ דאש ניט אליי⟨נ⟩ט.
זונדרן מיר ווערדן אין בגעגינן אלז איין פֿיינד.

980 במקור אלייט התיקון לפי בש

און׳ דיא אנדרי ברידר אינש גיזאמפט.
ווערדן ניט נאך לאזן ביז זיא דען זעלבן האבן פֿר דאמט.
און׳ גאט דער הער אויף הימל און׳ ערד.
זאל זיין צייגן אלז איינר דעם אנדרן שווערט.
און׳ וויילן דיא הימל אין דיזם באנד זיין אויך אינטרעזירט.
דא ווערט דורך אינן אויך ניקש ווערדן גישפירט.
זא איר מיט דיזם ראהט זייט קונטענט.
זא לאזטש גישעהן אין דיזם מאמענט : |

טז ע״א (זאגט ראובן)
מיר האבן דאש קיין בעשרן ראט נאך צו לעבן.
אלז דען דוא היר האשט פֿאר געבן.
דרום זעמפטליכֿי ברידר שטיט אויף איך וויל אייך דיא אייד און׳ באנד זאגן פֿאר.
און׳ איר זאלט אנטווארטן אמן עז זאל ווערדן וואר :

(זאגט ראובן)
מיר היר שטיאנדי ברידר אונזרר צעהן.
טון היר פֿר דען אלמעכֿטיגן שטעהן.
און׳ שווערן און׳ מאכֿן איין באנד.
אלז קיינר אונזרש ברודרש אויז פֿארט זאל מאכֿן ביקאנט.
אן בייא ביטן מיר דאש דיא הימל וואלן זיך בימיהן.
דיזן באנט צו ביקרעפֿטיגן און׳ צו פֿול ציהן.
דא מיט ער בייא יעדרם אין דער שטיל.
ער מאג נאמן האבן וויא ער וויל :

(זאגט יששכר)
נון מער דיא אייד און׳ באנד אויך פֿול בראכֿט.
אבר אויף אייני עקסקוסי געגן אונזרם פֿאטר מוזן מיר זיין בידאכֿט.
דען זיין אוועק קונפֿט ווערט ער אונ⟨י⟩ צווייפֿל נאך שפירן.
דא מוזן מיר אונז יא זוכֿן צו פֿר דעפֿינדירן.
אלז דען ביפֿינד איך פֿר גוט.
זיין העמד איין צו ווייכֿן אין ציקלכֿן בלוט.
דען ציקליכֿי בלוט האט איין קולער.
אלז וען עז מענשן בלוט ווער.
און׳ וואלן עז צו רייסן און׳ צו שטעברן היר און׳ דארט.
אלז וען עז פֿון איינם ווילדן טיר ווארדן ערמארט.
און׳ וואלן דאז העמד אונזרם פֿאטר נאך הויז שיקן.

1004 במקור א ו נ ן התיקון לפי ש

ווערט ער זא באלד ערש ווערט אן בליקן.
זיין גיצוואונגן צו זאגן.
ער איז דורך איינם ווילדן טיר ווארדן ערשלאגן.
זא קאן ער קיין נאך דענק אויף אונז האבן אין דער גאנצי וועלט.
דען מיר זאגן מיר העטן דאז העמד גיפֿונדן אויף דעם פֿעלד.
זא איר ליבי ברידר דיזן ראט פֿר גוט ביפֿינד.
וואלן מירש טון שלייניג אונ׳ גישווינד:

(זאגט יהודא)
נפתלי דיזר דינשט זאל דיר איבר טראגן זיין.
דען דוא בישט פֿליכֿטיג אויף דייני ביין.
טז ע״ב דוא זאלשט נאך | קומן אונזרם ברודר ישׂשכֿר זיין ריד אונ׳ שפרעכֿן.
אונ׳ יוסף העמד אן אונטר שידליכֿי אורטן צו רייסין אונ׳ צו שטעכֿן.
אונ׳ אין ציקליכֿש בלוט דונקן אונ׳ איין וויכֿן.
נאך געהנש זאלשטו עז אונזרם פֿאטר איבר רייכֿן.
אונ׳ זאג וויא מיר אונז זאמפט בייא האבנדם פֿיך פֿון דער שטאט שכֿם
אויף דעם היים מארש וואלן ביוועגן.
איז דיזש העמד אויף דעם וועג גילעגן.
אונ׳ איז זא צו ריסן גיוועזן וויא עז האט דר הער פֿאטר היר צו זעהן.
מיר ווישן ניט וויא עז איזט גישעהן.
מיר צוויפֿלן אוב ע⟨ז⟩ ניט אונזרם ברודר יוסף העמד ווערט זיין.
נון זיכֿט דער הער פֿאטר אוב עש ⟨איז⟩ יא אודר ניין:

(זאגן ישמע⟨א⟩לים)
ווילקומט איר הערן צו גלייך.
מיר האבן היר עטווש פֿר אייך.
איין קוואליפֿיצירט⟨ן⟩ קנעכֿט אין אלן זאכֿן.
מיר וועלן זוכֿן מיט אייך איין האנדל צו מאכֿן.
אום צוואנציג זילברלינג זאל ער אייער זיין.
אלאן גיבאט אודר איין מאס וויין:

(זאגט מדיני׳)
וויזט איר ניט קויפֿמאנש רעכֿט.
ער האנדלט אלז זייא ער איין קנעכֿט.
וואלט איר אים אום פֿינף גולדן געבן.
זא קענט איר אייערי שטים צום יא ווארט ער היבן:

1030 במקור ע ר התיקון לפי בש
1031 ההשלמה לפי בש
1034 ההשלמה לפי ש

(אנטווארטן ישמע⟨א⟩לים)
נעמט אין הין אונ׳ האבט גליק דער מיט.
וויא וואל מיר האבן אן אים קיין פראפֿיט.
זיא טון אין נור אין נאמן גאטש פֿארט פֿירן.
דאז געלד וואלן מיר שון אויף זיא אסיגנירן:

(זאגט נפתלי)
ווערמשטר פֿאטר מייני ברידר האבן מיך גימאכֿט צום אמבאסידער.
צו פֿראגן אוב דער | הער פֿאטר ניט ווייש וועם דיזש העמט גיהער. יז ע״א
דען דיזש העמט האבן זיא גיפֿונדן אונטר וועגן.
וואוריבר מיר זיין גאנץ פֿר לעגן.
אונ׳ ביזארגן דיזש איזט דאש העמט וועלכֿש אונזר ברודר יוסף האט גיטראגן.
דרום זאל דער הער פֿאטר אונז דיא רעכֿט קונפֿירמאציאן זאגן.
דען מיר קענן אונזר גמיהט ניט צו רוא ביגעבן.
ביז מיר אונזרן ברודר יוסף ווידרום זעהן בייא זיינם לעבן:

(זאגט יעקבֿ)
אך אונ׳ וויא איך מוז שטיל שווייגן.
דיא אנמאכֿטן פֿאנגן אן נאך דעם הערצן צו שטייגן.
מיין אויגן פֿר בלענדן.
אלי לעבנדיגי גייסטר פֿר שווינדן:

(זאגט יעקבֿ)
בטריבנום איבר אלי בטריבנוס מוז איך זאגן.
דיזיש העמט האט מיין הערץ אלר ליבשטר זון יוסף גיטראגן.
אך מיין ליב קינד וויא טוא איך דיין העמט זא מיסראביל היר זעהן.
וואש מאג דיר דאך זיין גישעהן.
קום מיין קינד ערפֿרייא מיך באלד.
אונ׳ צייגי מיר דיין אן נעמליך גישטאלט.
דוא ווייששט דוך דאז מיין הערץ אן דיינם ⟨איז⟩ גיבונדן.
אך אונ׳ וויא וואש האב איך פֿר שרעקן אונ׳ שמערצן עמפֿונדן.
איינר פֿון מייני קנעכֿט געהי אונ׳ זיך וואו מייני קינדר בלייבן.
אונ׳ טוא זיא גלייך הי׳ם צו מיר טרייבן.
דא מיט איך פֿון דיזם ערשרעקליכֿן פֿונד.
מעכֿט קענן ערפֿארן דען גרונד.
אבר וואש וויל איך מער אין ערפֿארונג קומן.
איך האב ליידר פֿון מער אלז צו פֿיל פר נומן.

1064 ההשלמה לפי בש

צו דעם זיין זאלכֿי אן צייגן אונ׳ וואר צייכֿן פֿר אויגן.
דיא גאט בעשריש גר וויניג טויגן:

(זאגט יעקבֿ)

ליבֿי קינדר זאגט מיר דאך פֿון דיזר זאכֿן דען גרונד.
וועלכֿי איר מיר האבט לאזן מאכֿן קונט.
אבר איך בשווערי אייך בייא אייערן גייסטרן אונ׳ זעלין.
אלז איר קיגן מיר ניקש זאלט פֿר בארגן אודר פֿר העלן.
יז ע״ב זונדר אליין דש און איבר ווינדליכֿי | און גליק מיט גרינדליכֿן אן צייגן.
אונ׳ זאלט קיינרלייא פֿר שוויגן:

(זאגט יהודא)

פֿר פֿלוכֿט זייא דיא שטונד.
אלז איך צו זאלכֿים און גליק זאל עפֿנן מיין מונד.
נאך דעם מיר אונזר שאף האבן פֿון דער וייד גיפֿירט.
אונ׳ זיין ביז אן דער גיגנהייט שכם וואנשירט.
איזט דיזש העמט בלוטיגר וויז גילעגן אויף דר ערד.
מיר האבן עז גלייך הין אונ׳ וידר גיקערט.
דען עז איזט אונז גיוועזן עטוואש ביקאנט.
דאך האבן מיר ניט קענן דרויז האבן איין רעכֿטן פֿר שטאנד.
האבן מירש דעם הער פֿאטר גישיקט אוב ער עז ניט קענט.
דען עז איזט אים מער גאנגן דורך דיא הענד.
זא שיינט וואל אלז זיכֿש פֿיל צו פֿיל וואהר בפֿינד.
אלז עז איזט אונזרן ברודר יוסף דעם ליבן קינד:

(זאגט יעקבֿ)

עז זייא גאט גיקלאגט וואש האבט איר מיר פֿר איין צייטונג איבר בראכֿט.
אויף דיזם און גליק הב איך ניט גדאכֿט.
דען איך הב אין הייט צו אייך גישיקט.
צו זעהן אוב אייך אייערי טוהר האט ביגליקט.
אונ׳ אין אלים גליקליך צו גישלאגן.
זא זאל ער מיר דיזי רעפֿארט איבר טראגן.
זא האט ער זיך אויז ביפֿעהל מיינר שלייניג אויף דעם וועג ביגעבן.
נון האט ער זא ערבארמליך גילאזן דורך ווילדי טיר זיין לעבן.
איך האב גימיינט ער ווער בייא אייך אריווירט.
אבר עז ווערט לידר אן איצא ניט אטעסטירט:

(זאגט ראובן)

ליבֿר פֿאטר מיר האבן זיין אן גיזיכֿט ניט גיזעהן.

פֿון דעם מאל אן אלז אונזרי אב רייס פֿון היר איזט גישעהן.
ווען ער ווער צו אונז גיקומן.
העטן מיר אין אהני צווייביל אין אבאכֿט גינומן.
וויא דיא ברידר צו שטעהט אונ׳ גבירט.
אליין מיר האבן אין ניט גישפירט: |

יח ע״א (זאגט יעקבֿ)
מיין זון יוסף יוסף מיין ליבשטר זון.
וואש ווערדי איך פֿר גרוש לייד אן פֿאנגן נון.
איך בין אורזאכֿר אן דיינם טאט.
איך האבי דיך גיבראכֿט אין דיזר נאט.
אה מיין זון יוסף פֿיל ליבר ווער איך גישטארבן.
אונ׳ דיר דיין יונגש לעבן ערווארבן.
וואש האב איך בייא דיינם לעבן גיהאט פֿאר פֿר קניגן.
אבר נאך אב שטערבן דיינר ווערט איך קיינר קריגן.
שטיא אויף וואו דוא ליגשט אונ׳ קום צו מיר.
אונ׳ זיך מייני שמערצן וועלכֿי איך טראג איבר דיר.
קום אונ׳ ציל דיא טרערין וועלכֿי אויף מייני באקן הענגן.
אונ׳ טוא זיא פֿאר דען הימלישן פֿאטר ברענגן.
אלז ער זייני שטראף זאל פֿון מיר אב ווענדן.
דא מיט איך קיינם און גליק מער מעכֿט פֿאלן אין הענדן.
מיין ליבשטר זון וואש פֿר איין און גליק איזט דיר פאסירט.
וועלכֿש קיין מענש נאך האט פראבירט.
מיין אן דאכֿט אונ׳ טרויריקייט נעמט נון קיין ענד.
אלי לושט אונ׳ וועלטליכֿי ריד זיין פֿון מיר אנטווענד.
וויא וואל איך האב דיך ניט בישאפֿן צור וועלט.
זונדרן דער ראגענט איבר הימיל אונ׳ ערד היץ אונ׳ קעלט.
דער זעלבי האט מיך מיט דיר רעקומפענסירט.
אונ׳ אין ארעניא אונ׳ שטודיא פראמיפֿירט.
נון איך הב אן דיר גיזעהן דיא גרעשטי פֿריידן.
האבן זיך דיא הימל פֿון מיר אב גישיידן.
וואש ברויכֿשט מיין גמיהט מיין הערץ איזט מיר גאנץ צו שלאגן אונ׳ צו בראכֿן.
דען מיין טריבזאל קאן אהני מיגליך ווערדן אויז גישפראכֿן:

(זאגט יהודא קלאג לידר)
גראשמיטיגר גאט איבר הימל אונ׳ ערד דר רעגענד.
שיק אונז איין טרושט אונ׳ הילף בהענד.
וועלכֿר טרושט אין דיזי מיטל טוט בישטעהן.

אונזרים ברודר יוסף לעבינדיג ווידרום צו זעהן :

דען אן דיזם האט אונזר פֿאטר איין צייכֿן.
ווען איינר פֿון זייני קינדר בייא זיינם לעבן זאלט פֿון דער וועלט אנטווייכֿן.
זא האט ער בייא דיר פֿר לארן אל דיין גונשט אונ׳ גנאד.
וועלכֿיש אונז ווער פֿון הערצן לאהט : |

יח ע״ב דרום זאלשטו אים דייני גנאד אויף נייאן אן דייטן.
אונ׳ זיין ליבשטן זון יוסף גליקליך צו אים ביגלייטן.
אונ׳ זיך דאך אן מיין פֿאטרש טרערין.
וועלכֿי איך און מיגליך קאן אב האלטן אונ׳ ערוועהרן :

(זאגט ראובן)

ליבר גאט אלהיר טון איך פֿוס פֿעליג פֿאר דיר קניאן.
אלז דוא דייני ריד זאלשט ביקרעפֿטיגן און פֿול ציהן.
דען דוא האשט אונזר פֿאטר צו גיזאגט וואו דוא געהשט וויל איך בייא דיר זיין.
אונ׳ דיך היטן אונ׳ בישערמן פֿון אלי צו פֿיגליכֿי שמערצן אונ׳ פיין :

וואש האט אים נון קענן פֿאר איין גרעשר און גליק ווערדן צו גיפֿירט.
אלז אים דאש איזט פאסירט.
זיין ליבשט קינד צו פֿר לירן אונ׳ ווערדן קווייט.
עז איזט יא און מיגליך אלז איינם קאן צו קומן איין גרעשר לייד :

דרום איזט אן איצא מיין ביט וועלכֿי איך טוא פֿון דיר ביגעהרן.
אונזרי טריבזאל זאלשט צו לוסטפרקייט פֿר קעהרן.
וועלכֿי בישטעהט וויא מיין ברודר יהודא שון האט גימעלט.
אלז אונזר ברודר יוסף מעכֿט ווערדן פֿר אונז גישטעלט :

(זאגט בנימין)

אך ווינד אונ׳ וויא וואש עמפֿינד איך פֿאר גרושי שמערצן.
איבר מיין ברודר וועלכֿר מיט מיר איזט גילעגן אונטר איינם הערצן.
אין שפעציע אלז פֿון מיין מוטר ניט מער אלז מיר צווייא זיין גיקומן.
נעמליך איך אונ׳ מיין ברודר יוסף וועלכֿר דאטי איזט ווארדן הין וועג גינומן :

אלמעכטיגר גאט דוא ווייסט דאך אלי מענשליכֿן זין.
זיך דאך אן איין וואש פֿאר איין נאט אלז איך בין.
אונ׳ דיא מיינשטי קוואל איזט ניט מיינט וועגן אליין.
זונדרן איך זיך מיין פֿאטרש גרושי פיין :

איך בזארגי מיין פֿאטר ווערט גאט פֿר זייא גאנץ דישפראט.

וועז ער ניט קאן ערלאנגן דיזי גנאד.
ווידר צו קריגן | יוסף זיין ליבשט קינד.
דען ער מיינט עז העטן עז ביוואגן זייני זינד : יט ע״א

(זאגט יצחק)

ליבר זון מן האט מיר גיזאגט.
אלז דוא זאמט דייני קינדר ניקש טוט אלז קלאגט.
וויא איך אויך יעצונד אויגן שיינליך שפיר.
אלז דוא היר ליגשט אויף דער ערד פֿאר מיר.
שטיא אויף מיין זון אונ׳ לאז דיך אויף היבן.
וואש גאט טוט מוז מן זיך וויליג דריין געבן.
אונ׳ גידענק וואש איך מיין טאג דיינט וועגן האב מוזן ליידן.
דיא צייט אלז דוא אויך ביזט גיוועזן פֿון מיר אב גישיידן.
אליין מיט גידולט האב איך אליש איבר וואונדן.
אונ׳ מיך ווידרום אים העכֿשטן גראד בֿיפֿונדן.
וויא וואל עז איזט קיין קליינש איין קינד צו פֿר לירן.
דאך מוז מן זיך פאציענדירן.
דער גאט דער דיר אין האט אוועק גינומן.
קאן דיר אים אודר איין אנדרן ווידרום לאזן צו קומן.
איך ביט מיין קינד שטיא נאר אויף פֿון דער ערד.
איך פֿר זיכֿרי דיך עז איזט דיר נאך איין טראשט בישערט.
נאר זייא צו פֿרידן אונ׳ טראג גידולט.
אונ׳ שלאג דיר אויז דיינם זין דיזן אלארם אונ׳ טומולט :

(זאגט זבול⟨ו⟩ן)

ליבר פֿאטר טוא דאך אונזרן גרוש פֿאטר איזאק זיין ווארט אן העריין.
אונ׳ טוא אים זייני ביט גיווערין.
דענק וואש דוא בהיט גאט פֿר איין זינד מוזט טראגן.
ווען דוא אים זייני ביט זאל⟨ש⟩ט אב שלאגן.
צו דעם האט ער דאך דיא ווארהייט גיזאגט.
אלז דער מענש זאל ניט זיין פֿר צאגט.
זונדרן אלש דיא הימל אהיים שטעלן.
מיט דען מענשן צו פֿר פֿארן וויא זיא וועלן.
אויך וואלן דיא הימל דען מענשן פראבירן.
וויא ער זיך אין אירי שטראף טוט פֿירן.
זא דער מענש אבר אירי שטראף טוט גוט וויליג עמפֿאנגן.
קאן מן ווידרום בייא זיא גנאד ערלאנגן.

1191 במקור זאלטט התיקון לפי בש

אונ׳ װענדן דאש ביזי אליש צו גוט.
דרום זייא דער הער פֿאטר גיטרישט אונ׳ האב איין פֿרישן מוט : |

יט ע״ב (זאגט יעקבֿ)

אך מייני ליבי קינדר װיא בין איך בשטערצט אונ׳ ביטריבט.
גיװערט מיר מייני ביט.
זא איר מיך ליבט גיט אונ׳ זוכֿט אויף דעם פֿעלד.
אוב איר זיין טאטן קערפר ניט פֿינדן זעלט.
דא מיט איך אין קאן ביגראבן.
פֿילייכֿט קאן איך דא דורך איין טראשט האבן.
אן בייא נעם איין יעדר זיין ביקש אונ׳ שװערט.
אונ׳ פֿאנגט מיר דיא ערשטן בעשטיא װעלכֿי אייך גאט צו שיקט אונ׳ בישערט.
פֿילייכֿט װערט מיר פֿון דיא הימל דיא זעלבן צו גימעסן.
דיא מיין הערץ אלר ליבשטר זון האט אויף גיפֿרעסן.
דא מיט איך אן זעלביגר קאן רעכֿנן זיין בלוט.
אונ׳ שטילן מיין אייפֿריגן מוט :

(יעגר ליד)

מוזן מיר גיט יאמרין אונ׳ קלאגן.
אין דעם אונזר פֿאטר האט טון זאגן.
אלז מיר אין זאלן דיא בעשטיא יאגן :

זועלכֿי אונזרן ברודר יוסף האט ערמארט.
זא מיר ליבטן זייני װארט.
דען מיר האבן אין לייד גיבראכֿט פֿארט :

נון מיר אבר דיזש האבן ביגאנגן.
מוזן מיר אים איין װילדפארט פֿאנגן.
נאך אונזרם פֿאטרש ביגער אונ׳ פֿר לאנגן :

דרום װאלן מיר אונז נאך דעם װאלד ערהעבן.
דען איך טוא האפֿנטליך לעבן.
אלז ער זיך דער דורך צוא רוא װערט ביגעבן :

אין דעם ער זיך װערט בילדן איין.
דיזש טוט אהני צװייבל דאש טיאר זיין.
װעלכֿש האט אן גיטאן גרושי שמערצן אונ׳ פיין :

אונ׳ זיינם אייפֿריגן װילן.
אן דעם װילדן טיר שטילן.
אונ׳ פֿערגר אויף זייט זעצן זייני קרילן :

(זאגט אשר)

ליבר פֿאטר אין זייני ביפֿעהליך האבן מיר זיך בפֿלייסט. |
כ ע"א אונ' וואלד איין וואלד אויז גירייסט.
זא האבן מיר דיזן וואלף אטראבירט.
אבר יוסעפֿש טאטן קערפר האבן מיר ניט גישפירט.
ווילן אונז דיזר וואלף זעלבשטן אין הענדן גילאפֿין.
זא האבן מיר אהני צווייבל דען זעלבן אן גיטראפֿן.
דער מיט אונזרם ברודר זא און ערבארמליך אונ' מיסראבל איזט אום גיגאנגן.
דרום האבן אים דיא הימל אונז צו גישיקט צו פֿאנגן.
נון קאן דער הער פֿאטר אן אים קיהלן זיין מוט.
אונ' רעכֿנן אונזרש ברודרש בלוט:

(זאגט יעקבֿ)

איר האבט מיך ניט וויניג ערשרעקט.
מיט דעם אלז איר האבט ענדעקט.
אלז איר מיינם ליבן זון זיין טאטין קערפר ניט האבט אן גיטראפֿן.
ווארויף איך האב טון האפֿן.
דען איך האב פֿר מיינט דא דורך מיין טראשט צו ערלאנגן.
אבר לידר עז איזט ניט פֿון שטאטן גיגאנגן.
איך מוז מיך גידולטיג דריין געבן.
אבר דאך וויל איך מיין שטים ערהעבן.
דיזן וואלף צו עקסמינירן.
אונ' מיין זון אן אים פרע⟨ט⟩ענדירן.
בעשטיא זאג מיר באלד.
דען איך האב דיך אן יעצא אין מיינר גיוואלט.
אויז וואש אורזאך דוא דיך זאלכֿן פֿרעפֿיל האשט אונטר שטאנדן.
אונ' האשט מיר מיין ליבשטן זון זא מיסראבל גימאכֿט צו שאנדן.
אונ' האשט אים פֿר צוקט אונ' צו ריסן.
דאש האב ⟨איך⟩ גישפירט אן זיינם העמד דען עז איזט פֿאל בלוט
אונ' גאנץ צו שליסן.
ווארום האשט דוא זאלכֿש גיטאן מיינם קינד אום זונשט.
אונ' האט בייא דיר ניט קענן ערלאנגן אייני גנאד אודר גונשט.
וויא האשטו מיין זון ערשלאגן.
אונ' האשט קיין פֿארכֿט גיטראגן.
פֿאר דעם פֿאטר איבר הימל אונ' ערד.
אודר פֿאר מיינם שארפֿן שווערט.

1251 במקור פרעסענדירן התיקון לפי ש 1257 ההשלמה לפי בש

דרום וויל איך יעצונדר אן דיר זוכֿן ראכֿן.
אונ׳ דירש דער גלייכֿן מאכֿן.
דען דיא הימיל האבן מיר דיך דעשוועגן צו גיזענד.
אלז איך זאל מאכֿן דיין ענד:

(אנטווארט דער וואלף)

מענש מענש ער זייא אין זיין צארן ניט גישווינד.
כ ע״ב דען | איך האב ניט גיזעהן דיין קינד.
פֿיל וועניגער אלז איך אין זאלט האבן געסן.
דאש טוא איך מיך בייא גאט פֿר מעסן.
מיין הער איך גיב אים נאך ריכֿט ⟨אונ׳⟩ רעפארט.
אלז מיר אויך געהט דער ראגארט.
איך האב מיין זון שון פֿר לארן צעהן טאג.
וואוריבר איך אויך גראשי אונגידולט טראג.
אונ׳ בין דעשוועגן אין לענדר גילאפֿן.
אבר איך הב אים ליידר נאך ניט אן גיטראפֿן.
נון איך בין קומן און וייט פֿון היר.
האבן זיך דייני קינדר גישטעלט קיגן מיר.
אונ׳ בגיריג גיוועזן מיך צו פֿאנגן.
דא בין איך גוט וויליגר ווייז צו אינן גאנגן.
דען איך ווייש איך האב ניקש פֿר שולט.
אויך אויז גרושר אונגידולט.
איך בין אין זיינר האנד.
ער קאן מיט מיר פֿר פֿארן נאך זיינם וואל גיפֿאלן אונ׳ פֿר שטאנד.
אבר איך זאגי אים אויף מיין גיוויזן.
אלז אין מיין מונד איזט ניט קומן איין ביסן.
עז מאג זיין פֿון איין מענשן ווער ער וויל.
היר מיט שליס איך מייני ווארט אונ׳ שווייגי שטיל.

(זאגט יעקבֿ)

הער צו דו ווילדש טיהר.
איך ביט דוא זאלשט פֿר צייהן מיר.
דען קוואל דען איך דיר האב פֿר אורזאכֿט.
מיט דעם אלז מן דיך האט צו מיר גיבראכֿט.
נון ווינש איך דיר אויז הערצן גרונד.
אלז דוא דיינן זון מעכֿשט זעהן גיזונד.
אונ׳ טוא דיך אין נאמן גאטש אויף דיין וועג קעהרן.

1272 ההשלמה לפי ב

דיא הימיל זאלן אונז אונזרי קינדר בישעהרן.
אבר איך קאן ליידר ניט אויף דעם פֿונדאמענט אונ׳ גרונד קומן.
דורך וועלכֿש מיין ליבש קינד יוסף איזט ווארדי פֿון דער וועלט גינומן:
(זאגט פיקל הערינג)
אה טויזנט איבר דעם אלז איך בין זא לאנג אויף דער היימליכֿן קאנצלייא גיזעסן.
העט איך באלד מייני איבר טראגני קומאנדי פֿר געסן.
מיין הער דער האף מעצגר האט מיך גיהייסן אויף דעם מענשן מאריג שפריגגן.
אונ׳ אים אלזו איין וואקרן דינר דינגן.
נון וויל איך דא פֿיל פלויטרן אונ׳ ליגן.
אלז איך גיוויש איינן ווער ביטריגן.
כא ע״א דען איך וויל פונקטי פֿר פונקטי | רעפֿארירן.
וויא מיין הער אייני פראכֿט אונ׳ הויז האלטונג טוט פֿירן.
ערשטליך מאכֿט ער זייני דינר אלי יאר איין נייא ליוורייא.
אבר דא האט ער קיין העלר דער בייא.
זונדרן דער דינר מאג זעהן וואו ערש קריגט.
דאז איזט ווארהאפֿטיג אונ ניט גיליגט.
אים איבריגן דיא אלטי מאנטור נעמט דער הער צו זיך.
אונ׳ יאגט אים פֿארט אונ׳ זאגט וואש שער איך מיך אום דיך.
דאך וואן ער בייא איינם דינר עטוואש געלט שפירט.
מאכֿט ער זא לאנג ביז ער אים אן פֿירט.
אונ׳ זאגט גיב מיר דיין געלד אויף אינטרעסין.
דאמיט ער אויף עטליכֿי ⟨טג⟩ מאכֿט קריגן צו פֿרעסין.
אבר לעצליך קריגט מן קייני אינטרעסי פֿיל ווענִיגר דאז קאפיטאל.
זא מאכֿט ערש ניט אליין דינר זונדרן איבראל.
היר נאך וויל איך אייך זיין קאשפרי הויז האלטונג אויך צום טייל פרייזן.
ווערדן זיך גיוויש אלי מענשן אום דיזן דינשט רייסן.
דען וואז דער הער עסט דאש קריגן דיא קנעכֿט.
דאז איזט יא אוני צווייבל איין יעדרן רעכֿט.
איבריגש ווען אין דער שיסל בלייבן עטליכֿי ביין.
טוטש אויך פֿר דיא דינר זיין.
אפֿארפֿא איך האב נאך ניט גימעלט.
זיא קענן האבן קאפֿע שוקלאטי אונ׳ וואש זיא וואלן אום איר געלט.
נון וויל איך איינש טון אונ׳ מיך נאך דען מענשן מאריג לענקן.
אונ׳ אלי דיא בימעלדן זאכֿן צו אופֿירן אונ׳ גידענקן.
דא ווייש איך גוויש אלז איך איער איינן ביקום אלז מייני גיזעלן.

1317 ההשלמה לפי בש

וועלכֿי איך שונט אפֿט האבן איין דינגן וועלן.
אין דעמי זיא דען דינשט ניא מאל זא קאשפאר האבן פֿר גיטראגן.
אלזוויא איך אין היר האב טון זאגן :

(זאגן מדיני׳)

ברודר איך האב אונטרשידליכֿי מאל גיהערט.
אלז דער הער פאטיפֿר איין דינר ביגערט.
וועלכֿר אים זיין הויז וועזן זאל נעמן אין אבאכֿט.
אלז דען בין איך בידאכֿט.
אלז מיר אין אונזרן גיקויפֿטן קנעכֿט זאלטן פֿר טראגן.
אונ׳ זיין פארסון אונ׳ קוואליפֿיצירטקייט אן זאגן.
אן בייא זיין גלאנץ אונ׳ שין הייט געגן אים פרייזן.
דא בין איך פֿר זיכֿרט ער געבט וואש מיר אום אין הייסן : |

כא ע״ב (קומט פוטיפֿר אונ׳ זאגט)

איך וויש ניט ווארום מיין לאזר פֿאגיל דער בלייבט זא לאנג אויז.
אונ׳ קומט ניט נאך הויז.
אונ׳ גיבט מיר אנטווארט אונ׳ בישייד.
אוב ער מיר איין דינר האט אן ביריית.
וועלכֿם איך מיין הויז אונטר קומאנדי קאן געבן.
זאמפט אנדרי דינשט דער נעבן.
זא ער מיר קיין ברענגט אונ׳ זאל מיך נאך לאנג פֿעקסירן.
דא וויל איך אים דען בוקל וואקר שמירן :

(זאגן מדיני׳)

איר דורך לייכֿטיקייט טון מיר פֿלייסיג גריסן.
אונ׳ האפֿין איר גנאד צו גיניסן.
איין קלייני זאך וואלן מיר אים פֿר שטעלן.
דען מיר האבן גיהערט אלז זיא איין דינר וועלן.
זא קענן זיא קיין בעשרן קריגן אויף דער וועלט.
אלז וויא מיר איינן האבן גיקויפֿט אוןווייט היר אויף דעם פֿעלד.
זיין גלאנץ אונ׳ שאנהייט איזט אהן מיגליך צו נאטיפֿיצירן.
ער טעט פֿר איין קיניג מעריטירן.
בינעבן אנדרי אדמיראבלי רעדי גאר פֿיל.
או⟨ן⟩ מאס אונ׳ ציל.
אונ׳ ווערט אין דר ווארהייט ניט הוך עסטימירט.
זונדרן פֿר פֿיר פישטאלן ווערט ער פֿר אקארטירט.

1331 שונט] זונשט בש  1359 במקור אונ׳ התיקון לפי ש

זא זיא אים פֿר לאנגן צו זעהן.
זאל עז גלייך גישעהן:

(זאגט פוטיפֿר)

וואן איך זאל זאגן מיין גרונדליכֿן זין.
זא וואר אלז איך איין ערליכֿר קאפֿאלירר בין.
אונ׳ זאג אוני פֿר האלן.
איך ביזארגי ער איזט גישטאלן.
דען ער איזט גאר אדליך פֿון פראפורציאן.
דרום מעכֿט איך זיין ערשטן הערן קענן טאן.
דער נאך זעלט ער מיר ניט צו טייאר זיין אום קיין געלט.
זונדרן איך ביצאל אין וויא זיא זעלבשטן האבן גימעלט:

(זאגן מדיני׳)

דער הער פֿר ציא איין קלייני צייט.
זא וואלן מיר ברענגן זאלכֿי לייט.
דען מיר אין אב גיקויפֿט האבן.
וואן ער אינן וויל צו זעצן פֿיל טרויאן אונ׳ גלאבן.
וועלכֿש זא גישעהן היינט דיזן טאג.
דא מיט ער אין קיינרלייא זאל האבן איין קלאג: |

כב ע״א (זאגט פוטיפֿר)

וואו בישטו זא לאנג גיבליבן.
אונ׳ דייני שעלמירייא אונ׳ פֿאנטאסי גיטריבן.
איך וויל דיר באלד וויזן אלז דוא ⟨זולשט⟩ פֿר מיר רעשפעקט טראגן.
אונ׳ זאלשט מיר גלייך אנטווארט זאגן.
גיא מיר אויז מיינם אן גיזיכֿט בייא צייט.
אודר דיין בוקל פֿאל שלעג איזט דיר אן בירייט:

(זאגט פיקל הערינג)

ניט זא צארני ניט זא צארני מיין אינדיאנשי קאץ.
דאז דיך דאך דער ביקל הערינג צו קראץ.
ש⟨וי⟩א דאך אן דען גרושן געק.
ער האט איין נאס אלז העט ער גיווילט אים דרעק.
האב איך דיך זא טון לאבן אונ׳ פרייסן.
איצונדר ווילשטו מיר דען בוקל אין שמייסן.
פֿראג נור דיא לייט וועלכֿי מיר צו מיינן ווארטן האבן געבן איין קליינן שטיל שטאנד.

1380 ההשלמה לפי בש 1386 במקור ש י ו א התיקון לפי בש

ד⟨ו⟩א ווערשט שונט הערן דיין שימפֿא אונ׳ שאנד.
דאז בעשט איזט אלז קיינר איזט גיוועזן דער בייא.
זונשט ווערשטו קומן אין איין איבלש גשרייא.
דרום פֿר צווערן דיך ניט זא שטארק.
עז איזט ניט גימיינט זא ארג.
דען איך האב שון לונטן גיראכֿן.
אלז דיר איין דינר הט צו גישפּראכֿן.
נון מושטו מיר דאך פֿלאטירן.
אלז איך דען זעלבן מושט העלפֿן ביטריגן אונ׳ אן פֿירן :

(זאגן מדיני׳)

מוזיער היאר האבן מיר דיא זעלביגי לייט.
מיט וועלכֿם מיר האבן פֿר שפּראכֿן צו ערצייגן אונ׳ ערווייזן הייט.
אלז מיר דיזן קנעכֿט האבן ערליכֿר וייז.
אינן אב גיקויפֿט אויף דער רייז.
נון איר הערן עפֿנט אייער מונד.
אונ׳ צייגט דיא ווארהייט אונ׳ גרונד :

(זאגן ישמע⟨א⟩לים)

עז איזט איין מאל ניט אנדרשט אלז דיא ווארהייט.
זיא האבן אין פֿון אונז גיקויפֿט אלז וויא ערליכֿי קויף לייט.
צום ווארצייכֿן האבן מיר דאז געלט וואלן אויף זיא אסיגנירן.
אודר וועקסל אויף זיא רעמיטירן.
וועלכֿש צוואר טאטו נאך ניט איזט גישעהן. |
זונדרן ער מ׳ ט נאך שטעהן. כב ע״ב
דען דיזי הערן זיין אום איין גרוש קוואנטום געלט אויך גיזעסין.
אונ׳ ברויכֿי פֿון אינן קייני רמעסן :

(זאגט פוטיפֿר)

נון וואל אן אין דיזן מאמענט.
בין איך שון גאנץ קונטענט.
אונ׳ אונזר קויף איזט גישלאסן.
דאז געלט זאל אינן דורך מיינן קאסירר ווערדן גישאסן.
פיקל הערינג גיא צו מיינם קאסירר אים קאנטאר.
אונ׳ זאג ער זאל דיזן קויף לייט פֿיר פישטאלן צאלן עז זייא וואר :

(זאגט פיקל הערינג)

הער נון איר יא האבט איין נייאן דינר אויף גיטריבן.

1391 במקור ד א

ביפֿעלט אים אויך אלז ער דאז סעקרעט האלט זויבר ⟨גיריבן⟩.
זא ער בלים בלום בלריום פולפֿר האט איין גינומן.
זאל ער דיא קוראשי ניט האבן דרויף צו קומן.
וואן מיר אים זונשט נאך געהן.
קענט מיר וואל אים דרעק בשטעהן :

(זאגט פוטיפֿר)

איך דאנקי דיא הימל אלז זיא מיר זא ⟨איין⟩ דינר האן צו גישיקט.
אין דעמי ער אין אלי זייני ווערקי ביגליקט.
איך ווערדי אים זיין שערשא ערהיכֿן אונ׳ ערהיבן.
אונ׳ ווערד אים דיא קומאנדי איבר גאנצן מיין הויז געבן.
יוסף גיא ארײן צו מיר.
איך האב וואש צו רידן מיט דיר.
ויילן איך זעהן אלז דוא מיר דינשט טרייא.
אונ׳ ביפֿינד דיך ניט פֿאלש אין קיינרלייא.
דא איבֿר טראגי איך דיר דיא קומאנדי פֿון מיינם גאנצן הויז.
אלז דורך דיין מונד זאל אליש גיאן איין אונ׳ אויז.
איך ביפֿעל דיר ווייטר ניקש נור דיזש אליין.
אלז דוא מיר פֿערנר זאלשט גיטרייא זיין.
וויא ⟨דוא⟩ מיר ביז דאטו האשט גיטאן אונ׳ ביזט גיוועזן.
זא ווערד איך זוכֿן דיר איין העכֿרן דינשט אויז צו לעסן :

(זאגט יוסף)

איך זאגי העכֿשטן דאנק פֿור דעם גונשט.
דען איך בייא דעם הערן האב אום זונשט.
איך ווערט פֿערנר ניט מאנקירן.
אלי דינשט אויף דאז בעשט צו אבסערפֿירן : |

(זאגט זילכה) כג ע״א

איך וויז באלד ניט וואש איך פֿר ליבש אפֿערא זאל אן פֿאנגן.
מיין בלוט אונ׳ פֿלייש איזט מיר פֿאשט ⟨באלד⟩ אל פֿר גאנגן.
דען דיא ליב דיא איך טראג צו מיינם דינר יוסף איזט און מיגליך צו שרייבן.
אונ׳ איך וויז ניט אויף וואש פֿר מאניר איך זיא קאן גיניסן אודר פֿר טרייבן.
איך האבי אים זייני ליבי צו גיניסן זא אפֿט צו גימוט.
אבר ער איזט דער יעניגי דערש ניט טוט.
איך זעהי וואל אלז איך ניט בין דאז זעלביגי מענש אליין.

1421 במקור ק ר ע ב ן התיקון לפי בש
1426 ההשלמה לפי בש
1438 ההשלמה לפי בש
1444 במקור פעמיים א י ך בתחילת הדיבור
1445 במקור ב ל התיקון לפי בש

דאש דורך אים עמפפינד גרושי פלאג אונ׳ פיין.
דען איך האב פֿר עטליכֿן טאגן גיהאלטן אייני גאשטירייא.
אונ׳ האב אונדר שידליכֿי דאמן איין גילאדן דאבייא.
זא באלד אלז זיא דיזן בימעלדן דינר האבן אן גיבליקט.
האבן זיא זיך זיין שאנהייט אונ׳ גלאנץ גאנץ ערקוויקט.
אבר נאך געהנש האבן זיא דיא ליבשאפֿט און מיגליך קענן ענטהאלטן
אונ׳ ווערן אונ׳ האבן זיך גאנץ ענטפלאסט.
איבר דיא גרושי ליב וועלכֿי זיא צו אים האבן גיפֿאסט.
זא האב איך אינן ערצעלט.
אלז מיך זייני ליב דער גלייכֿן ענגשׂט אונ׳ קוועלט.
אונ׳ און מיגליך בייא אים צו גיניסן אודר צו ערלאנגן.
דען איך האב שון אפֿטר מאלש מיט אים אן גיפֿאנגן.
אבר ער שלאגט מירש אב אונ׳ גיבט מיר קיין גיהער.
ווארעבר איך מיין פֿלייש פֿון לייב פֿר צער.
זא הא⟨ב⟩ן זיא מיר איין ⟨ר⟩אהט פֿר גיטראגן.
וועלכֿי ניט וואל אב צו שלאגן.
איך זאל דיא צייט אפסערפֿירן.
אלז איך אין אהיים אין מיין קאבינעטגן פֿירן.
אונ׳ מיך אלדא געגן אים אנגשירן.
פֿילייכֿט טוט ער מיין ביט אדיוסטירן.
נון וויל איך אירם ראהט נאך לעבן.
אליין דיא הימל וואלן געבן.
אלז דיזר ראהט וואל פֿון שטאטן זאל געהן.
דאמיט מיין פֿר האבן אונ׳ ווילן מעכֿט גישעהן:

(רופֿט זילכה)

יוסף מיין גיטרייאר דינר קום ארין צו מיר.
איך וויל דעם הערן איין באטשאפֿט לאזן איבר טראגן דורך דיר:

כג ע״ב (קומט יוסף אניין אונ׳ זאגט)
גינעדיגשטי פֿרוי איר ביפֿעלך וויל איך נאך קומן ביהענד.
זיא וואלן מירש פֿרייא אן צייגן אין דיזן מומענד:

(זאגט זילכה)

ער זאל ווילקומן זיין.
דער ליבשטר דינר יוסף מיין.
איך ביט דוא זאלשט מיר מיין ביט גיווערן.

1464 במקור האאן... נאהט התיקון לפי ש

וועלכֿי איך שון אפֿטר מאל האב טון פֿון דיר ביגערן.
אין דעמי איך דיך ליב אין אלן שטיקן.
ווערף אויף מיר דייני ליבש בליקן.
אונ׳ זייא ניט זא טוראניש אונ׳ און ערבערמליך געגן מיר.
זעה וואש פֿר שוואכֿהייטן איך האבי איבר דיר.
דאן איך טראג צו דיר זאלכֿי אינקלינאציאן.
דרום ביט דוא וואלשט מיין ווילן טאן:

(זאגט יוסף)
אין אלים בין איך דער פֿרויא דינשט פֿר אבלישירט.
אליין אין דיזם לאזן זיא מיך און גימאלישטירט.
זא זיא זאלכֿש פֿירט אין אירן זין.
גיבט יא מער דער גלייכֿן אלז איך בין.
וויא זאל איך מיך אונטרשטין.
איבר גאנץ מיינם הערנש גיבאט צו געהן.
דען מיין הער האט מיר זיין גאנצש הויז אונטר קומאנדי גישטעלט.
אבר דיא גנעדיגי פֿר⟨ויא⟩ אויז גינומן גימעלט.
צו דעם ווערש איר איין גרושי אפֿרונט.
היא מיט אדיע זיא בלייבן גיזונד:

(זאגט זילכה⟨!⟩)
אה איר הימל וואש זאל איך נון אן פֿאנגן.
איך קאן און מיגליך בייא אים וואש ערלאנגן.
מיין גיטרייאר פיקל הערינג הער מיך אן.
אונ׳ גיב מיר איינן ראהט וויא איכֿש פֿול פֿירן קאן.
דען עז איז קיין אנדר מיטל איך מוז שטערבן.
ווען איך זייני ליב ניט קאן גיניסן אונ׳ ערווערבן.
איך וויל דיר געלט אונ׳ גוט גינוג שענקן.
אונ׳ דירש מיין לעבי טאג גידענקן:

(זאגט פיקל הערינג)
איך וויל איר אן קינדן.
דען בעשטן ראהט אלז איך קאן פֿינדן.
זיא מוז אים אן פֿאנגן מיט גיוואלט.
כד ע״א אונ׳ צו אים זאגן | פֿאלגשטו מיר ⟨ניט⟩ באלד.
זא וויל איך דיך מיט דיא גרעשטי שטראף.
פֿר טרייבן פֿון מיינם הויז אונ׳ האף.

1495 במקור פֿראוי 1509 ההשלמה לפי בש

דיזש זאל נאך ניט גינוגן זיין.
זונדרן וויל דיך לאזן אום ברענגן דורך גרושי פּיין.
פֿילייכֿט ווערט ער זיין הארטנעקיקייט פֿר קערן.
ווען ער זאלכֿי ווארט ווערט הערן:

(זאגט פּוטיפֿר)

דיא הימל האבן אונז דיא גנאד צוגילאסן.
אלז אונזר באך נילוס איזט איבר גאסן.
ווֹאריבר מיר האבן איין גרושן פֿרייד.
זא וויל איך מיך זאמט מייני לייט.
אויך דא הין ערהיבן.
דען דר קיניג זאמפּט דר גנצן האף שטא⟨ט⟩ הבן זיך אויך דראן בגעבן.
מייני גימאלין זילכה ⟨!⟩ איבר איר אומפעסליקייט.
קאן זיא ניט בייא וואהנן דיזי פֿרייד.
איך וויז ניט וואש איך מיט איר זאל אן פֿאנגן.
דאז פֿלייש איזט איר פֿום לייב גאנץ פֿר גאנגן.
קיין מעדיקוס דער זיך אויף אירי קראנקהייט פֿר שטעט.
ווראיבר מיר אל מיין לושט פֿר געהט.
זאלט איך ווישן אלז דער קיניג ניט ליז נאך מיר הערן.
זא וואלטי איך אויז דעם שאגרין ניט הין קערן:

(זאגט זליכה)

איצונד קאן איך פֿול ברענגן מיינן ווילן.
דען דער באך נילוס האט זיך טאן פֿילן.
זא איזט מיין שאץ זאמפּט זייני לייט.
גאנגן בייא צו וואונן דיזי בעשטי פֿרייד.
אבר איך האב מיך אום פעסליך גימאכֿט.
דען איך האב מיך בידאכֿט.
עז קאן זיך קיין מאל פֿיגליכֿר אונ׳ בעשר שיקן.
אלז יעצונד וואן עז וויל ביגליקן.
וויילן זיך קיינר צו הויז ביפֿינד.
זוא קאן איך זוכֿן וויא איך אים ביוועג אונ׳ איבר ווינד.
איך וויל מיך אל גימאך אן קליידן אונ׳ צירן.
פֿילייכֿט קאן איך אין דורך מיין שאנהייט פֿר פֿירן.
ער ווערט באלד צו הויז אן לאנגן.
דען ער איזט נור איין וויניג אויז גאנגן:

1521 במקור ש ט א ב התיקון לפי בש

(זאגט זליכה)

יוסף ווארום טרעשטו צו רוק.
דיין נארישי פאסן האב איך שון גיזעהן גינוג.
טרעט הער צו מיר.
כד ע״ב איך | האב וואש צו רידן מיט דיר.
מיין שאץ דער דא וואהנט אין מיינם הערצן.
טוא דאך אב מייני שמערצן.
שויא מיך אן בין דאך ניט זא מיסראבל.
אויך נאך זא קאפאבל.
אלז דוא אייני פֿינדשט אונטר היזיגי דאמן אלן.
דרום צייגי מיר דיזן גיפֿאלן.
זא דוא דיך ניט גוט וויליג ווילשט דריין ביגעבן.
זא לאז איך דיך ברענגן אום אומש לעבן:

(אנטווארט יוסף)

אנטלאס זיא פֿון מיר מיט זאלכֿיווארט.
אודר איך געהי ליבר פֿון דעם הערן פֿורט.
ז⟨י⟩א מעלט זיא וויל מיך לאזן ברענגן אומש לעבן.
דאש ווערט איר דיא הימל ניט צו געבן.
וויילן עז ניט רעכֿט מעסיגר ווייז גישיכֿט.
דרום פֿערכֿטי מיך פֿר דיזם ניכֿט:

(זאגט זליכה)

איך זעהי וואל אלז דוא און מיגליך בישט צו ברענגן אין איין אנדרן שטאנד.
צו דעם מוז איך ביזארגן דוא מאכֿשט דען הערן ביקאנט.
דרום אויך זאלשטו שטערבן דורך דיזם שווערט.
דא בין איך פֿר זיכֿרט אלז קיינר הערט:

(זאגט פיקל הערינג)

גנעדיגשטי פֿרויא וואש מאג דאך זיין פאסירט.
ווארא‍יבר ⟨איר⟩ זא זייט ערצערנט אונ׳ שאגרינירט:

(זאגט זילכה⟨!⟩)

מיין גיטרייאשטר פיקל הערינג איך וייז קיין ראהט אן צו פֿאנגן.
איבר דיזי מאטערי׳ וועלכֿי היר איזט פֿאר גיגאנגן.
יוסף איזט אלהיר גיוועזן.
זא האב איך גימיינט צו פֿול ברענגן מיין פֿר האבנדש וועזן.

1558 ההשלמה לפי ש 1567 ההשלמה לפי ש

אבר ער האט מיך ביגעגנט מיט זאלכי שאנד.
אונ׳ גישפראכן ער ווילש זיין הערן מאכן ביקאנט.
וויא איך זאלכש האב גיהערט.
זא האב איך אין וואלן אום ברענגן מיט דיזים שווערט.
אבר ער האט לײדר דיא פלוכט גינומן.
נון ביזארגי עז מעכטי אן טאג קומן.
כה ע״א זייני קלײדר האט ער מיר גילאזן | אין דער האנד.
אונ׳ זיך סלפירט פאר טייל האפטיג מיט פר שטאנד:

(זאגט פיקל הערינג)

גנעדיגשטי פרויא זיא ברויכט זיך דערינט וועגן ניט צו בקימרן.
איך טוא מיך אן אײערן גוטן ראהט ער אינרן.
מיר וואלן דעם הערן דיא זאך אן קלאגן.
אויף דיזי מאניר פאר טראגן.
יוסף ווער זא טוראנש אונ׳ ער אײפרט קומן צו שפרינגן.
אונ׳ אייך מיט גיוואלט וואלן ביצווינגן.
אין דעם ער האט קיינר אים הויז גישפירט.
דאש האט אים צו דיזר איבל טאט פר פירט.
אונ׳ אן גיפאנגן זייני קלײדר אויז צו ציאן.
אלז דען העט זיא נאך הילף גישריאן.
וואורויף ער גלייך ווער אנטשפרונגן נאקינדר הייט.
אונ׳ היר אים שטיך גילאזן זיין קלײד:

(זא פראגט פוטיפר)

מיין פרויא ווארן האט זיא זאלכן אײפר אונ׳ צארן גיפאסט.
אלז זיא אויז זיכט גאנץ ענטפלאסט.
אונ׳ טוט מיט מיינם פיקל הערינג זא ערנשטהאפטיג דרויז דישקורירן.
איך ביט זיא וואל מירש צייגן אונ׳ אופירן:

(זאגט זילכה⟨!⟩)

זאל איך ניט זיין צארניג אונ׳ שאגרינירט.
איבר דעם פרעפיל וועלכר מיר איזט פאסירט.
אײער דינר וועלכן איר האבט ערשט טון דינגן.
האט מיך מיט גיוואלט וואלן ביצווינגן.
אבר זא באלד אלז ער האט אן גיפאנגן זיין קלײד אויז צו ציאן.
האב איך מיך טון במיאן.
אויף הילף צו רופן מיט גיוואלט.
ער זיך האט זאלפירט גאר באלד.
אונ׳ זיין קלײד גילאזן אים שטיך.

דיזש איזט דיא אורזאך אלז דא האט ערצערנט מיך :

(זאגט פוטיפר)

פיקל הערינג טוא דען בעשטיא גלייך צו מיר פירן.

דא מיט איך אים קאן עקסאמנירן :

(זאגט פיקל הערינג)

הער איר מוזט אים דיא ווארהייט ניט אל גלאבן.

דען ער טוט ניט גאר און רעכֿט האבן.

כה ע״ב איר מוזט אים | ניט פֿיל עקסאמינירן.

זונדרן אהני אן גיהערט אים לאזן ארעסטירן :

(יוסף שפאציר היר איין)

⟨זאגט פוטיפר⟩

דוא ניכֿטש ווערדיגר גאלגן פֿאגיל האב איך גימיינט דוא ווערשט מיר זא גיטרייא.

זא פֿירשט דוא זאלכֿי שעלמירייא.

אונ׳ ביזט ווילנש מיין גימאהל צו בישלאפֿן.

עז ווער ביליך איך זאלטי דיך אם לעבן שטראפֿן.

אליין איך וויל דיר איין שארפֿיר אונ׳ שווערער אורטיל אויז שפרעכֿן.

מן זאלטי דיך אין דעם טיפֿשטן גיפֿענקניס שטעכֿן.

וואו קיין זון אודר מאנד שיין.

זאל מיגליך צו זעהן זיין.

אלדא זאלשטו דיין לעבטאג מוזן זיצן בלייבן.

וייל דוא זאלכֿי ניקש ווערדיגי הענדל האשט וואלן טרייבן :

(זאגט יוסף)

גנעדיגר הער איך ביט אום גנאד.

זא וויל איך דיא ווארהייט ערווייזן אין דר טאט.

דען עז איזט אלש אום גיוועגד.

אלז ער אויז זיינר גימאהלין ווארט ערקענט :

(זאגט פוטיפר)

איך מאג ניט הערין דייני שעלמשי ווארט.

פיקל הערינג פֿיר אין פֿארט.

אונ׳ שמייס אין זעלבשט דארטן הי⟨ניי⟩ן.

וואו אלי לעבנש פֿר שולט גיפֿאנגן זיין.

אל דא זאל ער פֿר ברענגן זיין צייט.

ביז אויף ווייטר בישייד :

1628 ההשלמה לפי בש

(זאגט פרעה)

איר ווייסי אונ׳ וואהר זאגר זייט בידאכֿט.
אויף איינם טרוים וועלכֿן איך האב גיהאט איבר נאכֿט.
אונ׳ זעכֿט אלז איר מיך רעכֿט בישייד.
וואש ער צום גרונט בדייט.
וועלכֿש איינר האלב אכֿט טאג זאל גישעהן.
זונשט האבט איר אייך פֿאר צו זעהן.
מיין סיקרעטאריוש היר וויל איך דיר איין דינשט איבר טראגן.
זא זאלשטו לאזן אויז רופֿן אלי מייני מטראליקוס צו ערשלאגן.
דען זיא קענן מיר מיין טרוים ניט | רעכֿט בישיידן. כו ע״א
דרום זאלן זיא דיזש אורטיל ליידן:

(זאגט דער מונד שענק)

גראשמיטיגר קיניג אים האבי אונטר טעניג אום פערמיסיאן צו ביטן.
מיין שלעכֿטין פֿארטראג אן צו הערין וועלכֿן איך ווער אויז שיטן.
איך וויל מיינר פֿאריגן און גינאד גידענקן.
ווארמיט ⟨מ⟩יך אירי מייסטעט האבן טון בישענקן.
וויא זיא מיך נעמליך אלז מונד שענק אונ׳ אירן האף בעקר האבן פֿון אירן עמטר קאסירט.
זא זיינן מיר אינש גיפֿענגניס ווארדן גיפֿירט.
זא האבן מיר איין קנעכֿט אויך גיפֿונדן גפֿאנגן.
וועלכר קיגן זיינם הערן דער קוכֿן מיינשטר האט עטוואש פעקסירט אונ׳ ביגאנגן.
אין מיטלשט האבן מיר איינן טרוים גיהאבט אלי בייד.
אונ׳ איינר דען אנדרן זיין בשייד.
אליין איבר נאכֿט האבן מיר דיא בידייטונג אונ׳ אויז לעגונג פֿר געסן.
וואוריבר מיר דעש מארגנש גאר טרויריג זיינן גיזעסן.
וויא אונז נון דער קנעכֿט זא בישטערצט גיזעהן.
האט ער טון צו אונז גינעהן.
אונ׳ אונז גיפֿראגט אונ׳ עקסאמנירט.
וואש אורזאך מיר ווערן זא שאגרינירט.
זא האבן מיר אים טון אן דייטן.
וואש אונזר טרויריקייט טוט בידייטן.
נעמליך מיר העטן זאלכֿן שוועהרן טרוים גיהאט איבר נאכֿט.
וואורצו מיר אייך ניטיג העטן וועלכֿר זיא וואל אויז ליגט אונ׳ ביטראכֿט.
אונ׳ זא באלד מיר אים דיא טרוים האבן פֿר גישטעלט.
האט ער אונז דיא ווארהאפֿטיגי אויז לעגונג דא פֿון גימעלט.

1639 אשטראליקוס בש Astrologus בתעתיק של ש
1645 במקור איך התיקון לפי ש

אונ׳ עז איזט זייני ריד אויך נאך גאנגן.
אלז דער האף בעקר איזט ווארדן גיהאנגן.
אונ׳ איך בין ווידרום צו מיינם שטעל אונ׳ אמט גיקומן.
וויא מיר אויז זיינם מונד האבן פֿר נומן.
זא נון אירי מייסטעט דיזן בישיידר אודר אויז לעגר פֿר לאנגן.
זא שיקן זיא אינש גיפֿענקנוס וואו ער איזט גיפֿאנגן.
דער ווערט אים קיינרלייא פֿר שוויגן.
זונדרן אליש גרינטליך אן צייגן.
דא דורך קענן זיא איר ווייסן אונ׳ שטראליקוס שענקן איר לעבן.
דען דיא הימיל ווערדן זיא גיווישי בשיידונג דורך דיזם קנעכֿט געבן :

(זאגט פרעה)
דייני ווארט האבן מיר גיהערט.
עז זאל דיר זיין גיוועהרט. |
זא עז איזט קיין שפארגימענט. כו ע״ב
זא לאז אים קומן ביהענד.
אונ׳ לאז אים דיא ערקלערינג אויז ליגן מיר.
וויא ער האט גיטאן צו דיר :

(זאגט פיקל הערינג)
איך הב מיין לעבטאג הערן זאגן.
אלז דיא בעשטי שוסטר דיא עריגשטי שוא טראגן.
זא געהטש מיר עבן פֿאלס.
מיט מייני שטערן זעהירייא וועלכֿי איך הב ערלערנט אלש.
איינם אנדרן זיין טרוים קאן איך וואל בשיידן.
אונ׳ צו מיינם אייגנן טרוים ווילש מייני קונשט ניט ליידן.
דען עז האט מיר גיטרוימט דיזי נאכֿט איין זאך.
ווען איך דראן גידענק טוא איך ניקש אנדרש אלש איך לאך.
נעמליך איך ווער אויף דעם הימל שפאצירט.
אונ׳ מיך אלזו איין צייטלנג לושטירט.
וויא איך נאך געהנש הב אראב גיוואלט זא בין איך ארום גילאפֿן.
אונ׳ הב קייני לאטר אן גיטראפֿן.
זא הב איך דורך מייני קרעשט פֿר שטענדיקייט פראשפירירט.
אונ׳ הב איין זייל אויז מייני אוהרין דישטילירט.
אונ׳ פֿילייכֿט דורך דיזם זייל הינאב צו קומן.
אבר דער ווינד האט מיר דיזש זייל באלד הין וועג גינומן.
דא דאכֿט איך דיזש קומט דא הער.

1672 אשטראליקוס בש Astrologus בתעתיק של ש

ווייל עז זא לייכֿט ווער.
נון מעכֿט איך איין אויז לעגר צו דעם טרוים האבן.
זא וואלט אים דען גאנצן טרוים ערלאבן:

(זאגט פרעה)

ביזט דוא דיזר מאן.
דער אלי טרוים מיט דער ווארהייט אויז לעגן קאן.
זא גינעה אהער צו מיר.
וויל איך מיין טרוים זאגן דיר.
אליין נעם דיך אין אכֿט.
אנטווארט ביהוטזאם אונ׳ בידאכֿט:

(זאגט יוסף)

אליר דורך לייכֿטיגשטר קיניג אונ׳ רעגענד.
זיין קיניגרייך זאל האבן קיין ענד.
איך טוא מיך דא פֿר ניט ארויז שטעלן.
אלז איך זאלט קענן בשיידן וואש איין יעדר זאלט וועלן. |
כז ע״א זונדרן וואש מיך דיא הימל לאזן גיניסן.
דא מיט איך דען מענשן טוא ביגריסן.
זא איך אבר אירן טרוים זאלט ניט קענן בישיידן אויז דעם גרונד.
זא וויל איך בשליסן מיין מונד:

(זאגט פרעה)

מיינן טרוים וויל איך דיר מאכֿן ביקאנד.
אליין דוא זאלשט אין אנטווארטן מיט פֿר שטאנד.
מן האט מיר אים שלאפֿן לאזן זעהן.
זיבן קיא אין דען וויאר גין וועלכֿי זיין אן צו זעהן.
פּעט פֿון גישטאלט.
אבר נאך דיזי גאר באלד.
זיינן זיבן מאגרין נאך גישפרונגן.
וועלכֿי דיא פּעטי האבן איין גשלונגן.
אונ׳ מיט זיבן עהרן קארין אויף דיזי ראגארט.
וויא איך האב גימעלט מיין ווארט.
נון האב איך דיר מיינן טרוים פֿאלענד.
דרום זוך אין צו בישיידן אויז דעם פֿונדאמענט.
אבר מאך עז ניט וויא מייני שטראליקוס האבן גימאכֿט.
זונשט קומשט דוא אויך אין פֿר דאכֿט:

1726 אשטראליקוס בש Astrologus בתעתיק של ש

(זאגט פיקל הערינג)
איר מייסטעט איך האבי אין אכֿט גינומן.
דען טרוים וועלכֿר אין איזט אין שלאף פֿאר גיקומן.
וואורויז איך קאן ערקלערי.
אלז ער אויף דיזר מאניר אויז גיליגט קאן ווערי.
זיבן קיא זיינן קיין זיבן אוקסן אויך קיין זיבן פפֿערט.
דש הבט איר אויזטריקליך גיהערט.
אונ׳ אלז זיא זיינן גיוועזן פֿעט אונ׳ פֿייסט.
דאש זעלביגי אויף איין אנדר בידייטונג ווייסט.
נעמליך פֿעט פֿלייש איזט גוט אין דער קיך.
עסן זיא עז ניט זא איז עז גוט פֿאר מיך.
אונ׳ אלז מאגרי און גישלאכֿט זיין נאך גישפרונגן.
וועלכֿי במעלטי פֿעטי האבן איין גישלונגן.
איזט דיא אויז לעגונג אויך אויף דיזר מאניר.
וויא זיא האבן גיהערט פֿון מיר.
נעמליך איר מייסטעט טוא זיך פֿר פֿעט אונ׳ פֿייסט נענן.
אונ׳ מיך טוא איך געגן זיא פֿר מאגר ערקענן.
אונ׳ זיא ווערדי דיא גוטי פֿעטי בראטן ניט וואלן עסין.
זא ווערט מן זיא מיר איבר רייכֿן צו עסן.
אונ׳ מיט דעם קארין קומט אויך אויף דיזי ארט.
זא וואהר אלז איך האב איין ראטן בארט :

(זאגט יוסף)
אירי מייסטעט פֿארש ערשט טוא איך אים זאגן.
כז ע״ב אלז | אירי במעלטי טרוים נייארט איני בידייטונג ביטראגן.
דען צו וואש זיך דיא הימל ביפֿלייסן.
טונן זיא צווייא פֿאכֿינט אונ׳ טאפל ווייסן.
דיא זיבן קיא אונ׳ עהרן וועלכֿי אן זעהנטליך פֿון גשטאלט.
דיא בידייטן אלז גוטי יאר ווערן קומן באלד.
וועלכֿי זיבן גאנצי יאר ווערן האבן בישטאנד.
אלז אלי וואקסונג דער ערד ווערט איבר פֿליסיג וואקסן אין אירם לאנד.
אבר נאך געהנש ווערדן קומן ערפֿאר.
זיבן מיסראבלי גיוואלטיגי הונגריגי יאר.
וועלכֿי דיא זאטי יאהר ווערדן איין שלינדן.
אלז פֿון קיינרלייא לעבנש מיטיל ניקש מער ווערט זיין צו פֿינדן.
נון וויל איך איר מייסטעט איין ראהט פֿאר טראגן.
זא זעלביגר נאך פֿאלגן ווערט האבן זיא אונ׳ אירי אונטר טאנן ניקש צו קלאגן.

זיא זאלן איינן דיפוטירטן שטעלן.
וועלכֿר דיזי קומאנדי איבר טראגן וועלן.
אונ׳ לאזן דורך עפֿינטליכֿן טרומיל שלאג פופליצירן.
אלז פֿון דיזש קיינר קיין פֿרוכֿט זאל אויז זיינם לאנד פֿירן.
זונדרן אין איין שאץ קאמיר זאל ווערדן איין גיבראכֿט.
אונ׳ זאל וואל ווערדן גינומן אין אובאכֿט.
דא מיט ווען דיא שלעכֿטי הונגריגי יאר קומן ערבייא.
אלז זיין גאנץ לאנד קאן לעבן פֿרייא.
אונ׳ היא מיט גיב איך אייך איין ווארצייכֿן.
אלז וויא בטיטלט ווערט עריכֿן.
דייני גימאהלין ווערט היינט ברינגן איין פרינץ צור וועלט.
וואור דורך איר האף אין פֿריידן ווערט גישטעלט.
אבר דיזי פֿרייד ווערט ניט לאנג בישטענדיג בלייבן.
זונדרן דיא טרויריקייט ווערט זיא באלד פֿר טרייבן.
דען זא באלד אלז דיזר פרינץ ווערט אויף דיא וועלט קומן.
זא ווערט דיין ערב פרינץ מיט דעם טאט ווערדן הין וועג גינומן.
נון נעמט דיזי ווארט אין אבאכֿט.
דען זיא ווערדן נאך היינט דיזן טאג פֿול בראכֿט :

(זאגט פרעה)

איך האבי ליידר פֿר נומן.
אלז דייני וואר זאגונג איזט נאך גיקומן.
נעמליך וויא מייני גימאלין מיט איינם פרינץ איזט נידר גיקומן
אין זעלבן מומענד.
האט זיך מיין עריב פרינץ נאך דער עביגי וועלט גיווענד.
זא האבי מיינם מאגיסטראט אן גידייט.
דייני ווארט אונ׳ בישייד.
זא זיינן דייני ריד אום זא ווייט גאנגן.
אלז זיא מיט דיזי ווארט האבן אן גיפֿאנגן.
כח ע״א זא שויא קאנשטו | דיא זיבנציג שפראך דר וועלט.
זא ווערט עז מיר אהיים גשטעלט.
דיך דיין אויז לעגונג זעלבשט צו לאזן גיניסן.
אונ׳ דיר דיא קומאנדי לאזן איבר טראגן אלי פֿריכֿטי צו בישליסן.
אן בייא איבר רייכֿי דיר מיין פאטשיר פֿון מיינר האנד.
דא מיט קונד צו מאכֿן אלז דוא זאלשט ריגירן אין מיין גאנצן לאנד.
אונ׳ ניט אליין מיין לאנד זאנדרן אויך האף.
דיזש ביפֿעל איך אן בייא לייב אונ׳ לעבן שטראף.

אונ׳ גלייך איר בידינטי פֿירט אין דורך אלי גאסן אויף מיינם רייט וואגן.
אונ׳ טוט מיט דיזי ווארט אויז רופֿן אונ׳ זאגן.
דיזן הערן העטי איך פֿר איין פֿיצע אונ׳ מארשאל גראטולירט.
אונ׳ מיין גאנץ קיניגרייך זאל דורך זיין מונד ווערדן גיפֿירט.
אונ׳ וועלכֿר אויף דיזם ביפֿעל ניקש ווערט געבן.
דען זעלבן ווערט מן שטראפֿן אן לייב אונ׳ לעבן.
אליין דוא מוזט אין זיבנציג שפראך זיין אין פֿרמירט.
וויא איך אן דיר האב פרעזינדירט:

(זאגט יוסף)

אלי זיבנציג שפראך זיין מיר וואל ביקאנד.
דען איך האב זיא ערלערנט דורך מיינם קלוגן פֿר שטאנד.
נון פֿאל איך צור ערד אונ׳ קיסי איר פֿיסן.
אלז זיא מיך אירי גנאדן לאזן גיניסן.
איך ווערדי פֿערנר זיין איר גיטרייאר קנעכֿט.
נוך גבירליכֿר רעכֿט:

(זינגן אלי אום שטעהנדי בידינטן)

דער קיניג זאל עביג לעבן.
וויא אויך זיין נייאר ער ווערט פֿיצע אונ׳ מארשאל דער נעבן.
ער לעבי דער קיניג יוסף אין פֿריידן.
דיזש קיניגליכֿש קלייד ביליב ער אן צו קליידן.
דען איר מייסטעט האבן בירייט.
ער לעבי דר קיניג יוסף אין עביגקייט:

(זאגט יוסף)

וויילֿן דיא הימל דיזי שארשי האבן איבר טראגן מיר.
זא מוז איך זוכֿן אלז איך זיא מאנטיניר.
דרום אויך דינר גיאט אונ׳ מאכֿט ביקאנד.
ניט אליין דער שטאט זונדרן דעם גאנצן לאנד.
אלז זיך איין יעדרר איין רישטן אונ׳ פֿר זעהן.
פֿר דיא הונגריגי יאר וועלכֿי ווערדן אן הערא גינעהן.
אונ׳ זאלן זיך אין דיא גוטי יאר.
מיט אלי נאטוועגדיגי מונד פראפֿיסיאן זעהן פֿאר.
דען דער הונגר ווערט זא און בישרייבליך פֿאלן.
אלז איין מענשן ווערט גידענקן אונטר אלן: |

כח ע״ב

(אויז רופֿט)

אויז ביפֿעלן אירי קיניגליכֿי מאיעשטעט ווערט אלי הערן קונט גימאכֿט.
אלז זיא אירי פֿריכֿטי זאלן נעמן אין אבאכֿט.

אונ׳ זיא גאר וואל פֿר ווארן אונ׳ אויף העבן.
דא מיט איר אים הונגר קענט ערעטן אייער לעבן.
דש עז ווערט זיבן יאר זאלכֿר הונגר זיין אין דער וועלט.
וועלכֿי ניט קאן ערשריבן ווערדן אונ׳ גימעלט.
זא האבן אונז דיא הימל מיט זאלכֿם פֿיצע בישענקט.
דער אונזרי וואל פֿארט אונ׳ ערעטונג בידענקט.
אורזאך דיזש לאזט ערש פופליצירן.
אלז זיך יעדר זאל ווישן היר נאך צו רעגילירן.
אונ׳ זאל זיין מיגליכֿשטש טאן.
זיך צו פֿר זעהן מיט מונד פראפֿיסיאן:

(זאגן מצרים)
דורך לייכטיגשטר קיניג אונ׳ הער.
זיין קיניגרייך זאל גיווערן אימר אונ׳ מער.
פֿר דען קיניג פרעין ⟨!⟩ זיין מיר גיטרעטן.
אונ׳ אין אום פֿרוכֿט אודר קארן גיבעטן.
דען דיא פֿרוכֿט וועלכֿי מיר אין אונזרן שאץ האבן אן גימעסן.
האבן דיא היישרעקן פֿר דארבן אונ׳ אויף גיגעסן.
זא האט ער אונז צו אירי מאיעשטעט גיהייסן געהן.
זיא ווערדן אונז שון מיט אלם פֿר זעהן.
נון ביטן מיר אונטרטעניגשט זיא ביליבי אונז איר גנאד צו לאזן שפירן.
אונז מיט פֿרוכֿט איין פראפֿיאנדירן:

(זאגט יוסף)
אלהיר טון איך אייך איבר רייכֿן.
איין גיוויש ווארט צייכֿן.
מיט דיזם גיט צו מייני דיפוטירטי לייט אן דיא שאץ קאמר הין ניין.
זיא ווערדן אייך ביליבליך פֿרוכֿט מעסן איין:
(זאגט יוסף)
עז שיינט אלז אויז פֿרעמדי לענדר קומן ערשרעקליך פֿיל.
אהני מאס אונ׳ ציל.
עז שטעט צו ביזארגן אונזר לאנד.
דא דורך מעכֿט קומן אין שאנד.
דען עז קומן אלרלייא לייט צו לויפֿן.
וועלכֿי פֿילייכֿט דאז קארן אונטר וועגן פֿר קויפֿן.
דרום אוך באסי גיא טוא קונט אונ׳ רוף אויז.
אלז קיינר זאל קומן זונדרן דער הער זעלבשטן אודר דער זון אויז דעם הויז.
אן בייא ביפֿעל אן אלי טארן דער וואכֿט.

אלז זיא איין יעדרן זאלן אויף שרייבן אונ׳ נעמן איין אכֿט.
דער דא קומט איין דער שטאט אונ׳ פֿרוכֿט האלן טוט.
ער מאג זיין טירק הייד אודר יוד : |

כט ע״א (זאגט פיקל הערינג)

איר מאיעשטעט אי⟨ך⟩ האב איין קלאג.
זא וואונדר בארליך האבן זיא ניט גיזעהן אודר גיהערט איר לעב טאג.
איך האב איין זאק גיהאט וועלכֿר איין אכֿטל גיהאלטן.
דען זעלביגן האבי איך אין דער מיט פֿון אננדר גישפאלטן.
דען זעלבן האבי איך אויף דיא שאץ קאמר גיבראכֿט.
אונ׳ אין מיינם פֿר שטענדיגן זין גידאכֿט.
איך קאן מיר אין בימעלדן צווייא זעק פֿיר אכֿטל לאזן מעסן.
זא האב איך גינוג איין פֿערטל פֿון איין פֿערטל שטונד צו עסן.
זא האבן זייני טיפוטירטן זאלכֿי מאס.
און איבר ווינדליך גרוש.
דען בידי זעק זיינן פֿון איינים אכֿטל זא פֿאל גיווארדן אלז איך
זיא ניט האב קענן צו בינדן.
אויף זאלכֿם זאלן זיא זיין בדאכֿט איין מיטל צו פֿינדן.
נאך געהנדש האב איך דיא זעק הרום טאן קערן.
אונ׳ פֿר לאנגט זיא זאלן מיר איין צו גאב ⟨שערן⟩.
וויא עז אויך איזט גישעהן.
אבר וויא איך הירנאך האב וועלן פֿארט גין.
זא איזט ניקש אלז דיא צו גאב בליבן אין דיא זעק.
אונ׳ דאז אנדרי קארן איזט גילעגן אין דרעק.
זא האבן זיא דיא גרושי מאש גימאכֿט צו קליין.
אלז איך מיר פֿאסט איין בילד זיא מוזן העקסן מיישטר זיין.
דרום ביט איך מאיעשטעט. זיא זאלן מיר ווידרום צו מיין קארן העלפֿן
אונ׳ מיר געבן איין גוטן בישייד.
זונשט קום איך בייא מיינר פֿרויא אין גרוש הערצן לייד.
דען זיא זאגט איך העט דאז געלד ⟨א⟩ים ווערץ הויז פֿר זאפֿן.
אודר ווער אום דעם געלט צור הור גילאפֿן.
אונ׳ ווערט מיך שטוסן פֿר דער טיר.
דיזש פֿפֿלעגט צו זיין איר מאניר :

(זאגט דער פאשי)

אין אירם ביפֿעל בין איך גיהורזאם גיוועזן אונ׳ גירופֿן אויז.

1864 במקור א י ההשלמה לפי ש
1877 במקור ג ע ב ן התיקון לפי ש
1886 במקור מ י ם

אלז מן קיינם קנעכֿט זאל שיקן נאך קארן הינויז.
זונדרן דער זון אודר דר הער אונ׳ פרינציפאל.
מוזן זעלבשטן קומן אלי מאל :

(זאגט יעקב)

איך האף דיא הימל האבן אונז בראט בישערט.
דען איך האבי גיהערט.
אלז זיא זיך אין אייגיפטן פֿלאטירן.
זיא ווערן קאפאבל דיא גאנצי וועלט צו פראפֿיאנטירן.
כט ע״ב זא איזט מייני מיינונג | אלז איר אייך דאהין זאלט קערן.
דא מיט אונז זאמפט אייערי קלייני קינדר צו ערנערן.
אליין דיזש זאלט איר מיר פֿר שפרעכֿן צו פֿאר.
אלז איר ניט וואלט הין איין גיאן דורך איינים טאר.
דען עז מעכֿט אייך ביהיט גאט איין פרעיודיץ אודר שאדן דרויף שטעהן.
ווילן איר זייט אן זעהנדליכֿן פארזאן אן צו זעהן :

(זאגט נפתלי)

ווערטשטי ברידר נון אונז דאז גליק אין אייגיפט טוט פֿירן.
זא וואלן מיר אונזר ברודר יוסף נאך שפֿירן.
דען דיזש איזט גרוש אלז ער אין אייגיבטא איזט גיקומן.
מיט דיא זעלביגי קויף לייט דיא אין פֿון אונז האבן גינומן.
זא מיר אין צו ליזן קענן ביקומן פֿון זיין הערן.
וואלן מירש טאן גאנץ גערן.
וואן אים אבר זיין הער דורך גוט ראנציאן ניט וויל הירויז געבן.
זא מירש זוכֿן צו וואגן אונזר לעבן.
דא מיט מיר אייני בי⟨ס⟩ האבן אויף אונזרי זינד.
וועלכֿי מיר האבן ביגאנגן מיט אונזרם פֿאטר זיין ליבש קינד :

(זאגט אשר)

זא מיר אונזרן ברודר וואלן אדריבירן.
מוזן מיר אויף דעם הורן מארק שפאצירן.
דען אוני צווייפֿל האבן זיא אין זויבר אן גיקלייד אונ׳ גיצירט.
אונ׳ אים צו הורן הויז אמבליגירט.
דען ער איזט גאר אדליש פֿון גישטאלט.
גיט פֿורט מיר וואלן אין זוכֿן באלט :

(זאגט יוסף)

פֿר דרייא טאג האב איך גישפירט דיא לישט.
וואר אין איך מייני צעהן ברידר הב ערווישט.

1912 ב י ט בכל המהדורות

וואור אויף איך גלייך הב גיאיילט.
אונ׳ אן אלן שאץ קאמרן אורדרי ערטיילט.
אלז מן אלש זאל בישליסן.
אונ׳ נור אייני צו גיניסן.
אונ׳ האב פֿר מיינט מייני ברידר ווערדי איך בייא אננדר פֿינדן.
אבר דער שאץ מיישטר האט מיר לאזן אן קינדן.
דיא פארזאנן וועלכֿי איך העט אויף גיצייכֿנט העט ער נאך ניט גישפירט.
וועלכֿי ניט וועניג שאגרינירט.
דרום אויך איר בידינטן צר טיילט אייך איין יעדרר אויף איין אנדרי זייט.
אונ׳ זוכֿט אוב איר ניט קענט פֿינדן דען נאמינש האפֿטיגי לייט.
אונ׳ דא איר זיא זאלט אטראפירן.
זאלט איר גלייך זיא צו מיר פֿירן : |

ל ע״א (זאגן בידינטן)
מיר זיינן לאנג היראום גילאפֿן.
ביז מיר זיא אלי צעהן אויף דען הורן מארק האבן אן גיטראפֿן.
זא האבן מיר זיא פֿר ארישטירט.
אונ׳ מיט אונז אן הערא גיפֿירט.
נון קענן זיא זעלבשטן עקסאמינירן.
וואש זיא אויף דען הורן מרק האבן גיטאן אלז שפעקולירן :

(זאגט יוסף)
הערט איר לוזן פֿעגל וואו קומט איר הער.
אודר וואז איזט אייער ביגער.
צייגט מירש באלד אונ׳ בידענקט אייך ניט לאנג.
אודר איך ווערט מיט אייך פֿרפֿארן גאר איין איבלן גאנג.
דען איך וויל ווישן ווארום איר זייט דורך צעהן טאהרן היר איין מרשירט.
אונ׳ האבט דיא גאנצי שטאט אויז שפעקולירט :

(זאגט ראובן)
מיר זיינן צעהן פֿעטירליכֿי ברידר וויא זיא אונז היר זעהן.
אונ׳ פֿר גרושן הונגר האבן מיר ניט לענגר קענן בישטעהן.
דען אונזר פֿאטר איזט זעס אונ׳ וואונהאפֿטיג אין כנען לאנד.
יעקבֿ דער זון ⟨איזאק⟩ אונ׳ אברהם איין העברער איזט ער גינאנט.
זא האט אונזר פֿאטר אונז גיהייסן פֿרוכֿט הולן דער מיט אונזרי פֿאמיליא צו ערנעהרן.
דען אלז זיא דיא הימל מיט פֿרוכֿט גיזעגנט האבן הט ער טון הערן.

1949 במקור א י ז א ן התיקון לפי בש

אונ׳ אן בייא אונז ביפֿאלן אויז פֿאטירליכֿי ליב אונ׳ אויז פֿר זיכֿטיקייט.
וויילן מיר ווערן איילף ברידר איידל וואקרי אונ׳ אן זעהנדליכֿי לייט.
זא זאלן מיר אונזרן איין מארש ניט נעמן דורך איינם טאהר.
דא מיט מיר ניט מעכֿטן גיראטן אין גיפֿאהר.
נון האבן מיר זיינם ביפֿעל נאך גילעבט אונ׳ פֿאל פֿירט.
וויא עז ערליכֿן קינדרן צו שטיט אונ׳ גיבירט :

(זאגט יוסף)
עז קומט אל גימאך נאך היראויז אויף מייני ריד.
וויא איר זעלבשטן זייט אונ׳ גישטעהט.
אלז איר ניקש אנדרש אלש שפיאנן זייט.
אונ׳ קומט אויז צו שפעקולירן אלי וועג אונ׳ בישייד.
דען זאלט נאך פֿרוכֿט זיין אייער פֿר לאנגן.
זא ווערט איר ניט דרייא טג אין דער שטאט היראום גאנגן.
אין שפעציע איר האבט דען הורן מרק אויז פֿיזידירט.
אל וויא אייך מייני דינר הבן אדריפירט. |
ל ע״ב אויז דיזי הענדל קאן איך ניקש אנדרש שליסן אונ פֿר שטיהן.
זונדרן איר זייט שפיאנן אונ׳ גיקומן דיזי שטאט אויז צו זעהן :

(זאגט ישׂשכר)
אליר גינעדיגשטר קיניג מיר ווערדן גיצוואונגן אינן דיא ווארהייט צו זאגן.
וואש אונז צו אלים טוט ביוועגן אונ׳ טראגן.
מיר זיין גיוועזן צוועלף ברידר וועלכֿי אלי פֿון איינם פֿאטר קומן.
נעמליך מיר היר שטעהנט צעהן ברידר אונ׳ איינר צו הויז אבר
דער צוועלפֿטי איז וואַרדן וועק גינומן.
זא האבן מיר ערפֿארן אלש אין היידן העטן גיפֿאנגן.
אונ׳ מיט אים אין היזיגי שטאט גאנגן.
האבן מיר זיך איין גיבילד זיא העטן אין אהני צווייבל אין איין הורן
הויז פֿר קויפֿן טאן.
דען ער איזט גאר איין אן נעמליכֿי שיני קוואליפֿיצירטי פארזאן.
דרום זיין מיר אויף דעם הורן פלאץ גאנגן אונ׳ גיזוכֿט אין ווידרום
צו ראנצינירן.
אונ׳ אין ווידרום צו אונזר אלטר פֿאטר פֿירן.
וועלכֿר זיינט וועגן עמפֿפֿונדן גרויזאמי שמערצן.
דען ער ליבט אין אויז הערצן.

1964 במקור פ̄ י ז י נ ד י ר ט התיקון לפי בש
1977 במקור א ו נ ר התיקון לפי בש

וואוריבר מיר האבן זיך רעסילפֿירט צו וואגן אונזר לעבן.
זא אין זיין הער אונז ניט זעלט ראנצינירן געבן.
נון האבי איך אירי מאיעשטעט דיא גרינדליכֿי ווארהייט פֿר גישטעלט.
זא פֿר וואר אלז דא לעבט גאט הער אל דער וועלט :

(זאגט יוסף)

דורך אייערם מונט.
קום איך אלז נאך מער אויף דען גרונט.
אלז איר ניקש אלז שפיאנן זייט.
אונ׳ זייט גיקומן צו פֿאנגן אן אין דער שטאט איין שטרייט.
וויא איך האב גיהערט אלז שמע⟨ו⟩ן אונ׳ לוי דיא צווייא פֿון אייך.
האבן ערטיט אונ׳ ערשלאגן דיא שטאט שכם זאמט איר קיניגרייך.
וועלכֿש איר האבט גיטאן אהני אייער פֿאטרש אורדר אונ׳ ביפֿעל.
נון וואלט איר אין היזיגר שטאט אויך אן פֿאנגן זאלכֿי קראקעל.
דיא קלאריע קאן אין ניקש אנדרש ווערדן גישפירט.
אלז אויף דיזי מאניר וויא איך מיך האב רעסילפֿירט.
איינן פֿון אייך וויל איך האלטן ארעסטירט.
ביז אייער ברודר וועלכֿר צו הויז איזט ווערט צו מיר גיפֿירט.
דאך וויל איך מיט טיילן צו אייך פֿיל גנאדן.
אלז מן אייערי מויל טירן אונ׳ איזלן זאל בלאדן.
אונ׳ דא איר אייערן קליינן ברודר צו מיר ברענגט.
זאל אייך אלי גנאדי ווערדן צו גיטיילט אונ׳ גישענקט.
לא ע״א נון איר בידינטי נעמט דיזן אין | האפֿט אונ׳ זעצט אין גיפֿאנגן.
זא איזט איר בשייד אויז גאנגן :

(זאגט שמעון)

איך שווער בייא גאט דעם הערן זא וואר איך שמע⟨ו⟩ן העברער בין גינאנט.
עז זאל זיך קיינר אונטר שטין געגן מיר אויף צו היבן דיא האנד.
מיך גיפֿאנגן צו נעמן זייט איר פֿיל צו שוואכֿי לייט.
דרום געהט אונ׳ שערט אייך פֿון מיינר זייט :

(זאגט מנשה)

מיינשטו דען דוא האשט אליין דיא שטערקי פֿון דער גאנצי וועלט.
זא קליין איך בין בין איך איין מאן צו פֿעלד.
דרום גיב דיך גוט וויליג ווייז גיפֿאנגן אונ׳ שטעל דיך ניט זא פֿיל גיוועער.
אודר איך וויל דיך טראקטירן אלז דוא פֿון מייני שטארק זולשט ניקש ווישן מער :

(זאגט שמע⟨ו⟩ן)

ליבי ברידר איך זאגי אייך.

אלש דיזר און איבר ווינדליכֿי שטרייך.
קיין שטרייך פֿון איינם מצרי קאן זיין.
זונדרן פֿון אונזר פאמיליא אודר גימיין.
דאן איך קאן אייך אהני מיגליך זאגן.
וויא הארט ער מיך האט גישלאגן:

(זאגט יוסף)
באשי גיא און׳ טוא דען שאץ מייסטר זאגן.
אלז ער אין זאל געבן זא פֿיל פֿרוכֿט אלז אירי מויל טירן און׳ איזלן קענן טראגן.
אבר איך ביפֿעל אייך נאך איין מאל אלז אייער קליינר ברודר זאל מיר ווערדן פֿר גישטעלט.
וויא איך צו פֿר האב גימעלט.
⟨נון⟩ ווערדי איך אייער גיפֿאנגנן ברודר אויז דעם גיפֿענגניס ⟨געבן⟩ הירויז.
דא מיט איר ווידרום קומבלעט קומט צו אייערן פֿאטר נאך הויז:

(זאגט לוי)
אך איר הימל דיזש און גליק זייא גאט גיקלאגט.
אה איר ליבי ברידר וויא בין איך פֿר צאגט.
וויא איך מייני וואט זעק האב גיעפֿנט שפייז צו לאנגן.
זיינן מיר מיין קאלקלים אל פֿאר גרויזאמי שרעקן פֿר גאנגן.
דען דאז געלט וועלכֿש איך דען שאץ מייסטר האב ביצאלט האב איך ווידר גיפֿונדן.
דיא גנאדי גאטש זיינן אל געגן אונז פֿר שוואונדן.
מיר מוזן ביזארגן דער קיניג מיינט מיר העטן עז מיט ווילן גישטאלן.
און׳ לאזט אונז גפֿאנגן צו רוק האלן: |

לא ע״ב (זאגט יהודא)
דאש נעמט מיך קיין וואונדר ווען אונז שונט צו קומט אל דאז און גליק אויף דער וועלט.
נאר איבר דען איבל טאט דיא מיר מיט אונזרם ברודר יוסף האבן אן גישטעלט.
דיא הימל פֿארדרן און׳ רעכֿנן זיין אונשולדיג בלוט.
דיא הימל וואלן געבן אלז מיט אונז זאל אב לויפֿן גוט.
דאך מוזן מיר איצונד פֿורט זעצן אונזרי היים רייס.
עז מאג אונז גין וויא דער ליבי גאט וויל און׳ וויס:

(זאגט יעקבֿ)
איך טוא טאג און׳ נאכֿט ניקש אלז יאמר און׳ קלאג טרייבן.

2020 במקור נ א ד התיקון לפי בש וההשלמה לפי ש

ווייל̄ן מייני זין זא לנג אויזן בלייבן.
איך ביזארגי עז איזט איין גאט פֿר זייא איין אונגליק צו קומן אונטר וועגן.
וואוריבר איך בין גאנץ פֿר לעגן :

(זאגט יעקבֿ)

ווילקומט איר ליבי קינדר אייער אן קונפֿט פֿרייט מיך זער.
אלז איך אן יעצו ניט מער ביגער.
אבר איר הימל ווידרום בישטערצט איר מיך.
ווייל̄ן איך מיין זון שמע⟨ו⟩ן ניט בייא אייך זיך.
מייני קינדר עפֿנט דען מונד.
אונ׳ צייגט מיר דען גרונד :

(זאגט דן)

ליבר פֿאטר מיר וואלן דיא גרונדליכֿי װארהייט פֿר לעגן.
וואש אונז איזט פאסירט אונטר וועגן.
וויא מיר אין אייגיבטן זיין גיקומן.
האט אונז דער מארשאל פֿר שפיאנן אן גינומן.
דער ווייל מיר דורך צעהן טארן ווערן היניין מארשירט.
העטן מיר גוויש ניקש גוטש אין שילד גיפֿירט.
אונ׳ האט אונזר גאנצי פֿאמיליא אויז גיפֿראגט זא אפסינאט.
אונ׳ גימיינט עטוואש אויף אונז צו ברענגן אין דער טאט.
אבר מיר האבן אונזרי אראציאן זא ביהוטזאם אב גישטאט.
אלז ער אוהני מיגליך עטוואש אויף אונז גיהאט.
זא הט ער זיך לעצליך רעסילפֿירט.
אלז ער שמע⟨ו⟩ן וויל הלטן ארעסטירט.
ביז מיר אונזרן ברודר בנימין פֿר אים שטעלן.
הירנאך וויל ער אלי גנאדן מיט טיילן זא מיר ועלן.
וויא ער האט גיטאן אונזרן ווילן.
אונ׳ אונזרי בייא האבינדי זעק מיט פֿרוכֿט לאזן אן פֿילן.
זא האבן מיר דען שאץ מיישטר קונטענטירט.
אונ׳ זיין אונזר וועגן פארט מרשירט.
וויא מיר נון דעש אבנדש אין ווערץ הויז האבן לאשירט. |
לב ע״א האט איין יעדר זיין געלד אין פֿרוכֿט זאק גישפירט.
וואריבר מיר גרושן שרעקן האבן איין גינומן.
אונ׳ ביזארגט אלז מיר אין קייני אונגילעגנהייט צו קומן.
זא מוז ער אונזרן ברודר בנימין.
לאזן מיט אונז גין :

(זאגט יעקבֿ)

איך ווייש ניט וואש איר מאכֿט אלי מאל.
וואו איר בייא אננדר זייט איזט אונגליק איבר אל.
מיין ליבן זון יוסף האב איך צו אייך גישיקט.
אום צו זעהן אב איר ביגליקט.
דא האבט איר מיר איין באטשאפֿט איבר טראגן.
ער ווער פֿון איינם ווילדן טיר ווארדן ערשלאגן.
איצונד זייט איר ווידר מיט אננדר אויז גאנגן.
זאגט איר שמע⟨ו⟩ן ווער גיפֿאנגן.
וויא זאלט איר נון דיזש ביגערן.
אלז איך מיין טרויריקייט זאל פֿר מערן.
און׳ מיין יונגשטש און׳ ליבשטש קינד בנימין מיט אייך שיקן אין אייגיבטן אניין.
אין דעמי אלז ער איזט איבר גבליבן פֿון זיינר מוטר אליין.
דרום זעצט אייך זאלכֿי נארישי גידאנקן ניט פֿאר.
דאז זאג איך אייך פֿר ווארֿ:

(זאגט יהודא)

ליבֿי ברידר זייט גידולטיגי לייט.
און׳ ערוווארט נור דיא צייט.
ביז דיזי פֿרוכֿט ווערט זיין געסן און׳ פֿולענד.
און׳ היר נאך ווערט איר זעהן דאז פֿונדימענד.
אלז אהני מיגליך ווערט צו האבן זיין שפייז.
וואן ער בנימין ניט וויל מיט געבן אויף דיא רייז.
ווערט ער באלד זאגן נעמט בנימין וויא איר זעלבשט ביגערט.
און׳ זעכֿט נור אלז איר אונז דער נערט:

(זאגט פיקל הערינג)

איך מיין איך האב איין גליק גיהאט דיא צייט.
אלז איך ניט בין אונטר הענדן קומן דיא לייט.
איך האב מיך אבר גלייך זאלפֿירט.
און׳ אין איין פוטירמיליך פֿאס רעטיירירט.
אל וואו איך ניקש אנדרשט הב גיטאן אלז פוטיר מיליך גיזאפֿן.
ביז זיא ווידרום אונטן איזט דורך גילאפֿן.
נאך געהנש הב איך איין גוטן זיפא קעס דרויז גימאכֿט.
און׳ אין מיינם זין גידאכֿט.
איך וועלט עש ווער דא איין גוטר פֿריינד.
דערש טרייא הערציג מיט מיר מיינט.

זא וואלט אים דיזן פֿר עהרן.
אבר איך פֿר זיכֿרי ער זאל קיין מער ביגעהרן.
לב ע״ב אבר וויא איך אויז דען פוטרפֿאס | ווידרום קענט קומן וואר איך בידאכֿט.
לעצליך העט וואש ⟨אלזו גאר שטארק גיקראכֿט⟩.
זא ווארש דאש וועטר וועלכֿ⟨ש⟩ איך פֿון ארשהויסן האב בישריבן.
דש זעלביג קאם אראב גיטריבן.
אונ׳ במעלטיש גוויטר האט זא גיוואלטיג דרויף גידרונגן.
אלז דש פוטר פֿאס איזט מיטן פֿון אננדר גישפרונגן.
דאש איזט נאך איין גרעשר גליק אלז דש ערשטי איזט גיוועזן.
דז איך פֿון דעם הערליכֿן גשמאק בין ווארן גינעסן.
וויא לייכֿט איז צו פרעסימירן.
ווערש ניט גלויבט דעם וויל איך פֿון דיזר מאטעריא אן דער נאסן שמירן:

(זאגט יעקבֿ)
וויא זולט איר איבר אייער קלייני קינדר מיט דוירנש טראגן.
אונ׳ זיא אום ברוט לאזן וויינן אונ׳ קלאגן.
בגעבט אייך ווידרום אויף דער רייס.
ברינגט אויז אייגיפטא שפייס:

(זאגט יהודא)
זיינם ביפֿעהל וואלן מיר גערן נאך לעבן.
ווען ער אונזרן ברודר בנימין וויל מיט געבן.
זא אבר דיזש ניט גשיכֿט.
זא דערפֿן מיר דעם קיניג ניט קומן אונטר זיין אן גזיכֿט.
דען ער האט אונז אן ביפֿאלן.
זא מיר ווידר קומן פֿרוכֿט צו האלן.
אונ׳ ברענגן אונזרן קליינן ברודר ניט מיט.
זא העטן מיר אלי גנאד בייא אים פֿר שיט.
אונ׳ וויל אונז ביגעגנין וויא שפיאנן גיבירט.
וויילן מיר אונזר פֿר גישטעלטי ווארט ניט העטן מאנדינירט.
זא נון דער הער פֿאטר וויל האבן אלז מיר אונזרי קינדר זאלן ערנעהרן.
זא מוז ער אונז דיזי ביט גיוועהרן:

(זאגט יעקבֿ)
וואש האבט איר פֿר איין קוואל פֿר אורזאכֿט.
אלז איר בנימין האבט פֿאר דעם קיניג גיבראכֿט.
דען איך לאז אין ניט מיט אייך געהן.

2105 במקור א י ך א ל ז ג א ר ש ט א ר י ג ק ר א כֿ ט התיקון לפי בש
2106 במקור ו ו ע ל כ ט

עז מעכֿט אים בהיט גאט איין אונגליק גישעהן.
אונ׳ אייער קינדר העלפֿט איך אויך גערן אויז דער נאהט.
אלז זיא מעכֿטן קריגן בראט.
עז איזט מיר ניט וואל איך מאכֿש וויא איך וויל.
דרום העט איר פֿאר דעם קיניג פֿון בנימין זאלן שווייגן שטיל: |

לג ע״א (זאגט יהודא)
ליבר פֿאטר וואש האבט איר אייך פֿאר גינומן.
אלז איר אונז זאמפט אונזר קלייני קינדר וואלט לאזין אומש לעבן קומן.
דען ווען מיר קיין פֿרוכֿט האלן בייא צייט.
זיינן מיר אלי דען טאט ברייט.
אונ׳ אלז בנימין זאלט ווערדן גיפֿאנגן.
דאש איזט יא ניט פֿר גוויש אויז גאנגן.
צו דעם וויל איך מיך אונטר שטעהן.
אלז בנימין אויף מיין גיפֿאהר זאל מיט געהן.
אונ׳ זא איך אין ניט ווידרום פֿאר מיין פֿאטר שטעל.
זא וויל איך אויף עביג האבן פֿר דינט דיא העל.
דען זאלט דער קיניג עטוואש קראקעל מיט אים אן פֿאנגן אודר אן העבן.
זא זעץ איך דראן מיין לעבן.
אונ׳ ברענג אלש אונטר דעם שווערט.
זא וואהר אלז דא לעבט גאט איבר הימל אונ׳ ערד.
נאך דיזש זאל דער הער פֿאטר טון אונ׳ גאט בעטן.
אלז מיר אין איינר גליקליכֿי שטונד זאל פֿאר דען קיניג טרעטן:

(זאגט יעקבֿ)
מיין קינד בנימין קום אהער צו מיר.
זעגן אונ׳ גליק וויל איך ווינשן דיר.
אלז דוא זאלשט פֿינדן אין דעש קיניגש אויגן לייט זעליקייט.
דא מיט דייני זאמטליכֿי ברידר ווידרום צו מיר קומן מיט פֿרייד.
אונ׳ דיא הימל זאלן אירי ענגיל פֿאר אייך שיקן.
דא מיט איר אין אלים זאלט ביגליקן.
נון נעמט דיזי פריזאנט.
וועלכֿי איך הב אן ברייט פֿר דעם קיניג אין איגיפטא לאנד.
אונ׳ פרעזנדירט זיא אים מיינט וועגן.
אונ׳ זאגט איך ווינש אים גליק אונ׳ זעגן.
אויך זאלט איר אים דא נעבן.
אייער פֿאריג ווידר גיפֿונדן געלד געבן.
אונ׳ זעהט אייך פֿאר מיט אייער ווארט.

נון געהט איין נאמן גאטש נאך אייער וועג פֿארט.
אבר מייני קינדר טוט אייערן ברודר בנימין בהוטזאם מיט אייך פֿירן.
אין שפעציע יהודא אן דיר טוא איך פרעסנדירן.
דען דוא האשט דיך פֿר בעריג ער פֿאר גישטעלט.
דרום מאך ניט אלז דוא בלייבשט זינדיג אויף דיזר אונ׳ יענר וועלט.
אונ׳ לאז אין ניט קומן אויז דיינר האנד.
דען דאש קינד איזט ניט גיוואנט אין פֿרעמדן לאנד.
אונ׳ טוא אין ניט אונטר וועגן זא שטארק איבר טרייבן.
איר זאלט ליבר עטליכֿי טאג לענגר אויף דר וועג בלייבן. |
לג ע״ב סומא וואש זאל איך דיר פֿיל פֿאר זאגן.
דוא ווערשט מאכן אלז איך אין קיינרלייא ניקש זאל האבן צו קלאגן:

(זאגט יוסף)
איך האב וואל מיין גיפֿאנגנן אויז דעם גיפֿענקנוס גינומן.
אבר זייני ברידר זיין איר ווארט ניט נאך קומן.
עז שיינט וואל אלז דיזר ברודר איזט ניט האך בייא זיא גיאכֿט.
זונשטן העטן זיא איר קליינן ברודר לענגשט מיט גיבראכֿט:

(זאגט יהודא)
גאט דער איבר וואשר אונ׳ לאנד.
זאל זיין אין אלים זיין בייא שטאנד.
אונ׳ זאל אים געבן זעגן אונ׳ גליק.
אין אלין זייני ווערק אונ׳ שטיק.
אונזר פֿאטר זיין קנעכֿט שיקט אים דיזי קלייני אונ׳ שלעכֿטי פריזענט.
מיר וואלן האפֿן זיא ווערן מיט אים זיין קונטענט.
אירי מייסטעט נון האבן זייני קנעכֿט אירי ווארט מאנטינירט.
אונ׳ דיזן אונזרן קליינן ברודר צו אים גיפֿירט.
הין געגן נון מיר האפֿנטליך לעבן.
אלז זיא אונזר גיפֿאנגנן ברודר ווערן הערויז געבן:

(זאגט יוסף)
פֿאר דיא פריזענט אונ׳ שאנק.
זאג איך אייך העכֿשטן דאנק.
איך ווערדי זיא ווידרום פֿר שולדן אין אלין שטיקן.
אייערן גיפֿאנגנן ברודר ווערט איך הערויז געבן אונ׳ אן זעהנטליכֿר ווייס צו אייך שיקן:

(זאגט זבול⟨ו⟩ן)
עז איזט ביז דאטי גילאבט זייא גאט נאך גוט אב גילאפֿן.

מיר האבן אין אויף גוטם וועג אן גיטראפֿן.
איך וויל האפֿן מיר ווערדן אלי גנאדי ערלאנגן.
אין דעם עז האט גליקליך אן גיפֿאנגן :

(זאגט שמעון)

עז פֿרייאט מיך מייני ליבי ברידר איר גליקליכֿי אן קונפֿט.
איך הב ניט קענן פרעסימירן מיט מיינם פֿר שטאנד אונ׳ פֿר נונפֿט.
וואש אורזאך איר העט אן מיר פֿר געסן.
אונ׳ זא לאנג צו הויז גיזעסן.
וויא וואל זא באלד איר אייך ווידרום האבט היים גיקערט.
האט מיך דר קיניג ניט מער גיפֿאנגן בגערט. |
זונדרן מיר ערצייגט אלי גנאד. לד ע״א
אונ׳ מיר אלש גוטש גיטאן אין דער טאט :

(זאגט באשי)

אירי קיניגליכֿי מייסטעט צייגן אין דיזי גנאדן.
אונ׳ לאזן זיא זעמפטליך אויף דער מיטאג מאלצייט איין לאדן.
דרום מאכֿט אייך ביריית.
דען עז איזט באלד מיטאג צייט :

(זאגט ראובן)

אליר דורך לייכֿטיגשטר פֿערשטליכֿר פרסאן.
מיר האבן צו ביטן אום פערדאן.
דאש געלט וועלכֿש מיר דש פֿאריגי מאל דען שאץ מיינשטר האבן קונטענטירט.
האבן מיר נאך געהנש ווידרום אין אונזרי פֿרוכֿט זעקן גישפירט.
אונ׳ מיר ווישן ניט וויא עז איזט היניין גיקומן.
דען מיט ווילן האבן מירש ניט גינומן.
נון האבן מיר ווידר מיט גיבראכֿט זעלביגש געלט.
מיר וואלן האפֿן עז זאל אונז קיין פריודיץ דרויף שטעהן אין דער גאנצן וועלט :

(זאגט באשי)

דעשט וועגן זייט איר לושטיג אונ׳ וואל גימוט.
עז איזט עבן פֿאלס גוט.
האבט איר אייער געלט ווידר גישפירט.
האבט איר פיקראדירט.
אן אונזרם קאסי האט אויך ניקש מאנקירט.
דרום פֿערכֿט אייך ניקש איר זייט פארדינירט :

(זאגט יוסף)

איזט דיז אייער קליינר ברודר דען איר האבט גימעלט.

אודר האבט איר מיר איינן אנדרן פֿאר גישטעלט :

(זאגט יהודא)

אירי מייסטעט דיזש איזט דער רעכֿט.
אונזר קליינר ברודר זיין קנעכֿט :

(זאגט יוסף)

נון וואל אן טוט דען קליינן צו מיר פֿירן.
אונ׳ וויא איר זאלט אן דער דאפֿיל זיצן וויל איך אייך אורדינירן.
דען מיין בעכֿר טוט מיר זאגן.
אלז ראובן שמען לוי יהודא יששכר זבולין ⟨!⟩ האט איין מוטר גיטראגן.
אונ׳ וויא איך זיא נאך אננדר האב | גימעלט. לד ע״ב
זא זיין זיא ווארדן גיבארן צור וועלט.
נון האט מיר מיין בעכֿר קונד גימאכֿט.
אלז דן אונ׳ נפֿתלי האט איין אנדרי מוטר צור וועלט גיבראכֿט.
אויך זאגט מיר מיין בעכֿר מער.
אלז גאד ⟨!⟩ אונ׳ אשר קומן פֿון איין אנדר מוטר הער.
אונ׳ אייערן קליינן ברודר בנימין האט זא וואל קיין מוטר אלז איך.
דרום זאל ער זיך זעצן בייא מיך.
נון גיט אין דיזם גימאך אונ׳ זעצט אייך וויא איך האב גימעלט אין איינר רייא.
נאך געהנש וויל איך מיט איירם קליינן ברודר אויך קומן דער בייא :

(זאגט יוסף)

בנימין איך האב גיהערט דיא יודן ווערן זא הוך שטודירט.
אונ׳ אין אלי פֿילוסיפֿיא אינפֿרמירט.
זא דוא אין זאלכֿם אויך ביזט ביקאנד.
זא וויל איך איין וועלט קוגיל שטעלן צור האנד.
אונ׳ זיך וואו דיין ברודר איזט אויף דער יעציגר צייט.
וועלכֿר פֿון אייך איזט ווארדן הין וועג גינומן זא וויט :

(זאגט יוסף)

וואש פֿר וואונדרש דוא דיך זא זער.
דש זאג מיר מיט פֿרישן מוט אהער :

(אנטווארט בנימין)

איך מעכֿטי וואל עטוואש זאגן.
אליין איך פֿערכֿטי מיך פֿר צו טראגן :

(זאגט יוסף)

זאג נאר וואש דוא זיכֿשט מיט פֿרישם מוט.

עז ווערט דיר אלש אויף גינומן פֿר גוט :

(זאגט בנימין)

איך זיך אויף דיזר וועלט קוגיל היר.
מיין ברודר יוסף זיצט אויף דעם טראהן בייא מיר.
איך האפֿי זיא ווערדי אין דער טאט זיין.
דער הערץ אלר ליבשטר ברודר מיין :

(זאגט יוסף)

איך בין דיין ברודר יוסף דש טוא איך דיר אין גיהיים אן צייגן.
אליין פֿר דייני ברידר זאלשטו שטיל שווייגן.
ביז איך זיא פּראביר.
אוב זיא עז גיטרייא מיינן מיט מיר.
דען ווען איר ווידרום ווערט פֿארט מארשירן.
זאלן אייך מייני בדינטי | אטראבירן. לה ע״א
אונ׳ זאלן אייך צו רוק האלן.
דען איך וויל זאגן מיין בעכֿר ווערט מיר ווארן גישטאלן.
זא ווערט דען בימעלטן בעכֿר בייא דיר פֿינדן.
זא וויל איך דיך לאזן בינדן.
אונ׳ וויל דיך אים גיפֿענקנוס לאזן געבן.
דא ווער איך זעהן אב זיא דיינט וועגן וואגן איר לעבן.
ווראן אויך קאן ווערדן ערקענט.
אוב זיא עז רייאט אלז זיא מיך האבן פֿר קויפֿט אין פֿרעמדן הענד.
נון פֿאליג מיר נאך מיר וואלן אונז נאך דער טאפֿיל לענקן.
אבר איך ביפֿעהלי דיר נאך מאל אלז דוא קיגן זיא ניקש זאלשט גידענקן :

(זאגט פיקל הערינג)

איך קאן ניט גינוג בישרייבן.
וויא דיא קערל דען שימיל אויז דעם בראט טרייבן.
איך גלויב עז זיינן אייטל האלץ האקר אודר צימר לייט.
דען זיא פֿירן מעשר אלז דיא אקסן זא ברייט.
איינר איזט דרונטר זא איין גראשר אונגישוואונגנר רילפּא.
ווען איך אין אן זיך לויף איך פֿר אנגשט דרייא מאל אויף דער שטילפּא.
דען איך פֿארכֿטי מיך וואן ער ניקש צו עשין ווערט פֿינדן.
זא ווערט ער אונז מיט אננדר איין שלינדן.
דען מן קאן שטעקן אין זיין מונד.
איין לאב ברוט פֿון פֿירציג פּפֿונד.
איך מעכֿטי דיא מוטר קענן דיא דען קערל האט גיטראגן.

זיא מוז איין בויך האבן אלז זיך קאן דריין ווענדן זעקס ראס
מיט זאמפט דען וואגן.
אבר איך ווערדי איינש טון אונ׳ ווער מיר איין זייל אן בינדן.
דא מיט ווען מיך שון דער קערל זאל אי⟨י⟩ן שלינדן.
אונ׳ עז וואלן זיך עטליכֿי ⟨פארשאן⟩ אין במיאן.
זא קענן זיא מיך ווידר ארויז ציאן.
זא וויל מיר אבר דאך ניט גאר וואל אן שטין מייני רעסולוציון.
דרום מוז איך זוכֿן איין אנדר מיטל צו טאן.
נעמליך איך וויל מיר דען פיש באט איבר דען קאפף גיסן.
זא ווערט ער מיך ניט פֿר לאנגן צו גיניסן.
דיזש איזט דער בעשטי ראהט אונ׳ שלוס.
דען איך אן יעצא האבן מוז :

(זאגט יוסף)
הויבט מאן נעם איין קומפאניא רייטר אונ׳ אטראביר.
דיא לייט וועלכֿי איך אין מיינם צימר האב גאשטירט.
אונ׳ טוא זיא צו רוק האלין.
דען מיין בעכֿר איזט מיר ווארדן גישטאלן.
לה ע״ב אונ׳ פֿיסינדיר זיא גלייך וואו איר זיא אן | טרעפֿט אין זעלבן ווערץ הויז.
אם גרושן פֿאנגט אן אם קליינן לאזט אויז.
בייא וועלכֿם איר דען בעכֿר ווערט פֿינדן.
דען זעלבן טוט מיר אן קינדן :

(זאגט פיקל הערינג)
איר מייסטעט עז קאן נאך וואל קומן.
אלז דער גראש דען בעכֿר פֿר איין ביזן ברוט האט איין גינומן.
דרום ווער מיין ראהט מן זעלט דאז זעלבן אורט ביוואכֿן.
וואו ער הין גיט עה איכֿה צו מאכֿן.
אונ׳ לאזט דען הויבט מאן וואל מיט דער נאס דריין היראום רירן.
זא ווערט ער דען בעכֿר שון שפירן.
אונ׳ זא עז אים עטוואש זאלט שטינקן.
זא קאן ער אויז דעם בעכֿר גלייך בראנטי וויין דרויף טרינקן.
דיזש האלט איך פֿר דען בעשטן ראהט.
ווען איכֿש אבר זאלט טון זא ווער עז מיר פֿון הערצן לאט :

2289 במקור א י ן התיקון לפי בש
2290 במקור פ א ר ש א ן התיקון לפי בש

(זאגט דער באשי)

איר מייסטעטשן ווילן האבן מיר טענטירט.
אונ׳ איר אוועק גינומין בעכֿר נאך גישפירט.
אונ׳ האבן אין אויך גיפֿונדן.
אין דיזן קליינן זאק איין גיבונדן.
נון האבן מיר אים גיבראכֿט אירי מייסטעט אין דער האנד.
זיא קענן נון מיט אים פֿר פֿאהרן נאך אירם וואל גיפֿאלן אונ׳ פֿר שטאנד:

(זאגט יוסף)

איר לאסן פֿעגיל וואש גיבירט אייך פֿר איין שטראף.
אלז איר זאלט שטעלין אויז קיניגליכֿן האף.
אין שפעציע מיין בעכֿר וואו איך אליש אויף קאן זעהן.
דען זאלט איר צו שטעהלין אייך אונטר שטעהן.
דאך וויל איך ניט שטראפֿן קיין אנדרן פרזאהן.
זונדרן בייא וועלכֿם מן דען בעכֿר האט פינדן טאן.
נעמליך דוא קליינר עז איזט דיין רעכֿט.
אלז דוא זאלשט זיין מיין קנעכֿט.
אונ׳ איר איבריגי מעכֿט אין נאמן גאטש ווידר צו אייערם פֿאטר מארשירן.
דען אן אייך טוא איך ניקש פרע⟨ט⟩ינדירן.

(זאגט יהודא)

אליר גנעדיגשטר קיניג איך ביט אום פֿר צייאן.
לו ע״א זא איך עטוואש זאלט רידן גיגן אייער רעשפעקט זא הב | איך רייאן.
אבר איך ביזארגי אלז מיך דער און גידולט צו רידן ביוועגט.
וואש מן זונשט גיגן אירי מייסטעט ניט צו רידן פֿלעגט.
דען איר וואלט נאר הינטר אונז מיט פֿאלשקייט.
אונ׳ מיט גיוואלט אן פֿאנגן שטרייט.
וויא מיר דאש ערשטי מאל זיינן אהער גיקומן.
האבט איר אונז פֿר שפיאנן אן גינומן.
נון אין דער ווארהייט ניקש קענט אויף אונז ברענגן.
זא פֿאנגט איר אן אונז אנדרי לאזי הענדל אויף צו הענגן.
אונ׳ לאזט אונז אין אונזרי זעקן.
איין בעכֿר מיט ווילן שטעקן.
איך שוועך ווען איך מיך ערצערן.
אלז איך ערשלאג אין מיט זאמט זיינם הערן.
וויא זיא זעלבשטן זאגן האבן זיא גיהערט.

2331 במקור פרעסינדירן התיקון לפי ש

אלז מייני צווייא ברידר דיא שטאט שכֿם האבן רעכֿירט אונ׳ הבן
אלש גיבראכֿט אונטר דעם שווערט.
אויך וויא דער קיניג פרעה איזט ווארדן גיפלאגט אן זיינם לייב.
וויא ער אונזר עלטר מוטר שרה האט גינומן צו איינם ווייב.
דרום נעם ער זיך אין אכֿט מיט אלין זאכֿן.
אונ׳ טוא אויז זאלכֿם פאגידעל קיין יוריע מאכֿן:

(זאגט יוסף)

הער דוא קערל וואז איך דיר זאג.
אלז איך פֿר דיינם גרוש שטעלן גאר קיין פֿארכֿט טראג.
דען ווען מייני ריסן איר שפייכֿט נאר לאזן אויז דעם מונד לויפֿן.
בישטו שון קאפאבל צו ער זויפֿן.
אונ׳ ניט דאז אליין.
זונדרן אל דייני ברידר וויא זיא היר טון זיין:

(זאגט יהודא)

איך שווער בייא גאט איין אייד.
אלז איך ניט עסטימיר אל דייני ריסן אונ׳ גיהארנישטי לייט.
דרום געבט אונז אונזרן ברודר אונ׳ לאזט אונז אוהן גימאלישטירט.
אודר איך ווערדי טון וויא איינם פֿיינד צו שטעט אונ׳ גיבירט.
איך פֿר זיכֿרי ווען איך מיין שווערט ווערט ציהן אויז דער שייד.
אלז איכֿש ניט ווידרים ⟨!⟩ איין שטעק לערר הייט.
איך פֿינדי מיך קאפאבל דורך ער היבונג מייני שטים אונ׳ ערעפֿנונג מיינן מונד.
אייך אלי צו שאנדן צו מכֿן אין דען גרונד.
דען דאז פֿייאר פֿאנגט אין מיר אן אונ׳ ברענט.
מאכֿט עז ניט אלז איך אין אייערם בלוט וועש מייני הענד: |

לו ע״ב (זאגט יוסף)

איך ווייז וואל אלז איר בלוט פֿארבר זייט.
דען זא האבט אירש אויך גימאכֿט מיט אייערם ברודר יוסף זיין קלייד.
וועלכֿן איר האבט פֿר קויפֿט צו איינם קנעכֿט אין פֿרעמדי הענד.
אונ׳ האבט דז בלוטיגי העמד צו אייערם פֿאטר גישיקט אונ׳ לאזן פֿראגן
אב ערש ניט קענט.
אונ׳ האבט אין בריכֿט מיט אייטל פֿאלשי ריד אונ׳ ווארט.
עז העט אין איין ווילד טיר ער מארט.
נון פֿר לאנג איך אלז איר זעלביגן פֿר מיר ברענגן זעלט.
אלז דען זאל אייער קליינר ברודר אויף פֿרייאם פֿוס זיין גישטעלט.
אבר זא לאנג זעלביגש ניט גישיכֿט.
ביהאלט איך דען קליינן אונ׳ גיאט מיר אויז מיינם אן גיזיכֿט:

(זאגט שמעון)

מיר האבן יא שון דאז ערשטי מאל אופּרירט.
אלז מיר ניט ווישן וואו אין די היידן האבן הין גיפֿירט.
זאלטן מיר אין קענן אויז שפיקילירן.
וואלטן מיר אין גערן ראנציגירן.
וויא זאלן זיא נון אן פֿאנגן.
זולכֿי גיוואלט פֿון אונז צו פֿר לאנגן:

(זאגט יוסף)

דאז ווארט איזט גירעט עז איזט נון מער ניט צו ווענדן.
אייערן קליינן ברודר קריגט איר מיר ניט אויז הענדן.
איר קענט יא דיא קונשט ווידר דיא איר דער פֿאר האבט גיקענט.
אונ׳ ווידר אייערן פֿאטר זאגן איין ווילד טיר העט אין צו ריסן וויא איר
מיט זיינם ברודר אויך האבט פֿר גיוועגט.
צו דעם מעכֿט איך ווישן ווארום דוא יהודא בייא דיזם ברודר האלשט זא שטאנד.
אונ׳ בייא אייערם אנדרן ברודר האשטו זעלבשטן דען ראהט פֿאר גישלאגן
צו פֿר קויפֿן אין פֿרעמדי לאנד:

(זאגט יהודא)

אלז איך מיך מער אז אל מייני ברידר טוא ער פֿאר שטעלן.
דאז מאכֿט אלז מיין פֿאטר בנימין ניט האט מיט אונז שיקן וועלן.
זא האב איך גיזאגט ער זאל אין אויף מיין גיפֿאר מיט געבן.
איך וועלט אין ווידר ליפֿרן אודר זעלט איך פֿר לירן מיין לעבן.
אונ׳ זא איך אין מיינם פֿאטר ניט ווידר שטעל אין זייני הענד.
זא זאל איך אין עביגקייט אין דער העל ווערדן פֿר ברענט.
לז ע״א נון אירי | מייסטעט זיא לאזן בנימין ווידרום היים צו אונזרם פֿאטר געהן.
איך וויל אן זיינר שטאט פֿר איין דינר שטעהן.
איך בין דאך בעשר צו גיברויכֿן אין אלי שטיק.
עז מאג זיין צו גליק אודר אונגליק.
דען איך דערף מיין אן גיזיכֿט פֿר מיינם פֿאטר ניט וויזן.
וואן מיר זאלטן אהני בנימין קומן אהיים צו רייסן:

(זאגט יוסף)

דיזש בפֿינד איך ניט פֿר רעכֿט.
אלז איך דיך זאל האלטן פֿר איין קנעכֿט.
אין דעמי דו האשט ניקש פֿר שולד אונ׳ פעקסירט.
זונדרן בייא דעם קליינן האב ⟨איך⟩ דען דיב שטאל גישפּירט.
אונ׳ דיא שטראף גיבירט דען דיב אונ׳ קיינם אנדרן.

2405 ההשלמה לפי בש

דרום מעכֿט איר אין נאמן גאטש ווידרום צו אייערם פֿאטר וואנדרן :

(זאגט יהודא)

נפֿתלי געהי אונ' מאך דיך אויף דייני ביין.
אונ' זיך וויא פֿיל מערקי היר אין דער שטאט זיין.
זא וואלן מיר פֿר אונזרן ברודר פֿעכֿטן וויא עז ברידר גיהערט.
אונ' וועלן אלש ברענגן אונטר דעם שווערט.
דען איך זיך וואל אלז דער טוראנשר קיניג זיך ניט לאזט ער ווייכֿן.
ביז אים דז וואשר אם מונד ווערט רייכֿן.
אבר איך שווער זא וואר אלז איך יהודא דער זון יעקבֿ בין גינאנט.
אלז איך אן דיר טוראן דער ערשט פֿר גרייף מיין האנד :

(זאגט מנשה)

דיינן צארן אונ' דייני שטארק טוא איך גר וויניג עסטאמירן.
דען איך אונטר שטיא מיך נאך וואל דיך צו מאזאקרירן.
דרום רידי געגן מיינם הער פֿאטר וויא מן געגן איינם קיניג צו רידן גיהערט.
אודר איך וויל דיך טראקטירן וויא דוא בישט ווערט :

(זאגט נפתלי)

דיא גאנצי שטאט בין איך אויז גילאפֿן.
אונ' האב ניט מעהר אלז צוועלף מערקין אן גיטראפֿן.
אבר זיא זיין אלי צו גלייך.
גרויזאם פֿיל פֿאלק רייך.

(זאגט יהודא)

ניקש גילעגן איך נעם פֿר מיין פארזאן דרייא פֿר דער האנד.
לז ע"ב אונ' איין יעדרר פֿון אייך קאן דאך קעגן איינם | האלטן שטאנד.
אונ' וואלן קיין קינד אין דער וויג פארדאנירן.
זונדרן דיא גאנצי שטאט רוינירן :

(זאגט מנשה)

איך מוז פֿר וואר איבר דייניווארטי לאכֿן :
אלז דוא דיך זא גרוש טושט מאכֿין.
אונ' ווילשט דרייא מערק רונירן.
וואו איך קליין קינד בין קאפאבל געגן דיר צו שארשירן :

(זאגט יהודא)

איך זאגי אייך אונזר ברודר שמע⟨ו⟩ן האט רעכֿט.
דיזש קינד איזט אנטשפראצט פֿון אונזרם גישלעכֿט.
דען זינט מיך דאז קינד האט אן גירירט.

בין איך גאר ניט מער אלטרירט.
אונ׳ מייני שטערק איזט מיר גאנץ בינומן.
דרום מוז איך איצונד מיט גוטי ווארט קומן.
אונ׳ פֿר דען קיניג טרעטן.
אונ׳ זוכֿן אין מיט גוטי ווארט צו איבר בעטן :

(זאגט יהודא)

אלר גנעדיגשטר קיניג היר טוא איך דש ווארט פֿר מייני ברידר אינש גיזאמפט.
איך ביט זיא וואלן ניט מאכֿן אלז איך אויף עביג זאל זיין פֿר דאמט.
דען איך ווער דער אורזאכֿר דער מיין אלטן פֿאטר ברענגט אינז גראב.
ווייל איך אים בנימין אוועק גיפירט האב.
אונ׳ ער האט קיין קינד מער.
דש פֿון זעלביגר מוטר קומט הער.
דען זיין מוטר האט ניט מער גיבארן.
אלז אין אונ׳ זיינן ברודר דער פֿון הויז איזט ווארדן פֿר לארן.
וויא קאן מיר נון מיגליך זיין נאך הויז אן צו לאנגן.
ווען איך בנימין לאזט גיפֿאנגן.
דרום ביט איר זאלט בארמהערציגקייט מיט טיילן אונזר פֿאטרש וועגן.
זא ווערט איר אין אייערם קיניגרייך האבן גליק אונ׳ זעגן :

(זאגט יוסף)

בידינטי טרעט אלי אב.
ביז איך אייך ווידרום גיב ערלאב.
צו קומן אין מיין צימר אונ׳ גימאך.
דען איך האב עטוואש צו רידן איין היימליכֿי זאך :

(זאגט יוסף)

זעלט עז וואל מיגליך זיין.
אלז איך אייערן ברודר יוסף זאלט לאזן קומן אריין.
יוסף יוסף קום הער צו מיר.
איך וויל עטוואש ווייזן דיר : |

לח ע״א (זאגט יוסף)

וואש טוט איר זא אין אלי עקן ארום זעהן.
וואו אייער ברודר יוסף טוט פֿר אייך שטעהן.
איך בין אייער ברודר יוסף דען איר פֿר קויפֿט האט.
אבר ניקש דראן גילעגן עז איזט גיוועזן פֿון גאט.
דא מיט אין דיא הונגריגי יאר.
זאלט האבן קיין לייבש גיפֿאר.

נון צייגט מיר דיא קונפֿירמאציאן.
אב אונזר פֿאטר נאך איזט בייא גוטר לייבש דיספאזיציאן.
נון געהט מייני ליבי ברידר אונ׳ מאכֿטש אונזרם פֿאטר ביקאנד.
אלז איך רעגיר דש גאנצי לאנד.
אונ׳ ער זאל זאמט אונזר גאנצי פאמיליא קומן צו מיר.
דען דער הונגר איזט נאך פֿינף יאר פֿר דער טיר.
דא מיט איר קיין מאנגל זאלט ליידן אין קיינרלייא.
איך ווערדי צייגן קינדליכֿי אונ׳ ברידרליכֿי טרייא.
אונ׳ איך וויל גלייך איין שיני פריזאנט אן לעגן.
וועלכֿי איר מיינם ליבן פֿאטר זאלט איבר רייכֿן מיינט וועגן :

(זאגט בנימין)
עז זייא גאט גילאבט אונ׳ גידאנקט.
אלז מיר דיך ווידרום האבן עררייכֿט אונ׳ ערלאנגט.
אין שפעציע אין זולכֿם שטאנד.
אלז דוא קיניגש⟨ט⟩ איבר איין גאנצש לאנד :

(זאגט שמען⟨!⟩)
ליבי ברידר מיר ווערדן גיצוואונגן צו קונסידרירן.
וויא מיר אונזרם פֿאטר דיא גוטי צייטונג וועלן פֿר שטעלן אונ׳ אופֿרירן.
דען ווען מירש אים זא אורבליצלינג אנטעקן.
מעכֿט ער גאר שטארק ער שרעקן.
דרום האב איך מיך בידאכֿט.
אלז עז איינציג ווייז דארך ווארט זאל ווערדן פֿר גיבראכֿט.
נעמליך דורך אונזר ברודרש טאכֿטר סרח וועלכֿי אונז אלהיא קומט אנטקעגן.
זיא זאל זיך אין דיזם ביוועגן.
אונ׳ זאל אויף אירם עסטרמענט פֿר דעם פֿאטר אן פֿאנגן צו שפילן
אונ׳ צו קלינגן.
אונ׳ דא בייא דען גאנצן פֿר לויף זינגן.
דיזש האלט איך פֿר דען בעשטן ראהט.
דען איך שליסן קאן אין דער טאט :

(זאגט אשר)
מיין טאכֿטר סרח איין דינשט וויל איך דיר איבר טראגן.
אלז דוא זאלשט פֿר דיינם גרוש פֿאטר אויף דיינם קלאף גארטכֿן שלאגן.
אונ׳ אן בייא זאלשטו אויף איין שינש ליד זיין בדאכֿט. |
לח ע״ב וואר אין אונזרן פֿאטר זאל ווערדן פֿר גיבראכֿט.

2479 במקור ק י נ י ג ש

אלז זיין זון יוסף נאך ווער בייא גוטר לייבש דישפאזיציאן.
אונ׳ ווער איין גרושר ראגענט אונ׳ העט בישטיגן איין הוכֿן טראן.
געמליך ער ווער פֿיצע אין אייגיבטן לאנד.
אונ׳ דאש גאנצי קיניגרייך ווערט גפֿירט דורך זיינר האנד:

(זאגט יעקבֿ)

סרח גיא ביהענד.
אונ׳ שפיל מיר עטליכֿי שטיק אויף דיינם עסטראמענט.
צו פֿר טרייבן מייני מעלאנקלי.
ווילן קיינר פֿון מייני קינדר איזט היא.
אונ׳ בלייבן עטוואש אויז איבר דער צייט.
זא וויל איך דורך דיינם שפילן עטוואש זוכֿן איין פֿרייד:

(זאגט סרח)

וואש ווער דיזי באטשאפֿט ווערט.
דעם גרוש פֿאטר צו איבר טראגן.
אלז אין דיא הימל האבן יוסף בישערט.
דאז טוא איך אייך אן זאגן.
דרום פֿאס זיך דער גרוש פֿאטר איין פֿרישן מוט.
עז שטעט מיט זייני זעמפטליכֿי קינדר גוט:

דאש איזט צוואר ניט אליין.
זונדרן נאך גאר פֿיל מעהר.
ער טוט איין קיניג זיין.
אונ׳ האט גרושי עהר.
אלז ער איז אין אייגיבטן ראגענט.
ווערט ער ער פֿארן אין דיזם מומענט:

(זאגט יעקבֿ)

מיין קינד זינג מיר דיזש גיזאנג נאך איין מאל.
דען עז גיפֿאלט מיר גאנץ וואל.
אונ׳ וויל דו האשט ער קוויקט מיין לייב אונ׳ לעבן.
וויל איך דיר איין שיני רעקומפענץ געבן.
אלז דער טאט אן דיר זאל האבן קיין גיוואלט.
אונ׳ זאל אין איביגקייט ניט ווערדן פֿר וואנדלט דיין גישטאלט:

(זאגט יהודא)

ליבר פֿאטר פֿרייאט אייך דורך אלי גלידר.
דען אייערן זון יוסף האבן מיר אן גיטראפֿן ווידר.
אונ׳ אין זאלכֿם הוכֿן שטאנד.

אלז ער איז קיניג אין אייגיבטן לאנד.
אונ׳ ראגירט דאש גאנצי קיניגרייך.
אונ׳ פֿר לאנגט פון אייך.
אלז איר זאמפט אונזרי גאנצי פֿאמיליא זאלין צו אים רייזן.
דא מיט ער אונז אים הונגר קאן שפייזן : |

לט ע״א (זאגט יעקבֿ)
איך לאבי אונ׳ דאנקי דעם אלמעכֿטיגן גאט.
דער מיר אונ׳ מיינם זון זא פֿיל גנאד מיט גיטיילט האט.
אלז מיין זון יוסף נאך איזט בייא לעבן.
אונ׳ זא איין הוכֿר פאטנטאט דר נעבן.
נון וויל איך צו אים רייזן פֿר מיינם ענד.
אונ׳ וויל זיין גיוואלט אונ׳ רעגירונג זעהן אויז דעם פֿונדאמענט.
אויך וויא ער פֿירט איין קיניגרייך.
נאך גיהענדש איזט מירש לעבן אונ׳ שטערבן גלייך :

(זאגט יוסף)
זוויילן מיין פֿאטר ווערט באלד היר אן לאנגן.
דרום אויך זאל דער גאנצי אדל אויף אונ׳ אין העלפֿן אנטפֿאנגן.
אונ׳ זאלן אין ביווילקומן אונ׳ קראטילירן.
וויא עז איינם קיניגש פֿאטר טוט גיבירן :

(זאגט פיקל הערינג)
איך בין דאך אהני צווייבל ניט אויז גישלאסן.
דען איך בין דאך אויך פֿון אדלישם גבליט אנטשפראסן.
נעמליך מיין פֿאטר היישט אוברשט קענדל פֿעגר קלאס.
אונ׳ זיין ברודר איזט שטאט פראפֿאס.
אונ׳ מיין גאנצי פֿאמיליא זיין לויטר זאלכֿי פאטנטאטן.
דרום וויל איך מיך אויך אן גיראטן.
אונ׳ וויל מיינם פֿפֿערד דעם שוואנץ אויף בינדן.
דא מיט מן אן מיינם רייטן קיין ⟨טאדל⟩ זאל פֿינדן :

(זאגט יעקבֿ)
מייני זין איזט קיינר אונטר אייך דער דען הערן קענט.
וועלכֿר זיך אלהיר קעגן אונז ווענט.
דען זולכֿן גלאנץ אונ׳ שאנהייט.
האב איך פֿון קיינם מענשן גיזעהן אין לאנגי צייט :

2551 במקור ד א ט ל התיקון לפי ש

(זאגט יהודא)

דיזר הער דער זיך אלדא ביפֿינד.
דער איזט יוסף דיין ליבשטש קינד.
וועלכֿר אים דיא עהר צייגט אונ׳ ווייזט.
אלז ער אים זאמפט דעם גאנצן אדל אנטקעגן רייזט :

(זאגט יוסף)

ער זייא ווילקום דער הער פֿאטר פֿון מיינם הויבט דיא קראן.
אויף אונזר צו זאמן קונפֿט האב איך לענקשט האפֿין טאן. |
לט ע״ב נון האט אונז גאט דער הער איבר הימל אונ׳ ערד.
אונזר האפֿן אונ׳ פֿר לאנגן גיווערט.
דער הער פֿאטר ביליבי נאך אונזרם שלאס אונ׳ האף ⟨זיך⟩ צו ביגעבן.
אלדא וואלן מיר אין פֿריידן לעבן :

(זאגט יעקבֿ)

מיין קינד איך האב עבן פֿאלז לאנג טאן האפֿן.
אויף דיזם גליק וואש איך אן איצא האב אן גיטראפֿן.
ווילן דיר גאט האט געבן זאלכֿש גליק.
דא האשטו צו ביפֿעהלן אין אלי שטיק.
נון וויל איך דיר געבן נאך דיינם שלאס דאז גלייד.
אלווא מיר וואלן פֿול פֿירן אונזר פֿרייד :

(זאגט באשי)

דער קיניג פרעה לאזט אים מעלדן איין פֿריינדליכֿן סאלוטאציאן.
אן בייא איין אב שטאטונג געגן זיינם פֿאטר אונ׳ ברידר דעקראטולאציאן.
אונ׳ פֿר לאנגט זעלביגי אודיענץ צו געבן אונ׳ זיא ⟨צו⟩ זעהן.
וועלכֿש זיא האפֿנטליך ווערן לאזן גישעהן :

(זאגט יוסף)

דעם קיניג פרעה מיין דינשט פֿר מעלד.
אונ׳ זיא זאלן גלייך פֿר אים ווערדן גישטעלט.
אונ׳ וויל זיינם ביפֿעהל גיהארזאם רעשפעקטירן.
וויא עז איינם דינר טוט גיבירן :

(זאגט יוסף)

ליבר פֿאטר דער קיניג פרעה האט בייא מיר אן גיהאלטן אונ׳ גיבעטן.

2564 ההשלמה לפי ש
2573 ד י א ג ר א ט ו ל א צ י א ן ש
2574 ההשלמה לפי ש

אלז איך דען הער פֿאטר זאמפט מייני ברידר זאל לאזן פֿר אין טרעטן.
זא האב איך בישלאסן אין מיינם זין.
אלז איך דיא און שיינבארשטי וויל שטעלן פֿאר אין.
דא מיט איך פֿר זיכֿרט קאן לעבן.
אלז ער ניט ווערט פֿר לאנגן איינם דינשט צו געבן :

(זאגט יוסף צו פרעה)
אליר גנעדיגשטר קיניג און׳ הער.
זיין קיניגרייך זאל גיווערן אימר און׳ מעהר.
איך האב נאך אירם ביפֿעהל מיין פֿאטר זאמפט מייני ברידר צו זיא גיפֿירט.
וועלכֿי היינט אן הערא זיין ארווירט.
מ ע״א דען זיא האבן אירי שאף ניט מער | קענן לאזן ווידן.
און׳ דער הונגר איזט אים לאנד כנען און מיגליך מער צו ערליידן.
זא בין איך ווילנש אים אמפט גושן זיא צו זעצן זאמפט אירי לייט.
דען אלדא קענין זיא האבן פֿר אירי שאף גוטי ווייד.
זא אירי מייסטעט זעלביגש צו פֿרידן זיין.
זא וויל איך מירש פֿאר דער העשטי גנאד שעצן איין :

(זאגט פרעה)
מיין גאנץ לאנד און׳ קיניגרייך איזט פֿר זיא בירייט.
איך ווערדי געגן זיא גנאד מיט טיילן אלי צייט.
צו דעם ווישטו דאך אלז איך דיר קיינרלייא פֿר וועהר.
אין דעמי דוא בישט איבר מיין גאנץ קיניגרייך דער גובר נער :

(זאגט יעקבֿ)
דער גאט דער דיא גאנצי וועלט האט אונטר זיינר האנד.
זאל אימר און׳ איביג זיין איר בייא שטאנד.
און׳ זאל זיא בישיצן און׳ בישירמן פֿר אלם און גליק.
און׳ זיא לאזן ביגליקן אין אלי שטיק.
ער לעבי דער קיניג פרעה אין עביגקייט.
אין אייטל לושט און׳ פֿרייד.
ער לעבי דער קיניג פרעה צו לאנגי יארן.
דש ווינשן מיר אים אלי פֿר וואר.
ער לעבי דער קעניג פרעה.
ער לעבי דער קיניג פרעה :

**ענד :**

נדפס ע״י הבחור ליב גינצבורג מפראנקפורט דמיין :

# ז. דוד אונט גליות הפלשתי

נוסח הקומדיה האנונימית 'דוד אונט גליות הפלשתי' מובא כאן על-פי המהדורה היחידה שהגיעה לידנו, שנדפסה בהענא (Hanau) בשנת 1717. ממהדורה זו נשתמרו שני עותקים פגומים בלבד: האחד בבית הספרים הלאומי והאוניברסיטאי בירושלים והאחר בספריית הבודליאנה שבאוקספורד. שני העותקים משלימים זה את זה. שטיינשניידר שיער, כי המחזה נדפס בהענא בין שנת 1711 לשנת 1719.* בעותק שבבודליאנה חסר השער, אך מן העותק שבירושלים אפשר להסיק בוודאות על מקום הדפסתו של המחזה ושנת פרסומו.

מן הטקסט עולה בבירור, כי המחזה אכן הוצג; ראה, למשל, הסיום של המחזה, סעיף קל"ה, שורות 2189—2198. עם זאת אין כל ודאות, שזה אמנם המחזה שנזכר בתיאוריו של שודט.** אין להניח, כי האיסור להציג את 'גלית הפלשתי שפיל בהאמבורג (ראה לעיל, עמ' 20—21) התייחס למחזה מפותח זה, שכן באיסור זה המדובר בהצגות בבתים פרטיים, והרי אין לשער, שאפשר היה להציג הצגה כה ארוכה ורבת-משתתפים כמו זו שלפנינו בסיבובים בבתים פרטיים.

בספר אין מספור עמודים. הוא מורכב משלושה קונטרסים בני 8 דפים ומחצית הקונטרס, כלומר, 28 דפים, שהם 56 עמודים, כולל השער. במהדורתנו צוינו העמודים במספר רצוף (1—56). במקור ממוספר כל דיבור כמו התחלת סעיף, באות עברית, וסימון זה הועתק גם כאן. בכמה מקומות יש פגמים קלים בשני העותקים כאחת, כגון חורים של עש. השחזורים הובאו כאן בין סוגריים מרובעים, ללא כל הערה; במקומות שבהם לא שוחזר הנוסח צוין הפער בסוגריים מרובעים. במקור נדפסה התיבה הראשונה של כל דיבור באותיות מרובעות, ואילו שאר הטקסט נדפס ברציפות באותיות הרגילות של הדפוסים ביידיש; עם זאת הובלטו המבנים הסטרופיים על-ידי התחלת כל סטרופה בשורה חדשה. במהדורתנו נשמר הפיסוק המקורי: נקודה בסוף שורה מתחרזת ובסוף הוראות-בימוי ונקודתיים בסוף דיבור או בסופן של סטרופות. בכמה מקומות לא הובלטה התחלתה של סטרופה או יש סטייה מן הפיסוק, ובמקרים אלה תוקנו הדברים בלי להעיר על כך. כל תיקוני המהדיר, שהוגבלו אך ורק לשגיאות-הדפוס, צוינו בסוגריים מזווים; במקרה הצורך נוספה הערה. בתיבות אחדות מופיע בדפוס סימן רפה שלא במקומו. סימן זה נמחק במהדורתנו בלי שהועער על כך.

* קטלוג, מס' 3408, והתיקונים שם.
** כרך שני, ספר שישי, פרק 35, עמ' 314.

השער

# איינה שינה נייא קוריאסה אקציאן פון קיניג דוד אונט גליות הפלשתי

וועלכי אין איינר שינה קאמעטן צו אגירן.

איר הערן ליב האבר האבט הירינן צו זעהן. וואז מיט קיניג דוד אונ׳ גליות פֿר גרושי וואונדר זיין גישעהן. וויא קיניג דוד איזט גאנגן צו פֿעלט. מיט גליות דען שטארקין העלד. אונ׳ מיט גליות טאן שארשירן. דער קיניג דוד האט טאן פֿיקטאריסירן. אונ׳ מיט גאטש מאכֿט. דען גליות אום זיין לעבן גבראכֿט. זונדר ביקסן אודר שווערט. הוט דער קיניג דוד דעם גליות מכֿין פֿאלן צו דער ערט. מיט איינר שליידר הוט דוד גיווארפֿן איין שטיין אן גליות זיינר שטירן. ער האט אים גאהר וואול גטרופין זיין הירן. וואריבר דער קיניג דוד דעם קיניג שאול זיינה טאכֿטיר מיכל צו איינר עה גימאלין ביקומן. אונט דיא ליב שפֿט פֿון יהונתן אויף איביג אין הערצין איין גינומין. דארויז איזט צו יודיצירן. וויא גאטיש מאכֿט אונט הילף אויף איביג צו שפירין:

נדפס בק״ק הענא בשנת ו(י)דעו כל הארץ כי יש אלהים לישראל:
דז ספֿר איז צו פֿר קויפֿן בייא הר״ר משה זעקל מיינעק בק״ק אופן באך

עמ׳ 2 **היא** בייא טואי איך מיך עקסקוסירן. דז וועלכֿי מעכֿטין אובסערפֿירן. וויא דער שאלקש נאר טוט אליר הנט קורץווייל מאכֿין. דא מיט דז דיא לייט זאלן דאריבר לאכֿין. אונט טוט ביז וויילן שפרעכֿן און היפֿליכֿי ווארט. מוז מן אובר דש זעלבי לאזין דא הין גשטעלט זיין אויף זיין אורט. דער וויילן בייא אלין קאמעטין אונט דער גלייכֿן אגירר אישט דער וועלט לויף. זא מוז מן אויך דיזש ניט נעמן איבל אויף. אונט וויילן אויך שאן זולכֿיז איזט ווארדן פראקטאצירט אין אגירן. זא ווערט מן מיך האפֿנטליך דא מיט פארטונירין. אונ׳ וועלכֿי ליב האבר דיזש ווערדין לעזין פֿון אן פֿאנג ביז צום ענד. ווערדן פֿינטין איר קונטנטאמענט. איר געלט ווערט אינן ניט פֿר דריסן. דז זי דא פֿאר טון שיסן. היא בייא וויל איך מענאשירן. אונ׳ וויל ניט מערי נאטיפֿיצירן. אונ׳ וויילן מיר צו גאט זעצן אונזרן פֿר טרויאן. זא ווערין מיר זוכה זיין צו זעהין דאש בית המקדש באלט צו בויאן. אמן : |

עמ׳ 3 היא בייא טוט מן אייך ליב האבֿר אן קינטן. וואז זיך פֿערנר פֿר נאמהאפֿטיגי פערסאן אין דער אקציאן טאן פֿינטן. ווער זיא זיין אונ׳ פֿון וועם זיא דעביטירן. וויא זיא פֿערנר אגירן :

**א.** **ליזינצקי** — דער ראהטש הער פֿון גליותֿ וועלכֿר זיך זיין נאמן שאנשירט. אונ׳ זיך האנז ווארשט טיטילירט. פֿון גליות גשיקט אן דעם קיניג שאול אלז איין שפעיאן. אונ׳ אלז איין שאלקז נאר אגירן טאן :

**ב.** **הימבער** — דר ראהטש הער אונ׳ מארשאל פֿון גליות :

**ג.** **קראנשיט** — דר ראהטש הער פֿון גליות :

**ד.** **אליאב** — דער זוהן ישי לייבז דינר בייא קיניג שאול :

**ה.** **אבינדב** — דר זון ישי לייבז דינר בייא קיניג שאול :

**ו.** **אבנר** — הויבט פֿעלד הער בייא קיניג שאול :

**ז.** **יונתן** — דר פרינץ פֿון קיניג שאול :

**ח.** **דואג** — דר בייכֿט פֿאטר פֿון קיניג שאול :

**ט.** **שאול** — דר קיניג :

**י.** **גליות** — דר שטארקי העלט פֿון פלשתים :

יא. מיכל — דיא פרינצעסין פֿון קיניג שאול:
יב. יעגר — פֿון קיניג שאול:
יג. דוד — דער קיניג דער זוהן ישי:
יד. ענגיל — איבר דעם שטיין:
טו. ענגיל — איבר דעם אייזן: |

עמ' 4 ליזינצקי קומט אונ' זאגט.

א **באסוואר** מונזיער הימבער.
זיא בליבן מיט צו טיילן עטוואז נייאי מער.
וועלכֿי זיא מיט נעכֿשטי פאשט האבן ביקומן.
אב זונדרליך אירה מעלאנקאלי האבי פֿר נומן.
אלז זי טאג אונ' נכֿט.
אין וויכֿטיגי אפֿערא זיין בטראכֿט.
דא הערא טון איך פֿר גוט בפֿינדן.
אלז זיא מיר זולכֿיז זאלין אן קינטן.
אונ' מיר צו אפֿערירן.
דא מיט דז ניטיגשטי דרויז צו יודיצירן.
דען אין איינם ראהט פֿפֿלעגן צווייא בעשר צו זיין.
אלז איין פערשון אליין.
אין שפעציא מיר פֿאר דיזן גוטי קומיראטין זיין גיוועזן.
אונט איך טאטא קיין בעשרין ווישטי אויז צו לעזין.
דארום לעבי האפֿנטליך זיא ווערין זיך פֿון מיר ניט אבשיידן.
דיזה פֿר דעקטי זאכֿין געגין מיר צו מיידן:

אנטווארט הימבער

ב שעפֿורעמערסי מונזיער ליזינצקי זיא ביליבן צו זיצן מיר וואלן ניט איילן.
זא ווערדי ניט הינטר האלטן מיט צו טיילן.
וואז דיא יונגשטי פושט הוט מיט גבראכֿט.
וועלכֿיש פֿר אורזאכֿט אלז איך בין בטראכֿט.
דיזר בריבֿ איזט פֿון אונזרן הערן גליות דער שטארקי העלט.
יעצט וויל איך פֿאר שטעלן וואז ער פֿר מעלט.
אייני זאך וועלכֿי זיא ניט האבן גיהער[ט.]
[וו]יילן זי לעבן אויף דר ערד.
אלז אונזר הער דער אן גינעמי.
[...] זאלכֿיז ניט זאל שעמי.
איין צו בילטן צו פֿאלפֿירן.

אייני [. . . וו]עלכֿי גאר שווער איזט צו מאנטאנירן.
ווי איך פֿערנר ווערדי פֿאר שטעלן.
אלז מיר דארויז יודיציירין וועלן :

קומט קראנשיט אונ׳ זאגט.

ג גאט גריס אייך הערן איינז גיזאמט.
פֿון אונזרם הוף ליבליכֿן גאנצן אמט.
בין איך שפעטירט אן הער.
צו פֿר נעמן וואז דא איזט דער מעהר.
אין דעמי זיך אונזרי בריבֿ אויף אירה בצי[הן ?].
וועלכֿיש ערפֿארטירט איר הערליכֿקייט צו בימיהן.
אירן בריבֿ פֿאר צו לעזין.
עמ׳ 5 דא מיט | צו פֿר נעמן וואז אורזאך אישט גיוועשין.
אלז פֿאר איין טאג אודר אכֿט.
אייני קוריהר הוט איבר בראכֿט.
אינר האלב פֿיר צעהן טאג אלי גארניסאן אין שטעט אונ׳ פֿלעקן.
זיך נאך דער קרון ארמע זאלין שטרעקין.
אונ׳ קיין אייניגר פערסאן זאל אויזן בלייבן.
דען עש אישט אן גיזעהן איין גאנץ קיניגרייך צו פֿר טרייבן.
וויא איך אויך מונזיער הימבער האב גימעלט.
אלז ער זאמט זיין קארפא זאל ציהן צו פֿעלט.
אן בייא אורטר ערטיילט פֿאלק צו ווערבין.
דא מיט זאלכֿיז קיניגרייך גרונטליך צו פֿר דערבן.
אונ׳ דיא גיהיימנוס גיגן דעם זעלבן לאזן מערקן.
וואז פֿאר טאטין מיר וואלין אויז ווערקין.
דארום טוט אונזר הוף ליבליך אמט ביגערן.
דיא גיווישהייט דא פֿון צו הערן :

זאגט הימבער

ד זויילן דיא זאך נון מער איזט בובליג.
זא געבי גאט זעגן אונ׳ גליק.
אלז מיר מעכֿטין מאנטאנירן.
וואז זיך אונזר הער לאזט שפירן.
זיא ביליבן זיך אויף דיזן זעסל נידר צו זעצן.
זא וואלן מיר דיא זאך גרונטליך אויז שוועצן.
זונשט שטיהט צו ביזארגין אלז אונז איבל אויז גינג.
דען די זאך אישט ניט זא גרינג.
די זיך אונזר הער הוט פֿאר גנומן.

זי טוט מיר גאר שווער פֿאר קומן.
אויז גיווישי אורזאכֿן וועלכֿי איך קינפֿטיגן ווער מעלדן.
עז ליגט ניט אלי מאל אן שטרקי העלדן.
וויילן אבר די הערן זיין ביגיריג זולכֿיז צו הערן.
זא וויל מיך פֿון אלי גשעפֿטן אב קערן.
אונ' אינן דיזש שרייבן קונט מאכֿן.
עז שטיהט פֿר וואר ניט דארויז צו לאכֿן.
דארום הערט אויף גר עבן.
וואז נייאז אלהיר ווערט געבן :

הימבער לייאנט קראנשיט דען בריבֿ פֿאר וועלכֿן ער פֿון גליות ביקומן.

ה מארשאל דע הימבער.
זיא ווערדן ביאורטרט אן הער.
זמט זיינם קארפא צו פֿפֿערט אונ' פֿוס.
בנעבן אליר באגאשי וועלכֿי דא בייא זיין מוז.
דען איך וויל רעפארירין.
וואז טאטא האט טאן פאסירין.
דעם יודן קיניג שאול האבי איך איינן טאמבאר גיזאנט.
מיט בריכֿט אלז ער זאמט זיין גנץ לנט.
מיך פֿאר איין קיניג זאל ערקלערין.
אונ' פֿון אירם גלויבן זיך ביקעהרן.
פֿערנר אובר זולכֿיש ניט זאלט גישעהן.
זא וואלטי מיך זאמט מיי[ן] ארמע צו אינין גינעהן.
אונ' זיא ביגעגינין מיט אליר טוראנישקייט.
עמ' 6 צו פֿר הינדרן אל | איר לושטפרקייט.
דיזר עקספרעסא איזט ווידר צו רוק גיקומן.
פֿון זעלבן זיין שעלמישי ווארט האבי פֿר נומן.
עז ווער אים אן מיר ניקש גילעגין.
ער ביטיט מיר דען שפיץ פֿון טעגין.
וואריבר איך מיך האבי פֿר ביטרט.
אלז מייני גילידר זיך ער ציטרט.
דא הערא דיא זאך צו פֿאלפֿירן.
אונ' זאלט איך ווישן מיין לעבן צו פֿאר לירן.
מיט אלי קראפֿט אונ' מאכֿט אויף זיא צו מארשירן.
אונ' איני זעמטליך צו מאזאקרירן.
דארום גטריישטר מארשאל מיין.
ער זאל אים רעקאמאנטירט זיין.

אלי אום ליגינטי שטעט אונ׳ פֿלעקין.
דיזי זאך צו אנטעקין.
דא מיט אלז מן פֿעלקר קאן ווערבן.
וועלכֿי זאלין העלפֿין שאול זיין קיניגרייך פֿר דערבין.
אונט מיט נעכֿשטן אויף דען מארש ביגעבין.
דא מיט דען יודן צו נעמן באלט דז לעבן :

זאגט הימבער :

ו נון אירי הוך ליבליכֿי קומראטין.
עז טויארן מיך אונזרי סאלטאטין.
דען עז אישט קיין קליינש מיט יודן אן צו פֿאנגין.
מיר זעהן וואול וויא עז אונזרי פֿאר עלטרן אישט גאנגין.
וואן זיא האבין אן גיפֿאנגן מיט דען יודן גישלעכֿט.
זא זיין זיא ווארדן גישוועכֿט.
דען איר גאט לאזט זיא ניט פֿאלין אין פֿיינטש הענט.
וויילן זיא זיינן נאמן האבין ערקענט.
וויא מיר וואול פרעסאמירן אונ׳ אן זעהן.
וואז שאן מיט אינן איז גישעהן.
באר עקסעמפל אברהם דער ערשטי יוד אונטר אלין.
האט דער קיניג נמרוד אין קאלך אופֿן מאכֿן פֿאלן.
אונ׳ גימיינט אים צו פֿר ברענן.
וויילן ער איין אנדרן קלויבן האט טון ערקענין.
זא הוט אבר אים זיין אן גינומני גאט.
בישירמט פֿון דר זעלבֿי גרושי שפאט.
אונ׳ דאז ניט אליין.
זונדרן דיא אום שטענטיגי גישטערצט היניין.
צום אנדרן וואז דר קיניג פרעה מיט אינין הוט אן גישטעלט.
האט ער אובר דאך גערן גיוועלט.
ער העט ניקש גיפֿאנגן אן.
דען זיין קיניגרייך איזט דא דורך ווארדין קלאן.
דען איר גאט איזט גאר גרוש.
ער צאלט אלז מיט דער זעלביגי מאס.
אלז דער מענש פֿאר דינט.
וויא זיא האבן דיא יודן אונטר מינט.
אונ׳ אין מער פֿר זונקין.
וויא זיא אויף דיא יודן קינטר האבן גיטונקין.
סומא עש שטיט ניט אלז צו נאטיפֿיצירן.

וואז אלז מיט דען יודן הוט טאן פאסירן.
אין שפעציא ווייל זיא האבן אנטבאטן איין טרוץ.
עמ׳ 7 זא מוזין זיא | ווישן אלז זיא זיין וואז נוץ.
דארום מעכֿטי גערן אויז קליגן.
וויא מן זיא קענט אויף דש בעשטי ביטיריגן :

זאגט קראנשיט.

ז מונזיער הימבער נעמן זיך ניט זא שווער פֿאר.
זיא טויגן ניט איין האר.
אויז אירי גימעלטי זאכֿין.
טון איך פֿר ווארנ נור לאכֿין.
דען דז זעלבי איסט נור גיוועזן אייטל צויברייא.
אבר נון מער איזט די צייט פֿר בייא.
דז זיא העקסן מיינשטר אונטר זיך מוזן האבן.
דארום ווערן זיא טרעטן אין אונזרן קלויבן.
זא באלט זיך אונזר ארמע ווערט קוניגירן.
ווערין זיא זיך שון רעסאלפֿירן.
הין אודר הער.
אונט וואז מיט אינן אישט דר מער.
האפֿנטליך זוא וואר מיר היר זיצן אלי דרייא.
אלז מיר דען שעלמן ווערן קומן בייא :

זאגט הימבער.

ח מיינה הוך ליבליכֿי הערן זיא פֿאלגן מיינם ראהט.
אונ׳ היטן זיך פֿאר דעם ביטרן טוט.
דען עז וויל מיר ניט גין צו ארין.
אלז דז קיניגרייך פֿון שאול קען ווערדן פֿר לארין.
דען גאט האט אירן פֿאטר יוקבֿ ⟨!⟩ צו גיזאגט.
דא אים דר הונגר הוט אין איגיבטא גיאגט.
דיין זאמן זאל זיין זוא פֿיל.
אהני מאס אונ ציל.
וויא מיר אויך האבין פֿר נומן.
אלז איין פֿרויא זעקס קינדר אויף איין מאהל הוט גיוואונין.
וויא זאל מן דען צו קלויבן שטין.
דז מן מיט זיא זא אום ווערט קענן גין.
וואן מיר ניט אויז טראכֿטין.
דיזי זאך צו ביאובאכֿטן :

זאגט ליזינצקי

ט דיא הערן מערקין גאר עבן.
וואז איך וויל פֿאר געבן.
דיזר שטרייט שטיט צו גיווינין.
ווײלן דז קיניגרייך פֿון שאול זאל אנטרינן.
דען איר פראפֿיט סאמועל הוט אים אן גיזאגט.
דז ער פֿון זיינם קיניגליכֿן שטול ווערט ווערדין גיאגט.
אונ׳ איין אנדרר זאל דז קיניגרייך פֿירן.
וועלכֿר בעשר דא צו טוט מערידירן.
זא אישט קיינר בעשר אויף דר וועלט.
אלש אונזר הער גליותֿ דר שטארקי העלט :

זאגט קראנשיט :

י פֿר וואר דיזר פונקטא אישט זא גוט.
אלז ער פֿר אור זאכֿט איין פֿרישן מוט.
עמ׳ 8 מיר וואלן זיך נון ביגעבין | צו פֿעלט.
נאך ביפֿעליך אונזרן הערן דען שטארקי העלט.
וועלכֿר זא קלוג אונ׳ פֿר שטענדיג איזט.
אלז ער האט גיווארט ביז צו דיזר פֿריסט.
אלז ער הוט פֿר נומן.
דש דאז קיניגרייך פֿון שאול זאל ווערדין גינומן.
אובר ווען דיזש זאלטי גיוויש זיין.
זא מעכֿט איך ווישן וואז זיא זיך בילטין איין.
דז זיא ניט וואלן צו הערין.
אונט אונזרם הערן זייני ריד פֿר שטערין :

זאגט הימבער

יא מיין ראהט וויל איך אויך ניט פֿר מיידן.
ליזינצקי זאל זיך פֿר קליידן.
אונ זאל דען יודן קיניג שאול בעטן.
דז ער דען שטעל פֿון איינם שאלקז נאר מעכֿט בטרעטן.
זא קאן ער אלז אויז הערן.
מיט וואז זיא זיך אים שטרייט וואלין ווערין.
אין שפעציא וואן זיך איין נאר קאן בייא מאכֿן.
זא איזט ער בייא אלי גיהיימי זאכֿן.
זא קאן ער אונז אופֿינבארן.
וואז בייא אירם ראהט טוט פֿר פֿארן.
דא מיט אויז צו קליגן.

וויא מיר זי אונטר אונז קענין ביגן:

זאגט ליזינצקי

יב דיזר ראהט אישט וואול גוט.
וואן ער נור אן גין טוט.
דאך וויל איך בייא האנט ליגן איין נארין קלייד.
אונ׳ וויל מיך שטעלן פֿאל פֿרייד.
ווען שאן מיין הערץ איזט ניט דא בייא.
דען איך ביזארגי עז מעכֿט געבן איין גישרייא.
דארום בעטי איך נעמט אייך אין אכֿט.
דא מיט זולכֿיז קאן ווערן פֿאל בראכֿט.
אלז זאלכֿיש מעכֿט אין דער שטיל בלייבן.
זונשט מעכֿט מאן מיך פֿון האף פֿר טרייבן.
איך ווער מיך שאן ווישן צו שיקן דריין.
ווען איר נור דיא פאשט נעמט אין אובאכֿט פֿיין.
אלז דיא בריב ניט קומן אין פֿרעמטי האנט.
זונשט קומן מיר צו גרושר שאנט.
מיט דיזר קונפֿערענץ וואלן מיר יעצט בישליסין.
אונ׳ איך וויל צום קיניג מיך מאכֿן אויף מייני פֿיסן.
אונ׳ מיך צום קיניג לענקן.
אונ׳ אים מיט אן נעמליכֿי ווארט בישענקין.
דארום טוט איין קלייני צייט אויף דער זייט וויכֿן.
איך וויל גלייך זאם צו קינג שאול שלייכֿן.
אונט מיך הנז ווארשט לאזן טיטלירן.
דא מיט דיזי פֿאר האבינטי זאך בעשר צו פֿאלפֿירן.
נון וויל איך מיך רעכֿט צירן.
אונ׳ דיזה אן נעמליכֿה מונטוהר אן ברובירן: |

עמ׳ 9 זאגט הנז ווארשט.

יג איך קום היריין צו שלייכֿן.
איר אן וועזינטי הערן מושט מיר אלי אויז וויכֿן.
דען איך האב קיין גלייכֿן.
זא ווייט איך מיט מיינם אהרים קען רייכֿן.
איך האך גיבארניר הער בין דער ערשטי טאנץ מיינשר גינאנט.
וויא אונה צווייפֿל אלי ליב האבר אישט ביקאנט.
דארום קום איך הער צו שפרינגן.
מיט מייני שעלין צו קלינגן.
איך בין איין בירימטר טאקטר פֿר דער רוטי רוהר.

דארום טראג איך זאלכֿי גיפלעקלטי מונטוהר.
אונ׳ בין קוואליפֿיצירט אין אלי זאכֿין.
ווער מיך אן זיכֿט דער מוז לאכֿין.
נון איר ליב האבר וועלט איר ווישן מיין ביגער.
וואז אורזאך איך בין גיטרעטין אל הער.
אייניגי שיני לידר וויל איך אייך זינגין.
אלז איר ווערט טאנצן אונ׳ שפרינגן.
דארום טוט אייארי שוך וואול מיט ווידן בינטן.
דאש זיך דער אובר צוק ניט פֿון זוהל זאל שינטין.
אונ׳ עקסיצירט אייך איין זובטילן טריט.
אלז איר קענט אויף שפרינגן אין דער מיט.
אבר איהר דש עז זעל זעהר שטינקין.
זאלט איר ליבר מיט אננדר הינקן.
יעצונט וואלין מיר דיזה מאטעריא אויף זייט זעצן.
אונ׳ פֿון דער הויבט זאך אן פאנגין צו שוועצן.
אונ׳ די רעכֿטי ווארהייט זאגין.
וואז איך האב צו קלאגין.
מיין מאגין אישט זא לעהר.
אלז וואן נוך קיין אכֿטיל ברוט דרינן ווער.
דיא ווארהייט טון איך זאגין.
עז קענט איין קאץ אייני מויז נאך יאגין.
אונ׳ זיא דוך ניט ערייכֿין.
אישט דאז ניט איין גרוש וואונדר אונ׳ צייכֿין.
דיזז וויל איך אלז לאזין פאסירן.
אונ׳ אייני נייאי צייטונג קאנפֿירמירן.
איין שטרייט ווערט זיך צווישן גליות אונ׳ קינג שאול ערוועקין.
איינר ווערט דעם אנדרן דען קאפא אויף דען טעגין שטעקין.
אבר איך קאן ניקש רידן דריין.
ביז אלי בידינטי דז קיניגש אויך דא בייא זיין.
נון אישט ווידר מייני עהר אונ׳ רעפוטאציאן.
אלז איך מיין ברודר אליאב זא לאנג לאז דרויזן שטאן.
זונדרן איך וויל אים לאזן גלייך ארייִן קומן.
אונ׳ פֿאר נעמן אוב ער אויך פֿון דיזום שטרייט הוט פֿר נומן.
ארייִן ארייִן.
ברודר אליאב מיין : |

עמ' 10 קומט אליאב אונ' זאגט.

[י]ד ברודר האנז ווארשט עז פֿרייאט מיך זייני גזונטהייט.
ער ביליבי פֿאר צו שטעלין וואז דיזיז ביטייט.
אלז ער מיך אן הערא בירופֿן האט.
איך האפֿי צו גאט.
ער ווערט אליז גוטש האבין צו מעלטין.
פֿון גליות דען שטארקי העלטין.
אלז מיר אין ווערין קענין שטערצין.
דער מיט אב צו טאן אונזרי גרושי שמערצין.
דען ער טוט אונז האסין.
אונ' ביזי גידאנקין אויף אונז פֿאסין.
דארום טוט ניט לאנג שטיל שווייגין.
אונ' מיר באלטין אן צייגין:

אנטוואורט הנש ווארשט.

טו אליאב אליאב דוא בישט איין טאפרר קנאפא.
דוא האשט ערֿאטין בייא איין נאדל קאפא.
גליות וויל אייך מיט זיינר פֿליט שרעפֿפֿין.
ער ווערט אייך גאר איבל טרעפֿין.
דען זייני פֿליט איז לאנג זעקס אילין.
איר ווערט האבין דא פֿון צו ערצילין.
ער טוט זיך דער ערשטי באדיר נענין.
איר ווערט אינן באלט לערנין קענין.
ער ווערט אייך צוואגין.
אלז איר אוני צווייפֿל ווערט זאגין.
נאך זולכֿי באט שטובין האבין מיר קייני פֿאר לאנגין.
איר ווערט ניט ווישן וואז איר זאלט אן פֿאנגין.
דארום מעכֿטי איך גערין קונצילירן.
וויא מיגליך אין אן צו פֿירן:

זאגט אליאב.

טז דיזה ווארט האבי שאן לענגשט דוריך איין טאמבאר פֿר נומן.
וועלכֿר פֿון גליות אן אונזרן הערן אישט קומן.
אלז ער זיך טוט קאפאוויל פֿינטין.
מיט טרייאן ער וויל אונז פֿר שלינטין.
דארום מעכֿטי איך גערין הערין זיין פֿר שטענטיגן ראהט.
וויא מן אויף אין קאן ברענגין דען ביטרן טוט.
ווען איך נאר קענט אונזרן פֿעלט הערן אבבר פֿינטן.

וואלטי אים דיזה זאך אן קינטין.
איך פֿאר מיין ער ווערט דרויזן זיין.
דרום וויל איך אין היישן גין היריין.
אריין אריין.
הויבט פֿעלט הער אבנר מיין:

קומט אבנר אונ' זאגט.

יז **אליאב** דיזיז טוט פֿאר אורזאכֿין.
דאז איך מיר שווערי גידאנקין טוא מאכֿין.
דען דאש אישט ניט דיין מאניר.
דאש דוא מיך לאזט רופֿין צו דיר.
אויך אן דייני פיסטוהר איזט אן צו זעהן.
דש וואז איז וויכֿטיגש גשעהן. |
עמ' 11 איך עראינרי מיך וואז איך האב הערין שאלין.
וויא אונז די פלישתם ⟨!⟩ וועלין איבר פֿאלין.
אהני צווייפֿל ווילשטו מיר דיזיז זאגין.
דאש הערי איך אן דייני יאמרי אונ' קלאגין.
דארום וועלין מיר איין גוטין ראהט זוכֿין.
זיא צו פֿר ראטין אונ' פֿאר פֿ⟨לו⟩כֿין.
אונ' אונזרן גינעדיגשטן קיניג העלפֿין אויז זייני ניטן.
מיט דער הילף גאטש זיא אלי צו מאהל טיטן.
דרום זאג מיר ביהענט.
אוב איך דייני גידאנקין האב ערקענט.
זא וויל איך שאן פֿינטין איין מיטל.
דער וויל איך פֿר איין הויבט מן האב דען טיטל:

אנטווארט אליאב.

יח פֿר וואר מיין אן ליגנש טון זיא מערקין.
צו איינם גוטן ראהט זאלין זיא זיך שטערקין.
דען זיא פֿלעגין צו ביגליקין.
אין אל אירי שטיקין.
אין שפעציא איך טוהי פֿאר געבין.
אלז איך טוהן האפֿנטליך לעבין.
גאט דער אלמעכֿטיגר ווערט אונזר הילפֿיר זיין.
וויילן עז ביטרעפֿט דיא גאנצי יודישה גימיין:

316 במקור פֿולכֿין

זאגט אבנר.

יט **אליאב** איך בין אן בירייט.
מיך צו ביגעבן אין איין שטרייט.
אבר מיר קענין זיך זולכֿיז ניט אונטר שטין.
זונדרן אונזרן גינעדיגין פרינצן לאזין אן הערא גינעהן.
זייבין ראהט מיט אן צו הערין.
וויא מיר זיך גיגין דען פֿיינט זאלין ווערין.
ווען איך אים נאר אנטרעפֿין קענט.
דען עז מוז גישעהן ביהענט.
איך פֿר מיין ער ווערט דרויזן שטין.
זא וויל איך אים במיהן ארײן צו גיהן.
אריין אריין.
דוריך לייכֿטגשטר פרינץ יונתן מיין :

קומט יונתן אונ׳ זאגט אבנר צו יונתן.

ך **אירה** דוריך לייכֿט ווערין ניט אום גיהאלטין זיין.
דש מיר זיא במיהן צו קומן אריין.
דען אונזרי טרייאי אייד אונ׳ פֿליכֿט האט אונז דא צו ביוואגין.
וויא מיר אונטר טעניגשט ווערין פֿאר שטעלן אונ׳ זאגין.
דיא פלישתים טון זא שטארק לויפֿן.
מיט גידאנקין אונז צו ווארפֿין איבר דען הויפֿן.
דא האבין מיר זיך בידאכֿט.
מיט אינין צו וואגין איין שלאכֿט.
דאך צו פֿאר הער אירן פֿאר ⟨שט⟩ענדיגן ראהט אן צו הערין.
נאך דעם זעלבין צו ווענדין אונ׳ קערין : |

עמ׳ 12 אנטווארט יונתן.

דא **פאר** אירי גונשט אונ׳ טרייהייט.
בין איך אובלאשירט יעדר צייט.
ווילן איר זייט ביטראכֿט.
אלז אונזר קיניגרייך מעכֿט ווערדן ביאובאכֿט.
אונ׳ גידענקט מיט הערצן.
דען גיפֿערליכֿן פֿיינט צו שטערצן.
דעסן טוהי מיך היפֿליך ביטאנקין.
דער הימל ערלייכֿטרי אונזרי שוועהרי גידאנקין.
זייני הילף זענדי צו איבר זיגן.
דש מיר דען גרושן גליות קענין ביגן.

351 במקור טשעניגן

דרום לאשט אייאר פֿאר האבינדר ווילן גישעהן.
אונ׳ לאשט נאך איינר וואול גירישטר ארמע זעהן.
דוך קענין מיר עז ניט מאנטינירן אליין.
אירי מיישטעט מיין הער פֿאטיר מוז אויך דא בייא זיין.
דיא צייט פֿאלט קורץ צו בידענקן.
מיר מוזין זיך באלט נאך אים לענקן.
אליאב מיין גיטריישטר דינר מיין.
אין דיזן זאלשטו איין אמבאסענדער זיין.
בייא מיינם פֿאטר איין אוידיענץ צו ערלאנגין.
צו איבר טראגין וואז אלהיר אישט פֿר גאנגין.
אין קונפֿירענץ צו יודיצירן.
וויא מיגליך דען פֿיינט צו מאזאקרירן.
רישט דיך באלד צו פֿוס אודר צו פֿפֿערט.
דאמיט דז פֿיינטש לעשטרין ניט לענגר גיווערט.
אונ׳ פֿר נעם אוב זולכֿיז מיינם הער פֿאטר מעכֿטי גיפֿאלן.
אלז מיר בייא וואוניטן אלין :

קומט אליאב מיט רעפורט צו רוק אונ׳ זאגט.

דב  אירה דוריך לייכֿטיגשטי ביפֿעל האב איך גיהארזאמשט נאך גילעבט.
אלז איין פֿאגיל וועלכֿר אין דער לופֿט שוועבט.
אירי מיישטעט טון אלי וויל שפייזן.
איך ביפֿינטי פֿאר גוט צו אים צו רייסן.
וויא וואול ער צור אנטווארט האט געבין.
מיין פרינץ זאמט דיא הערין רעהט זאלין לעבין.
זיא זאלין זיך איין קלייני צייט פאציענטירן.
זא וויל ער אין האהער פערסאן אן הערא צום גיהיים ראהט שפאצירן.
דוך קענט קיין שאדין דרוף שטין.
ווען מיר דעם קיניג מעכֿטין אנטקיגן גיהן :

קומט הימבער אונ׳ קראנשט אונ׳ הימבער זאגט.

דג  עֿש ערפֿרייאט מיך אלז מיר מונסיער ליזינצקי האבין אן גיטראפֿן.
עמ׳ 13 זיא ביליבין צו נאטיפֿיצירן וואז אין | מיטלשט אישט פֿר לאפֿין.
אונ׳ אוב אונזר אן גישטעלטר ראהט וואול פֿון שטאטין גיהט.
אונ׳ וויא עז בייא דעם יודשן האף שטיהט.
אירי קונפֿירענץ וועלכֿי זיא שליסן.
בין איך נייא ⟨ג⟩יריג צו ווישן.
דער מיט אונזרן הערן גליות צו בירייכֿטן.

394 במקור שיריג

נאך אונזרי שולטיגשטי פפֿליכֿטן.
דארום טוהי ער זולכֿיז ניט לאנג מאכֿין.
אונ׳ אופֿינבארי אלי פֿר לאפֿני זאכֿין :

ליזינצקי אנטווארט.

דד איך דאנקי דעם אלמעכֿטיגן גאט.
וועלכֿר זי אן הערא גיפֿיגט האט.
דען איך האב מיך שאן לענגשט ביטראכֿט.
וויא דיזה צייטונג מעכֿט ווערדן איבר בראכֿט.
אבר נון מעהר טרעפֿט זיך דאז גליק.
אלז איך ניט ניטיג האב דז גישיק.
אויך אישט בעשר אייני מינדליכֿי זאג.
דען עז קומט ניט זא באלד אן טאג.
דרום הערט אויף גאר עבין.
וואז נייאז אלהיר האט געבן.
זיא האבן זיך בידאכֿט.
מיט אונז צו וואגן איין שלאכֿט.
אונ׳ אירם קיניג זיין זיא אלי אנטגיגן גיגאנגן.
אינן צור אודיענץ צו עמפפֿאנגן.
אונ׳ וואלן יודיצירן.
וויא זיא אונז וואלן מאזאקרירן.
דרום איבר טראגט ביהענד דיזה ווארט.
דען איך מוז באלד ווידר פֿארט.
וויל איך האב פֿר נומן.
אלז דער קינג באלד ווערט אן קומן :

זאגט קראנשיט.

דה אירה ווארט האבן מיר אן גיהערט.
אלז ער זיך זער בישווערט.
לענגר אויף צו הלטן אלהיר.
וויל דר קיניג איזט פֿאר דר טיר.
זא וואלן מיר גיהרזאמשט נאך לעבן.
אונ׳ ווידרום אויף דער רייס ביגעבן.
דוך ווערן זיא פֿערנר זיין ביטאכֿט.
אלי קונפֿארענצין צו נעמן אין אכֿט.
אונ׳ אונז פֿערנר געבן אלי נאך ריכֿט.
וויא פֿאלגן איר אייד אונ׳ פפֿליכֿט.
אונ׳ מאכֿט אונז אליז קונט.

היר מיט אדיע זיא בלייבן גיזונט :

קומט אליאב אונ' זאגט.

דו האנז ווארשט דוא זאלשט איין שטוהל שטעלן.
ווארויף מיר דען קינג זעצן וועלן.
דרום זייא גישוויג[ט] אן בירייט.
דען דער קינג אישט פֿון היר ניט ווייט.
אונ' טוה[י] עז באלד מאכֿן.
אלז מיר קענן פֿאל ברענגן אונזרי פֿאר האבינט[י] זאכֿין : |

עמ' 14 זאגט הנז ווארשט

דז איך ווערדי ניט מאנגירן.
מיין העפֿליכֿקייט צו לאזין שפירן.
אונ' אירי אורדר נאך לעבין.
ווען זיא וואלן איר צונג אין מיין הינדרן קלעבן.
ווען דר קיניג ווערט איין טרעטן.
זא וויל אים אויך צו זאלכֿם צו גאשט בעטן.
ער ווערט עז אבר ניט גלייך טאן וועלן.
דרום מוז איך אים איין שטוהל שטעלן.
דער מיט ער זיך קאן זעצן.
דיזה זאך בעשר אויז צו שוועצן :

קומט דואג אונ' זאגט.

דח מייני פערסאן טון זיא אהני צווייפֿל וואול קענן.
אלז איך מיך דואג דז קיניגש בייכֿט פֿאטר טוהי נענין.
דרום קענן זיא אויך וואול אן זעהן.
דז זיא דער קיניג ניט וויל פֿר שמעהן.
אונ' אין האהר פערסון אן הערא טרעטן.
וויא זיא זעלבשטן האבן גיבעטן.
בייא אירי מיישטעט בייא צו וואנין.
זא וויל ער זיא דוך פֿר שונין.
דז זיך דר גאנצי גיהיים ראהט ניט זאל בימיהן.
צו אירה קיניגליכֿה מיישטעט צו ציהן.
זונשט ווער איך ניט צו אינן קומן הייט.
דען ער לאזט מיך ניט פֿון זיינר זייט.
היר נאך האבט איר אייך צו רעגאלירן.
דז זיך דער קיניג אליר נעכֿשט לאזט שפירן.
זיא ווערן אין באלד אין דיא אויגן קריגן.

דרום זאלט איר איין היפש גיזאנג אויז קליגן.
וועלכֿז בייא דעם קיניג קוריאס ווערט זיין.
דא מיט אים צו ביזינגן אריין:

קומט דר קיניג שאול אונ' יונתן זינגט.

דט זיא ביליבן אריין צו טרעטן.
צו פֿר נעמן דיזה גשיכֿטה.
דען ליבן גאט וואלן מיר אן בעטן.
אונז צו בישירמן פֿון דעם ביזוויכֿטה.
וועלכֿי טאג אונ' נאכֿט.
פֿלייסליך זיין בידאכֿט.
אונ' אינז גיזאמט צו פֿולענדן.
דא מיט זיא אונז האפֿינטליך דען רוקין מוזן ווענדן:

זאגט דר קיניג שאול.

ל אליר ליבשטר זוהן אונ' הערן רעטי. וואז אישט אייאר לאמאדירן.
אלז איר זוא שטארק טוט טורנירן:

זאגט יונתן

לא אירה מייסטעט צו בימיהן אישט צו וואהר ניט קליין.
אבר צו דיזר צייט קען עז ניט אנדרשט זיין. |
עמ' 15 ווייל זיך איין בייאר קריג טוט אנטגעגן קערין.
דארום מעכֿטי אירן ראהט אן הערן.
נעמליך דיא פלישתים טון זיך אן בירייטן.
מיט אירי מייסטעט צו קריגן אונ' שטרייטן.
צוואר מיר האבן שאן גיפֿאסט איין שלוס.
אבר דען קיניגליכֿה ראהט אויך דר בייא זיין מוז:

אנטווארט דר קיניג שאול

לב איינן ראהט וויל איך אנטעקין.
דער מיט דען פֿיינטש נאמן אויז צו מעקן.
דארום וואלן מיר זיך ניט לאנג ביזינין.
אונ' זעהן דען שטרייט צו גיווינן.
אלזא מיינה העלטבארי לייט צו פֿוס אונ' צו פֿפֿערט.
גארט באלד אן אייאר טעגן אונ' שווערט.
איך וויל מיך אן דער שפיץ שטעלן.
איך פֿר זיכֿרי עז ווערט אייך וואול גיפֿאלן.
מיר וועלן זיך פֿערטיג מאכֿן.
האפֿינטליך ווערט דער פֿיינט ניקש האבן צו לאכֿן:

זאגט הנז ווארשט.

לג **איר** קיניגליכֿי מייסטעט טון וואול זאגן.
מיר זאלטן זיך מיט אינן שלאגן.
אבר זיא האבן איר שערירייא דארויז.
זיא ווערן מיט אונז אום גין אז איין קאץ מיט דר מויז.
זיא ווערן אונז אן פאקין.
אונ׳ צווישן די צעהן קאקן.
דאך וועז זיך אירי מיי⟨ס⟩טעט ביפֿינטן קאבאביל.
מיט אינן אום צו גין מיסראביל.
זא מוזן זיא ניט פֿר צאגן.
אונ׳ מיט פֿרישן מוט גיגן דען פֿאלק זאגן.
איין צו פֿאלן אין אירן לאגר.
דען גאט העלף דעם פֿר צאגר.
דז האב איך גאר אופֿט גישפירט.
ווען מן מיר האט דען בוקל גישמירט:

קומט גליות אונ׳ זינגט.

**א.**

לד **נון מערא.**
וויל איך ערקלערי.
וואז איך האב אין מיינם זין.
צו אופֿן בארן.
אונ׳ לוזן ערפֿארן.
וואז איך ווילנט בין.
דז יודן גשלעכֿט.
צו מאלעסטירן רעכֿט.
ווייל איך פופלאצירן.
אונט מיך אליינט.
פֿאר איין ערב פֿיינט.
וויל מיך דעקלארירין:

**ב.**

דר ווייל איך שפיהר.
אונ׳ אובסערפֿיר.
אלז זיא אין דער ערונג זיין.
קייני רעליאן.
איגין אן וויל שטאן.

499 במקור מייטעט

זונדרן אירי אליין.
זא אלטארירי.
אונ׳ רעזעלפֿירי.
קיינם צו פארטאנירן.
איר גוט אונט געלט.
אונט דש לעבן פֿון דער וועלט.
צו מאזאקרירין : |

ג.

עמ׳ 16 אין שפעציא איך זעהי.
אונט פֿר שטעהי.
אלז זיא אונז מיט הערצן האסן.
זא האבי מיר.
גינומן פֿיר.
איר פֿיינטשאפֿט צו פֿר פֿאסן.
עז זייא יונג אודר אלט.
אום צו ברענגין באלט.
אהני אלי מיט טויארן.
צו בראטן אונט צו ברענן.
אודר אויף צו הענגן.
מוז איך נאר אויף לויארן :

ד.

דען צו ערטרענקין.
טוט איר גאט ניט שענקן.
וויא מיר אויך בייא פרעה פֿינטן.
אונ צו פֿר ברענן.
אישט דורך אברהם ניט גוט צו ערקענן.
דרום מוז איך זולכֿיש רעכֿט אויז גרינטן.
צו פֿר לירי.
אונט מאזאקרירי.
ווען איכֿש וויל בדענקן.
זא איז דאש בעשט.
דער איבר רעשט.
אלז אויף צו הענקן :

זאגט גליות ווייטר

לה אויף איין זייט אויף איין זייט.
דו מארט בעשטיאלישר קיניג זאמט דייני לייט.

דיר אונט דיינם פֿאלק קאן איכֿש ניט לענגר שענקן.
אלז איר מיינן נאמן זא אופֿט טוט צו ביזם גידענקן.
איר האבט אייך אין אייארן שעלמישין זין איין גיבילט.
איר העט דען ווילן גאטיש גאנץ ערפֿילט.
פֿון אלי פֿעלקר טוט איר אייך אבשיידן.
וועלכֿש אייך ברענגט אין אלי ליידן.
פֿון אונזרים גיקעכֿץ וואלט איר ניקש פֿרעסן.
ווא ריבר איך מיך לענגשט האב פֿר מעסן.
איין גרושי רעכֿנונג אן אייך צו טון.
אונ׳ טוראניש מיט אייך אום צו גאהן.
אויך זאגט איר מיר ווערן אום ריין.
דארום דערפֿטן מיר ניט אן רירן אייארן וויין.
זעלטין מיר דען וויין אן רירן.
גאר באלט שיטיט איר אין פֿר די טירן.
אונ׳ זויפֿט אים ניט אום אלי געלט.
יעצט וויל איך פֿאלפֿירן וואז איך לענגשט האב גיוועלט.
צום דעם וואלט איר אונזרי פֿייאר טאג ניט פֿייארן.
אונ׳ מיט אונזרן גישלעכֿט ניט פֿר הייארן.
אודר אייארן זאמזטאג האלט איר גאר ערליך.
איין ארבייט צו טאן פֿאלט אייך שווערליך.
קריישט אונ׳ ברומט איין האלבן טאג אין דר שוהל.
אלז ווען איר ווערט מיט אננדר טול.
היר נאך טוט איר גישווינט היים לויפֿן.
אויף צו פֿרעסן וואז איר אן פֿרייאטאג האבט טון קויפֿן.
אלי הינר אונ׳ אייאר.
זינן אייך ניקש גיוועשן צו טייאר.
היר נאך האבט איר איין פֿייאר טאג אלז איר ניקש פֿרעסט אלז מצה קוכֿין. |
עמ׳ 17 אונ׳ טוט אונז פֿר שעלטן אונ׳ פֿר פֿלוכֿן.
אונ׳ איבר פֿיר בעכֿר וויין געבט איר אייארן שעלמישן זעגן.
אונ׳ ווינשט מיין קאפף צו ברענגן אויף איין שפיץ פֿון טעגן.
אונ׳ זאגט אויז עגיפטא הוט אונז גיצוגן גאט דער הער.
אונ׳ אונז גיפֿירט דורך דען טיפֿן מער.
אין דר ווישטנייא זיין מיר גנגן.
אונ׳ ווינשט מיר איך זול ווערן גהאנגן.
עטליכֿי וואכֿן נאך דיזם הבט איר ווידר איין פֿייאר טג.
איבר דען זעלבן הבי אויך גרושי קלאג.
אייאר הייזר טוט איר פֿאל לאב שטעקן.

און׳ אלי מילך טוט אייך ניקש קלעקן.
און׳ זגט וייל מיר פֿאר דען בערג סיני גשטאנדן זיין.
און׳ זיין גוועזן אלי ריין.
די צעהן גיבאט האבן מיר ענטפֿאנגן.
און׳ אונזר ראבינר מאזיז איז אויף דען הימל גאנגן.
עטליכֿי מאניט הירום.
שטעל⟨ט⟩ איר אייך גאנץ דעמוטיג און׳ פֿרום.
אונט זאגט עז אישט דר אן פֿאנג דז יאר.
אונט נאך אונז פֿראגט איר קיין האר.
בלאסט אויף דען הארן.
אלז דיא וועכֿטר אויף דעם טארן.
זא שטארק טוט איר בלאזן.
אלז איין יעגר וועלכֿר יאגט איין האסן.
איין יעדר ביקלייט זיך אין איינם ווייסן קלייד.
נאטארעל אלז דיא טוטין לייט.
און׳ לויפֿט צו דיא וואשר גשווינט.
און׳ זאגט מיר ווארפֿן היניין אונזר זינט.
צעהן טאג נאך דיזם טון זי זיך וידר ווייז אן קליידן.
און׳ פֿון אירי בעשטיאלישי הורן אב שיידן.
און׳ זיין אין אירה שולן פֿיר און׳ צוואנציג שטונד.
בילין אונט גויצן אלז דיא הונט.
און׳ זאגן היינט טוט אונז גאט דיא זינט פֿר געבן.
און׳ ווינשן דז איך זאל קומן אום מיינין לעבן.
פֿינף טאג נאך דעם מאכֿן זיא לויבר פֿעשט.
און׳ ווינשן אונז דיא שווערי בעשט.
מער עפפֿיל וועלכֿי זיא הולן אויז וייטן לאנד.
און׳ איין טייטל בוים אין דר האנד.
וואור מיט זיא אין אלן עקן שיטלן.
און׳ טון אונז שמאכֿהפֿטיג ביטיטלן.
דרום וויל איך זוכֿן זאלכֿיש צו פֿר שטערן.
דער מיט אירן דיבז פאסין ניקש מער צו הערן.
דעסין וועגן טון איך אייך דיא וואכֿט אן זאגן.
איר זאלט איינם שטעלן דער זיך מיט מיר טוט שלאגן.
ווער איינר דען אנדרן ווערט ביצווינגן.
דער זאל טרעטן אין דעם יעניגן זיין קלויבן מיט אלי דינגן.
היא רויף גיב איך אייך פֿירציג טאג צייט.

600 במקור ש ט ע ל ס

אלז דען זאלט איר זיין אן בירייט.
איך הלט אובר בייא מיר דיא זיכֿרהייט.
וויילן איר זייט שעלמישי דיבישה לייט.
אלז איר אן מיר ווערט גיווינן.
עמ׳ 18 גאנצי בעך זאלן פֿון אייארן בלוט | רינין.
מיין הענט וויל איך וועשן אין אייארם בלוט.
פֿיל מער וויל איך נעמן אייאר געלט אונ׳ גוט.
אייאר פֿאר עלטרן דיא שעלמי אונ׳ דיב.
האבן אונז אויך גיהאט ניט ליב.
וויא זיא דש לאנט האבן ביצוואונגן.
זיין זיא מיט גיוואלט אויף אונז גיטרונגן.
אונט אונז אן גיטאן אלי ביין.
יעצט וויל איך איר רעכֿבר זיין.
דיך שאול וויל איך מא⟨כֿ⟩ן פֿאלין צו דער ערד.
דיין הויבט וויל איך אב הויאן מיט מיינם שווערט.
דיין פֿלייש וויל איך געבן פֿר דיא ווילטי טיהר.
וויילן דוא דיך ניט ווילשט אונטר טעניגן גיגן מיר.
אן דיר וויל איך אן פאנגן.
דיא איבריגי ווערן אויך קיין גינאדי ערלאנגן.
דוך טואי איך ניקש מער ביגערן.
אלז איר אייך זעמטליך זאלט ביקערן.
וויא דיר דורך דען טאמבאר האב גימעלט.
וועלכֿן איך גיזאנט האב אין דיין גיצעלט.
היר נאך האבט איר אייך צו ריכֿטן.
איר גאטלוזן אונ׳ ביז וויכֿטן:

זאגט הנז ווארשט.
לו אישט דש ניט איין גרושר פֿלעגל.
ער טראבט אלש ער העט אין דיא שוך פֿינף טויזנט נעגל.
ער איזט פֿון פערסון דוך קלאן.
ער הוט עבן הוכֿי קלעצכֿיר שוך אן.
איך גיטרויא מיך וואול מיט אים צו רויפֿן.
אובר איך ווער דוך דר ערשט דא פֿון לויפֿן.
דוך ווען ער ליגט אויף דער ערט.
אונ׳ גיבט מיר אין דר האנד זיין קליין שווערט.

643 במקור מאן

זא וויל איך אים דען קאפף אב האקן.
אבר ער מוז מיך דער נאך ניט ווידר אן פאקן.
דען קאפף וויל איך אים לעגן צווישן דיא פֿיס.
ווען ער פֿארצט זוא קאן ער זאגן איך ניס.
דוך מאג איך מיט אים ניקש האבין צו שיקן.
דער וויל ער איז לאהם אונ׳ גיט אויף קריקן :

זאגט דר קיניג שאול צו יונתן.

לז מיין אלירליבשטר פרינץ יונתן האשטו ניט הערן זאגן.
וויא זיך גליות מיט איינם פֿון אונז וויל שלאגן.
דארום לאז אויז רופֿן אין אלי שטעט אונ׳ פֿלעקן.
ווען זיך איין שטארקר העלט זעלט אנטעקין.
דער זיך אונטר שטיט מיט גליות צו שלאגן אונ שארשירן.
אונט אים צו מאזאקירירן.
זא זאל מן אים ברענגן אן הער.
מן ווערט אים ער ווייזן גרושי עהר.
מיין טאכֿטר מיכל זאל ער קריגן.
מיט דעם זאל ער זיך ניט לוזין בניגן.
זונדרן גרוש גוט אונ׳ געלט דער נעבין.
אונ׳ דעם טיטל פֿון איינם פֿיצא קיניג זאל אים ווערן געבן.
עמ׳ 19 דארום | זאלשטו לוזן אויז רופֿן אין גאנצן לאנט.
בינעבן דען פעטשיר פֿון מיינר האנט.
אונ׳ זוים ניט לאנג.
דען עש אישט מיר אנגשט אונ׳ באנג.
ער הוט אויז אונז זייני שערירייא.
אויך קומט דיא צייט הירבייא.
וועלכֿי דער ביז וויכֿט הוט טאן זעצן.
אלז ער זיך אן אונז וויל ערגעצן.
דארום וואלן מיר ערלייכֿטרונג זוכֿן.
אום דען פֿיינט צו פֿר טאמן אונ׳ פֿר פֿלוכֿן :

זאגט יונתן צו אבנר.

לח אבנר מערקן זיא וואז איך ווער זאגן.
איין דינשט ווערדי איך אים איבר טראגן.
ווען עש נור אן גיהן טעט.
אויז ביפֿעליך אירה קיניגליכֿה מייסטעט.
זיא זאלן אויז רופֿן אין אלי שטעט אונ׳ פֿלעקן.
ווען זיא איין שטארקר העלד זעלט אנטעקן.

דר זיך אונטר שטיט צו שרשירן מיט גליות דען שטארקן ריס.
אונ׳ טראגט קיין פֿורכֿט פֿאר זיין שוועהרט אונ שפיז.
זא זאל ער בייא האף אן לאנגן.
איין גרוש רעקומבענץ ווערט ער האבן צו עמפפֿאנגן.
דיא פריינצעסין מיכל זאל ער צור עהי גימאלין קריגן.
מיט דעם זעלבן זאל ער זיך ניט לוזן בניגן.
ווען ערז ווערט מאנטאנירן.
ווערט מן אים פֿר איין פֿיצא קיניג קראטולירן.
היא מיט איבר רייכֿי אים דז פיטשיר.
וועלכֿז אירה מייסטעט מיין פֿאטר הוט איבר געבן מיר.
פֿון זיינר הוך ליבליכֿה האנד.
צו בובלאצירן דורך דען גאנצן לאנד :

זאגט האנז ווארשט.

לט  ווער וויל דיא ברונץ קאחל מיכל גיווינן.
זיא איז טאטא דוך ניט היבין.
דארום וויל איך גשווינט היים יאגן.
אונ׳ זיא אויף איין מילרש עזיל ברענגן צו טראגן.
אהני צווייפֿל ווערט זיא קיין אנדרן וועלן.
אלז איינן דער דא אן טראגט שעלן.
איך בין דיא ברונץ קאחל וואול ווערט.
דען איך האב פֿיס ביז אויף דער ערט.
וועלכֿי איך האב מיט גיבראכֿט צור וועלט.
זיא זיין מיר ניט פֿייל אום פֿיל געלט :

רופֿט אבנר אויז.

מ  פֿריד צו אייך.
איר הערן קראפֿן אונ׳ פֿערשטן אים גאנצן רייך.
פֿון אונזרן גינעדיגשטן קיניג בין איך אב גיזאנט.
אויז צו רופֿן אים גאנצן לאנט.
בינעבן דיזן פיטשיר.
וועלכֿז ער הוט איבר געבן מיר.
ווער זיך טוט קאפאבל שעצן.
זיך אן דעם פֿיינט צו ערגעצן.
דער זאל טרעטן פֿאר | דעם קיניג אן הער. עמ׳ 20
מן ווערט אים ער ווייזן גרושי עהר.
דז קיניגש טאכֿטער דיא פרינצעסן מיכל זאל ער צור עהי גימאלין קריגן.
מיט דעם זעלבן זאל ער זיך ניט לוזן ביניגן.

זונדרן גרויש גוט אונ׳ געלט דר נעבן.
אונ׳ דעם טיטל פֿון איינם פֿיצא קינג זאל אים ווערן גיגעבן.
קיינרלייא ווערט מאנגירן.
אן דעם דער דיזש ווערט מאנטאנירן:

זאגט האנש ווארשט.

מא איין אויז רעטנוס מוז איך דען הערן געבן.
וועלכֿש זיא ניט האבן פֿר נומן ווייל זיא לעבן.
איין איזל אויף צווייא ביין.
טראגט אידל גשטיין.
ווען עז אום גיווענט ווער.
זא העטי דער איזל גרושי עהר.
דיא אורזאך אלש מן עש ניט טוט.
ווייל זיא זיין פֿר פֿאסט אין פֿלייש אונ׳ בלוט.
אונ׳ לעבינש גיישט בייא זיך פֿירן.
דש זאלן דיא הערין רעכֿט אבסערפֿירן:

קומט מיכל אונט זאגט.

מב אירה מייסטעט גינעדיגר פֿאטר אונ׳ הער.
וואש מאג דוך זיין איר ביגער.
איין גרושי שרעקין האב איך איין גינומן.
ווייל זיא מיך האבן ערפֿאטירט הער צו קומן.
עש טוט אוני צווייפֿל ניקש גרינגש ביטייטן.
אלז איינר הוט טאן ארום רייטן.
אונ׳ אויז גירופֿן אין אלי גאסין.
אלי שטארקי העלטן זאלן בייא אירי מייסטעט אויף פאסן.
דען אירה מייסטעט ווערן בידאכֿט.
זיך צו ביגעבן אין איינר שלאכֿט.
דארום טראגי איך גרושי פֿר לאנגן.
אום צו פֿר נעמן וואז אלהיר אישט פֿאר גיגאנגן:

אנטווארט קיניג שאול.

מג ליבה טאכֿטר איך בזארגי מיין קיניגליכֿי קרון.
אלש איך זיא ווער מוזן אב שטעלן שאן.
דעם גליות דער שטארקי העלט.
הוט זיך צור שטרייט אן גימעלט.
מן זאל אים זוכֿן איין פערסון.
דער מיט אים איין טורניר זאל טון.

דארום האבי דעם זעלבן דיך פֿר שפראכֿן צו איינם ווייב.
דער דא ארעט מיין קיניגליכֿן לייב.
אונ׳ מיך ערהאלט בייא מיינר עהר.
ווען ער שאן נוך זא שלעכֿט ווער :

אנטווארט מיכל ווידר דעם קיניג.

מד  גינעדיגר פֿאטר קיניג אונ׳ הער.
עמ׳ 21 זיין קינגרייך זאל | ווערן אימר אונט מעהר.
אירה ערשרעקליכֿי ווארט האבי פֿר נומן.
ווַאריבר מיר אלי אן מאכֿט אן קומן.
אלז דיא פֿיינט אירי מייסטעט שאקראנירן.
אירן ביזן ווילן אן אונז צו פֿאלפֿירן.
דארום האפֿי אויף איין שטארקן העלט מיט שמערצן.
וועלכֿר זיך אונטר שטיט אן דעם פֿיינט צו ערגעצן.
האפֿינטליך ווערט העלפֿין אונז דר אלמעכֿטיגר גאט.
ווילן ער הוט אויז אים זיין גישפאט.
דארום זאל דר הער פֿאטר ניט פֿר צאגן.
גאט דר אלמעכֿטיגר ווערט אין שלאגן.
אונ׳ אונזר טרויאריקייט צו לוספארקייט פֿר קערן.
דא מיט דז קיניגרייך זאל לענגר גיווערן :

אנטווארט דר קיניג שאול צו מיכל.

מה  דיינה טרושט ריד טון מיר וואול גיפֿאלן.
דרום וואלן מיר זיך אן בירייטן אלין.
צו דען בישעפֿר דער וועלט צו בעטן.
אלז מיר דען פֿיינט זאלן קענן מיט פֿיס צו טרעטן.
אונ׳ וועלן אן רופֿן אונזר פֿאר עלטרן דיא פֿרומן.
אלז זיא פֿר דען אלמעכֿטיגן גאט זאלן קומן.
אונ׳ פֿאר אונז פֿאר שפרעכֿן.
אלש מיר דען פֿיינט זאלן קענן שוועכֿן :

קלאג לידר פֿאר דעם קיניג שאול.

אך אלמעכֿטיגר גאט טוא אונזר פֿאטר אברהם ניט פֿר געסן.
וויא ער צווישן אייטל ביז וויכֿט איז גיזעסן.
דאך הוט ער גאט דען אלמעכֿטיגן גיקענט.
אונ דאריבר אין קאלך אופֿן באלט ווארדן פֿר ברענט :
אבר גאט מיט זיינה גרושי גינאדן.

האט אים גיהולפֿן באלט אויז זייני לאהדן.
אונ׳ דיא אום שטעהנטי היניין גישטערצט.
אונ׳ איר לעבן באלד פֿר קערצט:

דר נוך הוט אים גאט גיהיישן גין אויז זיינם לאנד.
אונ׳ הוט ניט גיהאט צו צערן איין גראשן אין זיינר האנד.
דוך האט ער גאטש גיבאט ניט איבר טרעטן.
אונ׳ אים דוך טאג אונ׳ נכֿט פֿלייסיג אן גיבעטן:

קלאג לידר פֿון יונתן.

אלמעכֿטיגר גאט לאז אונז די גירעכֿטיקייט פֿון אונזרן פֿאטר יצחק
בייא שטין אלי צייט.
וויא ער זיך פֿון לעבן צום טוט הוט אן ביררייט.
אונ דוא האשט מיט אים איין זיכֿרהייט פֿר שניטן.
אלז דוא פֿון אונז ניט ווילשט זיין פֿר מיטן:

דא בייא זאלשטו אויך גידענקן.
וויא אברהם זיין איינציגן זון צום אופֿפֿר הוט טאן שענקן.
דא נאך איזט איין שטים פֿון הימל גיקומן.
דיין האנד זאלשטו ניט שטרעקן צו יצחק דען פֿרומן: |

עמ׳ 22 צור זעלביגי צייט הוט אברהם טאן שפרעכֿן.
צום וויניגשטי וויל איך אים בלוטריציג שטעכֿין.
זא ווערט אים גיאנטווארט עז אישט שאן גינוגזאם איין צייכֿן.
עז טוט ביז אן דעם זיבינטן הימל גירייכֿן:

קלאג לידר פֿון דואג.

דר נאך וואז אונזר פֿאטר יוקב ⟨!⟩ איזט גישעהן.
ווער ביליך אלז דוא אונז דיין הילף לאזט גינעהן.
וויא דוא אים האשט צו גיזאגט.
דא אים זיין ברודר עשו הוט נאך גיאגט:

צום ערשטן וויא אים זיין מוטר רבקה הוט טאן אוועק שיקן.
ווייל זיין ברודר עשו הוט טאן אויף אים ביקן.
אונ׳ צו זיינם פֿעטרן לבן איז אנטרונן.
אלז ער נור זיין לעבן הוט גיוואונן:

אונ׳ אים גידינט זיבן יאר.
אונ׳ ניט צו לון ביקומן איין האר.
ער הוט צוואר גימיינט רחל פֿר איין ווייב צו קריגן.
אבר זיין פֿעטר לבן הוט טאן איין שעלמן שטיק אויז קליגן:

זאגט הנז ווארשט.

אונ׳ אים לאה פֿר רחל געבן.
מיט אלי ווארט צייכֿן דר נעבן.
אבר דא דער טאג איזט אן גיבראכֿן.
איז לאה אונטר דר טעק גיקרוכֿין:

קלאג לידר פֿון אבנר.

צו דעם גידענק אן יוסף דען פֿרומן.
וואז אים זיין טאג אישט צוגיקומן.
וויא ער אישט גיפֿאנגין גיוועזן.
אונ׳ דוא האשט אין פֿון אלים ביזן גינעסן:

וויא ער האט לאזין איין זאמלין אל דאז קארין.
אונ׳ לאזין אויז שרייאן אונ׳ בלאזין מיט דעם הארין.
עז זייא טירקין אודר הייטן.
מוזין זיך צום ערשטן בשנייטן:

דאדורך אישט ער ווידר גיקומן צו זיינים גישלעכֿט.
וויא וואול זיא האבן אים ניט וואול פֿר מעכֿט.
דוך הוט ער זיא אלז גוטש גיטאן.
דרום פֿר האפֿין מיר צו גיניסן זיינם לוהן:

קלאג לידר פֿון אליאב.

ליבה פֿאר עלטרן מיר ביטן אייך אויז גרושי נוהט.
העלפֿט אונז בישירמן פֿון דעם ביטרן טוהט.
דען עז שטיט נאהנטר צום טוהט אלז צום לעבן.
גידענק וואז ווערט עש לעצליך געבן:

אברהם איזאק יאקוב אנטוואכֿט אייארים שלוף.
אונ׳ העלפֿט אייארי קינדר דיא ארמי שאף.
דען מיר טון אין איינר גרושי נוהט שטעקין.
דארום זאלט איר אייך לאזין אויף וועקין: |
עמ׳ 23 אונ׳ פֿר דעם לעבענדיגן גאט זאלט איר טרעטין.
אונ׳ אונזרט וועגין פֿלייסיג בעטין.
אלז ער אונזרי זינט ניט זאל גידענקן.
אונ׳ אונז דאז לעבן צו שענקן:

קלאג לידר פֿון מיכל.

האבט איר ניט אויז דער הייליגי שריפֿט פֿרנומן.

וויא אברהם הוט איין ווייב גינומן.
שרה וואר זיא מיט נאמן גינאנט.
איר פֿרומקייט אישט אין דער גאנץ וועלט גינוגסאם ביקאנט:

היר נאך האט איר גאט דיא טראכֿט פֿר שלוסן.
דז הוט איר דינשט מייט הגר וואול גינוסן.
וויא וואול עז וואר איר ווערטין איין גרושר שאהם.
אלז הגר אירן הויז הערן צו איינם מאן ביקאם:

דוך טעט זיא עז פֿר גוט עמפֿפֿאנגין.
פֿיל לייכֿט קענט זיא היר דוריך איין קינט ערלאנגין.
וועלכֿז זיא נאך אירם טוט זאל ערבין.
דרום אויך אלמעכֿטיגר גאט לאז אונז ניט פֿר דערבין:

זאגט הנז ווארשט.
איין שפריך ווארט.
אישט איין וואהר ווארט.
ווען מן בייא דיא הונט אישט מוז מן מיט זיא היילן.
דארום וואלין מיר ניט איילן:

אונ׳ עטליכֿה שפאס ווערטר זאגין.
דער מיט צו גאט צו קלאגין.
זיא ווערין זא אן גינעם זיין.
אלז איך טרינק איין גלאס וויין:

זא וואהר זאל גליות קומן אום זיין לעבן.
אלז איך דיא קארט אונטן ארויז גיגעבן.
אונ׳ האב שיפה זויא ארויז גינומן.
דאריבר בין איך אום צווייא אונ׳ דרייסיק פאלן גיקומן:

דער צו אישט שיפה טרומפף גיוועזן.
דוך האב איך ניט קענין ווערין גינעסין.
דען דיא צווייא שווארץ בויארן האבן עז ניט וואלן לידן.
דאריבר האב איך מוזן מיט שאנט אב שנייטן:

איבר דיזה בימעלטי וואקרי בויארן לייט.
האב איך אן גיהובן צו שפילן אויף דער קרייט.
היר נאך האב איך ניט גיהאט צו צאלן געלט.
הוט מן מיך גישלאגן דאז מיר דער בוקיל גישוועלט:
הער נאך בין איך קומן צו מיינר מוטיר וועלכֿי זיך ניט טאן שעמן.
אונ׳ הוט דאש געלט אויז דיא הוזין וועלן נעמן. |

זאגט גליות ווייטר.
מר ווייל נון מער אישט קומן דיא האלבי צייט.
וועלכֿי איך אייך האב אן בירייט.
זא וויל איך זעהן אוב איר איינים הבט טון שטעלן.
דער ווילנש אישט מיט מיר צו פֿעלין.
אונ׳ מיט מיר איין קומפּאניא אויז שטין.
האפֿנטליך ווערט עז אים איבל אויז גין.
דען איך בילט מיר איין אין מיינם זין.
עז אישט קיינר שטארקיר אלז איך בין.
דען מיין היך אישט זעקס אילן.
ווער קאן מייני קרעפּטי אונ׳ שטערקי | אלי ערצילן. עמ׳ 25
אין אלי שארמוציל בין איך וואול ביקאנט.
מיט מיינם שוועהרט אלז איך האב אין מיינר האנט.
גיטרויא איך צו שטין גיגן אייך אלין.
אונ׳ דוך פֿיל טויזנט מאכֿין פֿאלין.
וויא אויך אן דיזן שוועהרט אישט אן צו זעהן.
אלז זיין טאג פֿיל דאטין זיין דאמיט גישעהן.
איך האב זא פֿיל מענשן דא מיט גיבראכֿט אום אירן לעבין.
דש נוך פֿיל בלוט טוט דראן קלעבין.
דיא קלינג וועגט איין פֿפֿונט אודר זעקס הונדרט.
וואריבר זיך יעדר מן פֿר וואונדרט.
אין שפעציא איר ניט מער קענט אום גיהן מיט אייאר צאבירייא.
זא קענט איר קיינם מענשן מער קומן בייא.
יא צו דער צייט דאש אייאר פֿירר יהושיע ⟨!⟩ הוט נוך טון לעבין.
האבט איר אייך גאר הוך טארגעבן.
פֿאר דיא פֿעסטונג יריחו זייט איר קומן.
אונ׳ מיט שטורמר האנט איין גינומן.
דוריך צאבערייא אויף אייאר הערנר שאלין.
זינן דיא פֿעשטי אונ׳ שטארקי מויארן איין גיפֿאלן.
אייאר צעהן גיבאט האבט איר ארום גיטראגין.
אונ׳ אייאר צאברישי שפרוך דער בייא טון זאגין.
קיין קינט אין מוטר לייב האבט איר טון פֿר שונין.
דז וויל איך יעצט טוביל לונין.
זאלכֿיז הוט ער אלז פֿון זיינם הערן מאזוס אב גזעהן.
וויא אים אויך בייא דעם מעהר איזט גישעהן.
ווען ער זיין שטאב גיגין דעם מער הוט טון בוקין.
זא אישט דאז מער גוואורדן גאנץ ברוט טרוקין.

עמ' 24
אובר זיא האט ניקש גיפֿונטן.
זא הוט זיא דיא הענט איבר דען קאפף גיוואונדין :

אונ' האט מיך אן גיהובן צו שעלטין אונ פֿלוכֿין.
אונ' אלי מייני זעקין אויז צו זוכֿין.
עז זיין דא בייא גישטאנטין פֿיל וואקרי לייט.
הט זיא מיך גשלאגין אונ' הוט זיך ניט גישייאט :

דא האב איך איר איין שטוס גיגעבן.
אז זיא אן דער וואנד איז גבליבן קלעבן.
יעדר רעכֿט שאפֿין קינט זאל מיר נאך מאכֿין.
זא ווערט אים זיין הערץ גוויש צו קראכֿין :

קומט גליות אונ' זינגט.
יעצט וויל איך קונפֿארמירן.
וואז איך פֿר איין שלוס האב גיפֿאשט.
דיא יודן צו שאקרינירן.
דען איך האב זיא שאן לענגש גיהאסט.
אונ' וויל מייני ערשטי ריט פֿול ברענגין.
אונ' זיא מיט אננדר אויף דעם גאלגין הענגין :

אליין איר קיניג דער ביז וויכֿט.
וועלכֿר זיא ביז טאטא נאך פֿר פֿירט.
דען זיא לעבן נאך אירי פפֿליכֿט.
ווען ער מיך קראטולירט.
דען וויל איך אורטיילן.
אלז מאן אים זאל פֿירטיילן :

אונ' הענגין אויף פֿיר שטראסן.
אהני דעם אין גיראב.
וייל איך דערי מאסין.
אם אן גיזאגט האב.
אלז אין זאלן פֿרעסן דיא ווילטי טיר.
וייל ער זיך ניט אונטר טעניגט קיגן מיר :

דוך יעצט אישט נוך צייט.
זיך אנדרשט צו ביטראכֿטן.
דער מיט זיין לאנט אונ' לייט.
ביהוטזאם צו ביאובאכֿטן.
דען עז שטיט קיין גינאד צו ערלאנגין.
ווען איך מיך רעסעלפֿירי מיט אינין אן צו פאנגין :

מיט דעם זעלבין הוט ער זיך נוך ניט לוזין בניגן.
זונדרן גיטראכֿט פרעה מיט זייני הער איר גוט אונ׳ געלט צו קריגן.
אונ מיט העקסירייא דש וואשיר אום גיקערט.
אונ׳ לאזין אויז ווארפֿין אויף דער ערט.
היר נאך האבין זיא אונז אלז טאן פֿיסינטירן.
דש וויל איך יעצט אלז טוביל ברעזענדירן.
מיט דיזן וויל איך זולכֿיז אן יעצא בשליסן.
אונ׳ מיך מאכֿין אויף מייני פֿיסן.
אונ׳ וויל מושטרן מיין גאנצי שאהר.
דא מיט אייך צו פֿר דערבין גאנץ אונ׳ גאהר.
איר האבט יא גיזוכֿט אונטר אלי אייארי העלטין.
אובר עז וויל זיך קיינר גיגן מיר אן מעלטין.
איר מעכֿט אייך וואול פֿאר זעהן.
ווען איך ווער וו⟨י⟩דר אן הערא גינעהן.
ווען איך ווער אויז ציהן מיין שווערט אויז דער שאהט.
זא ווערט אייך ווערדין אנגשט אונ׳ לאהט.
קיין אייניגר פֿון אייך זאל אנטרינן.
ווען איך דיזה פֿאר האבינטי קומפאניא ווער גיווינן.
איך ווערדי מיך רעכֿט שאפֿן ערקוויקן.
ווען איך דיך שאול ווער האקין אויף שטיקין.
עמ׳ 26 נאך דיזים | האבט איר אייך צו לענקין.
דארום טוט אייך אום איין גוטין ראהט בידענקן:

זאגט הנז ווארשט.
מז מיט דען גרושן אונ׳ לאנגין הנז וויל איכֿש אן שטעלן.
וויא מיר דיא טאכֿטיר מיכֿל קריגן וועלן.
ער ווערט מוזן היפש ליידן.
אז איך אים דען קאפף מיט זיין פֿעדר מעסר ווער אבשניידן.
דע⟨ן⟩ דער קיניג ביגערט ניט מער.
נור זיין קאפף צו ברענגין אן הער.
היר נאך וויל איך אים ווידר אויף זעצן.
אובר ער מוז היר נאך ניקש אויז שוועצן.
זונזטן מעכֿטי גיראטין אין און גינאדן.
צו דעם טעט ער זיך אויף גרושי שאדין.

970 במקור וודר
983 במקור דען

דען דיא ברונץ קוחיל וויל איך אים געבן האלב.
מיר ווערין זיא טיילן וויא מן טיילט איין קאלב.
איך קאן אובר בייא אים ניקש ערלאנגין.
דען ער אישט הוך פֿיר הונדרט שפאנין :

זאגט דער קיניג שאול צו יונתן.

מח אליר ליבשר פרינץ האשטו לוזין טאן וויא איך האב גיהיישן.
אלז מן זאל לובין אונ׳ ברייזן.
ווער דא ווערט גליות ברענגן אום זיין לעבן.
דעם וויל איך מיין פרינצעסן מיכל געבן.
לאז ער צום אנדרן מאהל אויז שרייאן.
ווער זיך אונטר שטיט זאל זיך ניקש שייאן.
אונ׳ זאל אן הערא בייא הוף טרעטין.
מן ווערט אים צו לוזין וואז ער ווערט בעטין :

ביפֿעלט יונתן צו אבנר אויז צו רופֿין וויא אובן גימעלט.

אויז רוף פֿון הנז ווארשט.

מט פֿריד צו אייך.
שוסטר שניידר קענטיל פֿעגיר שאריף ריכֿטר אלז צו גלייך.
איך טון אויז רופֿן אונ׳ שאלין.
ווען איינר איז אין טרעק גיפֿאלין.
זאל ער גישווינט היים יאגין.
אונ׳ איין פֿיסיר רוט ברענגין צו טראגין.
אונ׳ זאל רעכֿט אויז מעסן.
וואו ער אים טיפֿשטן איז גיזעסין.
אונ׳ ווען ער וויל נוך אמאהל פֿאלין אניין.
זא זאל עז אים ערלויבט זיין.
דיזז אישט ביפֿעליך פֿון אירר קיניגליכֿה מייסטרעק.
עמ׳ 27 אונ׳ ווערט אויז גירופֿין דוריך דעם גרעשטן | געק.
בינעבן דעם בעטשיסר פֿון אונזרם קיניק.
וועלכֿר זיך און זויבר מאכֿט אין דיזר אויגן בליק :

זינגט איין יעגר איין יעגר לוהט.

נ בין איך זא איין ברימטר יעגר גינאנט.
דא מוז איך מיין קונשט ארוויזן.
מיינה שפיר הונט נעמן אין מיינר האנט.
אונ׳ אין דען וואלט רייסן.
אונ׳ אויך מיין ראהר.

נעמן ערפֿאר.
היר נאך ווערט עז וואקר קנאלין:

מיין רעסלוציאן אישט גישטעלט.
דען וואלט איין צו צייכין.
אונ׳ מייני הונט ווערכֿי אובן גימעלט.
לוז לאזין פֿון אירה לייכין.
אונ׳ מיך זעצן צו פֿפֿערט.
אין דער האנד מיין שווערט.
דאז גווילדז צו איבר פֿאלין:

אונ עטליכֿי ראהרי ווילברט יאגין.
זא גוט איך זיא קען ערלאנגין.
דען איך האב הערין זאגין.
דער קיניג ווערט אן לאנגין.
מיט זיינם גאנצן הוף שטאב.
אין דיזן גראס אונ׳ לאהב.
זיך עטליכֿי טאג צו לושטירן:

זא וויל איך מיר דיא גינאדי אויז בעטין.
ווען זיך אירה מייסטעט איין צייט לאנג סובזיסטירן.
דיא שוועלי אין מיינם הויז צו ביטרעטין.
אונ׳ בייא מיר צו גאשטירן.
דיא עהר אישט גאר גרוש.
אוני ציהל אונ׳ מאס.
איך האפֿי עז צו מאנטאנירן:

ווידרום אובר בין איך בידאכֿט.
אוב איך מיך דערף אן מעלטין.
דען דעם קיניג אישט אן גיבאטן איין שלאכֿט.
פֿון גליות דען שטארקי העלטין.
זא אישט פֿר דריסלי⟨כֿ⟩קייט.
אונ׳ קיין לושטפארקייט.
אם קיניגליכֿן האוף צו שפירן:

אובר איך האף עז ווערט מיינם טרוים נאך קומן.
ווערכֿין איך איבר נאכֿט גיהאבט האב.
אלז גליותֿ זיין לעבין ווערט ווערדין גינומן.

1047 במקור דריסליפֿקייט

דוריך איין גאנצן יונגין קנאב.
דארויף וויל איך עז וואגין.
אונ׳ טאפפֿר צו יאגין.
אונ׳ מיינם טרוים נאך רעגולירן :

זאגט דער קיניג שאול.

נא   מיינה הערין רעהט איך בין בידאכֿט.
מיך איין קלייני וויל צו ביגעבן אויף איינר יאחט.
דען דיא מאלאנקאלי פֿאלין מיר זא שוועהר.
אלז וואש גאט קיין וואונדר ווער.
פֿון פֿר שטאנט אונ׳ זינן צו קומן.
עמ׳ 28 וועגן ווידר | ווערטיכֿקייט וועלכֿי פֿון דעם ביז וויכֿט האב פֿר נומן.
זא וויל איך איין ערלייכֿטרונג זוכֿן דוריך דיזן יאגין.
אויך דעם פֿיינד לאזין זעהן אלז מיר ניט פֿר צאגין.
אונ׳ אן גאט אונזר פֿר טרויאן זעצן.
דער ווערט אונז העלפֿין אן דען פֿיינט צו ערגעצין.
דרום אויף הנז ווארשט הער אן מיינה זאג.
וואז איך דיר היר איבר טראג.
דיא צייט אלז מיר זיין אויף דער יאכֿט.
זאלשטו נעהמן איין אובאכֿט.
ווען זיך איין שטארקיר העלט אנטעקין זעלט.
וועלכֿר זיך מיט גליות וועלט ביגעבין צו פֿעלט.
זאלשטו מיר זולכֿיז גלייך אן קינטין.
ווערשטו איין גוטן רעקומפענץ האבן צו פינטין :

⟨הנז ווארשט.⟩

נב   דיזן ביפֿעליך וויל איך גיהארזאמש⟨ט⟩ נאך לעבן.
ווען איינר קומט וויל איך אים איין פורגאציאן איין געבן.
דאמיט ער זיך קען פֿלייסן.
גליות אויף זיין מויל צו שייסן.
יעצט וויל איך נומארירן.
וואז איך אים וויל פֿר אורדאנירן.
איין דינטיר וועלכֿי אויז בוקס מיליך ווערט טישטילירט.
זאל דער מאגין מיט ווערדן גישמירט.
אונ׳ איין וואשר וועלכֿז אויז איין מויל איזלז בירט ווערט גיברענט.

1062 בשומר־קונטרס ווערטיגקייט
1075 במקור גיהארזאמשש

זאל ער זיך צו פֿריאן מארגין וועשין דיא הענט.
נאך דעם זאל ער דרייא מארגין מארש לעקין נעמן איין.
דאז זאל דיא פורגאציאן זיין.
איך פֿערזיכֿרי ווען ער ווערט גיברויכֿן מיין ארצנייא.
אלז ער גליות ווערט קומן בייא:

קומט דוד אונ׳ זאגט.

נג גינעדיגר הער קאן ער מיר ניט זאגין.
וואו מיינה ליבה ברידר אירן לאגיר האבין אויף גישלאגין.
אליאב אבינדב שמה זיין זיא גינאנט.
אוני צווייפֿל זיין זיא אים ביקאנט.
זיא זיין בייא דען קיניג איין לאנגי צייט.
אלז אינן מיין פֿאטיר איין קוואנדיטעט לעבנש מיטל הוט אן בירייט.
נון בין איך זא איין ווייטן וועג גיגאנגין.
יעצט קען איך זיא ניט ערלאנגין.
אינן צו ברענגין דיזה שפייזן.
דארום זאלי ער מיר דען רעכֿטי וועג ווייזן:

זאגט האנז וואורשט.

נד מיין קינט דוא בישט זוא לאנג ארום גילאפֿן.
ביז דוא דען רעכֿטן האשט אן גיטרופֿן.
דער דיר קען אן קינדן.
וואו דוא דיינה ברידר קאנשט פֿינטן.
עמ׳ 29 איך טון | זיא גאר וואול קענין.
זיא טון זיך דעז קיניגש לייבש דינר נענין.
דארום טראגי איין קלייני גידולט אלהיר.
זא וויל איך דייני ברידר רופֿן צו דיר:

קומן הימבער אונ קראנשיט אונ׳ הימבער זאגט.

נה יונג וואז איז דיין ביגער.
דאש דוא בישט קומן אן הער.
וואז דוא פֿאר איין באטשאפֿט האשט צו איבר טראגין.
זאלשטו אונז גלייך אן זאגין.
בייא פֿר לירונג דיין לייב אונ׳ גוט.
דארום ריהט מיט פֿרישן מוהט.
עז זאל דיר ניכֿט ווערין גיקרימט איין האר.
דאז זאג איך דיר בייא איינר אייט פֿר וואר:

אנטווארט דוד.

ג⟨ו⟩ **אירה** הוך ווערדי דערף איך וואול זאגין.
וואז פֿר איין באטשאפֿט איך האב צו איבר טראגין.
מיין פֿאטר ישו⟨!⟩ הוט מיך הער טאן שיקן.
אום צו זעהן אוב מייני ברידר ביגליקן.
וועלכֿי בייא דעם קיניג זא לאנג אין דער שטרייט זיין.
אלז זיך מיין פֿאטיר הוט גיבילט איין.
זיא מעכֿטין האבין הונגרש נוהט.
אלזא שיקט ער אינין עטליכֿה לאב ברוט.
אויך איין שיני פריזאנט.
פֿר אבנר אירן קומאנטאנט.
אונ׳ איך קאן ניכֿט ווישן וואז אינין אישט גישעהן.
אלז איך זיא ניט קאן ביקומן צו זעהן :

זאגט קראנשיט.

נז **דוא** יונג מיר זיין אן בירייט.
דיך גיפֿאנגין צו נעמן ביז אויף ווייטרן בישייט.
דען וויא קומשטו אויז פֿרעמטן לאנט.
צו ברענגין אים לאגיר פראפֿיאנט.
אהני צווייפֿל פֿירשט דוא גרושי שעלמשטיק בייא דיר.
ווייל דוא פֿראגשט נאך דעם הויבט קווארטיר.
דארום אישט אונזר פֿר לאנגין.
דאז דוא מיט אונז זאלשט גיהן גיפֿאנגין :

זאגט דוד קלאג לידר.

נח **אך** אלמעכֿטיגר גאט דאז פֿינפֿטי גיבאט עהר פֿאטיר אונ׳ מוטר
האב איך וואלין האלטין.
אונ׳ בין גאנגין אויז ביפֿעליך מיין פֿאטיר דען אלטין.
זיינה ריהט האב איך ניט טון פֿר שטערין.
דרום טוא יעצט מיין גיבעט אן הערין : |
עמ׳ 30 אויך האב איך אויז דער הייליגי שריפֿט פֿר נומן.
ווער דא גיט אין גיבאט גאטש דעם טוט קיין און גליק צו קומן.
דארום מאך דאז עז וואהר האפֿטיג זאל בלייבן.
אונ׳ טוא דיזה ביז וויכֿט פֿון מיר פֿר טרייבן :

אך גאט לאז מיך לייט זעליכֿקייט אין דיינה אויגן פֿינטן.
זיך צו וויא זיא מיך פֿעשטין אונ׳ בינטין.
וויא ווערט מיין אלטיר פֿאטיר וויינן אונ׳ ברומן.

ער ווערט ניט ווישן וואור איך הין בין קומן:

איר ליבה הערן ווארום וואלט איר מיך נעמן גיפֿאנגין.
איך בין דוך נאר צו מייני ברידר גאנגין.
זיא צו ער הלטין בייא אירם לעבן.
ווארום וואלט איר מיר נון זא איין שלעכֿטין לאהן געבן:

אייני ביט זאלט איר מיר גיוועהרן.
אלז איך איין באטין צו מיינם פֿאטר זאל קערין.
אונ׳ אים דיזה נאך ריכֿט געבן.
היר נאך וויל איך גערין לאזין מיין לעבן:

פֿר מיין לעבין וויל איך ניט פֿיל בעטין.
דען גאטיש גיבאט האב איך ניט איבר טרעטין.
אונ׳ ביפֿעליך מיינ⟨ש⟩ פֿאטיר בין איך נאך גיקומן.
דארום האפֿי אלז מיין זעהל צו גאט ווערט ווערדין גינומן:

זאגט הימבער.

נט שווייג שטיל עז הילפֿט ניקש דיין וויינין.
וויישט דוא אויך ווער מיר זיינין.
מיר זיין דיא ראהטז הערן פֿון גליות דען שטארקן העלט.
וועלכֿר שאן לענגשט העט גערין גיוועלט.
איין פארשיג אויז צו קליגין.
וויא מיגליך איין פֿון אייך צו קריגין.
יעצונט ביַשטו אונז רעכֿט קומן.
עז הילפֿט ניקש אל דיין שרייאן אונ׳ ברומן.
אונ׳ וייל דוא אין פראפֿיאנט הענדיל בישט גאנגין.
זא זאלשטו מיט אונז גיהן גיפֿאנגין:

זאגט דוד.

ס וויא ווערט איך גאט קענין פֿר צייאן.
אלז איר אויף אייארה ריהט זאלט קריגן רייאן.
איר האבט יא גישווארין איין אייד.
עש זאל מיר ניט ווידר פֿארין ⟨ק⟩יינרלייא לייט.
ווען איך אייך נאר ווער זאגין.
דיא צייטונג אלז איך האב צו איבר טראגין.
זא האב איך אייך דיא ווארהייט טאן אן קינדין.
איך וויל ניט האפֿין אלז איר מיך פֿאלש ווערט ביפֿינטין.

1157 במקור מ י י נ ט   1172 במקור א י י נ ר ל י י א

זא וועלט איר איצונט אייאר ריהט פֿר שוועכֿין.
אונ׳ די גישווארני אייד דאריבר ברעכֿין.
עמ׳ 31 גידענקט גאט ווערט | רעכֿנין מיין און שולטיג בלוט.
אונ׳ דיא מיזט אטן וועלכֿי איר אלהיר טוט.
דארום לעבי האפֿענטליך זיא ווערדין אירה ריהט ביקרעפֿטיגין.
אונ׳ מיך ווייטר ניט זוכֿן צו בילעשטיגין :

זאגט קראנשיט.

סא מונסיער הימבער מיר וואלין פֿון דען יונג אב לוזין.
דען איך האב הערין בלאזין.
אלז ווען דער יודן קיניג קעם פֿון דער יאכֿט.
דרום מוזן מיר אונז נעמן אין אכֿט.
אונזר לעבן צו סאלפֿירן.
איהר אונז דיא יודן שפירן.
דען ווען מיר מיט דען גיפֿאנגנין שלייכֿין.
זא קענין זיא אונז גאר באלט ערייכֿן.
דא הערא וואלין מיר דען גיפֿאנגנין לוזן דער הינטר.
דאמיט אונז צו ריטירירין דעשטי גישווינטר :

קומט אליאב אונ׳ זאגט.

סב דוד זאג מיר באלט.
ווארום האשטו זא איין וואונדרליך גישטאלט.
אלז דוא בישט גישלאסין.
אונ׳ וואז אלהיר אישט פֿר פֿלאסין.
אויך וואז אורזאך דוא בישט קומן אן הער.
דאז אישט יעצט פֿון דיר מיין ביגער :

אנטווארט דוד.

סג ברודר אליאב אונזר פֿאטר עשו ⟨!⟩ האט מיך הער גשיקט.
צו זעהן אוב אייאר קיניג ביקליקט.
אונ׳ אוב דא איז פֿריד צווישן אייך.
זא וויל ער זיך שעצין קליקליך אונ׳ רייך.
אונ׳ ווען איר זאלט האבן הונגרש נוהט.
זא שיקט ער אייך עטליכֿי לאב ברוט.
אויך איין שינה פריזאנט.
פֿאר אבנר אייארן קומאנטאנט.
אונטר דעסין האב איך דען וועג ניט קענין פֿינטן.
זא האב איכֿש איינם טאן אן קינטין.

ער איז גיוועזן איין מן איין בידר.
ער זאגט איך וויל רופֿין דיינה ברידר.
איין מיטלשט אובר הוט זיך פֿר לאפֿין.
אלז מיך דיא ראהטש הערן פֿון גליות האבן אן גיטראפֿין.
אונ׳ האבן מיך אן גיהובין צו עקסאמינירן.
אונ׳ מיין וואט שק צו פֿיזיטירן.
וויא זיא האבן גיהערט איר זייט מייני ברידר.
האבין זיא מיך גיווארפֿן אנידר.
אונ׳ מיט זאהלר טון בינטין.
מיט טרייאין זיא וואלן מיר דיא הויט אב שינטין.
אבר דא זיא אייך האבן גישפירט.
האבין זיא זיך סאלפֿירט.
אונ׳ מיך אלהיר לוזן שטין.
אבר איך קאן ניט פֿון פלאץ גיהן.
דארום אויך אליאב עלשטר ברודר מיין.
עמ׳ 32 דוא זאלשט מיין | אנטליטיגר זיין.
אונ׳ דיא זאליר ליטיג מאכֿין.
זא וואלין מיר רידן פֿון אונזרי זאכֿין:

קומט גליות אונ׳ זאגט.
סד איך מוז מיך נאך איין מאהל במיהן.
אויז מיין לאגיר צו ציהן.
איך בין גליות דען איר פֿון אלטרש שאן קענט.
צווישן מיר אונ׳ אייארן קיניג אישט איין גרושר דיפֿירענט.
איך בין נאר איין גימיינר סאלטאט.
אונ׳ האב ערוויזן גרושי טאהט.
אין אלי שלאכֿט האב איך ביגליקט.
דארום האב איך זא אופֿט צו אייך גישיקט.
איר זאלט מיך פֿר איין קיניג קראטאלירן.
איך וועלט אייך בעשר פֿירן.
אלז שאול וועלכֿר זיך האלט גאר שטאלץ.
ער אישט נור איין גימאלט הולץ.
ווען ער האט קוראשי.
זא לאז ער קומן אויף איין שטאלאשי.
אונ׳ מיט מיר פֿעכֿטין אויף דער ביקס אודר שווערט.
זא ווערט מן זעהן ווער דער ערשט ווערט קומן אונטר דער ערט.
וויל ער ניט גיהן זעלבשט צו פֿעלט.

זא זאל ער אויז זוכֿין איין שטארקין העלט.
ווערין אובר דיא פֿירציג טאג ארום גין.
אונ' עז ווערט קיינר גיגן מיר שטין.
זא ווערט איר אלי זיין אום אייארן לעבן.
דאז טון איך אייך נוך איין מאל פֿאר געבן.
איר פֿר לאשט אייך אויף אייארי גאטיש גינאדן.
אובר ער לאזט אייך שווימן אונ' וואדין.
זעלט ער קענין העלפֿין אייך.
זא ווערי עז גישעהן גלייך.
אונ' העט ניט גיווארט זא לאנג.
ביז אייך אישט גיווארדין אנגשט אונ' באנג.
דארום לאשט אייך דיזה ריהט גיהין צו ארין.
איהר איר מיט אננדר ווערט פֿר לארין :

זאגט דוד.

סה איר הערין זאלט מיר אנטעקין.
ווארום איר זא שטאריק טוט ערשרעקין.
דער וויל גליות לעשטרט אויף גאט.
האב איך אויז אים מיין גישפאט.
דען גאט טוט ניט שענקין.
ווער זיין נאמן צו ביזן טוט גידענקין.
אויך זיין מיר דוך גיוואונט.
דאז גאט אונז פֿר שונט.
אונ' שטערצט אלי אונזרי פֿיינט.
דארויף פֿר לאזי איך מיך היינט.
ווען איך ווישט איין גוטי רעקומפענץ צו ערלאנגין.
זא וואלט איך מיך אונטר שטין מיט אים אן צו פֿאנגין.
דוך וויל איך אלי שענקאשי ניט עסטימירן.
עמ' 33 אונ' | פֿון גאטש וועגין מיט אים שארשירן.
דרום זאלט איר מיר אליז רעכֿט אן קינדין.
דען איך טון מיך גיגן אים קאפאביל פֿינטין :

זאגט אבנר.

סו ווער זיך קאן אונטר שטין.
מיט דעם פֿיינט אין איין שארמוציל צו גין.
אונ' אים נעמן דאז לעבן.
זא וויל אים דער קיניג זיין טאכֿטר געבן.
אויך פֿיל גוט אונ' געלט דא בייא.

און' זיין גאנצי פֿאמילא מאכֿין פֿרייא :

זאגט אליאב.

סז דוד בלייב ניט לאנג דא שטין.
און' טון אויף דער ווייט צו דיינה שאפֿין גין.
דוא בישט גילאפֿין זא ווייט.
נור צו זעהן וויא עז צו גיט אין דער שטרייט.
וועם האשטו גילאזין בייא דיינה שאף און' רינטר.
עז אישט דוך קיינר דא בייא פֿון אונזר פֿאטירש קינטר.
דארום טון דיך פֿארט שערין.
אודר איך גיב דיר איינש דוא זאלשט דיך דרייא מאל אום קערין :

אנטווארט דוד צו אליאב.

סח ליבר ברודר ווארום טושט דוא מיך זא איבל עמפפֿאנגין.
דא איך דוך האפֿינטליך וואלט איין גרושי שענקאשי ערלאנגין.
צו דעם האב איך מיך נוך מיט קיינם גישלאגין.
דאז דוא מיר זא הארטי ריד טושט זאגין.
אויך אישט דיא זאך נאך זא פֿיל ווערט.
דאז מן דארום צו רידן גיהערט :

זאגט דוד צו יונתן.

סט אליר דורך לייכֿטיגשטר פרינץ יונתן מיין.
זיין גיהארזאמשטר דינר וויל איך זיין.
ער זאל גיגן דעם קיניג זיין הער פֿאטיר זאגין.
וויא איך מיך אונטר שטיא מיט גליות צו שלאגין.
און' אים נעמן זיין לעבין.
ווען ער מיר דיא פֿר שפראכֿני רעקומפענץ וויל געבן :

אנטווארט יונתן צו דוד.

ע דוד מיין הערץ ווערט מיר רעכֿט בישווערט.
איבר דיא ווארט וועלכֿי איך האב פֿון דיר גיהערט.
אלז דוא דיר זאלשט בילטן איין.
מיט איינם דעם דוא גישט צווישן דיא ביין.
צו ביגעבן אין איינר שטרייט.
אישט מיר פֿר דיר הערצליך לייט.
אלז דוא דיין לעבן זאלשט פֿר לירן.
דרום לאז דיך דיא קונשטקייט ניט פֿר פֿירן : |

עמ' 34 אנטווארט דוד צו יונתן.

עא הוך גיבארנר פרינץ זיא ערווייזן מיר דיא פֿריינטשאפֿט.

אונ׳ איבר ברענגין אירה קיניגליכֿה מייסטעט אירן הער פֿאטר דיזה באטשאפֿט.
זא וויל איך אים שאן אן זאגין.
וואז אורזאך איך מיך אונטר שטיא מיט גליות צו שלאגין.
איר דורך לייכֿט טון מיר גלאבין.
אירי מייסטעט דער הער פֿאטיר ווערין איין פֿר גניגונג האבין:

אנטווארט יונתן צו דוד.

עב דוד טראג איין קלייני גידולט.
אן מיר זאל ניט זיין דיא שולט.
פֿר מיין הער פֿאטיר וויל איך טרעטין.
אום איין אוידיענץ דיר אויז צו בעטין.
אונ׳ דיך אין גרושי גינאדין זעצין.
ווייל דוא דיך אונטר שטעהשט אן דען פֿיינט צו ערגעצן.
אבר דוא מושט נעמן אין אובאכֿט.
וויא דייני ווארט זאלין ווערין פֿאר גיבראכֿט:

זאגט יונתן צו קיניג שאול.

עג **גינעדיגשטר** פֿאטר קיניג אונ׳ הער.
זיין קיניגרייך זאל גיווערין אימר אונ׳ מער.
איין גרושי זאך וויל איך אים פֿאר טראגין.
דש זיך איינר אונטר שטיט מיט גליות צו שלאגין.
דוד דער זוהן ישי טוט ער זיך נענין.
זייני ברידר טוט דער הער פֿאטיר וואול קענין.
ער אישט צו וואהר קליין פֿון גישטאלט.
אבר ער אונטר שטעהט זיך גליות צו טיטן באלט.
ווען זולכֿיז אירי מייסטעט ניט צו ווידר ווערט זיין.
זא וואלטי אים לוזין קומן אריין.
אונ׳ אים פֿאר מיינים הער פֿאטיר שטעלין.
זא קענין זיא אים זעלבשטן הערין וואז ער ווערט וועלין.
ער וויל אירה מייסטעט אופֿינבארין.
וואז אים זיין טאג פֿאר וואונדרליכֿי זאכֿין זיין ווידר פֿארין:

אנטווארט דער קיניג שאול צו יונתן.

ע⟨ד⟩ **עש** גיפֿאליט מיר וואול וואז דוא האשט גימעלט.
ווען דוא ניט דער בייא העשט פֿאר גישטעלט.
ווען ער אישט איין קליינר פערסאן.
וויא ווערט ער דען קענין בישטאן.
דוך קאן דאז פֿאר שטעלין ניקש שאדין.

מיר מוזין דאז באד דוך אויז באהדין.
אונ׳ וויל אים געבן אוטיענץ.
דא מיט צו שליסן איין קונפֿארענץ : |

עמ׳ 35 זאגט יונתן צו דוד.
עה   דוד איך לאז דיר ווישן.
אלז איך מיך אין דיינה דינשט האב ביפֿליסן.
אונ׳ דיך בייא מיינים הער פֿאטיר פֿאר גיבראכֿט.
גאר ביהוטזאם אונ׳ וואול בידאכֿט.
ווארויף איך צור אנטוואורט האב ביקומן.
מיינה ריהט האט ער גערין פֿר נומן.
אונ׳ זאל דיך גלייך צור אודיענץ פֿירן.
דא מיט דיין פֿאר האבין צו אובסערפֿירן :

זאגט הנז ווארשט צו דוד.
ער   דוד איך זאג דיר אן דיא וואכֿט.
דוא גישט אום זונשט אין דער שלאכֿט.
זאלשטו ווישן אלז דיא זאך אנדרשט לויט.
דיא מיכל בעט פישרין אישט מיר איין ברויט.
אויך ווערט דיר היר מיט אן גיזאגט.
אלז דיא ברונץ קוכֿיל פֿון מיר טראגט.
איך גיב דיר דיא נאך שפוהר.
זיא אישט איין אפֿינטליכֿי הור.
דאז קאן איך זאגין אויף מיין גוטן גיוו⟨י⟩שן.
זא וואר אלז איך האב אין דיא הוזין גישיסן :

זאגט דוד צו קיניג שאול.
עז   גאט אים הימל רייך.
זאל בישיצין אונ׳ בישירמן אייך.
אונ׳ זאל אים העלפֿין ביהענט.
דאז זיין קיניגרייך זאל ניט ווערין גישענט.
מיין פֿאר האבין וויל איך אופֿינבארין.
וואז אורזאך איך בין צום קיניג גיפֿארין.
מיין פֿאטיר האט מיך הער גישיקט.
צו זעהין אוב אירה מייסטעט זאמט מיינה ברידר זיין ביגליקט.
וויא איך אבר אין לאגיר בין קומן.
האב איך איין גרויש גישרייא פֿאר נומן.

1359 במקור ג י ו ו ש ן

נעמליך וויא איינר האט גאר שטאריק גישפּאט.
אויף דעם לעבענדיגן גאט.
אונ׳ גיזאגט מאן זאל איינן גיגן אים שטעלין.
אבר עז ווערט קיינר וועלין.
אויך אירי מייסטעט דער מאסין שטאריק ביטיטילט.
וואריבר זיך דיא גאנץ ארמע שטארק ערשיטילט.
אונ׳ זיין אלי אנטלופֿין.
זא האבי אירן פֿעלט מערשאלק אבנר אן גיטראפֿין.
אונ׳ אים דיא זאך גיפֿראגט אויז דעם גרונט.
זא האבי ביפֿונדין דאש מן אים קאן שטופֿפֿין זיין מונט.
דען איינים גאט לעשטרר גיט עז ניט וואול אויז.
דארום לאך איך נור דארויז.
אונ׳ האב מיך מיט אים צו שלאגין אונטר נומן.
מיט דער הילף גאטי⟨ש⟩ האף איך אויך אים בייא צו קומן : |

עמ׳ 36 אנטוואורט דער קיניג שאול צו דוד.
עח יונגלינג וויא זאלשטו זאלכֿיז אונטר שטין.
מיט זולכֿין ריזן אין איין גיפֿעכֿט צו גין.
ווען דוא שאן האשט איין גוטן מוהט.
זא טויארט מיך דוך דיין יונגיש בלוט.
דוא ווירשט דיך דוך פֿאר אים שייאן.
ווען ער דיך נור ווערט אן שרייאן.
דרום לאז אב פֿון זולכֿין פֿאר האבין.
זונשט אישט צו ביזארגין מן מוז דיך גאר באלט ביגראבין :

אנטוואורט דוד דעם קיניג שאול.
עט איך מוז דוך דעם קיניג אונ׳ הער זאגין.
וואז מיר אישט פאסירט פֿאר עטליכֿי טאגין.
איין ליב אונ׳ איין בער.
זיין קומן איבר מיינה הערט שאף אהער.
אונ׳ האבן מיר עטליכֿה שאף טון פֿר צוקין.
דאז האב איך ניט לענגר וואלין צו גוגין.
אונ׳ בין אינן נאך גילאפֿין.
ביז איך זיא האב אן גיטראפֿין.
זא האבן זיא מיר מיין שאף ניט וואלין ווידר געבין.
זא האב איך אינין גינומן איר לעבין.

1384 במקור ג א ט י ט

ווייל מיר גאט הוט גיטאן זאלכֿי צייכֿין.
זא פֿר האף איך דען ביז וויכֿט אויך צו ערייכֿן.
האפֿינטליך האט מיר זולכֿיז גאט ניט צו גישיקט אום זונשט.
נייארט צו צייגין אלז איך האב בייא אים גינאד אונ׳ גונשט.
אויך אישט דיא גינאדי גאטיש אויגן שיינליך צו שפירן.
וואז מיר היינט האט טון פאסירן.
גליות זיינה אייגני ראטש הערן האבין מיך גיהאט גיפֿאנגין.
אבר עז אישט אינן ניט פֿארט גאנגין.
דען זיא זיין ווארדין פֿר צאגט.
וויא זיא האבן פֿר גומן אלז איר יאגט.
אונ׳ דא זיא אייך האבין גישפירט.
האבין זיא זיך זאלפֿירט.
דען זיא האבין אייך הערין בלאזין.
האבן זיא מיך גיבונטנהייט שטין גילאזין.
אונ זיין אויף אונ׳ דער פֿון.
דאראן אישט אב צו נעמן אלז גאט דיזן צייכֿן דוריך מיר וויל טוהן.
דארום וויל איך מיין וואט זאק אונ׳ שליידר הענגין אן מייני זייטין.
דער מיט איך קאן מיט דעם ביז וויכֿט שטרייטן.
אלזא מעכֿטי אורלאב פֿון אירי קיניגליכֿי מייסטעט ערלאנגין.
זא וואלטי גלייך מיט אים אן פֿאנגין :

אנטווארט דער קיניג שאול צו דוד.
פ **דוד** ווייל דוא דיך זאלכֿיז רעסעלפירשט.
זא ביאובאכֿט דז דוא זאלכֿיש מאנטאנירשט.
עמ׳ 37 דארום זאלשטו ניט | פֿר מיידן.
מיין הארניש אונ׳ שווערט אן צו קליידן.
אום צו זעהן וויא זיא דיר אן שטין.
דא מיט אין דער שטרייט צו גין.
דער אלמעכֿטיגי גאט מיט זיינר גרושי גינאד.
זאל דיר העלפֿן צו ערווייזן גרושי טאהט :

זאגט דער קיניג שאול צו אבנר.
פא **אבנר** האשטו פֿר נומין.
וואז פֿאר איין און גליק מיר אישט צו גיקומן.
דען קלייני יונגן דען דוא אלהיר טושט זעהן.
דער האט טאן פֿאר מיר גינעהן.
זא האב איך אים וואלן צירן.
אונ׳ מיינה קיניגליכֿה קליידר וואלין אן ברובירן.

איך האבי מיר גידאכֿט זיא ווערין אים פֿיל צו גרוש.
זא ביפֿינטי זיא זיין אים רעכֿטי מאס.
דש וואונדר אישט ווארהאפֿטיג ניט קליין.
אין דעם דער יונג איזט נור אלט ⟨אכט⟩ יאר אודר ניין.
דארום מעכֿט איך גערן ווישן זיין גשלעכֿט.
אוב ער אויך צו איינם קיניג טעכֿט :

זאגט דואג צום קיניג שאול.

פב אירה מייסטעט איך פֿר וואונדר מיך זער.
אלש זיא פֿראגן אוב ער פֿון קיניגליכֿן שטאם ווער.
ער דערף דוך ניט קומן אין דער יודישי גימיין.
ווײלן רות פֿון מואב זיין עלטיר מוטר טוט זיין.
דען גאט דער אלמעכֿטיגר הוט זיא טאן פֿר טאמן.
אלז מן אונטר יודן ניט זאל גידענקן איר נאמן.
דען זיא זיין גיגליכֿן צו דיא הורן קינדר.
דארום קענין זיא דיזה זאריג אויף איין זייט זעצן דעסן גישווינדר :

זאגט אבנר צו דואג.

פג הוף שטודירטר בייכֿט פֿאטר זא וואר מיר לעבן.
אלז זיא איין גרושי פֿויט טאן פֿאר געבן.
דען איך האב ניט גיהערט אל מיין טאג.
אלז אויף פֿרויאן צימר אישט גאנגן דיזה זאג.
דען ווען מיר וואלן רעכֿט נאך זעהן.
וואז אורזאך דיזר פֿר באט אישט גישעהן.
זא אישט אן צו זעהין אלש ווייבש בילדיר ניט זיין גימיינט.
זונדרן מאנש פערסאן אליינט.
דען דיזן לאהן האבן זיא ביקומן.
ווײלן זיא ניט מיט וואשר אונ' ברוט אונז זיין אנטגיגן גיקומן.
נון אישט יא האנד גרייפֿליך צו מערקין.
אלש ווייבש בילדר ניט טויגן צו זאלכֿי ווערקין.
אלז זיא בייא מאנש לייטן העטן מארקאטענטירט.
דארום אישט איר גיזעץ אויך ניט ווארדן פֿר ענטרט : |

עמ' 38 אנטווארט דואג צו אבנר.

פד הויבט פֿעלט הער אבנר איך האב רעכֿט.
ער דערף ניט קומן אין דש יודן גשלעכֿט.
דען וואז זיא האבין פֿאר גישלאגן.

1440 במקור א י י ן התיקון לפי 1950 ו־2107

זיין וואז גאט דארהאפֿטיגי זאגן.
אין דעמי ווען זיא שאן פֿר מאנס פערסאן צו ברענגן ניט האבין מאכֿט.
זא העטין זיא דאך זאלין דען ווייבר זיין בידאכֿט.
זא וואול אלז באשטרט עז זייא פֿרויא אודר מאן.
ניט אין דער יודשי גימיין קומן קאן.
זא אישט אויך בייא דען מואבים קיין דיפֿערענט.
עז זייא פֿרויא אודר מאנש פערסאן גינענט :

זאגט דער קיניג שאול צו אבנר.
פה **אבנר** דוא ווייסט דוך דיזר זאך קיין גרונט.
דארום אויך זאלשטו האלטן דיין מונט.
אונ׳ זאלשט רייסין אויף אוניפֿערשיטעטן.
אונ׳ אין מיינם נאמן פֿריינטליך בעטן.
מיר דיא פֿריינשטאפֿט צו ערווייזן.
אונ׳ זיך אויף דעם מיגליכֿשטה צו ביפֿלייסן.
אלי ביכֿר נאך צו שלאגן.
אונט מיר אוני פֿלאטירונג זאגן.
דער מיט איך מיך פֿאשט קאן פֿר לוזן.
אוב פֿרויאן צימר זיין מיט איין גישלוסן :

זאגט האנז ווארשט.
פו **איך** קאן מיר אין מיינם וואול גילערטן פֿר שטאנד וואול איין בילדן.
ווען איין יונגפֿר הוט צוועלף אונט צוואנציג טויזנט גילטן.
זא וויל זיא גערן איין יעטירר האבין.
אונ פרעגט ניט נאך אירן קלאבין.
זיא מעג זיין איין טירקין אודר איין הייטן.
ווען זיא נור אן הוט היפשי קליידן.
זא טרעפֿין זיך שאן גוטי לייט.
וועלכֿי בייא זיך פֿירין בארמהערציקייט.
אונ׳ טון זיך איבר איר דער בארמין.
אונ׳ לאזן זיך נעמן אין אירי ארמין.
אירי מייסטעטשי פֿראג העט איך אויך קענן וואול בישיידן.
דען דיא שטוטיאסן איך ניט קאן ליידן.
איך האב זיא זא וויט ערקענט.
אלז זיא אלי מאל זגן אום גיוועגט.
אוני צווייפֿל ווערן זיא מיך וועלין בטריגן.
אונט ווערדן זאגן דוד זאלי דיא פרינצעסן מיכל קריגן.
אבר דוך פֿראג איך ניקש נאך איר.

אין דעם איך בעשר פֿר איין בויארן קריט מארענטיר:

זאגט אבנר צום קיניג שאול.

פז אין איר ביפֿעליך בין איך גיוועזן ביפֿלייסט.
אויף אוניפֿערשיטעטן בין איך גירייסט.
עמ' 39 אונט דיא פֿר | לאנגטי זאך פֿאר גישטעלט.
ווארויף מן מיר הוט גימעלט.
אלש ווייבש בילדר אויז גישלוסן זיין.
דען דיא עהר פֿון איינר פֿרויא איז זיא זאל זיצן איין.
אונ׳ ניט פֿיל אויז גין.
דארום איזט אויך קיין פֿר באט אויף זיא גישעהן.
זונדרן אליין אויף מאנש לייט.
ווילן זיא זיך האבן גימייט.
צו ברענגן אין אונזרן לאגר פרופֿיאנט.
דרום האט גאט אין אן גיטאן דיזה שאנט.
אלש זיא פֿון אונז זאלן זיין אב גישיידן.
אבר ווייבש בילדר זאל מן ניט מיידן.
דען זיא זיין גבליבן בייא אירה עהר.
זיך צו פֿר הייראטן נאך אירם אייגינן ביגער:

זאגט דוד צום קיניג שאול.

פח אירה מייסטעטשי ריד האב איך אן גיהערט.
אירי קיניגליכֿה קליידר אן צו קליידן בין איך ניט ווערט.
אויך ביפֿינטי איך אין מיין פֿר שטאנד פֿר גוט.
אלז מן א⟨י⟩ם שטרייט זאלכֿי קליידר ניט אן טוט.
דען דארין צו שארשירן זיין זיא צו שוועד.
עז אישט בעשר ווען מן גיהט לייכֿט דער הער.
דרום וויל איך מיך אין נאמן גאטיש אויף דער רייס ביגעבן.
אום אירי מייסטעט זאמט אירן פֿאלק צו ערהאלטן בייא דעם לעבן.
יעדוך איהר איך דיא גרושי שלאכֿט טון אן טרעטן.
ווֹאלן מיר דען אלמעכֿטיגן גאט אן בעטן:

אנטווארט דער קיניג שאול צו דוד.

פט דוד גיא דוא וויא דא אישט דיין מאניר.
איך מיט מייני בדינטי וואונשן דיר.
אלז דוא זאלשט האבן גליק אונ׳ זעגין.

1522 במקור אום

צו ברענגן גליות זיין קאפף אויף איין שפיץ פֿון דעגן.
דוד איהר דוא גיהשט אין דער גרושי שלאכֿט.
וואלין מיר גאט בעטן דיר צו געבן קראפֿט אונ׳ מאכֿט :

קלאג לידר פֿון דעם קיניג שאול.

צ **אלמעכטיגר** גאט טון מיך מיט מיינם פֿאלק ערהערן.
אונ׳ זיך אן אונזרי הייסן ביטרי טרעהרן.
דען דש טאהר פֿון טרעהרן ווערט נימר צו גישלוסן.
דיא צייט פֿון גליות אישט נון מער פֿר פֿלאסן :

דיא גרושי זארג פֿאלן מיר פֿיל צו שווער.
דיא קיניגליכֿה קרון פֿר לאנג איך ניט מער.
דען עז שטיט דוך לאדיר גאטיש צו ביזארגן.
זיא מעכט פֿון מיין הויבט ענטווענטיט ווערדן היינט אודר מארגן :

הער נאך ווערדן אלי מענשן זאגן.
עמ׳ 40 דאז קיניגרייך פֿון | ישראל אישט ווארדן פֿר לאהרין אין שאול זיין טאגן.
דארום וויל איך איצונט דיא קרון אבשטעלן.
זיא מעגן פֿר איין קיניג מאכֿן וועם זיא וועלן :

זאגט אליאב.

צא **גינעדיגשטר** קיניג זיא זאלן ניט פֿר צאגן.
גאט דער אלמעכֿטיגר ווערט האפֿינטליך דען פֿיינד פֿאר אונז יאגן.
ווייל ער אויף גאט טוט שענטן.
ווערט ער אונז דען רוקן מוזן ווענדן :

קלאג לידר פֿון יונתן.

צב **ליבר** גאט זיך דוך אן מיין פֿאטר דען אלטן.
דאז ער זיין קיניגרייך מעכֿט ביהאלטין.
דען עש ווער אים זונשט איין גרושי שאנד.
ווען דיא קיניגליכֿה קרון ווערט גינומן אויז זיינר האנד :

ווילשטו זאלכֿיז ניט טון אונזרט וועגן.
זא גידענק וואז דוא האשט פֿר שפראכֿין אין מאזיז דעגן.
ווייל מיר פֿאר אלי פֿעלקר דיא צעהן גיבאט האבן עמפֿפֿאנגן.
זאלן מיר אלי גינאד בייא דיר ערלאנגן :

וויא זיא האבן גיזאגט מיר וואלין אלז האלטן אונ׳ הערן.
האשטו בייא דיין הייליגן נאמן טוהן שוועהרן.
אלז דוא אונש ניא ווילשט פֿר דערבין.
זונדרן אלי שטרייט העלפֿין ערווערבן :

קלאג לידר פֿון דוד.

צג **אלמעכטיגר** גאט גידענק וואז מיין עלטר פֿאטר יהודא הוט גיטאן
וועגן תמר זיין שנור.

איהר ער זיא הוט לוזן מאכֿן צו איין הואר.
הוט ער פֿר אלי לייט טון זאגן.
פֿון מיר איזט זיא גיווארדן טראגן :

אבר איהר זיא אים הוט ווערין פֿר ראטן.
העט זיא זיך ליבר איבר דעם פֿייאר לוזין בראטן.
דיזש זאלשטו אונז לאזין גיניסן.
אונ׳ גליות זיין יאר באלט לאזן פֿר פֿליסן :

אונ׳ דא מן יוסף הוט וואלין פֿר קויפֿן.
קאם מיין עלטר פֿאטר יהודא איבר דעם פֿעלט צו לויפֿן.
אונ׳ טוט צו זייני ברידר שפרעכֿין.
ליבר וואלין מיר זיין זייטין העמיט צו שטעכֿין :

קלאג לידר פֿון דואג.

צד **ליבר** גאט דוא בישט גירעכֿט אין אלי דייני ווערקן.
לאז דוך דייני גינאד גיגן אונז מערקן.
אונ׳ לאז דוך אונז דיא ליב שאפֿט פֿון אונזרי עלטרן גניסן.
אלז דוד דען פֿיינט גליות זאל קענן ערשיסן : |

עמ׳ 41 גידענק וויא מאזוס האט גיוואגט אונזרט וועגן זיין לעבן.
אלז ער דעם קיניג פרעה זאלכֿי הארטי ריד האט געבן.
וועז מיר ביהיט גאט זאלין פֿאלן אין פֿיינטש הענד.
ווארן ווערט דען מאזוס זיין טרייאהייט ערקענט :
אויך וויא ער אישט פֿירציג טאג אויף דעם הימל גאנגן.
אונ׳ אונזרט וועגן צווייא טאפֿילן עמפפֿאנגן.
וועלכֿי ער האט מיט זייני אייגיני הענט גישפאלטן.
דארום מאך אלז מיר זיא קענן האלטין :

קלאג לידר פֿון אבנר.

צה **ליבר** גאט זיך דוך אן דיא גיגן ווערטיגי צייט.
וויא דיין איינציג פֿאלק שטעקט אין גרושי לייט.
אונ׳ וויסן זיך ניט צו ווענדן אודר צו קערן.
דרום טוהן אונז באלד איין הילף בישעהרין :

דז מיר דען פֿיינט קענן מאכֿין צו שאנדן.
זא וואלן מיר אלי בייטי צו גאט פֿר באנטן.
אונ׳ קיינר זאל ניקש גיניסן.

דארום לאז אונז דער פֿיינט פֿאלן אונטר דיא פֿיסן :

דען דיזש צו פֿר שפרעכֿן האבי איך אין מיינר האנד.
ווייל איך האב דיא שארשי פֿר איין הויבט מן דורך דעם גאנצן לאנט.
אונ׳ האבי דער פֿעליגי ארמע צו קומאנטירן.
זיא זאלן אויז ביפֿעלך מיינר ניקש אן רירן :

קלאג לידר פֿון אליאב.

צו ליבֿר גאט לאז מיך לייט זעליקייט אין דיינה אויגן האבן.
אונ׳ בשירם מיין ברודר דוד דען יונגן קנאבן.
דז ער זאל קענן וויא ער פֿר מיינט.
צו ערשלאגן דען גרושן פֿיינט :

גידענק אונזר עלטר מוטר רותֿ אירה גישעפֿטן.
וויא זיא זיך צו נאמי ⟨!⟩ פֿון גאטיש וועגן האט טאן ביהעפֿטין.
אונ׳ אלי אב געטר טאן פֿר שמעהן.
דארום לאז מיינם ברודר דוד זיין ווילן גישעהן :

אויך האב איך אויז דער הייליגי שריפֿט פֿר נומן.
אלש אונזר עלטר פֿאטר יהודא דען זעגן פֿון יעקבֿ הוט ביקומין.
דש אל זייני פֿיינט זיך צו אים ווערין מוזן בוקין.
אונ ווערין מוזן וייזן דען רוקין :

קלאג לידר פֿון מיכל.

צו ליבֿר גאט גדענק רבקה דז פֿרום וייב.
וויא זיא האט גיהאט איין צווילינג אין אירם לייב.
אין מיינונג די קינדר ווערן זיא טיטן.
אובר מיט דייני גרושי גינאד האשטו איר גיהולפֿין אויז אירה ניטן : |

עמ׳ 42 אויך אונזר מוטר רחל ניט צו פֿר געסן.
וויא זיא בייא אירם פֿאטר לבן איז גיזעשן.
היר נאך האט זיא אים דיא בילדר גישטולין.
אונ׳ אונטר דען זאטיל קנאפֿף פֿר הולין :

גידענק אויך אונזר מוטר ליאה ⟨!⟩ דיא פֿרומן.
וויא זיא האט אונזר פֿאטר יעקבֿ צו איינם מאן ביקומן.
אישט זיא גיווארדן פֿאלר פֿריידין.
אלז זיא נור עשו האט קענן פֿר מיידן :

קלאג לידר פֿון הנז ווארשט.

צח זא ווער זאל גליות זיין לעבן ווערן גינומן.
אלז מיין מאגן נוך קיין ביזן ברוט הוט ביקומן.

דרום וויל איך עשין איין שטיק פֿלייש פֿון דרייסיג פפֿונט.
אום צו שטופֿין מיין הונגרז מונט :

היר נאך האב איך מיר מיין גארגיל מוזן וועשן.
דער מיט דען גרושן דאררשט ⟨!⟩ צו לעשין.
וואריבר מיין בויך זיך הוט אן גיהובן צו קריטן.
האב איך דרייא מאס בראנטי ווײן מוזין אניין שיטן :

אין דעסין בין איך גיווארדן זא קלוג.
אלז איך בין גילופֿין איבר דען עסיק קרוג.
אונ׳ אים אן דען מונט טאן זעצן.
וועלכֿש פֿר אורזאכֿט אלז איך נאך ניט קאן שוועצן :

זא בין איך גשווינט אין דער אפטיק גיגאנגן.
אונ׳ מיר איין מאס דרייא אוקס לאזן לאנגן.
זא האט ער מיר געבן קיא טרעק דרייא מעסר שפיצן.
אונ׳ מיך היישן עטליכֿי שטונד דרויף שוויצן :

מיט איינם פֿיינן בעט טוך האב איך מיך צו גידעקט.
פֿר גרושר היץ בין איך באלד ערקרעקט.
זא באלד אלז דיא צייט אישט גיוועשן אויז.
בין איך גילאפֿין אויז דעם הויז :

גלייך דארויף בין איך צום עפֿפֿיל בוף מארשירט.
אונ׳ מיט דרייא באהר הינטר גישטעל ארום שארשירט.
דיזה מעדעצין האט מיר בעשר גישמעקט.
אלז איך דרייא בויארן ניכֿטרן אים ארש גילעקט :

זאגט דוד.

צט ווייל איך נון מער רעסעלפֿירט בין דיא פֿעלד שלאכֿט אן צו טרעטן.
זא וויל איך צו פֿאר גאט אן בעטן.
אונ׳ בייא אייך מייני פֿריינט נעמן אב שייד.
איך פֿר האף צו פֿר אורזאכֿן גרושי פֿרייט :

בעט לידר פֿון דוד.

ק אלמעכֿטיגר גאט איך טוהן דיך מיט צו בראכֿנין הערצן אן ביטן.
עמ׳ 43 טוהן מיט מיר | וויא דא זיין דיינה זיטן.
אונ׳ טוהן מיט מיר גינאדהייט.
אלש איך זאל קענן שטערצן דען ביזוויכֿט אין דער שטרייט :

דען איך קום ניט מיינט וועגן אליין.
זונדרן וועגן דערי גאנצי יודישי גימיין.

וועלכֿי דער ביז וויכֿט אן טוט זאלכֿי ביטרי פּיין.
דיא דא ניט שוועהר אונ׳ גרעשר קענטין זיין :

זא וואול אלז דוא מיך האשט בישירמט פֿון דעם ליב אונ׳ פֿון דעם בערן.
זא טוהן מיך אין דיזן שטרייט אויך ערהערן.
אונ׳ העלף מיר ערהאלטין דיזן זיג.
אלז איך זאל קענן ברענגן גליותֿ זיין קאפף אויף איינר ביג :

דוד נעמט אב שייד פֿון קיניג שאול.

קא אדיע אדיע הוך גיבארנר קיניג אונט הער.
זיין קיניגרייך זאל גיווערן אימר אונ׳ מער.
טוט מיינט וועגן פֿלייסיג אלמוסן געבן.
אלז איך זאל קענן נעמן דעם פֿיינט זיין לעבן :

גאט דער אלמעכֿטיגי וייש וויא עז ווערט צו גיהן.
אוב איך ווער אויף דיזן פלאץ קומן מין.
דוך מוז איך זאלכֿיש ברובירן.
איך מאג גיווינן אודר פֿר לירן :

דוך גינעדיגשטר קיניג טוט אייך ניט פרעשטן.
ווען שאן דיא פֿיינט זיין צום גרעשטן.
גאט דער אלמעכֿטיגי קאן אליז ווענדן.
אונ׳ אונז באלט איין הילף זענדן :

דוד נעמט אב שייד פֿון יונתן.

אדיע אדיע ברודר יונתן מיין.
וייל מיר ביז טאטא גוטי ברידר זיין.
איצונט וויל איך מיין האלז דראן שטרעקין.
האפֿנטליך ווערן דיא הונט דעם פֿיינט זיין בלוט לעקן :

אן זייני טרייא טראג איך קיין צווייפֿל.
ווען שאן זעלטן קומן אלי טייפֿל.
אונזרי ליב שאפֿט וואלטן פֿר קערן.
זא זאל זיא זיך אימר פֿר מעהרן :

ברודר יונתן גיב ער מיר זייני רעכֿטי האנד.
גאטיש הילף אישט אלי מענשן וואול ביקאנט.
דארום וואלן מיר אלי זאריג אויף דער זייט זעצן.
האפֿנטליך ווער איך מיך אן דעם פֿיינט קענן ערגעצן :

דוד נעמט אבשיד פֿון דואג אונ׳ אבנר אונט אליאב.

אדיע אדיע דואג אבנר אליאב מיינ⟨י⟩ ליבה ברידר.
געבט אכֿטונג אויף אונזרן קיניג ביז איך קום ווידר.
צו דעם שארמוציל גין איך מיט פֿרישן מוט.
איך פֿר האף עז זול באלד ווערדן גוט : |

עמ׳ 44 ברודר אליאב טוהן אונזרן פֿאטר ישי מיינט וועגן גריסן.
ער זאל צו גאט ביטן אלז איך זיין פֿרומקייט זאל גיניסן.
אונט ווידר צו אים קומן מיט פֿריד.
דש איזט יעצא אל מייני ביגעהר אונ׳ ביט :

דוך פֿר לאז איך מיך אויף דען אלמעכֿטיגן גאט.
דער אונזר פֿאר עלטרן צו גיזאגט האט.
אלז ער אונז ניט וויל לאזין פֿאלין אין פֿיינטש הענד.
ווילן מיר זיין הייליגן נאמן האבן ערקענט :

דוד נעמט אב שייד פֿון אלי אינז גיזאמט.
אדיע אדיע אל מיינה ליבה ברידר אונ׳ צו שויאר.
טוט דוך ביטן פֿר איין ארמיש קראטויאר.
איך ביט אייך זעמטליך אום פֿר צייאן.
האב איך איינם עטוואז ליידז גיטאן זוא טוט עז מיך גירייאן :

דען איך האב גיזעהן גשריבן אונ׳ גילעסן.
וועז איינר האט רייאן אויף זייני זינט ווערט ער פֿון אלים ביזן גינעזן.
אונט ווערט אים גיהאלפֿן אויז זייני ניטן.
דארום האפֿי אויך דעם פֿיינט צו טיטן :

דארום מוז איך מיך אן נעמן זאלכֿיר ווייז.
ווילן איך ווילנש בין מיך צו ביגעבן אויף דיזר שווערי רייס.
מיט גליות צו בגעבן אין איינר שטרייט.
מן ווערט ווישן דער פֿון צו זאגן אויף וויט אונ ברייט :

זאגט הנז ווארשט.
קב דוד האשט דיין זאך ניט רעכֿט אובסערפֿירט.
זונשט העשטו מיך בעשר רעשפעקטירט.
אלז דוא פֿון מיר ניט האשט גינומן אבשייד.
דאש אישט דיר קיין נוצליכֿקייט.
אין דעמי איך העט דיר דען בעשטין ראהט קענין געבין.
וויא דוא גליגליך העשט ערהאלטין דיין לעבן.
אבר וייל דוא בישט זא גרופא.
קאשט עז דיך דיין קאפא.

1687 במקור מיינ נ

דען דיא גיהיימנוס זאלין ניט ווערדין גישפירט.
דא מיט אלז דוא זאלשט ווערדין מאזאקרירט.
דען דוא האשט מיר ניט וואלין אן פרעסענטירן.
אלז איך דיך אין דער שטרייט זאל זיקונטירן.
זא וויל איך היפּליכֿר טאן.
איהר דוא גישט אין דער שארפֿי אקציאן.
וויל איך פֿון דיר נעמן אב שייד.
דען דוא בישט דוך צום טאט אן בירייט :

הנז ווארשט נעמט אב שייד פֿון דוד.

קג אדיע אדיע דוד דוא יונגר קנאב.
עמ' 45 ווען מן דיך ווערט | ליגן אין דאש גראב.
זא ווערט זיך מיין הערץ ערפֿרייאן.
אלז איך ווער רופֿן טר[ו]מפיטן אונ' שעלמייאן :

אונ איך ווער דא בייא טאנצן אונ שפרינגן.
אונ' אום דיינר זעהל איין לושטיגז טוט לידכֿי זינגן.
אויך פֿיקטאריא שייסן מיט פֿינף טויזנט פֿערץ.
אלז דיר דער גישמאק זאל רירן דש הערץ :

דוד פֿאלג מיר נאך.
אונ' גריך גליות אינז קאפֿע לאך.
אונט טוהן אים דז הערץ רויז בייסן.
היר נאך וויל איך דיר אויף דיינה לעבר ווערשט שייסן :

זאגט דוד.

קד ווייל עז נון מער ניט אנדרשט קאן גיזיין.
אלזוא וויל איך מיך מאכֿן אויף מייני ביין.
אונ' מיר עטוואז אן בירייטן.
מיט זעלביגן גיגן גליות צו שטרייטן.
איין שליידר זאמט פֿינף שטיין.
זאל מיין גישיץ אונ' גיוועהר זיין :

⟨ליד⟩

דען ערשטן שטיין אלז איך נעם אין מיינר האנט.
זאל זיין פֿר דען גרושן גאט דער אין דער גאנצי וועלט אישט וואול ביקאנט.
דער זעלבי אישט דער בישעפֿר דער גאנצי וועלט.
דער ווערט מיר העלפֿן ביצווינגן דען גרושן העלט :

איצונט וויל איך נעמן דען אנדרן שטיין.

דער זאל פֿאר גאטש דינשט באט אהרן זיין.
ווייל ער דיא מארטאטי פֿון איזרעל הוט אויף גיהאלטן.
זא האף איך אויך דעם ביז וויכֿט דעם קאפף מיט צו שפאלטן:

נאך דעם דריטן שטיין וויל איך אויך מייני הענט לענקין.
אונ' אברהם זיין נאמן דער בייא גידענקן.
ווייל ער צו גאט הוט איין אופפֿר שטול טאן בויאן.
דארום פֿר האף איך גליות דען קאפף אב צו הויאן:

נאך דעם פֿירטן שטיין וויל איך רייכֿן.
גיגן יצחק דער דא אישט פֿר גאט איין צייכֿן.
ווייל ער זיין האלז האט טון הער שטרעקין.
דרום פֿר האף איך גליות זיין נאמין אויז צו מעקין:

גיגן דען פֿינפֿטן שטיין וויל איך אויך איין פֿינדן.
דאש אישט יעקבֿ דער פֿאטר האט איין ציגליין טאן שינדן.
צו נעמן פֿון יצחק דען זעגין.
דרום האף איך גליות צו טיטן מיט זיינם אייגינן דעגן:

זאגט הנז ווארשט.

קה איך וויל אויך פֿינף שטיין נעמן אין מיינר טעש. |
עמ' 46 פֿילייכֿט קאן איך ערהאלטין מיכל דיא פולפֿיר פֿלעש.
ווען איך שאן קיין געלט האב.
בין איך דאך איר טאפירער קנאב.
שין אן צו זעהן פֿון גישטאלט.
איבר צוועלף אונ צוואנציג יאר ניט אלט.
נון וויל איך מיך לאזן שפירן.
פֿאר ווען איך זיא וויל נומארירן:

〈ליד〉

דען ערשטן שטיין וויל איך אן גרייפֿן.
דער מיט וואלף נאר דיא ציהן צו שלייפֿן.
אונ' היר נאך גליות דען קאפף מיט צו שפאלטן.
דער מיט דיא ברונץ קאחל מיכל צו ער האלטן:

דען אנדרן שטיין דען קלאטן.
גיגן אייזק נאר מיט זייני טיקי וואטין.
זיין פֿרומקייט זאלט איר אלי גניסן.
ווייל ער טוט פֿיקטאריא מיט דען הינטרן שיסן:

דען דריטן שטיין דען שווארצן.

גיגן שיפה פומבפּיליוס דען איך ליב מיט הערצן.
וויא אופּט האט ער מיר פּר דעם מויל גינומן דאש ברוט.
צו לוהן זאל ער קריגין דיא שווערי נוט :

דען פּירטן שטיין דען קליינן.
פּר אייחל בויאר דעם פּיינן.
דען ווען איך ניט האב גיהאט צו צעהרן.
הוט ער מיר ווידר טאן בישערן :

דען פּינפּטן שטיין זאל פּר הערץ בֿויאר זיין.
אונ׳ צו ברעכֿן זאל גליות האלז אונ׳ ביין.
אונ׳ זאל מיר זיין דוימן אין ארש שטעקן.
היר נאך ווידרום אב לעקן :

זינגט דער ענגל איבר דעם שטיין.
קו ענגיל איבר דעם אייזן.
איין ביט זאלשטו מיר גיוועהרן.
דיין דעמוטיגקייט צו ערווייזן.
הין גיגן וויל איך דיר עטוואז פּר ערין.
אלז דוא אוני צווייפּל פּר גניגט ווערשט זיין.
דען עש ווערט זאלכֿיש מיט ברענגן דער אויגן שיין :

מיין ביט וויל איך דיר אנטעקין.
דיא איך פֿון דיר פּר לאנג.
ווען דוא מיך ניט לאשט שטעקן.
זא האטש פּר וואר איין גאנג.
דש אייזן זאלשטו שפאלטן אונ׳ דורך לוזן דעם שטיין.
זא קאן גיהאלפֿן ווערדן דיא גנצי יודשי גימיין :

הין גיגן וויל איך דיר לאזן צו קומן.
פּערנר מיט דיר צו בשניידן.
וויא וואול עז העט מירש קיינר גינומן.
ווען איכֿש ניט גוט וויליג וויל ליידן.
וויא אויך ביז טאטא אלז מיר אישט גישעהן.
אבר יעצא איבר לאז איכֿש דיר לאז נאר דיין בארמהערציקייט זעהן : |

עמ׳ 47 אנטווארט דער ענגיל איבר דעם אייזן.
קז ענגיל איבר דעם שטיין.
דיין ביט זאל דיר גיווערט זיין.
ווען דוא מיר דיין פּר שפרעכֿין ווילשט האלטן.

וויל איך דיר דאש אייזן שפּאלטן:

דוא ווערשט אויגן שיינליך שפּירן.
ווען דוד איין ווארף נאך גליות ווערט פֿירן.
זא ווערט דר שטיין דורך פֿליגן.
אלז זיך גליות ווערט מוזין צו דער ערד ביגן:

אליין דיין פֿר שפּרעכֿן מושט דוא בובלאצירן.
אלז זיך דיא מענשן ווישן היר נאך צו רעגאלירן.
פֿערנר צו בישניידן מיט מיר.
ווײלן איך מיך שוועך גיגן דיר:

קומט גליות אונ' זינגט.

קח דיא גרושי אמלאציא.
ביוועגט דיא נאטור.
דען יודן צו געבן דיא קונפֿארמאציא.
צו ברענגין אין דער קוהר:

איך בין אנטשלוסן.
צו שארפֿי אקציאן.
אין דעמי די צייט איזט פֿר פֿלאסן.
וועלכֿי איך האב זעצן טאן:

אונט אירי הארט נאקיכֿקייט.
ניט וואלן אויף דער זייט זעצין.
דארום האבי איך גיטאן איין אייד.
אן אינין צו ערגעצן:

יעצט וויל איך אינין אן דייטין.
מיט ווארטין אונ' טאטין.
אלז זיא זיך זאלין אן בירייטין.
גיגין מיינה טאפּפֿרן סאלדאטין:

זאגט גליות.

קט פּיפאט ווייל דיא צייט אישט הער בייא גיקומן.
וועלכֿי איר האבט פֿון מיר פֿר נומן.
אונ' איך האב נאך קיינם ערקענט.
דער זיך מיט מיר וויל שלאגין ביהענט.
אבר איך האב שאן לענגשט גשפּירט.
אלז איר זייט פֿר פֿירט.
עש האט זיך אב גיטאן פֿון אייך אייאר גאטיש גינאדן.

ער לאזט אייך שווימן אונ׳ וואדן.
איר זייט נון מער איבר ענטפֿרט מיר.
איך וויל מיט אייך אום גיהן אלז מיט דעם ווילדן טיר :

זאגט דוד.

קי גליות טוהן דיך דוך ניט זוא גרוש מאכֿן.
איך קליינר פערסאן טואי דיך נור אויז לאכֿן.
איך בין דיזר מן.
דר מיט דיר וויל פֿאנגן אן.
ווייל דוא האשט דיין גישפאט. |
עמ׳ 48 אויז אונזרן ליבן גאט.
דארום האף איך צו איבר ווינדן דיך.
אונ׳ דיר צו געבן פֿיל טויזנט שטיך :

זאגט גליות.

קיא דוא נאריש קליין קינט.
אנטלויף פֿאר מיר גישווינט.
דוא גיהערשט נאך שטיל צוא שוויגן.
אונ׳ לענגר אן דיינר מוטר צו זייגן.
עז דויארט מיך דיין שין אן גזיכֿט.
זונשט רעכֿנט איך דיא שימפף דיא מיר דא גשיכֿט.
דש מן מיר איין קינד זאל שיקן.
וועלכֿז איך מיט איין איינציגן פֿינגר קאן צו טריקן.
איך טואי מיך זא שטארק פֿר ביטרן.
דז אלי גלידר אן מיינם לייב ציטרן.
דוא קומש⟨ט⟩ יא עבין רעכֿט.
אלש איין שינדרז קנעכֿט.
דז דיא הונד דא פֿאר ערשרעקן.
ווען זיא זעהן זולכֿי גרושי שטעקן :

זאגט דוד.

קיב איך טואי אן דייני ווארט שאן ערקענין.
אלז איך דיין קאפף אויף איין שפיץ פֿון דעגן ווער ברענגן.
אין דעמי דוא דיך צו איינם הונט טושט פֿר גלייכֿן.
דארום האף איך דיך אויך באלד צו ערייכֿן.
דוא מושט דוך שטארק פֿאר מיר ערשרעקן.
ווייל דוא פֿראגשט נאך מיינם שטעקן.
אונט אוב איך שאן בין איין שעפֿירש קנעכֿט.

זא פֿר האף איך דוך צו פֿיקטאריזירן אין דיזן גיפֿעכֿט.

אנטוואַרט גליות.

קיג   מיין קינד פֿאליג מיינם ראהט.
אונ׳ היטי דיך פֿאר דעם ביטרן טאט.
דען איך וואר דיך צו האקין מיט מיינים שווערט.
אונ׳ דיין פֿלייש געבן צו פֿרעסן דעם פֿיך אויף דער ערט.
אונ׳ וויל דוא בישט זא איין שופֿט.
וויל איך דיך געבן דען פֿעגיל אין דער לופֿט.
דארום טואי פֿון דיין פֿאר האבנז אב זיצן.
איהר זיך מיין לייב ווירט ערהיצן:

אנטוואַרט דוד.

קיד   איך ערגרייפֿי דיא קינהייט דיר דען קריג אן צו ביטן.
דוא גרושר אוהן גישטיקטר זאלשט דיך פֿער מיר היטן.
ברויך ניט פֿיל און ניצליכֿה ווארט.
אונ׳ מאך אלז אונזר קריג גיט באלט פֿארט.
איך טואי אן דייני ריהט אן הערן.
עז ווערט מיט דיר ניט מער גיווערן.
אלז דוא ווערשט פֿאלין אין מיינר האנט.
עמ׳ 49 דען דוא רידטשט שאן אלז איינר דער דא | האט קיין פֿרשטאנט.
דען בייא פֿיך טון מיר ניט פֿינטן.
אלז זיא זאלטן מענשן פֿר שלינגן.
אבר איך טוא מיך פֿר מעסין.
דאז איך דיך וויל געבן דען ווילטן טיהר צו פֿרעסין.
דרום אויך שטעל דיך צו דער שטרייט.
דען איך בין שאן אן בירייט:

זאגט הנז ווארשט.

קטו   גליות דוא האשט דיך פֿר דעם יונגן וואול פֿאר צו זעהן.
דען עז זיין אים אונטר שידליכֿי זאכֿין גישעהן.
איין ליב אונ׳ איין בער.
האבן איבר אים גישיסן אהער.
אין דעמי אלז זיא האבן גיקאקט.
האט ער זיא אן גיבאקט.
אונ׳ אין דער הינטר לייב גיקראכֿין.
זא האטש איהים גאר איבל גירוכֿין.
אלזוא אישט ער גישווינט ארויז גישלופֿט.

אבר דעם מיינשטין גירוך דוך איין גישנופֿט.
ווען ער דען הינטר אטים ווערט גיגן דיר לאזין.
ווערשטו דיך גאנץ אנטפלאסין.
אונ׳ ווערשט דיך ניט ווישן צו קערין.
פֿר דיא טונטר שלעק דיא דוא ווערשט הערין.
ווע‍לכֿי קומן אויז דעם גיבערג.
דרום היטי דיך זונשט גיט עז דיר גאר אריג.
דארום הער צו גאר עבן.
וואז פֿאר איין דרעפֿליכי מעטאצין איך דיר וויל געבן.
צווישן פויארן ציהן דען שוואז.
שמיר דיר אונטר דיא נאס.
זא ווערשטו דען שוועפֿיל אונט בעך ניט ריכֿן.
ווע‍לכֿה מיט דעם טונטר אויז דיא גיבערג קומט צו קריכֿן :

זאגט גליות.

קטז איך זאג נאך איין מאל לאז אב פֿון דייני יודישי זיטן.
אונ׳ טואי דיך אין זאלכֿי זאכֿין ניט קריטן.
לאז דיך דיין מיס פֿר שטאנט ניט פֿר פֿירן.
דוא קאנשט עז ניט מאנטינירן.
דיא אורזאך אלז איך ניט מאג מיט דיר אן פֿאנגין.
ווייל איך פֿון דיר קאן קיין רעשפעקט ערלאנגין.
ווען איך דיך שאן איבר ווינט.
בישטו ערשט איין קינד.
איך גיא פֿיל ליבר צו פֿעלט.
מיט איינם שטארקין העלט.
דארום לאז זיך איין אנדר אן שטאט דיינר שטעלין.
זא וויל איך גאר הערצליך גערן מיט אים פֿעלין :

אנטווארט דוד.

קיז שווייג נאר שטיל מיט דיין פראלירייא.
איך פֿר זיכֿרי דיך איך קאן דיר קומן בייא.
עמ׳ 50 ניט | וועגין מיינר גרושר שטארק.
זונדרן אויף גאט צו לעשטרין אישט גאר אריג.
איך נעם גאט צו איין בייאשטאנד.
דר ווערט דיך איבר ענטפֿרן אין מיינר הנד.
דארום מאך עז נאר באלט.
איך פֿר האפֿי דיך צו מאכֿין קאלט :

איצונט גיט אן דאז גיפֿעכֿט מיט דוד אונ׳ גליות אונ׳ שארשירן מיט אנגדר אונ׳ דוד

האט די גרושי פֿיקטאריע מיט הילף גאטש ערהלטן. אונ' דעם גליות זיין קאפף גישפאלטין.

זינגט אליאב.

קיח עז פֿרייאט מיך מיין ברודרש אלז אים אישט צו גיקומן.
וועלכֿז דיא הערן אום שטיהנדר האבן פֿר נומן.
אלז ער דאז קיניגש טעכֿטרליין.
האט ערוואורבין מוטר אליין:
פֿיקטאריא. פֿיקטאריא. פֿיקטאריא:

דען אן ⟨ד⟩יזן שארשירן האט דיא קיניגליכֿי קרון גיהאנגין.
אישט גאט צו דאנקין אלז זוא אישט אויז גיגאנגין.
איין יונג פֿון יאהרין אכֿט אודר ביין.
זאלכֿיר טאפירר העלט צו זיין:
קוראשי. קוראשי. קוראשי:

וואז ווערט מיין אלטיר פֿאטיר זאגין ווען ער זאלכֿיז ווערט פֿר נעמן.
אלז זיך דער ינגשטה ברודר מיין דאז קיניגש אייטם ווערט נענין.
וועלכֿז אונזרי זעמטליכֿי פֿריינט שאפֿט.
גיוויסליך פֿר אורזאכֿט גרושי קראפֿט:
פֿיקטאריא. פֿיקטאריא. פֿיקטאריא:

נון מער וויל איך איינש טאן אונ' גאט איין זעגין געבן.
אלז ער דען קיניג זאמט זיין פֿאלק האט ערהאלטין בייא דעם לעבין.
וועלכֿיז איך ניט פֿר מיינט.
דען עז האט ניט דער נאך גישיינט:
קוראשי. קוראשי. קוראשי:

אובר דער אלמעכֿטיגר גאט האט זיין גינאד ערצייגט.
אונ' דיא ליב שאפֿט פֿון אונזרי פֿאר עלטרן אונז צו גינייגט.
אונ' ניט אן גיזעהן אונזרי זינט.
אונ' דען פֿיינט גימאכֿט בלינט:
פֿיקטאריא. פֿיקטאריא. פֿיקטאריא: |

עמ' 51 זיין קראפֿט אונ' מאכֿט רעכֿט ערשיינט. וויא יעדר מן קאן שפירן.
זאלכֿין שווערן ביטרן שטרייט זא טאפֿפֿיר אויז צו פֿירן.
וועלכֿז איך ניט גימיינט האב.
צו גיווינן דורך זאלכֿין יונגן קנאב:
קוראשי. קוראשי. קוראשי:

1943 ה"ב מבחינה גראפית אין היא נבדלת מכל הוראות-הבימוי האחרות וגם אינה ממוספרת כסעיף אך עם זאת מעידה כנראה צורתו המחורזת של חלק ממנה שנאמרה על-ידי אחד השחקנים

1948 במקור ר י ז ן

⟨זינגט⟩ יונתן.

קיט ווייִלן נון מערא דיא שטונט קליקליך פֿאלט.
דאש זיך מאג ערפֿרייאן יונג אונ׳ אלט.
זא מוז איך מיינם ברודר דוד איין רעקומפענץ פֿר ערין.
אונ׳ איביגי ברידרשאפֿט מיט אים שווערין:

אין שפעציא ער פֿאר מיין הער שוואגר ווערט ווערדן קראטולירט.
דען דער קיניג מיין הער פֿאטר האט זייני טרייא גישפירט.
אלז ער זיך הוט אן גיגריפֿן מיט גאנצי קראפֿט אונ׳ מאכֿט.
אונ׳ דאז גאנצי קיניגרייך גאר ביהוטזאם גינומן אין אכֿט:

זא ווערט אויך מייני טרייא נימר מער פֿון אים ענטוועגט.
דער וויל איך אויך זיינה טרייא נון גענצליך ערקענט.
אונ׳ זיינה טרייאי ליב אין גרונט מיינש הערצן גישלאסן.
אין שפעציא ער דען גיפֿערליכֿן פֿיינט גליות זיין בלוט האט פֿר גאסין:

דארום אישט אויך ביליך גאט צו לובין אונ׳ צו ברייזן.
טאג אונ׳ נאכֿט גנץ וויליג אין זיינר דינשט צו ביפֿלייסן.
דר זייני הילף אויגן בליקליך קען זענדין.
אונ׳ דאז פֿר מיינטי און גליק צו גוטים ווענדין:

דען וואז מיט דוד אונ׳ גליות היר האט טאן באסירן.
אישט דיא מאכֿט גאטש אויגן שיינליך צו שפירן.
אלז איין קליינר קנאב זאל ביצווינגן איין גרושין ריס.
אונ׳ דען קאפף צו ברענגן אויף זיינם אייגינן שפיס:

נון וויל איך דוד מיינם ליבן ברודר אנטגעגין טרעטין.
אונ׳ מיט אננדר דען ליבן גאט אן בעטין.
דאז ער אונז האט גיהאלפֿין אויז זאלכֿר נוהט.
אונ׳ אונז זעמטליך בישירמט פֿון דעם שווערין ביטרן טוט:

נון אישט אונזר ביט אונ׳ ביגער פֿון דעם אלמעכֿטיגין גאט.
דער אונזרי פֿאר עלטרין האט בישירמט פֿון שאנט אונ׳ שפאט.
זא זאל ער אונז יעצט זיין הילף זענדין.
אונ׳ אויז פֿרעמדי לאנדי ווידרום אינז הייליגי ווענדין: |

אונ׳ אונזרין פֿר שטערטין טעמפיל אויף דאז נייאי לאזן אויף בויאן. עמ׳ 52
אן גאט דען אלמעכטיגן זעצין מיר אונזר פֿר טרויאן.
אמן אמן אמן דאז אישט וואר.

1973 ה״ב זאגט

ער זענטי אונזרן ערליזר וואול אין דיזן יאהר :

קומט דוד אונ׳ ברענגט דען קאפף פֿון גליות. אונ׳ זאגט צום קיניג שאול.

קד **אליר** דורך לייכֿטיגשטר קיניג אונ׳ הער.
איך האבי פֿאלבראכֿט אירה ביגער.
אונ׳ דעם ביז וויכֿט גליות גיבראכֿט אום זיין לעבן.
וויא איך אירי מייסטעט הב פֿאר גיגעבן.
דען קאפף אלז איך היר בייאטראג אויף דיזר ביק.
אישט איין ווארצייכֿן אלז איך ניט ליג.
גאט דער אלמעכֿטיגר אישט גיוועזן מיין בייא שטאנט.
אונ׳ האט דעם ביזוויכֿט געבן אין מיינר האנד.
ער האט ניט קענין שארשירן.
אויך זיך ניט קענין סאלפֿירן.
היר מיט פֿר לאנגי פֿון אירה מייסטעט מיין אב שייד.
וויודרום צו גין צו מייני שאף אויף דער וויט :

אנטוואורט דער קיניג שאול צו דוד.

קכא **דוד** לאז שטין דייני שאף.
אונ׳ בלייב אלהיר בייא האף.
זא וויל איך דיר דיא פֿר שפראכֿני רעקומפענץ געבן.
אויך דיא שארשי פֿון איינם הויבט מן דער נעבן.
צו וואר איך טוא דיך נון ניט רעכֿט קענין.
דארום זאלשטו מיר דיין פֿאטיר נענין.
דער מיט צו ווישן דיין גישלעכֿט.
אוב דוא צום הויבט מן בישט רעכֿט.

אנטוואורט דוד דעם קיניג שאול.

קכב מיין פֿאטר אישט ישו ⟨!⟩ פֿון בעטל היים גינאנד.
אהני צווייפֿל אישט ער אירה מייסטעט וואול ביקאנט.
אין דעמי אליאב אונ׳ אבינדב מייני ברידר זיין.
וועלכֿי בייא אירה מייסטעט גיהן אויז אונ׳ איין.
צו דעם האב איך פֿיל מאלן אויף גיווארט פֿאר אירה מייסטעט.
אויף דער הארפף אונ׳ אויף דער פֿלעט.
אויך אירה גישיץ אונ׳ גיוועהר נאך גיטראגין.
דאז זעלבי קאן איך אויף איינר אייד אויז זאגין :

זאגט יונתן צו דוד.

קכב **דוד** איך ליב דיך מיט גאנצין הערצין.
דארום וואלין מיר אונזר רעסלוציאן קערצין.

עמ' 53 דא מיט אונזר ליבה יעדר צייט | צו גיני'זן.
אונ' דיא ברידר שאפֿט יעצונט שליסן.
אלז איינר פֿון דעם אנדרן זאל ניט וואנקין אודר וויכֿין.
עז זייא דען גאט טוט נאך אונזרי זעהל רייכֿן.
זונדרן זיך פֿינדן לאזין אין אלי דינשטבארקייט.
עז מאג זיין אין טרויארין אודר אין לושטבארקייט.
עז אישט אהני ניטיג אלז איינר דעם אנדרן שווערט.
זונדרן מיר וואלין צו צייגן געמן הימל אונ' ערד:

אנטוואָרט דוד.

קכד דוריך לייכֿטיגשטער פרינץ פֿון דעם מאל אן דאז איך זיינה פערסון האב אין אויגין ביקומן.
האט אירי ליבי מיין הערץ אין גינומן.
אליין איך האב מיך ניט אונטר שטין קענין.
אירי דורך לייכֿט ברודר צו נענין.
ווילן זיא אבר מיר איצונט דיא גינאד ער צייגן.
זא קאן איך אויך ניט לענגר פֿר שווייגן.
אונ' בין צו דיזה ביפֿעל אן בירייט.
יעצא אונ' אלי צייט:

זאגט הנז וואָרשט צום קיניג שאול.

קכה אירה מייסטעט בארמהערציקייט ביט איך אום גינאד.
גאט דער אלמעכֿטיגי וייש דאז מיר איז פֿון הערצן לאד.
וואז ביז טאטא מיט מיר אישט פאסירט.
אליין אנדרי האבן מיך פֿר פֿירט.
אירה מיישטעט פֿר זיכֿרן מיך בייא אירי קרון.
דאז זיא מיר ניט וואלין צאלין מיין פֿר דינטן לוהן.
דען איך מוז גישטין אליין.
דאז אלי שטראף מיר ווערין צו קליין.
זא וויל איך יעצט קונט מאכֿין.
ביז טאטא אלי פֿר לאפֿני זאכֿין.
אונ' מייני פֿר פֿירר אין אירה הענט שטעלין.
וועלכֿי גיטראכֿט וויא זיא אירה קרון ביקומן וועלין:

אנטוואָרט דער קיניג.

קכו דיין ביט וויל איך דיר גיווערן.
אונ' בייא מיינר קיניגליכֿה קרון שווערן.
אלז דיר קיין לייד זאל ווידר פֿארין.
וועז דוא מיר דיא וואָרהייט ווערשט אופֿינבארן.

און' מיר דיא יעניגה איין הענדיגין.
דאמיט דיא זעלבי רעכֿט צו בענדיגין :

זאגט הנז ווארשט.

קכז מיינה מיסטאטין וויל איך ביקענן.
און' מיך זעלבשטן פֿר איין איבל טעטר נענין.
דען וואז העלפֿט אל דער מענשליכֿר פֿר שטאנד.
גיגן איינם פֿאלק דז גאט בישיצט מיט זיינר האנד.
און' לאזט אינן קיין אום גליק צו קומן.
וויא איך טאטא האב פֿר נומן.
עמ' 54 איך בין איין ראהטש הער פֿון גליות | דעם טוטן הונט.
וועלכֿר זיך גרוש גימאכֿט מיט זיינם מונט.
אונט גישפראכֿין אייך אלי צו פֿר שלינטן.
אבר יעצא הוט ער זיין לוהן טאן פֿינטן.
אלז איין קליינר קנאב.
הוט אים גיבראכֿט אינז גראב.
איך האבי זאלן אירה קונפארענצי אויז שפיגילירן.
דער מיט זיא זיך ווישן דא נאך צו רעגאלירן.
וויא אויך צווייא אנדרי אלי באט שאפֿט האבן אב טון הולין.
וויא אינן פֿון גליות אישט גיוועזן ביפֿולן.
ווען אירי מייסטעט אויף איין קלייני צייט.
בליבן צו טרעטין אויף איין זייט.
דיא בייטי גימעלטי ווערן יעצט ווידר קומן.
דען זיא האבן איר אום גליק נוך ניט פֿר נומן.
זא קענן אירה מייסטעט דען ראהט צו הערן.
וויא זיא זיך פֿאר ערב פֿיינד ווערדן ער קלערן.
הער נאך זיא צו איבר פֿאלן.
און' מיט אינן פֿר פֿארן נאך אירם וואול גיפֿאלן :

קומן דיא צווייא ראהטש הערן פֿון גליות נעמליך הימבער אונט קראנשיט און' הימבער זאגט.

קכח גאט גריסי אייך מונזיער ליזינצקי אונזר בעשטר פֿריינט.
וועלכֿר טרייא הערציג מיט אונז גמיינט.
עז ווערט אים איין סאלודאציאן פֿר מעלט.
פֿון אונזרן הערן גליות דער שטארקי העלט.
וועלכֿר גרוש פֿר לאנגן טראגט.
צו פֿר נעמן וואז דער יודן קיניג זאגט.
דארום טון זיא ניט לאנג שטיל שווייגן.

זונדרן אונז גלייך אליז אן צייגן :

זאגט הנז ווארשט.

קכט אך עז זייא גאט גיקלאגט.
איבר דיא נארשי ריהט וועלכֿי איר מיר זגט.
דז אום גליק אישט זא גראז.
אהני ציל אונ׳ אהני מאס.
אין דעמי אונזר הער גליות אישט ערשלאגן.
וואוריבר מיר האבן צו יאמירן אונ׳ צו קלאגן.
איין קינד פֿון יארן זיבן אודר אכֿט.
האט אים אום זיין לעבן גבראכֿט.
וואז וואלין מיר נון אן פֿאנגן.
מיט דעם יודן דיא פֿר גיפֿטיגי שלאנגין :

זאגט קראנשיט.

קל אך וואז נעם איך פֿאר שרעקן איין.
איך קאן פֿאשט ניט שטין אויף מייני ביין.
וואו ווערן מיר זיך הין קערן אודר ווענדן.
דז מיר דען יודן ניט פֿאלן אין הענדן.
אהני צווייפֿל גיהן זיא נון צו פֿעלט.
אין דעם נון ערשלאגן איז אונזר שטארקר העלט.
וואו מיר ארמי לייט זיך וואלן לענקן.
מוזין מיר זיך בייא צייט בידענקן : |

עמ׳ 55 זאגט הימבער.

קלא מיינה הערן איך הב איינן דוך שון לענגשט גיזאגט.
אלז דער זעלבי ניכֿטש גיווינט וועלכֿר זיך מיט יודן שלאגט.
דוך פֿר צאגט ניט גאנץ.
מיר וואלן טרעטן אין אליאנץ.
מיט אונזרם אב גישטארבנן הערן זייני ברידר אלי דרייא.
דיא ווערדן אונז האפֿנטליך שטין בייא.
אונ׳ העלפֿן רעכֿנן איר ברודרש בלוט.
היר דורך לעבי אין האפֿנונג עז זאל ווערן גוט :

קומט דער קיניג שאול אונט זאגט.

קלב איר גאט לוזי פֿעגל אייארי ווארט האב איך אן גהערט.
עז ווער קיין וואונדר איך ציהט אויז מיין שווערט.
אונ׳ ריכֿטיט איך מיט מיינר אייגני האנד.
אליין עז ביוועגט מיך מיין פֿר שטאנד.

פֿיל מער אן דען גאלגן צו הענגן.
דר מיט איין צייט לאנג יעטוועדר דראן צו דענקן.
וואז מיט אייך אישט פאסירט.
אייאר אייגנר ברודר הוט אייך פֿר פֿירט.
אונ׳ מיר אליז גימאכֿט קונט.
פֿון אן פֿאנג ביז אויף דער לעצ⟨ט⟩ שטונט.
דער זעלבי אובר האט פארטאן ביקומן.
אונ׳ דורך אים זאל אייך דז לעבן ווערדן גינומן.
דרום אויף ליזינצקי מיין שאלקז נאר.
נעם דיזה ביידן בייא דיא האר.
אונ׳ הענג זיא אויף פֿאר מייני אויגן אלהיר.
היר נאך בישטו פארטאנירט בייא מיר :

זאגן הימבער אונ׳ קראנשיט קלאג לידר איינר אום דען אנדרן וויא פֿאלגט.

קלג אך ווינט אונ׳ וויא וואז הערן מיינה ארץ.
דז מיר זא שענדליך זאלן ווערין פֿר לאהרן.
אין שפעציא דורך אונזרן אייגינן ראטש הערן.
זאלן מיר אום גבראכֿט ווערדין :

אך ווינט אונ׳ וויא וואז האבן מיר ביקומן פֿר איין בישייד.
דז דורך אונזרי אייגיני לייט.
וועלכֿי מיט פֿאלשקייט זיין אום גיגאנגן.
וואריבר מיר ליידר ווערדן גיהאנגן :

ליזינצקי וויל ער אונז הענקן.
גידענקט דוך גאט ווערט זולכֿיז אייך ניט שענקן.
מיר האבן פֿר מיינט ער ווער אונזר בעשטר פֿריינט.
אובר עז זיך פֿינדיט אונזר עריגשטר פֿיינט :

וויא ווערט ער זאלכֿיז קענן פֿר גאט פֿר אנטווארטן.
אלז ער אונז לאזט ער מארטן.
אונ׳ אונזר ווייב אונ׳ קינדר אין טריבזאל זעצין.
דז קומט אלז דורך זיין אויז שוועצן : |

עמ׳ 56 דוך וואלן מיר צו גאט ביפֿעלן.
אונזרי זינדיגי ארמי זעלין.
דז מיר דורך דיזן מיסראבלין טאהט.
זאלן האבן בייא דעם גרושן גאט גינאד :

2136 במקור לעצש

פֿר אונזרן לעבן וואלין מיר ניט בעטן.
דען פֿאר דען טוראנישן יודן קיניג וואלין מיר ניט טרעטן.
ליבר אונזר לעבן פֿר לירן.
אי מיר זיך זאלטן זובמיטירן:

איר הערן צו שויאר לאזט אייך ניט אויז הערן.
אונ׳ טוט אייך אויך אן אונז קערן.
דען טאטא האבן מיר גישפירט.
וויא דיא וועלט פֿאלשקייט בייא זיך פֿירט:

מיר ביטן אלי מענשן אום פֿר צייהן.
דען אונזרי זינד טוהן אונז גירייאן.
זונדרן ליזינצקי איז אויז גנומן.
ווייל ער מיט לישטה איזט הינטר אונז גיקומן:

ער זאל ניקש האבן צו ערלאכֿן.
אויף יעני וועלט וואלין מיר זולכֿיז אויז מכֿן.
אין דעמי מיר אין פֿר איין שפעציאל פֿריינט האבן ערקענט.
אונ׳ יעצט הוט ער אונז איבר ענטפֿרט אין יודן הענט:

היר מיט וואלין מיר זולכֿיז בשליסן.
אונ׳ אלי הערן נאך איין מאל גריסן.
זיא זאלן זיך פֿערנר נעמן אין אכֿט.
היר מיט פֿיל טויזנט גוטי נאכֿט:

זאגט דער קיניג שאול.

קלד ליזינצקי מאך נור פֿארט.
אונ׳ קום נוך מייני ווארט.
אונ׳ הענג דיא שעלמי אלי בייט.
אלהיר פֿאר אלי לייט.
היר נאך האשטו מיין ווילן ערפֿילט.
אונ׳ מיין גימיהט ווערט זיין גשטילט:

איצונט הענגט ליזינצקי דיא צווייא ראטז הערן פֿון גליות אן גאלגן. זולכֿיז טוט יעדר מן וואול גיפֿאלן.

זאגין דיא קאמעדיאנטן.

קלה דיא הערן מאכֿן זיך נון נאך הויז.
דען דיא קאמעטן איז נון מער אויז.
דיא קאמעדיאנטן טון אייך ליב האבר פֿלייסג בעטן.
דיא עהר צו פֿר גינן אונ׳ מארגן ווידרום היר בייא צו טרעטן.

דאש גרינגי געלט אלז זיא האבן הער גישוסן.
ווערט זיא האפֿינטליך ניט האבן פֿר דראסן.
אירה קונטענטעמענט ווערן זיא האפֿנטליך האבן גיפֿונדן.
אין דיזר [א]גירנג פֿון עטליכֿי שטונדן.
היר בייא זאגן מיר פֿיל טויזנט גוטי נאכֿט.
מיר פֿר בלייבן אלי אין גאטיש מאכֿט:

**ענד:**

# ח. משה רבינו בשרייבונג

מן המחזה הזה נשתמר עותק יחיד בלבד, השמור במוזיאון הבריטי. לא צוינו בו מקום הדפוס ושנת הדפוס. צדנר שיער, שספרון זה נדפס באמצע המאה הי״ח, בערך.* את המחזה הזה פרסמתי לראשונה בשנת 1964 ברבעון די גאָלדענע קייט, כרך נ, עמ׳ 296—320.

בדף הראשון נדפסה האות א — סימן יחיד למספור העמודים באותיות עבריות. כאן סומנו העמודים בספרות (1—8). במקור נדפסה התחלת כל דיבור באותיות מרובעות, ואילו שאר הטקסט נדפס באותיות הרגילות של הדפוסים ביידיש. במהדורתנו נשמרו הסוגריים העגולים שבהם נתונות הוראות-הבימוי. כן נשמר בה הפיסוק שבמקור: נקודה בסוף שורה מתחרזת ונקודתיים בסוף דיבור או סטרופה. פיסוק זה תוקן בכמה מקומות בלי שהדבר צוין בהערות. סימני הרפה שבמקור הושמטו כאן כאשר ברור, שיש לפנינו טעות-דפוס.

* J. Zedner (ed.), *Catalogue of the Hebrew Books in the British Museum*, London 1867, p. 565

# משה רבינו בשרייבונג

(צום אליר ערשט קומט משה אונ׳ זאגט)

**א**יין גוטן אובֿנט זאל אייך גאט געבֿין.
היינט אונד אליר וועגין.
ווערט איר מיך טאן קענן.
מיין נאמין וויל איך אייך נענין.
משה בן עמרם בין איך גינאנט.
איין עבד נאמן בייא דען אלמעכֿטיגן גאט בֿין איך גאר וואול ביקאנט.
דען דר אלמעכֿטגר גאט האט צו מיר טאן זאגן אלז איך אין איין קורצין צייט
ווער מוזן שון שטרבן.
אונ׳ מיין תלמיד יהועשי ⟨!⟩ בן נון ווערט מאכֿין דש לאנד כנען
צו ישראל טאן ערבין.
דרום אך וויל איך איהם גיהן לאזן אריין.
אונ׳ וויל איהם זאגין וויא ער זיך מיט ישראל זאל נוהג זיין.
אריין אריין יהושיע מיין :

(דא קומט יהושיע ⟨!⟩ אונ׳ זאגט)

**א**יין גוטן אבנט זאל אייך גאט געבן.
היינט אונ׳ אליר וועגין.
וועלט איר מיך טאהן קענן.
מיין נאמן וויל איך אייך נענין.
יהושיע בֿין נון בין איך גינאנט.
איין תלמיד מובֿהק בייא רבינו משה בֿן עמרם בין איך וואול בקאנט.
ווע⟨ל⟩ט איר ווישן מיין ביגער.
וועסט אורזאך אלש איך בין קומן דא הער.
רבֿינו משה בֿן עמרם האט נאך מיר גזאנד.
אלש איך זאל צו אים קומן בהענד.
איך ווייש ניט וואש עש טוט בֿטייטון.
הייט מער אלז אלי צייטן.

18 במקור ו ו ע ט
23 במקור ה י י ט ן

אלש דען בין איך קומן אריין.
פֿר נעמין וואש זיין וויל טוט זיין:

(זאגט משה)

יהושע דוא גטרייאר דינר מיין.
וואש ברענגשטו פֿר איין נייאה צייטונג אריין.
זאג מיר אום פֿר הולין.
דען דוא בֿיסט אלי צייט מיין גטרייאר דינר גיוועזן ווען איך דיר
האב וואש בֿפֿולין:

⟨זאגט יהושע⟩

רבינו משה בן עמרם איך וויל מיך ניכט לאנג שפֿארין.
היימליכֿי זכין וויל איך אייך אופֿין בארין.
אלדד ומידד זיין ווארן⟨ן⟩ ⟨פראפֿיטן⟩.
דרום פֿר לענד זי אונ' טוא זיא טיטן.
עמ' 2 זי | פֿראוויצייען אין דר שאר.
אלז איר וועט מוזן שטערבין אין דיזן יאהר:

(זאגט משה)

יהושע דוא דיך מיינר ניט ניידן.
ווילן זיא ווער זאגין אליביידין.
דען דר אלמעכטיגר גאט האט צו מיר טאן זאגן.
אלש איך ווער שטערבן אין קורצי טאגן.
אונ' איבֿר דר איבֿר פֿוהר פֿון ירדן ווער איך מוזן שטערבין.
אונ' דוא ווערשט מאכֿין דש לאנד צו ישראל ערבין.
דרום אך זאג איך דיר צדק ומשפֿט זאלשטו טאן.
ער מאג זיין ארם אודר רייכר מאן.
אונ' די תורה הקדושה זאלשטו מיט זי פֿלייסיג לערנין.
בזכֿות זה ווערט דיך דר אלמעכֿטיגר גאט פֿון אלי שמערצין בשערמין.
טאג אלז נאכֿט.
זאל דיר זיין גיאכט.
אז תֿשכיל ותֿצליח ווערשטו בגליקן טאן.
אלש פֿון דיא ל״א מלכֿים ווערט ניט קענין קיגן דיר בֿשטין איין מאן.
אונ' ווייטר אנדרי זאכין ברויך איך דיר ניט צו זאגין.
דען דוא ווייסט דאך וואהל וויא איך מיך האב נוהג גוועזן אין מיינה טאגין.
דרום אך האב איך מיר פאר גנומין.
אלש איך וויל אין דיא מחנה ישראל ארום קומין.

32 במקור ווארל פֿר אפיטן
35 במקור איר וועטר

אונ׳ וויל זיא שטראפין אונ׳ וויל זי זאגין.
וויא זיא זיך זאלין נוהג זיין אין אלי איהרי טאגין :

(זאגט יהושיע ⟨!⟩)

אך ווינד אונד ווע וויא איין בשורה רעה האבֿ איך טאן הערין.
אז די ווע שעה דש איך בין ווארן גבארין.
אך ווינד אונ׳ ווע וואש ווער איך פֿאנגין אן.
ווען רבינו משה בן עמרם ווערט ניט פֿר מיר גיהן ווי ווער אי⟨ך⟩ קענין קיגן
כֿל ישראל בֿשטאן :

(זאגט משה)

ניין ניין יהושע דיא זאכֿין נעם דיר ניכט אזו פֿיר.
דען דר אלמעכֿטיגר גאט ווערט שטעטץ זיין בייא דיר.
ווען דוא ווערשט קומין אין דיא נוט אריין.
זאלשטו נור פֿאר דעם אלמעכטגן גאט מתפֿלל זיין.
ער ווירט דיר העלפֿין אויז שמערצין אונ׳ פֿיין :

(זאגט יהושע)

ניין ניין דיא זאך טוהי איך מיר ניט אזו בילדן איין.
דש דיין וויל קאן דר בייא זיין.
דען וואו איז פֿר הנדן אזו איין מאן.
וואש דוא קאן פֿר דען אלמעכֿטיגן גאט תֿפֿלה טאן.
עמ׳ 3 וואש ווער | איך פֿאנגין אן.
איך ארמר עלענטר מאן :

(זאגט משה)

ניין ניין יהושע דיא זאך דוא דיר ניט אזו בילדן איין.
דאש מיין וויל ניט דר בייא זאל זיין.
דען ווייל איך האב איין מאהל חוטא גוועזן.
האט דר אלמעכטיגר גאט גשווארן איך זאל דען טוט ניט ווערן גנעזין.
אבר ווען דוא ווערשט דען רעכטין וועג גין.
ווערט דיר דר אלמעכֿטיגר גאט אימר צו בֿייא שטין :

(שרייאט דר מלאך המות פון הויסן אריין)

משה בֿן עמרם דיין צייט איז אויז.
דיין נשמה זאל דיר גיהן אויז דיין גוף ארויז.
דען דר אלמעכטיגר גאט האט מיך דא אהער גזאנד.
דיין נשמה מוז איך האבן אין מיין הנד :

59 במקור א י ב

(זאגט משה)

שם מיט דען נאמין אלמעכֿטיגן גאט טוא איך דיך בֿשווערן.
אלש דוא מיר זאלשט זגן וואש טושטא אלהיר בגערין.
דרום אך זאג מיר ביהענד.
ווער דיך האט דא אהער גיזענד :

(זאגט דר מלאך המות)

משה ווייל דוא ⟨מ⟩יך מיט דען נאמין אלמעכֿטיגן גאט טושט בשווערין.
אלש איך דיר זאל זאגין וואש איך דוא אלהיר בגערין.
אלש דען וויל איך אייך מיין נאמין טאן נענין.
אונ׳ וויל מיך געבֿין צו דר קענין.
סם דר מלאך המותֿ דאש בֿין איך.
איבֿר אלי מענשין אונ׳ איבֿר אלי פֿיך.
וועלט איר ווישן מיין בגער.
וועסט אורזאך דש איך בין קומן אהער.
דען דר אלמעכטיגר גאט האט מיך ד⟨ו⟩א איין הער גזאנד.
אלש איך זול נעמן דיין נשמה גנץ בהענד.
דען דוא ווייסט דאך וואהל אלש איך דיך הב כל ימי טאן היטן
אונ׳ האב האפֿין גטאן.
עש ווערט קומן אין מיין הנד משה בן עמרם דר פֿרומר מאן.
אונ׳ אלי מלאכי מעלה הבן זיך מיט מיר מתֿגרה גוועזין.
אלש משה בֿן עמרם ווערט פֿון מיינר הנד ווערין גנעזין.
אבֿר יעצונד איזט קומן דיא צייט.
אלש איך בין ווארין ער פֿרייאט.
דרום אך מאך עש גשווינד אונ׳ בֿהענד.
דיין נשמה מוז איך האבֿין אין מיינה הענד :

(זאגט משה)

רשע דיינה ריד האב איך טאן הערין.
אבר איך האף דר אלמעכטיגר גאט ווערט זיא בלד פֿאר שטערין.
עמ׳ 4 אלש דען | וואש מיינשטו דיר.
אלש דוא ווילשט נעמן דיא נשמה פֿון מיר.
⟨וו⟩יישטו דען ניט וויא איך בייא מיין שווער יתרו די שאף האב טאן היטן
האט זיך דר אלמכטיג גאט צו מיר בֿוויזן.
אונ׳ הוט גשפֿראכֿין איך זאל זיין פֿאלק ישראל טאן אויז ליזן.
אונ׳ אלי די ניסים ונפֿלאות זענין דורך מיינר הנד גשעהן.

85 במקור א י ך
93 במקור ד י א
105 במקור מ י ר ד י ר
107 במקור מ י י ש ט ו

מסוף עולם ועד סופה ⟨!⟩ זייבין בי⟨כֿ⟩ט ווארן גזעהן.
אונ' דאז ים האב איך ט⟨א⟩ן שפאלטין.
דר פֿון וסן ⟨?⟩ די יונגין אונ' די אלטין.
אונ' דיא תורה הקדושה איז ווארן דורך מיינר הנד גיגעבֿן.
נון וויא פֿר מיינשטו מיר צו נעמין מיין לעבֿן.
דרום אך גיא אוועק פֿון מיר.
אונ' שער דיך אנויז צו דר דיר:

(דא קומט דר מלאך המותֿ מיט דען בלוסן שווערט אריין צו שפֿרינגן אונ' זאגט)

אלהיר קום איך אריין צו שפֿרינגין.
איבר דיר משה מיט מייני שטרפֿי קלינגן.
דען דייני ריד האב איך טאן דען אלמעכטיגן גאט ווידר ברענגן.
זא האט ער מיר פֿר שאפֿט איך זאל דיר דיין נשמה נעמן.
אלש דען וואש מיינשטו דר מיט.
אלש דוא ווילשט פֿון מיינר האנד ווערן בהיט.
דען דו האשט יוא פֿיל חטאים גטאן.
דר פֿון ווייש איין יעדרר מאן.
צום ערשטין וואז איך דיר וויל זאגין.
וויא דר אלמעכֿטיגר גאט האט גשפראכֿן.
דוא זאלשט זיין פֿאלק ישראל אויז מצרים אויז ליזן טאן.
האשט גשפֿראכֿין ווארום שיקשטו ניט איין אנדרן מאן.
צום אנדרן וואז איך דיר וויל זאגן.
אלש דוא האשט דען סלע צו אום רעכֿטן גשלאגין.
אונ' פון דיא אנדרי זאכֿין איז פֿיל צו דר צילן.
אך זיינן זי פֿון מיר פֿר הולין.
דרום אך מאך דיך ניט אזו גרוס.
אבר איך ציא איבר דיר אויז מיין חליף בלוס.
אלז דען ווערשטו טאן דר שרעקין.
הענד אונ' פֿיס ווערשטו פֿון דיר שטרעקן.
דען דוא ווייסט וואול איך בין דר מלאך המותֿ איבר דר גנצי וועלט.
דר דא מכֿט דיא לייטן איהר לעבֿן פֿר געלט.
אונ' וועג ע⟨ש⟩ קומט צו צייטן אלש איך זאל דען מענשן טיטן.
קיין גאלד אונ' קיין זילבר העלפֿט אים ניט אויז זיינר ניטן.

110 במקור נ י בֿ ט
111 במקור ט ל ן או א ל ן
112 ו ס ן] האות הראשונה מטושטשת
116 ה"ב ק ו מ ט ט במקור
139 במקור ע ט

אונ׳ אך בין איך דר יצר הרע דר טוט צו אלין ביזן אן רייצן די לייטן.
אבר זיא וויסן ניט וואש עש טוט בֿטייטן.
דען זי מייבין מיין כֿוונה איז זיא ברענגין אי⟨ן⟩ גהינם אריין.
אבר דראן טוהן זיך דיא נרין אן מיר | טועה זיין. עמ׳ 5
דען מיין כוונה איז זי זאלין עש גאר ניכֿט טאן.
כֿדי דש זי זאלין לעתֿיד לבֿא האבֿן איין גוטן לאן.
אונ׳ ווייטר האב איך צו דיר ניכט לאנג צייט.
אנדרי מענשין צו טיטן בין איך אן בירייט.
דרום אך מאך עש גשווינד אונ׳ בֿיהענד.
דיא נשמה מוז איך האבן אין מיינה הענד:

(זאגט משה)
רשע דיינה ריד האב איך פר נומן.
אבר עש איז וויסיגליך איך ווער זיא ניט נאך קומן.
דען וועז דוא שון זאגשט איך בֿין ניט בעסר אלש איין אנדר מאן.
איז מיר דאך ניקש גלעגין דראן.
וואו איז פאר האנדין אזו איין מאן.
דר דא קאן פֿר דען אלמכטיגן גאט תפֿלה טאן.
וועז דר אלמעכֿטגר גאט טוט עש פֿון מיר בגערין.
דא וויל איך מיך מיט מיינר תפֿלה ⟨צ⟩ו איהם קערין.
וועז איך מיר ווער שון ניט קענין אויז נעמן דש הייליג⟨י⟩ לאנד צו ערבין.
דאך וויל איך מיר אויז נעמן דארך דיינר האנד ניט צו שטערבֿין:

(זינגט משה קלאג לידר)
א אלמעכֿטיגר גאט אין דיינן האכֿשטין זאהל.
העלף מיר היינט אונ׳ אלי מאל.
העלף מיר אויז דען מלאך המות זייני הנד.
לאז מיך ערבֿין ארץ ישראל דאש הייל⟨י⟩גי לאנד:

בֿ דייני וואונדר אונ׳ צייכֿין וויל איך טאן ער צילן.
אונ׳ ניקש דר פון וויל איך פֿר העלי⟨ן⟩.
דוא זאלשט מיר אך מיינה זינד ניכט גדענקין.
אונ׳ זאלשט מיר מיין לעבן שענקי⟨ן⟩:

141 במקור פעמיים א ן
143 במקור א י
158 במקור ד ו
159 במקור ה י י ל י ג ר
166 במקור ה ע ל י ל
168 במקור ש ע נ ק י

ג אלמעכטגר גאט קין האט זיין ברודר הבל דר שלאגן.
נאך גלייך וואהל האשט אים זייני זינד פֿאר טראגין.
תּפֿלה צו טאהן וויל איך מיך ניט שפּארין.
דוא זאלשט מיך מאכֿין דען ירדן איבֿר פארין:

ד אלמעכֿטיגר גאט אדם הראשון האט חוטא גוועזן קיגן דיין
הייליגן נאמי⟨ן⟩.
נאך גלייך וואל האשטא זיין תּפֿילה לאזן פֿאר דיר קאמין.
אזו זאלשטו אך מיין תּפֿלה דר הערין.
דש איך מיך זאל קענין דען מלאך המות אויז ווערין:

ה אלמעכטיגר גאט דוא האשט בֿשערמט אברהם פֿון קאליך אובן
דען הייסן בראנד.
בֿשערם מיך א⟨ד⟩ פֿון דעם מלאך המות זיין האנד.
עמ׳ 6 אונ׳ וויא דוא לוט האשט דען מלאך טאן | זענדין.
זאלשטא מיך אך מציל זיין פון ⟨ז⟩ייני הענדין:

ו אלמעכֿטיגר גאט אז ווי דוא האשט יצחק בייא דר עקידה מציל גוועזין.
זאלשטא מיך אך פֿון טוט מכֿין גנעזן.
אונ׳ וויא דוא יעקבֿ האשט בֿשערמט בייא זיין שווער לבֿן אין חרן.
אזו זאלשטא מיך אך מאכין דען ירדן איבֿר פֿארין:

ז ליבר גאט דענק מיר צו אכציג יאר האב איך פֿאר פֿרעה טאן שטאן.
וויא ער דיין פֿאלק ישראל האט ניט וועלן לאזן אוי⟨ש⟩ זיין לנד גען.
זוא בֿלד דאז איך אים מיט צעהן שלעק האב גש⟨ל⟩אגן.
דא האט ער זיא אויז זיין לנד טאן ארויז יאגין:

ח אבֿר זוא בלד אז איך האב זיא צום ים מכֿין גנעהן.
האבן זיא אן גהובן צו שרייאן. וועא ווע איז אונש גשעהן.
מיר ווישן זיך ניט צו קערן נאך צו ווענדן.
פֿאר אונז דאז מים הינטר אונז זיינן דיא מצרים אויף אלי ענדין:

ט אבֿר זוא בֿלד אז איך האב דאז ים טאן שפּאלטין.
דארך זיינן גנגין דיא יונגן אונ׳ דיא אלטין.
זוא בֿלד היבן זיא אן צו לובין אונ׳ צו זינגן.
גלובֿט בישטא גאט דאש דוא האשט מכין דיא מצרים אין ים פאר זינקן:

יוד עטליכֿי חדשים דר נאך בין איך אויף דען ברג סיני אנויף גיגאנגין.
דיין תורה הקדושה צו אנטפֿנגין.

173 במקור נ א מ י
178 במקור א ד
186 במקור א ו י
187 ד א ז] במקור ד א ו | במקור ג ש א ג ן

פֿערציג טעג בין איך אויף דען בערג גזעסין.
דר ווייל האבֿן זיא אן דיין הייליגן נאמין פֿר געסין:

יא  דש עגל האבן זי טאן מאכין.
דר פֿאר האבֿן זיא טאן שפּרינגן אונ׳ לאכין.
זוא בֿלד איז דר שטן פֿאר דיר גקומן.
כל ישראל צו פאר דערבֿין האט ער זיך פֿאר גנומין:

יב  אבֿר זוא בלד אז איך האב פֿאר דיר תפֿלה גטאן.
אלמעכטיג⟨ר⟩ גאט שטראף זיא ניכט נאך איהרן לאן.
סלחתֿי כדבֿריך האשטא טאן זאגן.
איר זינד וויל איך פֿאר טראגין:

יג  אזו זאלשטא מיר אך מייני זינד ניט גדענקן.
אונ׳ מיין לעבין שענקין.
אלמעכֿטיגר גאט גדענק דאש איך בֿין גוועזן איבר דיין פֿאלק ישראל
וויא איין הארט איבר דיא שאפֿין.
יעצונד זואל ⟨!⟩ליידר דר מלאך המות אויף מיין נשמה האפֿין:

יד  הימל אונ׳ ערד ברג אונ׳ טאל.
בעט דא פֿ⟨א⟩ר מיר דאש איינצג מאהל.
⟨וו⟩ען איר שון פֿאר אייך זעלבֿשט האט צו בֿיטן.
דאך | קענט איר מיך מיט איינר תפֿלה פֿר טרעטין: עמ׳ 7

טו  כֿוכֿבים אונ׳ מזלותֿ זון אונ׳ לבנה וויא זאלט איר אייך
מיינר ניט בוועגין.
אונ׳ זאלט פֿר דען אלמעכֿטיגן גאט שוועבין.
אונ׳ פֿר מיר מתפֿלל צו זיין.
אז איך זאל ניט קומן אין אזו איינה נוט אריין:

טז  אלמעכטיגר גאט דש דו האשט מיר דאך גהאלפֿן אויז מייני ניטן.
וויא מיך פֿרעה האט וועלין לאזן טיטן.
אלמעכֿטיגר גאט וויא ה⟨א⟩בֿ איך גבעטין זא היפש אונ׳ פיין.
זא האשטו גלאזט ווערן מיין הלז צו מערמיל שטיין:

יז  דרום אך טוא איך דיך דש איינציגי מאהל ביטן.
ד⟨ו⟩א זאלשט מיך ניט לאזן דורך דען מלאך המות טיטן.
אונ׳ זאלשט דיך איבר מיר מרחם זיין.

206 במקור אלמעכטיג
215 במקור ען
226 במקור דא
214 במקור פֿר
223 במקור הבֿבֿ

אונ׳ זאלשט מיך לאזן לעבֿן אז ווי איין פֿוגל דר דא פֿליהט אין וואלד
אויז אונ׳ איין :

יח ווען דו ווילשט מיך ניט לאזן לעבֿן אלז איין פֿיגליין.
וואש דא טוט פֿליהן וואלד אויז וואלד איין.
אזו לאז מיך נור אלש איין שאטין לעב⟨ין⟩.
וואש דא טוט אן דר וואנט שוועבין :

יט לאז מיך לעבין אלש וויא איין פֿיש וואש דא טוט אין וואשר טרעטין.
ווען דוא ווילסט מיך ניט לאזן לעבן אלז איין פֿיש וואש
דא טוט אין וואשר שווימן.
אזו לאז מיך לעבן אלש וויא וואצין וואש דא טוט אונדר דר ערד זומין :

(זאגט דער מלאך המות)
משה בֿן עמרם דיין צייט איז אויז.
דיין נשמה זאל דיר גיהן אויז דיין גוף ארויז.
דען וויל דוא האשט איין מאהל מסרב בשליחותֿ גוועזין.
האט דר אלמעכֿטיגר גאט גשווארן דוא זאלשט דען טוט ניט ווערין גנעזין :

(זאגט משה)
נון ווען עש ניט אנדרשט קאן זיין.
דא וויל איך מיך בגעבין דריין.
נור מיט איינה בקשה וויל איך פר דיר ביטן.
דוא זאלשט מיך ניט לאזין דארך דען מלאך המותֿ טיטן :

אלמעכֿטיגר גאט גדענק מיר פירציג טאג אונ׳ פירציג נאכטט ⟨!⟩
בין איך אויף דען ב⟨ער⟩ג גזעסין.
אונ׳ האבֿ ווערר טאן טרינקין נאך עסין.
עמ׳ 8 מיט מיינר תֿשובֿה האב | איך אלי מלאכֿי מעלה טאן איבר זיגן.
יעצונד זאל ליידר דר מלאך המותֿ מיין נשמה קריגן :

(זאגט דר מלאך המותֿ)
אך משה מיין שמחה איז מיר ווארן פֿר שטערט.
דיין תפֿלה איז דיר ווארן דר הערט.
אין מיינר האנד ווערשטו ניט קומין ארייין.
דר אלמעכֿטיגר גאט זעלבֿשט ווערט זיך מיט דיר מתעסק זיין :

231 במקור ל ע ב
233—234 לפי מבנה הסטרופה חסרה כאן שורה להשלמתה
244 במקור בֿ ר ע ג

(זאגט משה)

נון וויל איך לובֿן דעם אלמעכטיגן גאט.
דר מיך פֿון דעם מלאך המותֿ האנד בשערמט האט.
אונ׳ דר דא האט מיין תפֿלה טאן דר הערין.
אונ׳ האט דען מלאך המות זיין שמחה טאן פר שטערין:

**יהושע** מיינה ריד זאלשטו רעכט צו הערין.
אונ׳ זאלשט אין די וועג פֿון דען אלמעכֿטיגן גאט טאן קערין.
בֿזכֿותֿ זה וערשטו זוכה זיין.
אז דו ווערשט קומן אין ארץ ישראל דאז הייליגי לאנד אריין:

נון איר ליבה לייט יעצונד דוא איך אייך בפֿעלין.
ווען מיר ווערט אויז גין מיינה זעלין.
ווען איר ווערט קומן אין ארץ ישראל אריין.
זאלט איר אך מיינר מזכיר זיין:

(זאגט יהושע)

**אלמעכטיר** גאט איך ביט דיך אלז איין גטרייאר דינר.
וויל דוא האשט פֿון דיא וועלט גנומין מיין גרעסטין ראווינר.
אונ׳ איך זאל זיין אן זיינר שטעל.
צו פֿירן דש גאנצי גשלעכט איזרעל.
דען וויא ווער איך קענין קיגן כֿל ישראל בֿשטאן.
ווילין זיא האבֿין אימר ווידר משה רבֿינר גטאן.
אלז דען איז מיין פֿלייסיגר ביט אן דיר.
אלש דוא זאלשט זיין אלי צייט בייא מיר.
אונ׳ אלש איך זאל קענין דיא איין אונ דרייסיג מלכֿים איבר צווינגן.
דרויף וועלין מיר שאלין אונד טרומפֿיט אונ׳ אך קלינגין:

**יעצט האט די בשרייבנג איין ענד**

263 במקור זאלשט

PUBLICATIONS OF THE ISRAEL ACADEMY
OF SCIENCES AND HUMANITIES
SECTION OF HUMANITIES

---

# YIDDISH BIBLICAL PLAYS
## 1697–1750

Edited from Manuscripts and Printed Versions
with an Introduction by

CHONE SHMERUK

JERUSALEM 1979

# CONTENTS

FACSIMILES

THE PRESENT VOLUME contains the first comprehensive collection of early plays in Yiddish, bringing together the Yiddish Biblical plays composed from the period of their emergence up to the middle of the eighteenth century.

Yiddish drama has been surveyed and studied by a number of writers, who have contributed to our knowledge of its history and place in the European Jewish cultural scene. However, its origins remain obscure, mainly because of the poor state of the extant material, which has led more than once to speculations and faulty conclusions. Frequently the information on which these were based was derived at second or third hand, since the preserved texts are very rare and scattered in libraries in different countries.

The need for a comprehensive collection, without which further advances in the study of Yiddish drama is impossible, as well as the discovery of new material, prompted the preparation of the present volume. This contains all the previously known texts of the plays that have survived from 1967 down to the middle of the eighteenth century. In addition, the following texts, until now unknown, are published here for the first time: דאש שפיל פון מרדכי אונ׳ אסתר ('The Play of Mordecai and Esther'), hitherto known only from a bibliographical reference; the complete text of דוד אונט גליות הפלשתי ('David and Goliath the Philistine'), which so far has been known without its beginning; משה רבינו בשרייבונג ('The Play of Moses our Teacher'); and fragments of two Purim plays that had escaped the notice of writers on the subject (included in Appendix 1).

In the Introduction to the present volume a first attempt is made to examine some fundamental problems in the history of Yiddish drama on the basis of the texts themselves and taking into account preceding studies. Chapter One surveys the question of possible relationships between the Jewish Biblical plays and the Christian Biblical plays of the Middle Ages, up to the plays on Biblical themes of the German professional theatre. Chapter Two is mainly devoted to determining the time of the emergence of the Yiddish Biblical drama. Attention is drawn to the Hebrew traditional midrashic and aggadic sources showing the specific nature of Yiddish Biblical drama compared with the plays on similar subjects which took shape in the Christian environment. Chapter Three reviews the comic figures and their relationship with those of the contemporary non-Jewish professional theatre. Particularly

